I

# יצחק קאַהאַן

✶

## „שמועסן"
## מיט אויסטראַלישע שרייבערס

- ליטעראַטור־קריטיק
- ליטעראַטור־געשיכטע
- עסייען
- אימפּרעסיעס
- פּען־פּאָרטרעטן

הילע געצייכנט פון שיע טיגעל

# יצחק קאַהאַן



# „שמועסן" מיט אויסטראַלישע שרייבערס

מעלבורן, אויסטראַליע 1976

דאָס בוך דערשיינט מיט דער הילף פון דער סטיפּענדיע, וואָס דער מחבר האָט באַקומען פאַר דעם צוועק פון דעם „ליטעראַטור באָאַרד ביי דעם אויסטראַלישן ראַט”, אונטער דער אַפּיטרופּסות פון אויסטראַלישן פּרעמיער־מיניסטער.



„ווי גוט און וואַרעם און היימיש איז
געווען אין אונדזער צוזאַמענלעבן.
וויפל שיינקייט, ליכטיקייט און
נשמהדיקייט איז געווען אין אונדזער
הויז, — אַ הויז דאַרף מען אויך
געבן אַ נשמה".

**קריסטינאַ סטיד**

לזכר עולם
דעם ליכטיקן אָנדענק פון מיין הנהן.

קרוב פיר צענדליק יאָר — מיין איבערגעגעבנסטע לעבנס־באַגלייטערין,
— מיטגעלעבט מיט מיין ליטעראַרישער און קולטור־געזעלשאַפטלעכער
טעטיקייט. וויפל ליכטיקייט און שיינקייט זי האָט פאַרשפּרייט אַרום זיך
— איז אַזוי פּריצייטיק, אומגעריכט פון מיר געוואָרן אָוועקגעריסן.

„עס קען נישט זיין טויט די נשמה פון אַ מאַמען כאָטש אַלע זענען שטערבלעך, אָבער די מאַמע אַליין איז באַשטימט אייביק צו לעבן. ווען זי גייט אַוועק פון דער וועלט לאָזט זי נאָך זיך זיכרונות — און דעם אָנדענק פון אַ מאַמען . . .

**איסאַאַק (יצחק) באַבעל**

**מיט ליבשאַפט פאַר מיין שמואלן**

# אינהאַלט

זייט

זייט

# במקום אַן הקדמה

## „שמועסן" מיט קאָלאָניאַלע שרייבערס

איך האָב פאַרבראַכט במשך פון לאַנגע מאָנאַטן אין דער געזעל־שאַפט פון די קאָלאָניאַלע אויסטראַלישע שרייבערס. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זיי זענען געווען מיינע פאַרבעטענע געסט אויף אַ „פאַרטיע" און מיר רעדן זיך דורך וועגן דעם לעבן פון זייער צייט, אין דעם פרעמדן, נייעם לאַנד, און זיי דערציילן מיר וועגן די קאַטאַרזשניקעס און וועגן די פרייע קאָלאָניסטן אין די ערשטע „וויקטע־לעך־יאָרן", ווי אַזוי זיי האָבן זיך געדאַרפט ראַנגלען מיט דער פיזישער אויסטראַלישער סביבה, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ „אומפריינדלעך פנים" פאַרן איראָפּעישן מענטש.

איך האָב זיי געזאָגט, אַז עפּעס ענלעכס האָבן דאָך אויך דורכגע־מאַכט די פּיאָנערן־קאָלאָניסטן, אין אַמעריקע, דרום־אַפריקע, קאַנאַדע, וועלכע האָבן אויך געדאַרפט בייקומען אומגעהויערע שוועריקייטן צו אַקלימאַטיזירן זיך אין אַ ראַדיקאַל אַנדערשדיקע פיזישע סביבה. וואָס שייך דער גייסטיקער סביבה, איז נאָך אין אויסטראַליע געווען אַ געמיינ־זאַמע מוטער־שפּראַך (ענגליש) פון כמעט אַלע פאַרשיקטע אָדער פרייע קאָלאָניסטן. די 25 פּראָצענט אירלענדער אין אויסטראַליע, וואָס זענען געקומען פון די צווייטע בריטישע הויפּט־אינדזלען, זענען דאָך געווען פון „בריטיש סטאָק" און די 10 פּראָצענט פון די עטנישע מיעוטים (דייטשן, דענער און אַנדערע), זענען געוואָרן שנעל אַסימילירט.

אַנדערש איז אָבער פאָרגעקומען דער פּראָצעס אין אַמעריקע. די אימיגראַנטן האָבן געהערט צו אַזוי פיל פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן און פעלקערשאַפטן פון איראָפּע, צווישן וועלכע זיי האָבן געלעבט דורך לאַנגע דורות, געהאַט אַן אייגענע שפּראַך („מוטער־שפּראַך") און יעדע עטנישע עמיגראַציע איז געווען ווי אַ באַזונדער מין פלאַנצונג, וואָס איז געוואָקסן אין דעם אייגענעם אבותדיקן גאָרטן. אין אַמעריקע איז מען געוואָרן אַמעריקאַנער, זיך געמוזט אויסלערנען צו רעדן אַ פרעמד לשון. אַ צעבראָכענער ענגליש, איז געוואָרן דאָס לשון און די קוזשניע, אין וועלכער עס האָט זיך אויסגעשמידט די אַמעריקאַנער געשיכטע. די וואָס

האָבן אויף די איראָפּעישע שלאַכטפעלדער געפירט צווישן זיך די בלוט־טיקסטע מלחמות, זענען אויפן אַמעריקאַנער באָדן געוואָרן די פריינט־לעכסטע און איבערגעגעבנסטע שכנים, מיט אַ ניי־געבוירענעם לאָקאַלן פּאַטריאָטיזם — אַמעריקאַניש.

די קאָלאָניאַלע שרייבערס וואָס האָבן זיך צוגעהערט צו מיינע רייד, האָבן מיך דאָ איבערגעריסן און געזאָגט: „דער אויסטראַלישער קאָנטינענט איז דאָך געווען לכתחילה, פאַר די איראָפּעער, אַ שטראָף־קאָלאָניע; אַ קאַטאָרגע־סיסטעם מיט צוואַנג־אַרבעט, און אַ שוידערלעכע באַהאַנדלונג פון די פאַרשיקטע דורך אַ ברוטאַלער אַדמיניסטראַציע".

הענרי סאַוועריי, וואָס איז געזעסן די גאַנצע צייט און געשוויגן, האָט זיך אָפּגערופן צו מיר: — איך האָב אויף מיין אייגענער הויט דורכגעמאַכט די אַכזריות און דאָס איזדיעקעווען זיך איבער אונדז, קאַטאָרזשניקעס. אין מיין בוך „קווינטוס סערווינטאָס" האָב איך באַשריבן דעם קאַטאָרגע־סיסטעם אין די אויסטראַלישע קאָלאָניעס.

איך האָב גלייך געענטפערט, אַז כ'האָב זיין בוך געלייענט און אויך פון אַנדערע שרייבערס, וואָס האָבן אויסגעפאָרשט דעם סיסטעם און אָנגעגעבן אויטענטישע נעמען און געשעענישן. איך האָב אָנגעוויזן אויף מאַרקוס קלאַרק, וואָס איז געזעסן אויף דער „פּאַרטיע" אין אַ ווינקל און שטיל אַריינגערעדט צו אַ באַקאַנטן שרייבער, איך האָב אים צוגערופן צום „טיש" און אים אויסגעפרעגט וועגן זיין ראָמאַן — די צייט פון זיין נאַטירלעכן לעבן.

איך האָב אים געמאַכט קאָמפּלימענטן, אַז דאָס וועט פאַרבלייבן לדורות אַ קלאַסיש ווערק, מחמת עס פאַרמאָגט עכטע, בעלעטריסטיש־קרעפטיקע שילדערונגען און בילדער פון דער קאָלאָניאַלער תקופה. ער דאַרף זיך אָבער אויסהיטן און פאַרטרייבן פון זיך, ווי זלידנע פליגן, מעלאָדראַמאַטישע אַקצענטן, מיט וועלכע ער האָט ליב צו באַגלייטן זיין שרייבן.

ביי דער געלעגנהייט האָב איך זיי אַלעמען דערציילט עפּעס, וואָס איז געווען אַ נייעס פאַר זיי: כאָטש אַ לענגערע צייט האָבן זיך אָנגעזענע אויסטראַלישע משפחות געשעמט מיט זייער אָפּשטאַם פון קאַטאָרזשניקעס, פאַרשיקטע און אויסגעשפּיגענע פון דער אַלטער היים (ענגלאַנד). אָבער נישט לאַנג צוריק, האָט דער היסטאָריקער און מעדי־קער ד"ר דזשאָן קאָבלעי, דווקא געוואָלט אויסזוכן דעם „יחוס־בריוו" פון די אויסטראַלישע נאַציאָנאַלע אבות. ער האָט נאָכגעפאָרשט די נעמען, אַדרעסן פון די פאַרשיקטע און — צוליב וואָס פאַר אַ חטאים — אין אָט דעם פאַרוואָרפענעם עק וועלט. ער האָט פון די ענגלישע געריכטן אַרויסבאַקומען קאָפּיעס פון זייערע אַקטן, ווו עס איז גענוי

פאַרצייכנט די פּראָצעסן פון יעדן איינעם: עלטער, באַשעפטיקונג . . . און אָט טאַקע פון דער „עליטע" איינברעכערס, קעשענע־גנבים, פּראָס־טיטוטקעס, האָט זיך אָנגעהויבן אַ ניי אייראָפּעיש פאָלק אויפן פינפטן קאָנטינענט, וואָס האָט במילא, אין דער אויסטראַלישער געשיכטע באַקומען דעם עקוויוואַלענט פון די — מייפלאַוערס אָדער פון „די טעכ־טער פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע".

איך האָב פון מיין טעקע אַרויסגענומען אַן אויסשניט פון אַן אַלטער לאָנדאָנער צייטונג „מאָרנינג כראָניקל" פון 11טן מאַי 1787, ווו עס איז דאָ אַ מעלדונג, אַז „דער פלאָט מיט די פאַרמשפּטע, האָט היינט באַקו־מען די לעצטע פאַראָרדענונג אָפּצושווימען — קיין באָטאַני ביי" (היינט: סידנעי). ווער האָט זיך דאַן געקענט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ וויכטיקע היסטאָרישע דאַטע דאָס וועט ווערן!

די טעמע איז אריבער אויף דער געשיכטע פון דעם ערשטן פלאָט פאַרשיקטע, וואָס האָט אַרומגערייזט איבער ימים — און אין וואָס פאַר אַ באַדינגונגען! — ביז עס האָט ענדלעך דערגרייכט די אויסטראַ־לישע ברעגעס, און דורך דעם אַוועקגעשטעלט דעם ערשטן ווינקל־שטיין פאַר אייראָפּעישער ציוויליזאַציע אויף דרום, און געבורט פון אַ ניי פאָלק — אַן אויסטראַלישן.

דער שמועס איז אַריבער צו דער לאַגע אין ענגלאַנד, אינעם 18טן יאָרהונדערט. ביי די וועב־מאַשינען האָבן געאַרבעט 10־12 יאָריקע קינ־דער, 18 שעה אַ טאָג. מען האָט זיי געשלאָגן, ווען זיי פלעגן פון מידקייט איינדרימלען ביי דער אַרבעט. יתומים, 9־10 יאָריקע קינדער פלעגן אין די גרויסע שטעט אַרבעטן ביי קוימענקערערס. מען פלעגט זיי צווינגען אַריינצוקריכן אין די שמאָלע פאַבריק־קוימענס, ווו זיי זענען גענוצט געוואָרן ווי אַ מענטשלעכע באַרשט. אַזוי אויך אין די רייכע הייזער. עס האָט געהייסן: זיי זענען אויף דער לער ביי די קוימענקערערס . . .

מען האָט דערמאָנט, אַז פרויען און קינדער האָבן געאַרבעט אין די קוילן־גרובנס און יונגערהייט געשטאָרבן. נעגער־שקלאַפן פון אַפריקע זענען געשמידטע אין קייטן געפירט געוואָרן קיין אַמעריקע, זיי פלעגן פאַרקויפט ווערן אויפן אָפענעם מאַרק.

נישט קיין וואונדער, וואָס אָט אין די גרויזאַמע באַדינגונגען, זענען די טורמעס אין ענגלאַנד געווען איבערפולט (די שטראָפן פאַר די מינד־סטע פאַרברעכנס — טויט־שטראָף, אויסגעביטן אויף קאַטאָרגע־פאַר־שיקונג). דער איבערפלוס פון די טורמעס איז צוערשט טראַנספּאָרטירט געוואָרן צו די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס. און ווען זיי האָבן זיך שפּעטער אָפּגעזאָגט אַריינצונעמען — איז אונטערגעקומען די אויסטראַלישע

קאָלאָניע. אָבער אויך אויסטראַליע, ווי פריער אַמעריקע, האָט זיך אָפּגעזאָגט (אין מיטן 19טן יאָרהונדערט) אַריינצונעמען די קאַטאָרזש־ניקעס פון ענגלאַנד. אָבער עס זענען שוין דאַן געווען אַ 150 טויזנט פאַרשיקטע. איבעריק צו באַמערקן, אַז דער רוב פון זיי זענען געווען אַנאַלפאַבעטן.

הענרי סאַווערי האָט ווידער אָנגעהויבן דערציילן וועגן די באַדינגונגען אין לאַנד, ווען ער איז אָנגעקומען, דער האַרטנעקיקער באָדן האָט געשטעלט אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד דעם מענטש, אַרויסגעוויזן צו אים אַזאַ פיינטלעכקייט און פאַרשלאָסן זיין פּרוכטיקייט, וואָס איז געווען פאַרמאַכט אויף זיבן שלעסער... שווער געווען פאַרן ווייסן מענטש צו פאַרשטיין די נאַטור: אַנשטאָט וואַלד איז געווען בוש, איינער ענלעך צום אַנדערן. געווען עקאַליפּטוס־ביימער מיט זייער שיינקייט, אָבער דער פאַרשיקטער, פאַרביטערטער מענטש, האָט זיי נישט געקענט זען. עס האָט גענומען פיל יאָרן ביז זיין אויג האָט זיך צוגעוווינט און דערקענט די שיינקייט פון דער נייער לאַנדשאַפט, צו דערקענען וואַריאַציעס און קאָליר־ניואַנסן פון דער נייער וועלט, לגמרי נישט ענלעך צו די פון דער אַלטער וועלט.

עס איז געווען פאַר זיי אַן אַנטפּלעקונג, ווען איך האָב דערציילט, אַז דער אויסטראַלישער בוש האָט שפּעטער באַקומען גאָר אַ פאַרטיפטע אַנאַלאָגיע און געוואָרן ווי אַ מעטאַפאָר צו פאָרשן די יחידישע מענטשלעכע נשמה, דעם מענטשלעכן „איך". אַז די אויסטראַלישע ליטעראַטור האָט אין איר גאַנג דערגרייכט אַ הויכקייט און טיפקייט אין אַ נאַציאָנאַל אייגענעם לבוש, וועלכער איז אין זיין אינערלעכן מהות און כאַראַקטער, אויך אוניווערסאַל. „דאָס ברענענדיקע האַרץ פונעם קאָנטינענט, האָב איך באַמערקט, האָט באַקומען אַ נייע סימבאָלישע באַנעמונג, ווי די אייגענע פוסטקייט און משוגענע ליידיקייט"...

מאַרקוס קלאַרק האָט זיך געחידושט איבער אַזאַ אויפפאַסונג פון דער אויסטראַלישער סצענע מיט אירע גרויסע באַרג־פעלדזן און בוש־ביימער. מיט זייער ערנסט, זאָגט ער, דערמאָנען זיי מיר אין אַ לוויה. פון די ביימער און פלאַנצן ווייעט אַזאַ אומהיימלעכע מעלאַנכאָליע. זייערע פלאַכן זענען אַן באַשיצונג. זיי שווייגן. זע די נעמען וואָס די בערג האָבן באַקומען, לויט די ליידן זייערע: צרות־באַרג, שווידער־באַרג; פאַרצווייפלונגס־באַרג... אמת, פון די ליידיקע בערג גייט אויף אַזאַ מוראדיקע גראַנדיעזקייט. אָבער אויף מיר מאַכט עס דעם איינדרוק, ווי עס וואָלט אין זיי געווען עפּעס אַ מין צו להכעיסדיקע ביטערניש, ביז רציחה...

ער איז שטיל געבליבן אַ ווייל, עפּעס זיך פאַרטראַכט און אַ זאָג געטאָן: — עס איז מיר איצט געקומען אויפן געדאַנק די ביבלישע געשיכטע פון יעקב מיט עשיון. איך האָב געטראַכט, פאַרוואָס, לויט דער ביבלישער געשיכטע, האָט דער פרייער עשיו בעסער געוואָלט האָבן זיין ירושה אין דעם פרייען מדבר־זאַמד און נישט אין די גרויסע רייכטימער פון מצרים? איך קען עס נישט פאַרשטיין, קוקנדיק אויפן אויסטראַלישן מדבר...

— לאָמיר בעסער רעדן וועגן דיין ווערק, האָב איך זיך אָפּגערופן צו אים. דו שרייבסט אין „זיין נאַטירלעכן לעבן" וועגן די אַרעסטאַנטן און זייערע אויפזעערס, זאָגסט דאָרט אַרויס אַ געדאַנק, וואָס זעט אויס ווילד... עפּעס באַקומט מען דעם איינדרוק, אַז צווישן די שמייסערס און די געשמיסענע, איז געווען אַ מין פּסיכישע נאָענטקייט, אַ קרובה־שאַפט, ווי צווישן מאַכטהאָבער און שקלאַף. דאָס שיינט דאָך צו זיין אַבסאָלוט זינלאָז.

עס האָט מיך באַזונדערס געמאַטערט, ווען איצט ווערט דער זעלבער צוגאַנג, דורך אייניקע היינטצייטיקע שרייבערס, אויך באַנוצט לגבי דעם קרבן פון היטלערס קאָנצענטראַציע־לאַגערן. מען טייטשט אויס מיטן גראָבן פינגער, היות די קרבנות זענען געווען אין פיל גרעסערע צאָלן, ווי זייערע וועכטערס, און זיך נישט צעבונטעוועט קעגן זיי, איז עס מסתמא דערפאַר, וואָס זיי האָבן אָקצעפּטירט די אויטאָריטעט פון די (נאַצישע) היטערס, מחמת עס איז געווען אַ שטומער שותפות צווישן זיי... דאָס איז אַזאַ שוידערלעכער געדאַנק, מחמת ער באַטראַכט נישט די הילפלאָזיקייט פון קרבן, פּנים אל פּנים מיט די באַוואָפנטע היטערס. עס איז פּשוט אַ באַליידיקונג, אַ מין שענדונג פון קרבן, פון זיין פּסיכישער גלייכגעוויכט...

— מען טייטשט מיך שלעכט אויס, האָט מאַרקוס קלאַרק מיר געענטפערט. איך האָב באַשריבן דעם סיסטעם פון דער קאָלאָניע: אויטאָריטעט — און די שענדלעכע באַציאונג פון די אָפיצירן, וועכטער און גייסטלעכע, צו די פאַרשיקטע — דורך ברוטאַליטעט און אונטערדריקונג — צו אַלעמען גלייך, צו די שולדיקע ווי צו די אומשולדיקע! דער ראָמאַן באַהאַנדלט דעם סיסטעם פון שטראָף־לאַגער, וואָס האָט געהאַט פאַר אַ ציל צו שאַפן אַ דעמאָראַליזירטע שקלאַפן־מאַסע. מען צווינגט דעם אַרעסטאַנט דייוויס, ער זאָל שמייסן דעם אַרעסטאַנט קירקלענד. אין דעם איז דאָ דער אויסגערעכנטער פּלאַן — אַ פיינוקונג־ראַפינירטער — פון דעמאָראַליזירן די אַרעסטאַנטן־קרבנות.

ווען דייוויס זאָגט זיך אָפּ אויסצופירן דעם באַפעל — ער וויל נישט שמייסן דעם חבר — ווערט ער דערפאַר אַליין געשמיסן. דאָס איז געווען דער קאָרומפּירטער שטראָף־סיסטעם אין דער קאָלאָניע.

ביים רעדן, האָט מאַרקוס קלאַרק זיך דערוואָרעמט און מיט היץ אָנגעהויבן רעדן אין אַן העכערן טאָן וועגן די פאַרברעכנס פון דער מאַכט אין אויסטראַליע לגבי די פאַרשיקטע — צווישן זיי אויך פיל אומשולדיקע מענטשן, וואָס האָבן נישט געהערט צו דער א״ג אונטער־וועלט פון דער ענגלישער געזעלשאַפט.

איך האָב זיך איינגעהערט אין דעם, וואָס ער דערציילט און גע־טראַכט וועגן דעם נאַצי־פעריאָד אין אָקופּירטן אייראָפּע, אין די קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן און גאַז־אויוונס. איך האָב אין געדאַנק געמאַכט פאַרגלייכן, ווי אַזוי עס האָט „פּראָגרעסירט" די ברוטאַליטעט פון מאַכט במשך פון די לעצטע 150 יאָר.

מאַרקוס קלאַרק האָט באַמערקט מיין פאַרטראַכטקייט און מיך אָנגעכאַפּט ביי דער קלאַפּע: — הער זיך צו. מיין העלד רופוס דייוויס, איז געוואָרן באַשולדיקט אין גנבה און דערפאַר פאַרשיקט געוואָרן. ער איז אָבער געווען אומשולדיק. איך האָב גענומען פון די געריכטס־פּראָטאָקאָלן און פון באַריכטן, און זיי בעלעטריזירט. איך האָב געשילדערט, אי די ענגלישע געזעלשאַפט, אי די פאַרשיקונגס־קאָלאָניע. און איך האָב געזען די געשיכטלעכע איראָניע, וואָס אין 1789, ווען רופוס דייוויס איז פאַרשיקט געוואָרן קיין אויסטראַליע, איז ער סך־הכל אַלט געווען 14 יאָר! געווען איז דאָס דער יאָר פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע מיט אירע שיינע לאָזונגען פון פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלעכקייט . . . אָבער די הערלעכע דעקלאַ־ראַציע פון מענטשן־רעכט, איז הימל־ווייט געווען פון סידנעי . . . דערי־בער פאַרענדיק איך מיטן עפּילאָג, ווען דייוויסעס טויטער קערפּער שווימט אַרום אויפן ים . . .

ער איז שטיל געבליבן, מיט אַן אומעטיקן בליק, און געקוקט צום פענצטער.

איך האָב איבערגעריסן די שטילקייט און באַמערקט: איך זע אין דיין בוך אַ געשיכטלעך ווערק פון דעם קאָלאָניאַלן פעריאָד אין דעם לאַנד. דו שילדערסט אַ בילד פון דער אויסטראַלישער שטראָף־קאָלאָניע מיט איר איזאָלירטקייט פון דער וועלט; איינזאַמקייט, שנאה, פאַרצווייפלונג און סאַדיזם פון דער אַדמיניסטראַציע פון אַיין זייט, און די אומפרייינטלעכע דאָן אויסטראַלישע נאַטור — פון דער צוויי־טער. מען זאָגט, אַז איידער מען האָט זיך דערוווּסט אין דער וועלט וועגן דער עקזיסטענץ פון דעם אויסטראַלישן קאָנטינענט (און שפּע־טער וועגן דעם „סיסטעם") האָט ער געהאַט א שם, ממש פון אַ גן־עדן־ווינקל אויף גאָטס ערד, פריי פון קאָרופּציע, פאַרפאַלגונגען. דער ווירק־לעכער אמת איז געקומען, ווי אַ פאַרפינצטערניש אין מיטן העלן

טאָג . . . אָבער מיט 150 יאָר שפּעטער, בין איך אַן עדות פון אַן אומ־פאַרגלייכלעכער מער שווידערלעכער פאַרפּינצטערניש אין האַרץ פון אייראָפּע . . . איז דאָס דער גאַנג פון דער מענטשלעכער געשיכטע ? עס כאַפּט מיך אַרום אַ פאַרצווייפלונג, ווען איך קוק געשיכטלעך . . .

מאַרקוס קלאַרק, האָט מיך נישט געלאָזט פאַרענדיקן דעם זאַץ און גלייך אַ זאָג געטאָן : — איך האָב טאַקע אַ פּעסימיסטישן בליק אויף דער מענטשלעכער געשיכטע. הער זיך צו וועגן מיין לעבן : נאָך מיין טאַטנס טויט בין איך אַוועק קיין אויסטראַליע. כ'בין נאָר אַלט געווען 16 יאָר. איך האָב יאָרן לאַנג געלעבט אין דער קאָלאָניע און געהאַט אין איר אַ טרויעריקע דערפאַרונג. זיך צוגעזען ווי עס ווערן דאָ פאַר־ניכטעט ווערטן, הייליקייטן פון דער אַלטער וועלט, געזען ווי מען שמייסט מענטשן ביז צום טויט (קירקלענדן), זיך צוגעקוקט צום סאָט־ראַפּ פריר, געזען האָמאָסעקסואַליסטישע פאַרגוואַלדיקונגען, קאַניבאַ־ליזם . . . דורכגעלעבט קראַנקהייטן און נויט. פון דעם אַלעמען האָט זיך ביי מיר אַוועקגעשטעלט די פראַגע : איז דאָס אַלץ אַ מענטשנס נאַטירלעך לעבן ? עס איז אויסגעוואַקסן ביי מיר דער פּעסימיזם פון האָפענונגסלאָזיקייט פאַר דער קאָלאָניע, און בכלל פאַרן מענטש און זיין צוקונפט . . .

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון בענקל און איז גלייך אַרויס פון צימער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ צום עולם אויף דער „פּאַרטיע" און שטיל פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר. מיר האָבן נאָכגעקוקט זיין אומעטיקן אַוועקגיין.

מיין בליק איז געגאַנגען פון איינעם צום אַנדערן און זיך אָפּגע־שטעלט אויף הענרי קינגסלעי. איך האָב אָנגעהויבן מיט אים צו רעדן וועגן זיין בוך „די דערמאָנונגען פון דזשעפרי האַמלון". ער איז צופרידן געווען פון די שבחים, וואָס כ'האָב אים געגעבן וועגן זיינע באָטאַנישע באַשרייבונגען: „לויט מיין מיינונג, האָב איך צו אים געזאָגט, האָט די אויסטראַלישע לאַנדשאַפט באַקומען אין אייער שאַפן אַן עכטע פאַר־שפּיגלונג. די פאַונאַ און פלאָראַ קומען אַרויס אַזוי לעבעדיק דורך אייער פען, און די פּרטימדיקע באַשרייבונגען זענען אַזוי ממשותדיק, אַז עס וועט בלייבן אַ פּלאַסטיש בילד לדור דורות. מען זעט ווי אַזוי עס האָט אין אייערע צייטן אויסגעזען די וועלט פון חיות און פייגל אויף דעם קאָנטינענט. אָבער וואָס שייך דעם סוזשעט, גיט איר נאָר אַ בילד פון איין קוק־ווינקל — דעם אַדלשיכט, וואָס איז טאַקע געווען דער הערשנדיקער אין די קאָלאָניעס פאַרן פעריאָד פון גאָלד־פיבער אין לאַנד, דאָך איז עס איינזייטיק באַהאַנדלט. לויט מיין מיינונג האָט איר די באַקלעיס, די ברענטוווּדס צו פיל אידעאַליסטיש געשילדערט. עס קענטיקט זיך עפּעס אויך אין אייער שאַפן אַ מין מיסטישע קוואַליטעט

אין דער באַהאַנדלונג פון די פּערסאָנאַזשן, ווי אויך פון דער ברייטער לאַנדשאַפט.

העגרי קינגסלעי האָט מיך רואיק אויסגעהערט, נישט אי־בערגעריסן אין מיטן רעדן, ווי אַנדערע האָבן געטאָן, נאָר ווען איך בין שטיל געבליבן, האָט ער זיך אָפּגערופן: — איך האָב געוואָלט שאַפן אַ טרילאָגיע פון אַ גאַנצער עפּאָכע. אין דעם ערשטן באַנד האָב איך פאַרטראַכט אַרויסצוברענגען דעם הינטערגרונט פון די באַקלעיס, פון די טאַראַנטאַס אין ענגלאַנד, ערשט אין צווייטן באַנד — דעם אויפקום פון אַן אויסטראַלישער גענעראַציע פאַר דער גאָלד־אַנטדעקונג אין לאַנד. אין דריטן באַנד — פאַרזעצן דעם סוזשעט פון אַ גרופּע מענטשן, וואָס פאַרלאָזט אַ ציוויליזירטע עקזיסטענץ אין דער אַלטער וועלט, און קומט אַריין אין אַ נייער וועלט — אין אַ פּרימיטי־ווער סביבה, אַ ווילדעניש, מיט נסיונות און שטרויכלונגען און זיי קומען אַרויס פון די אַלע נסיונות באַנייטע.

עס איז נישט אין גאַנצן ריכטיק ווי דו זאָגסט, האָט ער זיך צו מיר געוואָנדן מיט זיין איראָנישן שמייכל, אַז איך האָב זיך בלויז פאַרנומען מיטן פּריצישן קלאַס. איך האָב אויך מענטשן פון פאָלק, געוויזן זייער הומאַנישקייט און וואַרעמקייט.

דאָס איז אמת, האָב איך דערווידערט, האַלטנדיק זיך ביי מיינס, איר האָט געשילדערט די פּאַסטאָראַלע וועלט פון פּריצישן שיכט, וועל־כער איז גאָר שטאַרק רעפּרעזענטירט אין דעם ווערק. די מענטשן פון אַנדערע שיכטן און קלאַסן פאַרנעמען נישט קיין צענטראַלן אָרט.

— מיין ליבער פריינד, איך האָב אין מיינע פּערסאָנאַזשן פאַרשפּיגלט אַדלליט און פּראָסטע לייט, אָרנטלעכע מענטשן און טונקעלע פאַרשוינען, אַוואַנטוריסטן און שטילע — אַלע צוזאַמען שאַפן דאָס פולע בילד. עס זענען דאָך אין דעם לאַנד געקומען נישט ווייניק אַוואַנטורע־זוכערס — און זיי זענען אויך אַ באַשטאַנד־טייל פון דעם אויטענטישן בילד. זיי אַלע פאַרקערפּערן אַ געוויסע עפּאָכע אין דער אויסטראַלישער געשיכטע. און פונקט, ווי איך האָב גע־טראַכט, אַז מיינע באַשרייבונגען פון דער אויסטראַלישער טאָפּאָלאָגיע און געאָלאָגיע, וועט אין אַ שפּעטערדיקער תקופה זיין אַ גאָר ווערט־פולער דאָקומענט, מחמת אַ גרויסער טייל פון די פייגל און חיות וועלן ביסלעכוויז פאַרשווינדן פון דעם קאָנטינענט און מען וועט זיי קענען זען נאָר אין מיינע שילדערונגען; אַזוי וועט אויך געשען מיט דער מענטשלעכער לאַנדשאַפט, וואָס וועט אין לויף פון יאָרן זיך ענדערן, אַ סך פון דעם וואָס מיר האָבן היינט, וועט אפשר שפּעטער בכלל נישט זיין בנמצא.

ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און אַ פאַרחלומטער אָנגעהויבן שטיל דערציילן, ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען דאָס לאַנד פאַר די מענטשן פון ענגלאַנד, וואָס זענען געקומען ווי פרייע מענטשן, פון זייער אייגענעם ווילן, אַלץ וואָס זיי האָבן דאָ געטראָפן איז געווען ניי, ווילד און פרעמד:

„די ביימער, די גראָזן, די אַלע באַשעפענישן און דער גאַנצער באַשאַף איז געווען אַזוי אַנדערש אין אַט דעם נייעם לאַנד פון דרום: אַ נייער הימל און אַ נייע ערד, און איך האָב געשטרעבט פאַרפיקסירן די אַנדערשקייט פון דעם קאָלאָניאַלן פעריאָד״.

אויף דער „פאַרטיע״ זענען געווען פיל אַנדערע פאַרבעטענע קאָלאָניאַלע שרייבערס, ווי באָלדרעווּוד, קענדאַל, גאַרדאָן, ווענטוואָרטה, וועלכער האָט, אגב, אויך געלייענט זיינס אַ פּאָעמע, וואָס ער טרוימט אַלץ צו זען אין אויסטראַליע. דאָס וואָס דאָס לאַנד איז אָפּגעשניטן און איז אַזוי ווייט פון דער אַלטער וועלט, האָט ער געגלויבט, וועט טאַקע מאַכן, צוליב קאָמוניקאַציע־שוועריקייטן, אוממעגלעך דאָס אומקערן זיך צוריק צום פאָטערלאַנד.

איך האָב זיך צוגעהערט ווי אַזוי ער שטעלט זיך פאָר די אַנט־וויקלונג פון די קאָלאָניעס צו אַ פרייער געזעלשאַפט מיט אייגענע פּאָלי־טישע אינסטיטוציעס אָנצופירן מיטן לאַנד. ער האָט אָנגעוויזן אויף דער אַנטוויקלונג פון דער וואָל־אינדוסטריע, די אַנטדעקונג פון גאָלד, דער וווּקס פון דער אַגרי־קולטור און די אויסזיכטן פון אַן אינדוסטריע־לער אַנטוויקלונג און פון קאָמוניקאַציע.

איינער פון די שרײַבערס, אַ גרויסער לץ, האָט ווענטוואָרטהן איבערגעהאַקט און זיך אָפּגערופן: — הערנדיק דיינע התלהבותדיקע רייד וועגן דער אויסטראַלישער צוקונפט, טראַכט איך, צי גרויס־ברי־טאַניע האָט נישט אַמאָל געמאַכט אַ גרויסן קאַרדינאַלן פעלער! די ענלענדער האָבן אפשר בעסער געדאַרפט די קאַטאָרזשניקעס איבער־לאָזן אין ענגלאַנד און אליין קומען אַהער אויפצושטעלן אַ נייע אויסטראַליע.

דער עולם האָט זיך צעלאַכט פון דעם וויץ, אָבער דער וויטער־דיקער שמועס איז צוריק אַוועק וועגן דעם, אַז דאָס לאַנד איז פאַר־וואָרפן הינטער די הרי חושך, און די וואָס קומען פון אַן אייראָפּעיש לאַנד, פון אַ גייסטיקער לעבעדיקער סביבה, דערשפירן דאָ אַן איינ־זאַמקייט, דער גאַנצער אוניווערס איז דאָ פיינטלעך צום מענטש! דעריבער זענען די היגע שרייבערס איינגעשטעלט מיטן פנים צו ענג־לאַנד (צו דער „היים״). מען לעבט אויף דער נייער ערד מיט אַן ענגלישן שטייגער־לעבן.

ווענטוואָרטה האָט ווידער געטענהט, אַז די אָפּגעזונדערטקייט פון דעם קאָנטינענט און פון די אייראָפּעישע קולטור־קוואַלן, פאַראייניקט

די מענטשן דאָ אין אַ קיבוץ. די באַפעלקערונג וואַקסט. אין משך פון די לעצטע 10 יאָר (1855—1865), האָט ער אונטערגעשטראָכן, איז די באַפעלקערונג געשטיגן פון 800 טויזנט אויף אַנדערהאַלבן מיליאָן. אמת, די אויסטראַלישע געשיכטע איז דערוויַיל נאָר פאַרבונדן מיט דער צייט, וואָס דאָס לאַנד האָט דורכגעמאַכט ווי אַ בריטישע קאָלאָניע, אָבער בריטאַניע איז דאָך אויך אַמאָל געווען אַ קאָלאָניע פון רוים, און ס'האָט זיך שפּעטער אַזוי געענדערט. דאָס דערוואַרט אויך אויסטראַליע.

צווישן עולם אויף דער „פּאַרטיע" זענען געווען אַ היפּשע צאָל אירלענדער, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין שטאַרקע סיבה ליב צו האָבן ענגלאַנד . . . זיי האָבן שוין באַטראָפן אַ 25% פון דער באַפעלקערונג אין לאַנד, און געזוכט אָפּצושוואַכן דעם ענגלישן איינפלוס. איך האָב זיך צוגעהערט צו זייערע אַרגומענטן און זייער ווילן צו שאַפן אַ באַזע פאַר אַן אויסטראַלישער אייגענער קולטור. נישט געווען קיין וווּנדער, דעריבער, זייער גלויבן אין דעם לאַנד. די אירלענדער זענען געוואָרן דער רוקן־ביין פון אויסטראַלישן נאַציאָנאַליזם. זיי האָבן אַרויסגעגעבן פון זיך קעמפערס און בויערס פון אומאָפּהענגיקייט, באַגלייט אַלץ מער מיט דעם געבורט־צייכן פון אַן אויסטראַליש פאָלק.

דער געבורט פון אַן אַנגלאָ־זאַקסישער ראַסע אויף דער אויסטראַלישער ערד און די פאַרפלאַנצונג פון אייראָפּעישער ציוויליזאַציע, איז געווען אַ פרעמד געוויקס אויף דעם פרעמדן קאָנטינענט, אומזיכער צו קענען שלאָגן וואָרצלען אין דעם האַרטנעקיקן בתולה־באָדן. דער עקספּערימענט איז געווען ווירקלעך עפּעס ניי אין דער וועלט־געשיכטע. דעריבער איז נישט קיין וווּנדער דער פּעסימיזם, דער צווייפל צי דאָס לאַנד וועט קענען אַבסאָרבירן די אייראָפּעישע ציוויליזאַציע און קולטור? און צי עס וועט טאַקע זיין מעגלעך, ווי די וועגטוואָרטהס האָבן געגלויבט, איבערצווואַרפן אַ בריק צווישן דער אַלטער און נייער וועלט. משמעות, אַז בעת דער קאָלאָניאַלער תקופה, בפרט ביים אָנהייב, איז דאָס געווען אַן אוטאָפּיע.



דורך מיינע „שמועסן", צוגעטראָכטע, פּונקט ווי די „פּאַרטיע", האָב איך זיך באַמיט צו פאַרשפּיגלען די טענדענצן און ריכטלינינעס פון די קאָלאָניאַלע שרייבערס; היסטאָרישע געשעענישן, פאַרגלייכן מיט די פון אונדזער לעצטער עפּאָכע און אָנווייזן, אַז די צענטראַלע מאָטיוון פון אונדזער היינטיקער ליטעראַרישער פילאָזאָפיע — פּחד, אַנגסטן, מורא — האָבן ביי די קאָלאָניאַלע שרייבערס אין אויסטראַליע זיך פערמענטירט אין פאַרשיידנאַרטיקע פאָבולעס.

ווען מיר וועלן זיי אינטעגרירן אין היינטצייטיקע טערמינען, קומען מיר צוריק צו די זעלבע הויפּט־פּראָגעס, וואָס ווערן דורכגעלופּטערט אין דער מאָדערנער ליטעראַטור אויף אַן אוניווערסאַלן פּאַרנעם: — דער מענטש האָט מורא: פאַר וועמען? פאַר זיך אַליין? פאַר זיינע מיטמענטשן? ער וויל אַנטלויפן פון זיין מורא, פון די אַנגסטן און פחד — וואָס זענען נישט די זעלבע, ווי די אַטענישע פאַטום־פילאָזאָפיע פונעם מענטשלעכן גורל — נאָר זענען אידענטיש מיט קאַפקאַס מאָ־קאַברישע וויזיעס וועגן דעם יחיד אין דער היינטיקער וועלט, אין אַ געזעלשאַפט פון טיפער שפּאַנונג אין די מענטשלעכע באַציונגען.

אָט די אומזיכערקייט איז אין אַלע צייטן געווען דער גינסטיקער באָדן פאַר דעם אויפקום פון די גרויזאַמע דיקטאַטאָרן, וואָס האָבן זייער אייגענע אומזיכערקייט, אין וועלכער זיי האָבן כסדר געלעבט, פאַר־וואַנדלט אין אַ קאָשמאַר־פחד פאַר זייערע מיטמענטשן, וועלכע זיי האָבן אָפּגערוימט פון וועג... זענען דען נויטיק אילוסטראַציעס?

אומקערנדיק זיך צוריק צו מיין אויסטראַלישער טעמע, צו דער אַנטוויקלונג, וואָס דאָס לאַנד האָט דורכגעמאַכט — בפרט אין דעם לעצטן האַלב יאָרהונדערט, נישט נאָר אין טעכנאָלאָגיש־אינדוסטריעלן זין, נאָר באַזונדערס גייסטיק־קולטורעל; אין דער ליטעראַטור, קונסט, ווי אין נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין; אין אידייען, ווי אין שטייגערישן לעבן. גראָד אין די לעצטע 25 יאָר, זענען מיר עדות, ווי פון אייראָפּע זענען אָנגעקומען קיין אויסטראַליע מיליאָנען מענטשן רייך אין קולטורעלער פאַרשיידנאַרטיקייט. די מאָנאָליטישע אַנגלאָ־זאַקסישע ראַסע, וואָס האָט געגאַרט דורכן שמעלץ־טאָפּ צו שאַפן אַן אוניפאָרמירטן קאָליר, האָט זיך אָנגעשטויסן אויף עטנישע קולטורן מיט פאַרשיידענע אַקצענטן, ווערטן, געשמאַקן, און אַפילו שפּייזן (אגב, דאָס לעצטע האָבן פיל אוי־סטראַליער גאַנץ געשמאַק אַדאַפּטירט אין זייער „מעניו"). דאָס נייע אויסטראַליע איז געוואָרן קולטורעל רייכער. דער איינגעשטעלטער דור־רותדיקער לעבנס־שטייגער איז געוואָרן דינאַמיש מער באַוועגלעך, באַ־ווירקט סיי דורך די דערמאָנטע מאָטיוון, ווי בכלל דורך די ראַשיקע ענדערונגען, אין דער היינטיקער שנעל זיך־באַוועגנדיקער וועלט.

ווען די קאָלאָניאַלע שרייבערס וואָלטן אויפגעשטאַנען תחית־המתים און געזען די קאָלאָסאַלע ענדערונגען פון דעם לאַנד, וואָלטן זיי זייערע אייגענע אויגן נישט געגלייבט. אָבער אַ שעפעריש לעבעדיק פאָלק קען נישט ווערן אַן עגיפּטיש־באַלזאַמירטע מומיע פאַרן מוזעאום. און דער היינטיקער אויסטראַלישער שרייבער, וואָס האָט אין זיך דעם כוח צו קענען אינטערפּרעטירן מיט אָריגינעלע וויזיעס די ווערטן פונעם אויסטראַלישן לעבן, די געשיכטלעכע ווי די פון זיין אייגענער גענעראַציע, וועלכע ער שפּירט אין זיינע ביינער — געפינט טאָקע

אויס, אַז לאָיאַליטעטן הייבן זיך אָן מיטן לאָקאַלן עלעמענט, וועלכער גיט וואָרצלען און דערנערונג, אָבער עס פאַרענדיקט זיך נישט ביי דעם. דאָס אייגענע נאַציאָנאַלע באַרייכערט זיך אַ סך, דורך אַ צוזאַמענטרעף פון קולטורן, וועלכע באַאיינפלוסן זיך קעגנזייטיק דורך געזונטע פאַר־דייאונגס־אָרגאַנען.

עס איז אָבער גאַנץ כאַראַקטעריסטיש די ווערטער וואָס ס'האָט אַרויסגעבראַכט דער שרייבער י. ד. פרינגל וועגן זיין אַדאָפּטירט לאַנד, אויסטראַליע: „איך לעב דאָ און עס געפעלט מיר דאָס לאַנד. אָבער צי בין איך אַן אויסטראַליער (אין עטנישן זין)? ניין, איך גלויב נישט, אַז ס'איז מעגלעך צו אַסימילירן זיך אין אַ ניי לאַנד, אין וועלכן מען קומט אין עלטער, לאָמיר זאָגן, פון איבער 20 יאָר. די אַסאָציאַציעס פון דער קינדהייט זענען תמיד פיל שטאַרקער ווי די פונעם שפּע־טערדיקן לעבן". דאָס איז אַ ריכטיקער כלל, און ווי יעדער כלל, האָט ער זיינע אויסנאַמען, אָבער דאָס געהערט שוין צו אַן אַנדער טעמע.



איך האָב אין דער אָפּהאַנדלונג וועגן די אויסטראַלישע קאָלאָ־ניאַלע שרייבערס, נישט געוואָלט אַרויסהייבן דירעקט יידישע פּראָב־לעמען, אָבער איך גלויב, אַז דער יידישער לייענער וועט אליין אייַנזען, ווי אזוי די באַהאַנדלטע טעמאַטיק רופט זיך איבער מיט פיל פראַגן פון אונדזער יידיש לעבן און שאַפן, מיט אונדזערע אַספּיראַציעס און האָפענונגען; דאָס אַלץ וואָס באַוועגט זיך אין דעם היינטיקן קרייז פון אונדזער לעבן, טרעפט זיך, אין געוויסע פונקטן, צונויף מיט די דערפאַ־רונגען אין אויסטראַליע, וועלכע איך האָב דאָ באַרירט. מיר זענען טאַקע אַן אַלט פאָלק און דאָס אויסטראַלישע פאָלק וועט בקרוב ערשט ווערן 200 יאָר אַלט, אָבער ער לעבט אין דער נייער וועלט מיט דער־פאַרונגען פון וועלכע מיר קענען א סך לערנען.

# ראַלף באָלדרעוווּד

(„אַ רויבעריי מיט געווער")

ט. א. בראוני, וועלכער האָט זיך באַנוצט מיטן פסעוודאָנים באָלדרעוווּד, האָט אָנגעשריבן בערך אַ 16 ביכער, אָבער נאָר איין בוך האָט אים באַרימט געמאַכט און איז במשך פון די ערשטע 50 יאָר נאָך זיין דערשיינען איבערגעדרוקט געוואָרן אין עטלעכע צענדליק אויפלאַגעס. דאָס בוך איז דראַמאַטיזירט געוואָרן און געהאַט גרויס דערפאָלג אויך אויף דער בינע און אויך אין פילם. דאָס בוך מיטן טיטל „אַ רויבעריי מיט געווער" האָט שוין הינטער זיך אַ געשיכטע פון קנאַפּע 100 יאָר און עס געהערט דעריבער צו די זעלטענע דער־שיינונגען, וואָס עס האָט נישט פאַרלוירן דעם אינטערעס פון לייע־נער און צושויער, אַ 100 יאָר נאָך זיין דערשיינען.

מיט וואָס דערקלערט זיך דער פענאָמען? ערשטנס איז עס אַן עפּיק פון אַ לעבעדיקער קינסטלערישער קרעאַציע, ס'רוב באַזירט אויף אויטענטישע פאַקטן. צווייטנס, די דראַמאַטישע עלעמענטן פון אַ גאַלעריע טיפּן, וועלכע זענען אַ טייל פון דער אויסטראַ־לישער קאָלאָניאַלער געשיכטע און זענען לעבעדיק פאָרטרעטירט מיט זייער לשון אויפפיר, האַנדלונג און אידיאַם.

עס איז אַ קינסטלערישע שאַפונג, וועלכע פאַרמאָגט א חוץ אירע פאָלקישע טיפּן אויך אַ מין בייראָנישן העלד מיטן נאָמען סטאַר־לייט, שוין אַ געבוירענער אין דער קאָלאָניע מיט אַ פאַרגאַנגענהייט וואָס איז אי אַריסטאָקראַטיש אי מיסטעריעז. ער ווערט דער אָנפי־רער פון אַ גענגסטער־באַנדע, וואָס איז נישט געקומען פון דער אַלטער וועלט, נאָר שוין געבוירן אין דער קאָלאָניע און דאָס איז זייער היים, וואָס האָט זיי געקאָנט געבן אַ רואיק לעבן, ווען זיי וואָלטן געגאַנגען אויפן דרך הישר צו באַאַרבעטן די נחלה פון זייער אַלטן פאָטער און נישט אָוועקלאָזן זיך אויפן וועג פון רויבעריי.

דער אויטאָר האָט די רויבערייען פאַרבונדן מיט אַן אידיי, וואָס רופט זיך איבער מיט די באַוווּסטע ראָבין הוד געשיכטעס. אין דער אויסטראַלישער קאָלאָניע האָבן זיי געטראָגן דעם כאַראַקטער פון די

באַוווסטע בושרענדזשערס, וועלכע האָבן — ווי אַ סאָציאַלע גרופּע — אַרויסגעוויזן זייער פאַראַכטונג פאַר דער מאַכט, פאַר דער אויטאָריטעט פון דער פּאָליציי, וועלכע איז געשטאַנען אויף דער זייט פון די רייכע קאָלאָניסטן און פון די אייגנטימערס פון די רייכע פאַרם־פּלאַנטאַציעס.

די אָרעמע קליינע פאַרמערס, די סטאַציע־העגט, די אַרבעטערס, סימפּאַטיזירן מיט די בושרענדזשערס און דעריבער קומט די פּאָליציי אָן שווער זיי צו כאַפּן. אין דער דערציילונג ווערט דער פּאָליציי־אינספּעקטאָר, סער פערדינאַנד מארינגער, איבערמאַנעווורירט פון דער חברה אָנפאַלערס, וואָס האָבן די סימפּאַטיע פון די נידעריקע שיכטן, וועלכע זעען אין די בושרענדזשערס, נישט סתם קיין געוויינט־לעכע רויבערס, וואָס באַפאַלן און באַרויבן מענטשן, מחמת זיי, די אָנפאַלערס, נעמען זיך אָן די קריוודע פון די אָרעמע און זענען קעגן די רייכע.

דערביי איז כאַראַקטעריסטיש צו באַמערקן, אַז דער מחבר גופא, איז פּראָפעסיאָנעל און סאָציאַל געווען דער היטער פון געזעץ, ער איז געווען אַ קאָמישיאָנער און פּאָליציי מאַגיסטראַטאָר. אַליין אַ קאָלאָניסט, אַ מיטגליד פון „מעלבורנער קלוב”, די סאַמע סמעטענע פון דער געזעלשאַפט, וואָס איז געשטאַנען אויף דער זייט פון „געזעץ און אָרדענונג” און עקסטרעם קאָנסערוואַטיוו אין דער פּאָליטיק. פון דעם קרייז זאָל זיך אויסטיילן אַ מענטש און ווערן דער מחבר פון אַ ראָמאַן, אין וועלכן ער גלאָריפיצירט די יונגע מענער, וועלכע האָבן צוליב סאָציאַלע סיבות און נויט — אָפט צוליב אַ טריקעניש אין דעם יאָר — זיך פאַרקערעוועט אויפן וועג צו רויבעריי. און דער וואָס איז לויט זיין סטאַטוס געשטאַנען אויף דער זייט פון געזעץ, ווייזט גאָר אַרויס סימפּאַטיע און פאַרשטענדעניש פאַר די סיבות פון זייערע פאַרברעכנס, טאַקע פאַר רויבעריי פון אַ גענגסטער גרופּע.

דער מחבר נוצט אַלס נאַראַטאָר פון דער געשיכטע, אַן אומגע־בילדעטן אַרבעטער, דיק מאַרסטאַן — ער איז דער ערשטער עכטער אויסטראַלישער כאַראַקטער־טיפּ אין דער קאָלאָניאַלער בעלעטריסטיק, וועלכער איז געשילדערט פולבלוטיק אין אַ לעבעדיק לשון און שפּאַ־נענדיקער אַקציע.

דער מחבר האָט געוווסט, אַז ער דאַרף דאָ צוימען זיין ליטע־ראַרישע שפּראַך און לאָזן זיין העלד רעדן מיט זיין אייגענעם לשון, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַזאַ חברה־מאַן. ער הייבט אָן צו דער־ציילן וועגן זיך בזה הלשון: „מיין נאָמען איז דיק מאַרסטאַן, אַ גע־ווירענער לעבן סידנעי. כ׳בין 20 יאָר אַלט, 6 פוס הויך... 13 סטאָן די וואָג און זייער שטאַרק אַקטיוו... כ׳רייס זיך נישט צו שלעגע־רייען — נישט דאָ און נישט ערגעץ אַנדערש. אָבער עס וועט דאַרפן

זיין אַ גאָר שטאַרקער מאַן ער זאָל מיך אַוועקלייגן אויף די לאָפּאַטקעס".

דיק און דזשים מאַרסטאָן, די צוויי ברידער, האָבן לכתחילה געפּירט אַ באַלעבאַטיש לעבן אויף די גאָלדפעלדער ביז זיי זענען געקומען אין קאָנטאַקט מיט סטאַרלייטן און האָבן זיך מיט אים פאַר־בונדן... סטאַרלייט איז געשטאַנען בראָש פון אַ גענגסטער גרופּע. ער איז געווען איר גרויסער אָרגאַניזאַטאָר מיט אַ סך שווונג און איניציאַטיוו. ער פלעגט קענען פאַרקויפן אַ טויזנט געגנבעטע בהמות און נעלם ווערן אונטער די אויגן פון דער פּאָליציי.

ווידער דזשים און דיק מאַרסטאָן, פאַרקערפּערן אַלע גוטע קוואַ־ליטעטן פון די בושרענדזשערס מיט זייער קאַוואַלערסקן רייטן אויף פערד, זייער בראַוואַדאַ און געוואַגטקייט ביים דורכפירן די „אַקציעס" און בעיקר,ביי זייער פאַנאַנדערטיילונג צווישן אָרעמע און רייכע אין גייסט פון די „ראָבין הוד" געשיכטעס. דאָס לעצטע איז אַ דאָמי־נירנדיקער מאָטיוו אין דעם בוך.

היסטאָריש גענומען, האָט דער מחבר אַביסל צופיל גלאָמאָרי־זירט די בושרענדזשערס און די באַציונג פון פאָלק צו זייערע אָנפאַלן אויף דער פּאָליציי. מיר ווייסן, אַז מען האָט זיך צו די רויבער־באַנ־דעס נישט באַצויגן אַזוי סימפּאַטיש, ווי דער מחבר וויל עס האָבן.

בלויז אין אַזעלכע פאַלן, ווי עס איז געשען ביי בען האָל, ווע־מענס פרוי אַ פּאָליציאַנט האָט פאַרפירט אין דער אָפּוועזנהייט פון מאַן, דאָ איז די סימפּאַטיע געווען אויף דער זייט פון באַעוולטן מאַן, וועלכער האָט זיך גענומען דאָס רעכט זיך אָפּצורעכענען פאַר דער עוולה, וואָס איז אים געשען... אָבער אין אַלגעמיין האָט די עפנט־לעכע מיינונג, אויך פון די אָרעמע שיכטן, נישט סימפּאַטיזירט מיט די, וואָס זענען אַוועק אויף שלעכטע וועגן...

אָבער עס גייט אונדז נישט אין דער היסטאָרישער פּינקטלעכ־קייט פון דער באַציונג צו די בושרענדזשערס, נאָר אין דעם בעלעט־ריסטישן לבוש אין וועלכן דער מחבר האָט איינגעהילט זיינע חברה־לייט. לעבעדיק און פאַרביק איז געשילדערט דער ראַדיקאַלער גייסט פון די וואָס האָבן שוין געהערט צו די געבוירענע אין דער קאָלאָניע, פאַר וועלכע דאָס אויסטראַלישע איז געווען די היים און נישט דאָס אַלטע לאַנד, ערגעץ ווייט אַוועק איבער די ימים.

מען דאַרף געדענקען, אַז די ערשטע 100 יאָר איז די אויסטראַ־לישע קאָלאָניאַלע ליטעראַטור געווען אַן עמיגראַנטישע נאָסטאַלגיע־ליטעראַטור, וואָס האָט געפּרוווט זינגען אירע לידער אויף אַ פרעמדער ערד...

ראַלף באָלדרעווּוד האָט אין זיין געלונגענעם ווערק רעפלעק־טירט די רעבעליע קעגן ענגלישן סנאָביזם און קעגן די קאָנווענציאָ־נעלע ענגלישע ווערטן. עס זענען פאַראַן אין בוך אָפטע אָנמערקונגען וועגן ענגלאַנד, אָבער דאָס איז נישט די היים פון די מאַרסטאַנס. גראָד די אויסטראַלישע בוש־לאַנדשאַפט איז געווען זייער וויגעלע און ס'איז לעבעדיק געשילדערט אָט די לאַנדשאַפט פון דער קאָלאָ־ניע מיט אירע פערסאָנאַזשן און חברה־לייט.

דער מחבר האָט זיי געשטאַלטיקט מיט איבערצייגונג און קראַפ־טיק באַשריבן זייערע קענטיקע אויסטראַלישע קוואַליטעטן, באַזונדערס זייער באַציִונג צו די מאַכט־אָרגאַנען. ער באַגלייט זיי מיט די היי־מישע הומאָריסטישע וווּלגאַריטעטן, בילדלעך און עמאָציאָנעל. די שפּראַך פון די מאַרסטאַנס איז נישט קיין אָקספאָרדער ענגליש. נאָר דער ספּעציפישער אויסטראַלישער דיאַלעקט מיט זיין „סלענג" און לאָקאַליזם. די טיפּן זענען אינדיווידואַליזירט, זיי זענען מיט אַלע פּיטשעווקעס אויסטראַליער.

אין תוך גענומען, איז דאָס בוך אַ מעשה מיט אַ מאָראַל, און דער מאָראַלישער עלעמענט האַלט אָן אין דעם ווערק פון אָנהייב ביזן סוף. אַ שאָד נאָר וואָס דער מחבר האָט ווייניק אַכט געלייגט אויף דער אַנטוויקלונג פון זיינע כאַראַקטערן. זיין גאַנצע מי איז געווען אין דער ריכטונג פון דער שפּאַנענדיקער אַקציע, פון אַ לעבעדיק לשון און פון שילדערן די פּאַרשוינען, וועלכע קענען אָפטאָן אַ „שטיקל אַרבעט" אָבער זיך אויך אָננעמען פאַר די געקריוודעטע און מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט אָפּראַטעווען אָנגעשראָקענע פרויען, וועלכע ווערן טעראָריזירט. דאָס ווערק „רויבעריי מיט געווער" איז שטאַרק געלייענט געוואָרן בעת עס האָט זיך, פאַרצייטנס, געדרוקט אין המשכים אין „סידנעיער מעיל". שפּעטער, ווען עס איז דערשינען אין בוך־פאָרם, האָט עס גלייך אַרויסגערופן אַן אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג אין ענגלאַנד און אין אויסטראַליע.

פאַר ענגלאַנד האָט זיך דורך דעם ווערק אַנטפּלעקט, אַז זי איז שוין נישט מער די היים פאַר די געבוירענע אין דער אויסטראַ־לישער קאָלאָניע. אַ חוץ דעם, האָט זיך אין די שילדערונגען אַרויס־געוויזן נישט נאָר דאָס לעבן פון די וואָס גייען אַוועק אויף די וועגן פון רויבעריי, נאָר אויך די באַציִונגען צווישן די העכערע קלאַסן און די אַרבעטער. זיי זענען געוויזן געוואָרן גאָר אין אַנדער ליכט, ווי אין די ענגלישע ראָמאַנען פון דעם פּעריאָד, ווו די אַריסטאָקראַטיע און דאָס פאָלק זענען אין ענגלאַנד געווען — לויט דיזראַעליס באַ־צייכענונג — צוויי באַזונדערע פעלקער. אין דער אויסטראַלישער קאָלאָניע איז אַזאַ מחיצה נישט געווען, און דאָס איז געווען אַ נייעס

פאַר די ענגלענדער, וועלכע האָבן געלעבט 10 טויזנט מייל ווייט פון דער אַמאָליקער פאַרשיקונגס־קאָלאָניע.

ווידער פאַר די אויסטראַלישע לייענערס, האָט אַזאַ בוך געהאַט אַ באַזונדער רייץ. סיי די קאָנסטרוקציע פון דעם ראָמאַן, סיי דער סאָציאַלער צוגאַנג פון מחבר און די באַגלייטונג פון לאָקאַלן קאָלאָריט און די פיינע כאַראַקטעריזאַציע פון „היימישע" פאַרשוינען — אַלץ צוזאַמען האָט געשאַפן די אַטראַקציע פאַר דעם ווערק, וואָס האָט עד היום נישט פאַרלוירן דעם אינטערעס.

דער פאַקט גופא, וואָס דאָס בוך איז געוואָרן עטלעכע מאָל פילמירט און ווערט סעריעסווייז לעצטנס דראַמאַטיזירט אויפן ראַדיאָ, זאָגט עדות, אַז אַ ווערק וואָס איז דערשינען אין 1889, פאַרמאָגט אין זיך די קוואַליטעטן, וואָס דערלאָזן נישט עס זאָל פאַרדעקט ווערן מיט דעם שטויב פון צייט. גאַנץ ווייניק ווערק האָבן געהאַט דעם מזל — אַפילו די ווערק פונעם זעלבן מחבר — און דאָס איז צו פאַר־דאַנקען די ליטעראַרישע קוואַליטעטן, דעם ספּעציפישן סוזשעט, און דאָס לעבן גופא, וואָס דאָס ווערק פאַרמאָגט, ווי אַ גאַנצעס.

אוודאי זענען אויך פאַראַן פעלערן, נישט אַלע טיפן זענען אַרויסגעקומען אַזוי עכט און איבערצייגנדיק, ווי די ברידער מאַר־סטאָנס און אַ ריי אַנדערע כאַראַקטערן, אָבער די בלויזן וואָס פאַר־מינערן עפּעס פון דער קוואַליטאַטיווער וואָג, קענען אָבער נישט צו־נעמען פון דער פולקייט, וואָס דאָס ווערק פאַרמאָגט אין זיין גאַנצ־קייט. עס איז אַ בוך וואָס וואַרפט אַ פּראָזשעקטאָריש ליכט אויף אַ ראָמאַנטישן פּעריאָד אין דער אויסטראַלישער געשיכטע, אויף אַן איבערגאַנגס־פּעריאָד, ווען עס האָט זיך גענומען אויספּיקן דער אוי־סטראַלישער נאַציאָנאַליזם פון די 1890־ער יאָרן און אויף דער גע־שיכטלעכער אַרענע האָט זיך באַוויזן שוין נישט אַן אימיגראַנטישער עלעמענט, און שוין אויך נישט דער אָנגעלאָפענער ערב־רב פון דעם פּעריאָד אינעם גאָלד־פיבער — נאָר פון די פאַרשידענע עלעמענטן — אָנגעקומענע און הי־געבוירענע — האָט זיך גענומען אויספאָרמירן אַ ניי פאָלק — אַן אויסטראַליש פאָלק.

# היים און גלות

## (וועגן מאַרטין בוידס ווערק)

מאַרטין בויד געהערט צו די אויסטראַלישע שרייבערס, וואָס האָבן זיך פאַרשאַפט אַ בעסערע רעפּוטאַציע אין אַמעריקע און אין ענג־לאַנד, ווי אין אויסטראַליע. זיינע ביכער האָבן באַקומען אַ גוטן אָפּרוף אין די אַנגלאָ־זאַקסישע לענדער און אייניקע קריטיקערס האָבן אים פאַרגליכן צו דזשאָן גאַלסוואָרטי. די שבחים זענען געגאַנגען אַזוי ווייט ביי די אויסלענדישע רעצענזענטן, אַז זיי האָבן באַצייכנט זיינע נאָוועלן וועגן דער משפּחה לענגטאָנס, ווי „די אויסטראַלישע פאָרסייט זאַגאַ״.

אין אויסטראַליע איז מען פיל מער קריטיש צו זיין שאַפן, די קרי־טיקער האַלטן אים פאַר אַ מינאָרן נאָוועליסט, זיי וואַרפן אים פאָר, אַז ס׳פעלט אין זיינע ווערק פאַרטיפקייט און אַפילו ערנסטקייט. לויט מיינע איינדרוקן, זענען די איבערגעטריבענע סופּערלאַטיוון פון איין זייט און די צו שאַרפע קריטיק — פון דער צווייטער זייט אומבאַרעכטיקט.

דאָס פאַרגלייכן אים צו דזשאָן גאַלסוואָרטי איז שטאַרק איבער־געטריבן, מחמת ער האָט אין זיין שאַפן נישט דערגרייכט די טיפקייט פון גאַלסוואָרטיס „פאָרסייט זאַגאַ״, אין וועלכער עס איז אויף אַזאַ מייסטערהאַפטן אופן פאַרשפּיגלט דער ענגלישער מיטל־קלאַס און די סאָציאַלע געשיכטע פון אַ גאַנצער עפּאָכע אין ענגלאַנד. גאַלסוואָרטיס „דער מאַן פון אייגנטום״ און מאַרטין בוידס ווערק און העלדן, האָבן בלויז אַ שייכות דערמיט, וואָס זיי טרעפן זיך אויף א בשותּפותדיקן באָדן פון מיטל־קלאַס־שיכט. אָבער סיי קינסטלעריש און סיי פּראָב־לעמאַטיש איז צווישן ביידע שרייבערס דאָ אַזאַ אַנדערשקייט; און בפרט איז דאָך ביי גאַלסוואָרטיס טיפן נישטאָ דער פּראָבלעם — היים און גלות. זייער לעבן איז אין „איין וועלט״, בעת ביי מאַרטין בויד איז עס צווישן צוויי וועלטן: ענגלאַנד און אויסטראַליע.

איך האָב באַצייכנט בוידן, ווי אַן אויסטראַלישער שרייבער,

מחמת ער און זיינע אבות זענען אויסטראַליער. אָבער ער גופא האָט אויסטראַליע נישט באַטראַכט פאַר זיין היימלאַנד. נישט נאָר צוליב דעם וואָס ער האָט אַרומגעוואַנדערט כסדר איבער אייראָפּע און ס׳רוב פון זיינע יאָרן זיך אויסגעלעבט דאָרט (זיינע לעצטע יאָרן אין רוים און פאַר דעם אין ענגלאַנד), מען קען זאָגן, אַז ער איז בכלל פאַר־בליבן אָן אַ לאַנד במשך פון זיין גאַנץ לעבן, און דאָס נישט דערפאַר וואָס ער האָט מער געלעבט אין אויסלאַנד ווי אין אויסטראַליע, מחמת פיל אַנדערע אויסטראַלישע שרייבערס לעבן יאָרן לאַנג אין אויס־לאַנד, שאַפן דאָרט זייערע ווערק, אָבער די היים זייערע פאַרבלייבט אויסטראַליע. דאָס איז אָבער נישט געשען מיט דעם נע־ונד מענטש, מאַרטין בויד.

פאַר אַ יידישן שרייבער, וועמען עס איז גוט באַקאַנט דער פּראָב־לעם „נאַציאָנאַלע שליחות" (אין דער ליטעראַטור), איז באַזונדערס אינטערעסאַנט געווען צו לייענען דעם וויכוח צווישן מאַרטין בויד און זיינס אַ קריטיקער, צי זיינע (בוידס) ווערק דערפילן אַ נאַציאָנאַלע שליחות פאַר דער אויסטראַלישער ליטעראַטור? בכלל די פּראָבלע־מאַטיק אַרום היים און גלות, קאָסמאָפּאָליטיש און נאַציאָנאַל, טערמי־נען, וואָס קלינגען אַפּ ווי אַ גלעקל אין אונדזערע אויערן פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט, און בפרט דער פּראָבלעם פון „היים" און „גלות" מיט וועלכן עס זענען פול מאַרטין בוידס ווערק. זיי זענען ס׳רוב בעלעטריזירטע, אויטאָ־ביאָגראַפישע דין־מאַסקירטע פאַר־טרעטן פון זיינע פאַרצווייגטע משפחות, פון העכערן מיטלקלאַס, וואָס האָבן במשך פון פיל דורות געלעבט אין ענגלאַנד, צווייגן פון זיי זענען אַריבערגעטראָגן געוואָרן קיין אויסטראַליע (געקומען ווי אימי־גראַנטן נאָך פאַרן גאָלד־פיבער אין אויסטראַליע) אין די 1850ער יאָרן.

זיי זענען געוואָרן אַ באַשטאַנדטייל פון דער קאָלאָניאַלער אַריס־טאָקראַטיע, וואָס האָט נאָר־וואָס אָנגעהויבן שלאָגן וואָרצלען אינעם אויסטראַלישן באָדן. דאָס זענען אָבער נאָר געווען פיזישע וואָרצלען, אַזוי צו זאָגן, מחמת זייערע גייסטיקע, זענען ווייטער געבליבן אין ענגלאַנד פון וואַנען זיי האָבן געצויגן זייער קולטור־יניקה. מען האָט טאַקע געלעבט אין אויסטראַליע, אָבער אין האַרצן האָט געטוליעט אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט צו דער היים, וואָס האָט געמיינט: ענגלאַנד; און צום אייראָפּעישן קאָנטינענט מיט זיין ציוויליזאַציע, קולטור.

ביים לייענען מאַרטין בוידס דערציילונגען, הגם די כאַראַקטערן, די מיליע, די סוזשעטן זענען אַזוי ווייט, אין פיל דימענסיעס, פונעם יידישן אימיגראַנטישן לעבן אין דער נייער וועלט, אָבער דער לייט־מאָטיוו — נאָסטאַלגיע — קומט כסדר אויפן געדאַנק, און עס רופט

זיך איבער מיט דער בענקשאַפט צום היימישן שטעטל מיט זיין שטיי־גערישקייט און מיט זיין גאַנצער ציוויליזאַציע, וואָס פאַרנעמט אַזאַ באַדייטנדיקן אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור.

מאַרטין בויד איז אַ שרייבער מיט אַ באַדייטנדיקער קולטור און מיט אַ סאָפיסטיצירטן סטיל. זיינע שילדערונגען פון דער פסיכישער טראַנספאָרמאַציע און די חבלי־לידה אויף אַ נייעם באָדן — בפרט אַ קרקע־בתולהדיקער באָדן, ווי עס איז געווען אויסטראַליע אין 19טן יאָרהונדערט (און באַדייטנדיקע שטחים זענען נאָך עס עד־היום אויף דעם קאָנטינענט...).

אויב דער באַגריף מענטש, און דאָס מענטשלעך לעבן, איז בכלל אַ פּראָצעס, ווערט עס דאָך פילפאַכיק מער, ווען דער מענטש ווערט איבערגעפלאַנצט פון איין קאָנטינענט אויף אַ צווייטן, וואָס זענען נישט נאָר געאָגראַפיש אַזוי ווייט איינער פון אַנדערן, נאָר אויך אין זייער גאַנצער פיזישער נאַטור זענען די אונטערשיידן צווישן זיי קאָלאָסאַלע!

די אָפטע נסיעות פון אויסטראַליע קיין ענגלאַנד (אַ „היים”) זענען פאַרוועבט אין סוזשעט פון בוידס נאָוועלן, און זיי פאַרנעמען אַ גרויסן אָרט אין די שילדערונגען פון אַזאַ מין רייזע (אין די באַדינ־גונגען פון יענע צייטן) און אין די ציכענונגען פון די כאַראַקטערן גופא.

אָבער איידער מיר טרעטן צו באַהאַנדלען די ווערק און זייערע העלדן, וועלן מיר זיך אויף אַ ווייל אָפּשטעלן אויף דעם אויטאָ־ביאָגראַפישן רוי־מאַטעריאַל פון וועלכן דער מחבר האָט געפורעמט זיינע פערסאָנאַזשן; אויף די אָפּצווייגן פון זיינע עלטערן, וואָס זענען פאַרשפיגלט זייער בולט אין זיינע ווערק.

איך וויל דערביי באַמערקן, אַז ביי אַלע שאָטן־זייטן, וואָס מען קען געפינען אין מאַרטין בוידס שאַפן — און זיי קענטיקן זיך גאַנץ בולט פאַרן קריטישן אויג — פאַרמאָגן די ביכער זיינע אַ געוויסע שאַרם אין די כאַראַקטעריזאַציעס, טייל מיט שאַרפער סאַטירע, אַנ־דערע, מיט איראָנישער מילדקייט און לייכטן הומאָר (ביים שילדערן די נייע אויפגעקומענע גביראָקראַטיע פון די הערשנדיקע קלאַסן אין אויסטראַליע). עס קענטיקט זיך אויך גאָר בולט דעם מחברס טענ־דענץ צום מיסטעריעזן פון דער מענטשלעכער נשמה.

אָבער קודם — צום אויטאָביאָגראַפישן עלעמענט, און נאָך דעם — צו דער בעלעטריזאַציע.

*

מאַרטין בויד איז געבוירן געוואָרן אין לוצערן (שווייץ) אין 1893. זיינע עלטערן זענען פונקט צו יענער צייט געווען אויף איינער פון זייערע לענגערע נסיעות פון אויסטראַליע קיין איראָפּע, וואָס זיי פלעגן, פאַרהעלטנישמעסיק, מאַכן זייער אָפט, בכדי אַ ביסל זיך „אָפּצופרישן" אויפן איראָפּעישן קאָנטינענט פון דעם אויסטראַלישן קלימאַט ...

מאַרטינס פאָטער האָט געשטאַמט פון אירלענדישע פּריצים, צווישן וועלכע די פאַמיליע בויד האָט פאַרמאָגט אַן אַלטן יחוס־בריוו פון דור־דורות. ווען אַ טייל פון דער משפּחה האָט אויסגעוואַנדערט קיין אויסטראַליע, איז ער אויך אינעם נייעם לאַנד געווען הויך אויפן סאָציאַלן לייטער. איינער פון די בוידס איז געוואָרן אַ מיליטערישער אַטאַשע און סעקרעטאַר ביי די ערשטע גובערנאַטאָרן פון דער קאָלאָניע — וויקטאָריע.

אין דער משפּחה האָט קורסירט אַ ווערסיע וועגן אַ געוויסער שפּאַנישער אורבאָבע, וועמענס בלוט פון די מיטללענדישע לענדער האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם אירלענדישן, און דאָס האָט זיך אָפּגערופן אין שפּעטערדיקע דורות. אָט די לעגענדע שפּילט אַ געוויסע ראָל אין דער כאַראַקטעריזאַציע פון מאַרטין בוידס העלד, דער יונגער דאָמיניק.

פון דער מוטערס צד — די בעקעטס — אַ נאָך גרעסערער יחוס! מאַרטינס זיידע, סער וויליאַם בעקעט, איז געווען הויפּט־ריכטער אין דער אויבנדערמאָנטער קאָלאָניע וויקטאָריע. די חתונה־פּאַרבינדונג צווישן ביידע משפּחות, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט זייערע פריינד געהערט צו דער קאָלאָניאַלער אַריסטאָקראַטיע, איז בעלעטריסטיש פאַרקערפּערט אין בוידס שאַפן. זיי האָבן זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון המון־עם, וואָס האָט אין די יאָרן פון גאָלד־פיבער פאַרגעשטעלט מיט זיך אַן אָנגעלאָפענעם ערב־רב פון דער גאַנצער וועלט.

די בעקעטס האָבן געהאַט א שם נישט נאָר מיט זייער יחוס און עשירות, נאָר אויך מיט זייערע שאַרפע צונגען ... — קלוגע און שאַרף־באַרעדעוודיקע מיט אַ חוש פאַר הומאָר און קאָמיזם, האָבן זיי, קודם יעדער זאַך געזען פון ·אַ גראָטעסק־קאָמישער זייט. אָט דער שטריך איז געווען קענטיק אין דער גאַנצער בעקעט־משפּחה, אָבער גאָר באַזונדערס ביי מאַרטינס מוטער.

פון דער נאַטור אַ באַהעמיקערין, אַ מאָלערין, האָט זי ווי אַ קינסטלער פיינט געהאַט אַלץ, וואָס איז געווען סנאָביש, קאָנווענציאָנעל און פּרעטענציעל. אַן אינטערעסאַנטער טיפּ: פון איין זייט האָט זי פאַרמאָגט אַ טיף־רעליגיעזע נאַטור ביז דעם עקסטרעם פון פּוריטאַנישקייט און פון דער צווייטער — אַ בונטאַרין קעגן די איינגעפונדעוועטע

פאַמיליע־טראַדיציעס און בכלל קעגן דעם גאַנצן שטייגערישן לעבנס־נוסח פון איר משפחה.

איר זון מאַרטין, האָט פון דער מוטער געירשנט זיין עסטעטישע באַהעמיע, אָבער נישט איר אַסקעטישע פאָרם פון קריסטלעכקייט. ער האָט שוין געזוכט האַרמאָניע צווישן קערפּער און גייסט — אין זיינע ווערק איז דאָס שטאַרק אַקצענטירט ביי אַ ריי העלדן — מיט אַ גאָר עסטעטישן אויסדרוק־געפיל פאַר פאָרם און טראַדיציע. דאָס איז וואַרשיינלעך געווען איינע פון די טרייב־כוחות פון זיין ארומרייזן אָפט און זוכן אין די קאַטעדראַלן און קונסט־גאַלעריעס אין אייראָפּע, וואָס קומט בעלעטריסטיש צום אויסדרוק אין די אַרויסזאָגונגען און מעדיטירונגען פון געוויסע פּערסאָנאַזשן אין זיינע ווערק.

וועגן געניאַליטעט, צי דאָס גייט איבער בירושה, זענען פאַראַן קעגנזעצלעכע ביישפּילן. וויל איך צו זיי צוגעבן די געשיכטע פון דער משפחה־פאַרבינדונג צווישן די בעקעטס און די בוידס, פון וועל־כער עס איז אַרויסגעקומען אַ גרויסע קינסטלעריש־שעפערישע גאַנצע דינאַסטיע, וואָס האָט צו פאַרצייכענען גרויסע דערגרייכונגען אין דער אויסטראַלישער קינסטלערישער וועלט.

מאַרטינס בײדע עלטערן זענען געווען קונסט מאָלערס. קען מען היינט זען די גענעטישע איינפלוסן אין דער משפחה בויד מיט אירע אָנגעזעענע קונסט־מאָלערס. עס זענען דאָ אין דער בויד־משפחה סקולפּטאָרן און קונסט־טעפּערס. איינער פון די בוידס איז פון די באַרימטסטע אַרכיטעקטן אין אויסטראַליע און מאַרטין גופא איז אַ שרייבער, אַ נאָוועליסט מיט טיפער בקיאות אין קונסט־ענינים.

אָט די קינסטלער־משפחה האָט הינטער זיך אַ רייכע געשיכטע מיט משפחה־געשעענישן אין קאָלאָניאַלן אויסטראַליע און אויך אין ענגלאַנד. מאַרטין בויד האָט זיך ברייט באַנוצט מיט זיין משפחה־אַלבום צו פורעמען זיינע בעלעטריסטישע פּערסאָנאַזשן, וואָס האָבן געלעבט צווישן צוויי וועלטן.

דער דראַנג צו באַזוכן די „היים" איז ביי דעם מיטל־קלאַס און בכלל ביי מענטשן פון דער „געזעלשאַפט" געווען אַזוי שטאַרק, אַז יונגע מאַמעס פלעגן פועלן ביי זיך איבערצולאָזן זייערע קליינע קינ־דער אויף לאַנגע מאָנאַטן ביי פרעמדע מענטשן און זיך לאָזן אויף די גאַנץ שווערע שיף־רייזעס הין און צוריק. דאָס שיפן זיך אין יענע צייטן אויף אַזאַ ווייטן שטח, באַגלייט אָפט מיט שווערע ים־קראַנק־הייטן, האָט נישט געקענט אָפּהאַלטן פון פאָרן, און דער כוח פון נאָסטאַלגיע צו זען די „היים", האָט גובר געווען אַלע מניעות.

אין זיינע אויטאָביאָגראַפישע ביכער שילדערט מאַרטין בויד

די געשפּרעכן ביי זיי אין שטוב צווישן די עלטערן און באַקאַנטע וועגן ענגלאַנד, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט זינט זיין קינדהייט. מען האָט געוווינט אין אויסטראַליע, אָבער געאָטעמט האָט מען מיט ענגלאַנד. די דערציִונג איז געווען אַן ענגלישע. אַזוי אויך די גאַנצע אַטמאָספער אין שטוב, אין דער סביבה. עס רופט זיך ממש איבער מיט שלום אשס „אנשי קוזמין״ אויף דער איסט סייד.

דער לימוד פון דער אויסטראַלישער געשיכטע אין שול, האָט אים אויסגעזען אַזוי אומוויכטיק, אַז ער האָט זי אַפילו נישט געוואָלט לערנען, און דורכגעפאַלן דערפאַר בעת די עקזאַמענס אין מעלבורנער אוניווערסיטעט. דערמאָן איך די אַלע פאַקטן, ווייל זיי שפּיגלען זיך אָפּ אויף פאַרשידענע אופנים אין זיינע ראָמאַנען און דערציילונגען, לייכט מאַסקירט אין בעלעטריזירטע פּערסאָנאַזשן. נאָר אונטער די מאַסקעס און סימבאָלן קענטיקן זיך די פאַרשידנאַרטיקע גלידער פון זיין משפחה־וועלט, וואָס איז אין איר סאָציאַלער ראַם, אויסשליסלעך די „געזעלשאַפט״.

דאָס איז די וועלט, וועלכע ער האָט אַזוי גוט געקענט, זי באַ־שריבן, געשטאַלטיקט אין קאָמפּאָזיציאָנעלע צוגעטראַכטע טיפּן מיט אַ צומיש פון אויטענטישע סימבאָלן און אויטאָביאָגראַפישע עלעמענטן.



עס וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ זיך אָפּצושטעלן אויף אַלע זיינע ווערק, און עס איז אויך נישט נויטיק, מחמת אין די מער וואָגיקערע ווערק איז פאַרקערפּערט דאָס תוכיקע פון זיין שאַפן. אין „לוצינדאַ ברייטפאָרד״, בעיקר אינעם ערשטן טייל, וואָס איז דער געלונגענ־סטער פון דעם ווערק, איז געשילדערט אויפן אויסטראַלישן הינטער־גרונט אַ רייכע גאַלעריע געשטאַלטן ביי וועלכע עס קומען פאָר אינער־לעכע קאָנפליקטן אין זייערע האַנדלונגען, שייכותן און רעאַגירונגען צווישן זייער אויסערלעכער און אינערלעכער וועלט.

דער צווייטער טייל פונעם ווערק טראָגט שוין אַריבער די סצענע קיין ענגלאַנד, אָפּשפּיגלענדיק די ענדערונגען און די נייע דערפאַרונגען אינעם לעבן פון ענגלישן מיטל־קלאַס אין היינטיקן יאָרהונדערט. דער מחבר האָט אין דעם ווערק, ווי אין פיל אַנדערע, געפּרווט שאַפן אַ פול בילד פון די צוויי פאַרשידענע וועלטן (אוי־סטראַליע—ענגלאַנד) צוויי באַזונדערע ציוויליזאַציעס, ווי אַזוי זיי האָבן באַווירקט די כאַראַקטערן, וואָס האָבן געלעבט אין ביידע לענ־דער פון די צוויי פאַרשידענע קאָנטינענטן.

מיט סאַרקאַזם שילדערט ער, ווי דער ענגלישער מענטש האָט געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויפן אויסטראַליער.

אין „די טאָוולנע קרוין" זאָגט דער פאָטער צום זון: „וואָס ביסטו אַ קאַטאָרזשניק? צי עפּעס אַ גאָלדגרעבער? ביסט געבוירן געוואָרן אין ענגלאַנד, דאָרט איז דיין היים. ווען מיר וועלן „ריטייערן" וועלן מיר (פון אויסטראַליע) צוריקפאָרן קיין ענגלאַנד".

דער עלטערער אימיגראַנטישער דור זעט בלויז די שאָטן־זייטן פון אויסטראַלישן קאָנטינענט: ער איז לידיק, די בוש־פייערן און פאַרפלייצונגען בושעווען כראָניש יעדעס יאָר. אום זומער — די סוב־טראָפּישע היצן, וואָס טריקענען אויס דאָס לאַנד, דעריבער — אַ מאַנגל אין וואַסער.

אויך די נעמען פון די ערטער אין אויסטראַליע און אין ענגלאַנד (אין מאַרטין בוידס ווערק) סימבאָליזירן דעם אונטערשיד צווישן די צוויי לענדער. אין ענגלאַנד האָבן זיי די נחלה אין „וואָטערפּאַרק" — וואַסער און פּאַרק. עס פאַרמאָגט טראַדיציע, אַ דורותדיקן לעבנס־סטיל מיט שטאַרקע עמאָציעס. מען שפּירט אַז עס האָט אַ נשמה.

אָבער אין אויסטראַליע, וווינען זיי אין „וועסטהיל", אַ באַרג אין מערב, אָן די עלעמענטן פון וואַסער און פּאַרק, וואָס באַטייטן: קאָנטינואיטעט פון אַ ישוב. דעריבער קען נישט די עלטערע גענע־ראַציע איינזיצן אין דעם נייעם לאַנד. עס ציט זיי מיט אַ מאַגנע־טישן כוח צום אייראָפּעישן קאָנטינענט, צו דער „היים", צו „וואָטער־פּאַרק". פאַרן דורות פון ענגלישן מיטלקלאַס הין און צוריק און אין די געענדערטע פּאַנאָראַמעס צווישן די צוויי העמיספערעס, זענען פאַרשפּיגלט די העלדן, זייערע לעבנס.

די נייע דורות, שוין געבוירענע אין אויסטראַליע, הייבן אָן שפּירן אַ צוגעבונדנקייט צום לאַנד. דער יונגער אָסטין זאָגט צו זיין טאַטן: „מיר לעבן נישט אין ענגלאַנד". ער וויל נישט פאָרן קיין קעמברידזש שטודירן, נאָר זיך לערנען אין דער מעלבורנער „גרעמער־סקול". אָט די רייד פון זון רעגט אויף דעם טאַטן. ער שרייט אויס: „אין ענגלאַנד וועסטו באַקומען אַ דערציונג פון אַן אַדלמאַן... וואָס קענסטו דאָ ווערן?".

די דיאַלאָגן גיבן דעם מחבר אויך אַ מעגלעכקייט צו שילדערן דעם חינוך־סיסטעם אין אויסטראַליע אין דער קאָלאָניאַלער תקופה. דער פּרינציפּאַל פון דער שול, אַליין נישט לאַנג געקומען פון ענג־לאַנד, וויל די יונגע אויסטראַליער פון דער „געזעלשאַפט" מאַכן פאַר ענגלישע אַדלליט. בילדונג איז דאָך געווען דאַן נאָר צוטריטלעך פאַר די פאַרמעגלעכע שיכטן, דעריבער איז דער ציל נישט צוליב

עפּעס אַ פּראָפעסיאָנעלער קאַריערע, נאָר צו מאַכן פון יינגל — אַן אַדלמענטש . . .

מאַרטין בויד גיט אַ קרעפטיקע שילדערונג פון חינוך־סיסטעם אין דער קאָלאָניע און פון דער בונטאַרישקייט, וואָס עס הייבט אָן אַרויסווייזן דער יונגער דור. דער קאַמף צווישן דורות שפּיגלט זיך אָפּ אויף דער גרענעץ־ליניע צווישן תקופות. אויך אין ענגלאַנד איז שוין קענטיק די דעקאַדענץ פון די אַריסטאָקראַטישע שיכטן. עס איז שוין דאָ אַן אַנדער ענגלאַנד מיט אַ געענדערטער סאָציאַלער סטרוק־טור, פון די פּריצישע דילטאַנס און „וואָטערפּאַרקס״.

אַ גרויסער פעלער אין בוידס ווערק באַשטייט אין דעם, וואָס ער לייגט נישט קיין גרויס אַכט אויף דער סאָציאַלער ראַם מיט אירע צוזאַמענשטויסן און אַנדערע אימפּליקאַציעס. ער איז עפּעס, ווי נישט פאַראינטערעסירט צו ווייזן די ראַדיקאַלע סאָציאַלע ענדע־רונגען צווישן דער אַלטער און נייער וועלט. ערגעץ מערקט ער נאָר אָן די שפּירונגען פון יונגן דור, אַז מען קען נישט צוריקגיין אין צייט און איבערחזרן אַלטע לעבנס־דערפאַרונגען. ער גיט אָנמערקונ־גען אויך אויף דעם קאַרדינאַלן אונטערשייד פוןביידע לענדער, וואָס אין ענגלאַנד האָט זיך יעדער געדאַרפט אידענטיפיצירן מיטן עבר און ווערן אַן אַנאַכראָניסטישע רעפּליקע פון זיינע אבות און אור־אבות, און קוקן אויפן לעבן מיט די אויגן פון 18טן יאָרהונדערט; בעת אין אויסטראַליע האָט זיך אַלץ אָנגעהויבן פון בראשית: די סצע־נע איז געווען פריש און ניי. די מענטשן — נישט פאַרשטייפט, נאַטירלעך אין זייער פּשטות, פריינדלעכקייט און ברייטהאַרציקייט. אָבער די אַרויסזאָגונגען און אָנדייטונגען באַקומען נישט קיין בעלעט־ריסטישע פולבלוטיקע געשטאַלטיקונגען, דער לייענער זאָל זיי זען און דערשפּירן.



מאַרטין בוידס העלדן מאַכן, ס׳רוב, דורך אַ שווערן פּראָבלעם פון זיך־אידענטיפיקאַציע. זיי לעבן דורך אַנטוישונגען, פאַרלוירענע שאַנסן, דורכגעפאַלענע האָפענונגען. די „שער״ צווישן אויסגע־טרוימטן און רעאַלן לעבן, איז אַריינגעפלאָכטן אין דער קאַנווע פון אַלע זיינע ווערק.

אין „אויסברוך פון ליבע״, „אַ שווערער יונגערמאַן״, „די טאָוולנע קרוין״ און „לוצינדאַ ברייטפאָרד״ — צו דערמאָנען נאָר עטלעכע פון זיינע צוויי צענדליק ביכער, צו וועלכע עס וועט אונדז נאָך אויסקומען נישט איין מאָל זיך אומצוקערן — גייען די העלדן

דורך פאַרשידענע קלעפּ, וואָס דאָס לעבן טראָגט זיי אונטער. אָבער טראָץ די שווערע איבערלעבונגען, גייען זיי נישט אַוועק פון לעבן, פון דער וועלט, מיט אַ קלאַפּ אין דער טיר... זיי קערן זיך אום צו אַקצעפּטירן דאָס לעבן אויף אַן אַנדער פלאַך. דורך דעם, אַנטדעקן זיי זיך גופא אין אַ ניי ליכט.

אָבער נישט אַלע ווילן אַקצעפּטירן דאָס קאָנווענציאָנעלע לעבן און זיי רייסן זיך איין מיט דער „געזעלשאַפט", ווי דאָמיניק („אַ האַר־בער יונגערמאַן"), וועלכער וויל בשום אופן זיך נישט צופּאַסן... (זיין רעאַגירן אין שולקלאַס, ווען דער לערער באַליידיקט שטאַרק אַ שילער (פאַר אַלע אין קלאַס) צוליב זיין אָפּגעטראָגענעם אָנצוג...)

ער טרעט ארויס קעגן אויטאָריטעט און דאָס פירט אים צו איזאָלירטקייט און איינזאַמקייט. אָבער זיינע פירונגען זענען דורכאויס אין הסכם מיט זיין נאַטור, און ער וועט זיך נישט אָפּשטעלן פאַר קיין זאַך אין זיינע האַנדלונגען, אפילו ווען עס דראָט אים מיט פאַר־ניכטונג. די א"ג „געזעלשאַפט" פאַראורטיילט זיינע האַנדלונגען, מחמת זי וויל נישט, אָדער קען נישט פאַרשטיין, אַז זיי פליסן אַרויס פון זיין „אויטענטישן פּאָרטרעט", פון זיין ערלעכקייט צו זיך אַליין, לויט די אייגנשאַפטן פון זיין נאַטור. אָבער פאַר דעם אָרום, דערגייען נישט זיינע הומאַנישע, עטישע אימפּולסן, וועלכע דעפינירן די קוואַליטעט פון זיין אינדיווידואַליטעט אין דעם געראַנגל מיט דער געזעלשאַפט־לעכער מאָראַל.

נישט פאַרלייקענען זיך אַליין, איז אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך ביי פיל פון בוידס פּערסאָנאַזשן. אין זיינע „לענגטאַן"־ראָמאַנען מעדי־טירן די העלדן זייער א סך וועגן מאָראַל, וועגן ערלעכקייט, וועגן אַ גלויבן מיט וועלכן דער מענטש זאָל קענען לעבן. זיין אידעאַלער מענטש וואָלט געדאַרפט פאַרמאָגן דעם פיזישן געבוי פון אַן אַנטיקן גריכישן אַטלעט און די נשמה פון דאָסטאָיעווסקיס אַ כאַראַקטער־טיפּ. אָבער ווו געפינט מען אָט דעם אידעאַלן טיפּ? זוכט דער מחבר זיינע העלדן זאָלן קענען לעבן אין האַרמאָניע מיט דער נאַטור־וועלט, און אויף דעם באָדן קומט פאַר דער צוזאַמענשטויס צווישן זייערע ציווילע און מאָראַלישע פליכטן.

בכלל פאַרנעמט דער מאָראַלישער קריזיס אַ באַדייטנדיקן אָרט אין מאַרטין בוידס שאַפן. אין דעם אופן וועלכן דער מחבר באַנוצט אין אויסאָרטירן כאַראַקטערן, סיטואַציעס, ביים אַרויסהייבן די יחי־דים, וועלכע זענען אין קאָנפליקט מיט דער געזעלשאַפט, אָט די וואָס וואַרפט זיי אַן געזעצן, סאַנקציאָנירט דורך דער מלוכה, וואָס זענען אין סתירה מיט זייער מאָראַלישן אימפּעראַטיוו.

די קאָנפליקטן אין זיך און אַרום זיך, באַגלייטן נאָכאַנאַנד די הויפּט־פּערסאָנאַזשן, ווי אָסטין און אַליס לענגטאָן, סטיוועז און לאַורא בינגהעם, דאָמיניק און העלענע — צו דערמאָנען נאָר אַ קליינעם טייל העלדן פון די הויפּט־ווערק. זיי זוכן אַלע צו באַנעמען די ווערטן פון לעבן מיט אַלע זיינע סתירות. דאָמיניק גופא גיט זיך אָפּ אַ חשבון, אַז מען קען די סתירות אינעם מענטש נישט אָפּשליסן אין באַזונדערע קעמערלעך. עס בלייבן צווישן זיי האַלב־אָפענע טירעלעך, וואָס רופן טייל מאָל אַרויס גאָר נישט קיין פּאַראויסגעזעענע שטורעמס. אָבער אויך די שטורעמס אין דער נשמה, מיט זייערע דונערן און בליצן קענען געבן אַ זין דאָס לעבן, אויב נאָך זיי קומט דער רעגנבויגן, וואָס ברענגט פרידן דער נשמה. צי קומט ער אָבער שטענדיק? און צי קומט ער צו דער צייט? פאַרשפּעטיקט ער נישט אָפט אין לעבן? . . .

דער מחבר מעדיטירט וועגן דעם דורך זיינע פּערסאָנאַזשן. זאָגט אַליס אַזוי זיך אַרויס וועגן דעם גאַנג פון איר לעבן: „צייטנווייז זע איך, ווי אַזוי אונדזער לעבן האָט געדאַרפט זיין. איך האָב עס קלאָר געקענט גלייך זען באַלד נאָך אונדזער חתונה (מיט אָסטין), אָבער עס האָט אויסגעזען מיר אוממעגלעך עס צו קענען ענדערן, אונדזערע נאַטורן ציען אונדז אָפּ אויף אַנדערע וועגן, צו באַדינגונגען וואָס זענען נישט אָפּהענגיק פון אונדז. און איך קען נישט טראַכטן פון איין מענטש אפילו, ביי וועמען דאָס זאָל נישט האָבן געשען אין אַזאַ אָדער אַנדער מאָס".

אגב איז אַליס אַן אויטענטישער כאַראַקטער־טיפּ, וועלכן דער מחבר האָט ארויסגענומען פון זיין משפחה־אַלבום. זי פיגורירט ווי אַ קאָמפּאָזיציאָנעלע געשטאַלט אין אַ ריי ווערק, און איז אויך די הויפּט־העלדין אין זיין בוך „די טאָוולנע קרוין".

אַליס איז געווען מאַרטינס אַ באָבע. געפונען האָט ער אירס אַ טאָגבוך אין וועלכן עס זענען געווען צוגעקלעפּט עטלעכע פאַר־טריקנטע רויזן . . . אויפן סמך פון דעם, באַמערקט דער מחבר, האָט ער געשאַפן דעם סוזשעט פון איר ראָמאַנטיש לעבן, וועלכן ער האָט בעלעטריסטיש געפורעמט, אי אויפן סמך פון איר טאָגבוך און אי פון זיינע אייגענע דעראינערונגען.

נאַטירלעך האָט דער מחבר נישט געוואָלט געבן קיין פאָטאָ־גראַפיש בילד פון איר וועזן, נאָר זי איבערגעפורעמט לויט זיין וויזיע, פון איר לעבן און וועלט, אין וועלכער ער האָט אויך איינגערעמט פיל אַנדערע מיטגלידער פון זיין משפחה, אונטער פאַרשיידענע ליטע־ראַרישע מאַסקעס. ער האָט אייניקע אויטענטישע פּערסאָנאַזשן און זייער וועלט רעקאָנסטרואירט אויף אַן אופן, זיי זאָלן קענען ווערן בעלעטריסטיש אַקצעפּטירט. ער פירט מיט זיי דיאַלאָגן ארום די גורל־

קאָמפּלעקסן, פּאַסירונגען און צופעליקע זאַכן פון זייערע לעבנס, וואָס זענען פאָרגעקומען אָדער האָבן פּאָטענציעל געקענט געשען. זאַכן וואָס האָבן, בשעתם, מסתמא אויסגעזען פון קליינער באַדייטונג, האָבן דורך אַ דיסטאַנץ באַקומען אַן אַנדער פּערספּעקטיוו.

דער מחבר האָט געצייכנט מאָמענטן פון מענטשלעכע לעבנס, ווען די העלדן האָבן זיך נישט דעצידירט צו גיין אויף דעם וועג, וועלכן זיי האָבן געדאַרפט גיין. אין רעזולטאַט — די ריסן, די קלעפּ, וואָס דער צופאַל (אָדער רופט עס: גורל) האָט צוגעטיילט זיי, און די נאָענטסטע פון דער משפחה... מאַרטין בויד האָב ליב אַ סך צו מעדיטירן, דורך זיינע העלדן, וועגן דעם גאַנג פון אַ יונגן מענטש, ווען ער איז אין פולן שווונג און די פאַמיליע־נעסט איז פאַר אים אַ קייט... „ווען מען איז יונג, וויל מען אַנטלויפן פון דער פאַמיליע־וויגעלע... ווען מען ווערט אַלט, זוכט מען צוריקגיין צו דער נעסט, אָבער זי איז שוין מער נישטאָ...״

מאַרטין בויד האָט אַן אויג פאַר אָבסערוואַציע. טייל מאָל, באַ־ווייזט ער אונטער דעם אויבערפלאַך פון אַ לייכטן סטיל צו געבן אַ געוויסע טיף פון כאַראַקטעריזאַציע מיט פיינע צייכענונגען פון מענטשן, סצענקעס, בילדער — דער עיקר פון דעם שיכט, וועלכן דער מחבר האָט גוט געקענט פון דער נאָענט — ער האָט דאָך אליין געשטאַמט פון אים.

די שאַרפסטע סאַטירישע פיילן פאַר דעם קלאַס, האָט ער איבער־געלאָזט פאַר די „פּרויען פון דער געזעלשאַפט״ מיט זייערע סאָציאַלע אַקטיוויטעטן — די בעלער, פּאַרטיעס, ווו זיי קענען זיך באַווייזן מיט די טייערע קליידער און צירונג... אָבער אויך די מענער פונעם זעלבן קלאַס ווערן נישט געשוינט. דער „אַדלמאַן״ וויליאַם וועין, פאָרט אַוועק פון ענגלאַנד קיין אויסטראַליע כלומרשט צוליבן קלי־מאַט, אָבער פּאַקטיש האָט ער אין קלוב ביי די קאַרטן געשווינדלט און געמוזט עוקר זיין.

אין דער קאָלאָניע (גיט דער מחבר אַ שטאָך) האָט ער געוואָלט ווערן אַ בישאָף, גלויבנדיק, אַז דאָס וועט זיין פיל בעסער „ווי פּריי־צייטיק צו קומען אין גן־עדן״... ער זשאַלעוועט אויך נישט קיין סאַטי־רישע פיילן פאַר זיין קלאַס אין ענגלאַנד, ווי לגבי אויסטראַליער, אין וועמענס כאַראַקטערן ער האָט אָבער אַריינגעגעבן אַ שטאַרקן געפיל פאַר אָרנטלעכקייט. נאַטירלעך נישט אין אַלע. דער סאַטירישער סטיל קומט ביי אים אַמשטאַרקסטן צום אויסדרוק ביים שילדערן די דעקאַדענץ פון ענגלישן אַדל, פון דעם פּריץ „ער האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט אויפגעגעסן די בעסטע שפּייז דורך זיינע לעצטע פּופּציק

יאָר, אָבער פון דעם איז אַפּנים גאָר נישט דורכגעגאַנגען צו דער־נערן זיין מוח...״

אין „לוצינדאַ ברייטפאָרד״, ווי אין פיל אַנדערע ווערק, באַ־שרייבט ער פיר דורות פון דער משפּחה וועין, אין וועלכע ער האָט אַריינגעגעבן פיל אויטאָביאָגראַפישע סימבאָלן. זיינע טיפן טיילן זייער לעבן צווישן ענגלאַנד און אויסטראַליע, און אין ביידע, פילן זיי זיך נישט אין דער היים. ווינענדיק אין אויסטראַליע בענקט מען נאָך ענגלאַנד (אַ „היים״), ווען מען פאַרווירקלעכט שוין דעם חלום, דער־פילט מען ערשט די איבערגעריסענע וואָרצלען, די אילוזיע.

ליידי לענגטאָן האָט אַ האַלב פון איר לעבן זיך אַרומגעטראָגן מיט דעם טרוים אומצוקערן זיך אַ היים פון איר לאַנגן גלות־לעבן (אויסטראַליע). ווען זי האָט ענדלעך עס דערגרייכט — איז געקומען די גרויסע אַנטוישונג. עס אַנטפּלעקט זיך די „שער״ צווישן טרוים און ווירקלעכקייט. איר נסיעה איז געווען איין גרויסער דורכפאַל אין אַלע הינזיכטן. איצט זעט זי איין, אַז זי האָט געמאַכט אַ שרעק־לעכן פעלער, זי האָט נאָר איין פאַרלאַנג: צוריק א היים (איצט שוין: אויסטראַליע). די „היים״ איז געאָגראַפיש און פּסיכיש געענדערט געוואָרן, אָבער מיט שווערע דורכגעלעבטע לעבנס־קריזיסן, ווי עס האָט דורכגעמאַכט זיין הויפּט־העלדין אַליס.

ער כאַראַקטעריזירט זי פון אַ באַשטימטער טיף, באַזונדערס אין בוך „די טאָוולנע קרוין״, ווו ער פאַרגלייכט צוויי קעגנזעצלעכע טיפּן: די שטאַרק עגאָצענטרישע העטטי, וואָס זוכט בלינד איר אייגענע באַפרידיקונג. אין איר געיעג נאָך דעם, אַרט איר נישט אויף אַ האָר די ליידן, וואָס זי האָט פאַרשאַפט אַנדערע (אַליסן). אָבער אין רעזול־טאַט, באַקומט זי נישט מער ווי די פּאַפּירענע קרוין, בעת די שטילע, איידעלע אַליס באַקומט די ווערטפולע אמתע קרוין.

זי איז דער אידעאַלער טיפּ זיינער, מיט טיפער מענטשלעכער פאַרשטענדעניש פאַר יענעמס באַגאַנגענע זינד און עוולות לגבי איר. זי שטרעקט ביים סוף אויס אַ וואַרעמע, פריינדלעכע האַנט צו העטטין. אויך אַנדערע וויל זי פאַרהיטן פון די טעותים און דערפאַרונגען, וואָס זי האָט דורכגעמאַכט. און ווי עס טרעפט אָפט אין לעבן, אפילו ווען מען באַקומט שוין דאָס וואָס מען האָט געשטרעבט, איז עס געקומען צו שפּעט, ווען מען האָט שוין נישט קיין כוחות עס אויסצונוצן...

ווען ער שילדערט די אילוזיעס פון אַ טייל פּערסאָנאַזשן, דער־מאָנט מען זיך אין די שילדערונגען פון טאָלסטאָיס פּויערים, וועלכע פאַרלאָזן זייערע היימען און אַלץ וואָס זיי האָבן בכדי צו קענען פאָרן צו די „וואַרעמע טייכן״, וואָס עקזיסטירן נאָר אין זייער פאַנטאַזיע...

טראָגן זיך די העלדן אַרום מיט אַ חלום דורך וועלכן זיי זוכן זיך צו ראַטעווען פון דער איינזאַמקייט, ווי דאָמיניק, וואָס איז אַ בונטאַר קעגן אַלץ און אַלעמען פון זיין ארום; ווי סטיפען, וואָס האָט געהאַט גרויסע אַספּיראַציעס און ווערט לסוף פאַרזונקען אין שטראָם פון גלייכגילטיקייט צום לעבן. מאַכן אַ טייל פון די העלדן דורך די טיפע שפּאַנונג צווישן קערפּער און גייסט, צווישן זייער פיזישן וווינאָרט און גייסטיקער היים, מחמת עס פעלט די האַרמאָנישע גלייכגעוויכט צווישן ביידע.

מען קען פאָרוואַרפן דעם מחבר, הלמאי ער פּרעזענטירט זיינע הויפּט־העלדן אין זייער איזאָלירטקייט. אוודאי איז דאָס אַ רעזולטאַט פון זייער אויסנעמלעכער פּאָזיציע אין דער סאָציאַלער סטרוקטור פון דער קאָלאָניאַלער געזעלשאַפט. עס פעלן די אונטערשטע שיכטן, וואָס האָבן דאָך מער, ווי די אויבערשטע, באַווירקט דאָס אויספורע־מען פון אַ ניי פאָלק אויף דעם אויסטראַלישן קאָנטינענט. די פּראָ־פילן־צייכענונגען פון עמך־פאָלק זענען אַנעמיש־בלאַס און גראָד זיי, די נידעריקערע שיכטן זענען דאָך געווען די גרונט־לייגער פון דאָס „נייע הויז" מיט אַ נשמה („אַ הויז דאַרף מען אויך געבן אַ נשמה").

מאַרטין בויד האַלט זיך אָבער כסדר אין דער באַגרענעצטער ראָם פון אויבערשטן שיכט. צו ערשט פון דעם אַדל און שפּעטער פון די זין זיינע, וואָס גייען שוין אריין אין דער ביזנעס־וועלט און זיי ווערן די טאָנגעבער און פירער פון דער „געזעלשאַפט".

אין „אויסברוך פון ליבע", וואָס איז אַ מין בעלעטריזירטע דאָ־קומענטאַציע־שילדערונג פון די יאָרן ערב דעם ערשטן וועלט־קריג, מאַכט שוין דער זון פון דעם הויפּט־ריכטער גרויסע פאַרמעגנס פון לאַנד־מסחרים. עס גייט אָן אַ שטאַרקע אורבאַנישע אַנטוויקלונג פון די אַלטע און נייע פאַרשטעט („סאַבורבס") אין און ארום מעלבורן. אָבער דער אויבערשטער שיכט, וואָס האָט ביזן ערשטן וועלט־קריג אזוי משפיע געווען אין דער קאָלאָניע, איז אַלץ פאַרבליבן אַ פרעמדער אין זיין מענטאַליטעט, געבליבן וויטער ענגלענדער.

נאַטירלעך קען מען דאָס נישט גענעראַליזירן, אָבער בדרך כלל, האָט זיך די גרופּע נישט אויסגעטיילט פון איר קלאַס צו יענער צייט אין ענגלאַנד און צו דער גרופּע האָט אויך געהערט דער מחבר, מאַר־טין בויד. כאַראַקטעריסטיש: פאַר די קינדער פון מיטל־קלאַס איז אַרבעט געווען אַ חרפּה, אַרבעטן אויף פּאָסטנס — אַ חוץ הויך־מילי־טערישע אָדער פּאָליטישע — איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ בולטע דערנידערונג. פון דעם איז נאָך היינט פאַרבליבן דער אויסטער־לישער אַנאַכראָניזם, וואָס אַ מענטש, וועלכער אַרבעט נישט אויף פּרנסה ווערט אין לעגאַלע דאָקומענטן פאַרשריבן: אַדלמאַן.

דער מחבר שטעלט זיך אָפּ זייער פיל אין זיינע ווערק אויף מאָמענטן, ווען רעאַליטעט ווערט באַווירקט דורך איראַציאָנעלע פּירונ־גען און עמאָציעס. ער באַהאַנדלט זיי אין ליכט פון זיינע העלדנס טאָפּלטע לאָיאַליטעטן — ענגלישע און אויסטראַלישע. אָבער די פּער־סאָנאַזשן זענען פּאַרוועבט, אינטעלעקטועל און עמאָציאָנעל, אין דער קאַנווע פון זייער צייט.

מיט אַ דינער איראָניע צייכנט ער די איראַציאָנעלע אויפפירונג פון די, וואָס מוזן אַראָפּגיין פון דער געשיכטלעכער אַרענע, אָבער קלאַמערן זיך נאָך מיט דעם כוח פון נאָסטאַלגיע צו די אַלטע גוטע צייטן... אין אָט די שילדערונגען איז דאָ אַ סענסיטיווע שפּירונג צו די מענטשלעכע שוואַכקייטן און צו די עלעמענטן פון פאַרירשונג און צופאַל — וואָס פאַר אַ ראָל זיי באַווייזן צו שפּילן אין מענטשלעכן לעבן.

גייען אַוועק שילדערונגען, ווי מענטשן מאַכן זיך אַליין אומ־גליקלעך דאָס לעבן, מחמת עס איז נישט אַוועק אַזוי ווי זיי האָבן זיך עס פאָרגעשטעלט . . . דאָס זעט אויך איין לוציגדאַ, ווען זי באַמערקט, אַז נישט דאָס וואָס זי האָט יאָ דערגרייכט האָט איר געקענט מאַכן גליקלעך, נאָר גראָד דאָס וואָס זי האָט נישט באַוויזן, איז די הויפּט־מניעה צו קענען לעבן גליקלעך...



מאַרטין בויד, האָט פּונקט ווי זיינע העלדן, דורכגעמאַכט די אויבנדערמאָנטע טאָפּלטע לאָיאַליטעטן און פאַרבליבן פּאַקטיש „אין קיינעמס לאַנד". זיין קינדהייט און יוגנט האָט ער פאַרבראַכט אין אויסטראַליע. ער איז אַלט געווען 21 יאָר ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און וואָלונטירט אין דער אַרמיי, און ווי פיל יונגע מענטשן פון זיין קלאַס אין אויסטראַליע, איז ער אַוועק קיין ענגלאַנד, ווו מען האָט געהאַט פאַרבינדונגען... און באַקומען הויכע מיליטערישע ראַנגעס...

נאָכן קריג איז מאַרטין בויד שוין פאַרבליבן אין ענגלאַנד און דאָרט אָנגעהויבן שרייבן (אונטערן פּסעוודאָנים מאַרטין מיללס). ער האָט אַ צייט שטודירט אַרכיטעקטור, עס איז אָבער נישט געוואָרן זיין פּראָפעסיע, נאָר אין זיין שאַפן קענטיקט זיך אַ געוויסע אַרכי־טעקטור־ליניע אין דער קאָנסטרוקציע פון די דערציילונגען. זיין גרויסע שוואַכקייט, אויך אין די בעסערע ווערק וואָס ער האָט געשריבן, באַשטייט קודם אין דעם, וואָס ער האָט נישט פאַרמאָגט קיין וויזיע,

ווי אַזוי „דאָס אויסגעטרוימטע נייע הויז” זאָל אויסזען? ווי אַזוי זאָל אויסזען די געזעלשאַפט? וואָס פאַר אַ מענטשן דאַרפן דאָרט לעבן?

ער איז געווען אַן אינערלעך צעריסענער מענטש, אַן וואָרצלען אין קיין לאַנד. ער האָט אָבער געהאַט טיפע וואָרצלען אין הומאַניש־קייט און אין אוניווערסאַליזם. דעריבער האָט ער כסדר געוואַנדערט איבער דער וועלט, ביז ער איז פאַרבליבן אין רוים. פאַרוואָס עפּעס רוים? אפשר האָט ער זי באַטראַכט ווי די וועלט־מעטראָפּאָליע? און אפשר אויך צוליב דעם אויפשריפט, וואָס ער האָט געזען אויף דעם פונדאַמענט פון דער סטאַטוע פאַר סאַנטאַנדער אין רוים? „פאָטערלאַנד, איז פאַר מיר דער ווינקל אויף דער ערד, ווו עס הערשט גערעכטיקייט”. אָבער נישט דער אויפשריפט! וואַרשיינלעכער, האָט דער אומרו זיינער געטאָגט, אים נישט געלאָזט איינזיצן אויף אַן אָרט, און אויך זיין גרויסער אינטערעס פאַר די גאָטישע קאַטעדראַלן, צי פאַר לעאָנאַרדיס מאָלערייען און פאַר דער קלאַסישער קונסט פון 18טן יאָרהונדערט — אַלץ צוזאַמען האָט געמוזט זיין די סיבה פון זיין וווינאָרט אין אייראָפּע און נישט אין אויסטראַליע.

לאָמיר דאָ אונטערשטרייכן, אַז בויד איז נישט דער איינציקער אויסטראַלישער שרייבער, וואָס איז פריוויליק אַוועק זוכן זיך אַ היים אין אַן אַנדער לאַנד — מחמת אויסטראַליע האָט זיי אויסגעזען פּראָ־ווינציעל־באַגרענעצט, און אויך קולטורעל אָפּהענגיק פון אייראָפּע און אמעריקע (פּלוס — צו דערגרייכן אויך אַ נאָמען אין דער וועלט...).

אַן ענלעכע דערשיינונג איז דאָך מיט אַ תקופה פריער אויך פאָרגעקומען מיט אַמעריקאַנער שרייבער. זיי פלעגן ארויספאָרן קיין אייראָפּע, מחמת זייער אייגן לאַנד האָט זיי אויסגעזען צו זיין נאָר אַ קולטור־קאָלאָניע פון אייראָפּע. פון דער אייראָפּעישער ליטעראַטור און קונסט האָט מען דאָך טאַקע געצויגן די יניקה!

אָבער מיט יאָרן שפּעטער איז אייראָפּע געקומען קיין אמעריקע. וועט די זעלבע דערשיינונג אויך נישט פאָרקומען מיט אויסטראַליע?

אין בוידס ווערק קומען פאָר פיל וויכוחים וועגן דער אויסטראַ־לישער צוקונפט, ווי אַזוי עס דאַרף אויסזען איר קולטור און ציווי־ליזאַציע? די וואָס האָבן געגלויבט אין דער צוקונפט פון דעם אוי־סטראַלישן קאָנטינענט, האָבן נישט געוואָלט עס זאָל ווערן אַ קאָפּיע פון אייראָפּעישן.

דער מחבר זאָגט זיך אַרויס דורך איינעם פון זיינע פּערסאָנאַזשן (ראַדקליף), אַז אויסטראַליע דאַרף שאַפן איר אייגענע ציוויליזאַציע, עס זאָל אַרויסוואַקסן פון אייגענעם באָדן, אַז דער קאָנטינענט וואָס זעט אויס אַזוי בראשיתדיק־יונג און ניי פאַרן ווייסן מענטש — זאָל דאָס אויך חל זיין אויפן הומאַנישן געביט, אַז אַלץ זאָל זיך אָנהייבן

מעשה־בראשית, אויפסניי, און מען זאָל נישט אימפּאָרטירן די אַלע איבלען אַהער פון דער אַלטער וועלט.

אין די מעדיטירנדיקע דיסקוסיעס, וואָס זענען ווי מאָן צעשפּרייט איבער אַ ריי ווערק פון דעם מחבר, ווערט אַרויסגעבראַכט אַ ריי אינטערעסאַנטע געדאַנקען און דעפיניציעס וועגן קולטור, פאָלק, ראַסע, לאַנד, און וועגן דעם שפּעפערישן גייסט בכלל, וואָס באַוועגט אַ געוויסן פאָלק, אין אַ באַשטימטער תקופה, זיין זשעני זאָל זיך צעבליען אין מאָלעריי, סקולפּטור, און עס זאָל פאַרכאַפּן אַ קאָנטינענט, אַ גאַנצן יאָרהונדערט און מער נאָך (ווי דאָס גאָטישע אין מיטלאַלטער).

אָבער אַ חוץ אין עסטעטישע און קונסט־פּראָבלעמען, ווו דער מחבר האָט געזוכט זיין זעלישע רו, איז ער דאָך אַזוי אינערלעך פאַר־בליבן צעריסן צווישן סענסועלן און גייסטיקן עלעמענט, צווישן דער גריכישער אידעע פון שיינקייט און דער קאַטוילישער אידעע פון דער מאַדאָנע, צווישן מענטש און דער נאַטור־וועלט. ער האָט זיין גאַנץ לעבן געזוכט שלום צו מאַכן צווישן אַלע זיינע וועלטן, וואָס איז אים נישט געלונגען. דער טייוול האָט אים נישט צו רו געלאָזט, באַזוכט אים פון צייט צו צייט, ער האָט זיך געראַנגלט מיט אים, מיט די סתירות און שפּאַלטן, וואָס ער האָט געלאָזן אין זיין נשמה, און גראָד אָט די „געראַנגלען מיטן טייוול" האָבן באַגינסטיקט זיין שאַפן.

מאַרטין בויד האָט פאַרעפנטלעכט אַ צוואַנציק ביכער. צווישן זיי זענען פאַראַן אַ היפּש ביסל אומרייפע ווערק. דער מחבר אליין האָט געוווּסט פון זיינע אומגעראָטענע ערשטע שאַפונגען און ער האָט זיך מודה געווען אין אַ פּאָלעמיק מיט זיינס אַ קריטיקערין. נישט ווייניק גוטע שרייבערס, ווייסן מיר, האָבן שפּעטער שטאַרק חרטה געהאַט, וואָס זיי האָבן אַרויסגעלאָזט אויף דער ליכטיקער שיין זייערע נישט רייפע פּרוכט... זיי האָבן טאַקע אין די שפּעטערדיקע געזאַמלטע ווערק נישט אַריינגענומען די אומגעראָטענע שאַפונגען.

געווען פאַלן, ווען שרייבערס פלעגן אַליין אויסקויפן די גאַנצע אויפלאַגע, אַ מין „קאָנפיסקירן" און עס פאַרניכטן (לדוגמא וואָלטער ראַטענוי מיט זיין עסיי „שמע ישראל"). אויך מאַרטין בויד וואָלט מסתמא צופרידן געווען ווען עס וואָלט אים געווען מעגלעך צו באַקו־מען צוריק די גאַנצע אויפלאַגע פון עטלעכע ראָמאַנען, אויך אין די געלונגענע ווערק, האָט ער טיילן, וואָס זענען בעלעטריסטיש שטאַרק אַנעמיש, און אָט די טיילן בעטן זיך אין אַ „בלוט־טראַנספוזיע..."

אָבער נאָכן אַראָפּרעכענען דאָס אַלץ, בלייבט נאָך אַלץ איבער אַ שטיק אויסטראַלישע געשיכטע אין אַ טראַנזיט־עפּאָכע — דער איבערגאַנג פון אַן ענגלישער קאָלאָניע — פּאָליטיש, גייסטיק און

קולטורעל — צו אַן אומאָפּהענגיקער אַנטוויקלטער מלוכה, וואָס האָט באַקומען אין בוידס בעסערע ווערק א בעלעטריסטישן תיקון

פאַראַן שטעלן, וואָס האָבן אַ פּאָעטישן אַראָמאַט און פאַר אַ גוטן צוגאָב אויך שאַרפזין מיט געשמאַקע סאַטירישע ביסנס, באַגלייט מיט פיינע אַפאָריזמען.

הגם עס האָט אים געפעלט די אינטעלעקטועלע ברייטערע האָרי־זאָנטן און אויך דער קינסטלערישער טאַלאַנט צו קענען שאַפן אַלזיי־טיקע, שלימותדיקע גרויסע ווערק, האָט ער אָבער באַוויזן, אין זיינע געלונגענע שאַפונגען, אַרויסצוהייבן אַ גאַלעריע געשטאַלטן מיט זייער ספּעציפישער אינדיווידואַליטעט, צו כאַראַקטעריזירן דעם גייסט פון די פּערסאָנאַזשן, פון אַט דעם קאָלאָניאַלן פּעריאָד און די פאַרבינדונ־גען, וואָס שאַפן זיך צווישן די מענטשן און לאַנד, צווישן משפחות און זייערע פריינד.

צו דעם דאַרף מען אויך צוגעבן, אַז אין די באַגרענעצטע ראַמען פון אַ בוך, איז פאַרשפּיגלט נאָר אַ קליינער טייל פון לעבן און ביי בוידן, פון איין שיכט נאָר.

ווען ער שילדערט די אָסטינס, די דיאַנאָס, די העלענעס, די דאָמיניקס און די צענדליקער אַנדערע טיפּן, אין זייער פּולקייט, אָדער אין פּראָפיל, זעען מיר זיי אין דער אינדיווידועלער פאַרב, וואָס טיילט אויס איין געשטאַלט פון אַנדערן. דער מחבר האָט געלייגט גרויס אַכט אויף דער אינדיווידואַליטעט פונעם טיפּ, מחמת דאָס איז דאָך אויך אין הסכם מיט זיין צוגאַנג צו זוכן האַרמאָניע צווישן דער נאַטור־וועלט און דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. אויך אין דער נאַטור איז נישט פאַראַן קיין פּינקטלעכע קאָפּיע. יעדער בוים און פלאַנץ איז אַנדערש אין זיין פאָרם.

ער האָט טאַקע געשטאַלטיקט די אינטעלעקטועלע אין זייער סאָפיסטיצירטקייט, די פּשוטע אין זייער איינפאַכקייט, קונסט און ליבע איז זייער פאַרבינדונגס־ליניע, דעריבער פאַרנעמען זיי אַזאַ גרויסן אָרט אין זיינע ווערק, גלויבנדיק, אַז איינס אָן אַנדערן קען נישט עקזיסטירן, ווי אַ באַווייז — האָט דען נישט די טראַגיק פון ליבע אַרויסגעבראַכט די שענסטע פּאָעזיע, דראַמע, מאָלעריי און מוזיק? און מענטש טיילט זיך אויך אויס פון דער נאַטור־וועלט מיט זיין „הייליקן פייער".

אין זיין אויטאָ־ביאָגראַפישן בוך „טאָג פון מיין פרייד" ציטירט מאַרטין בויד די ווערטער פון טשעכאָוס אַ העלד, וועלכער זעט איין, אַז אַ חוץ פיזישער גבורה, פאַרמאָגט אַ מענטש אויף אַ הייליקן פייער, וואָס ברענגט אים נענטער צו גאָט.

פאַר מאַרטין בויד איז דער הייליקער פייער אַ מין געטלעכער הומאַניזם, וואָס איז געבליבן לעבן ביי די בעסטע זין פון דער מענטש־הייט דורך טויזנטער יאָרן. ער האָט געגלויבט, אַז געוויסע משפחות זענען פון דער השגחה אויסגעטיילט געוואָרן אָפּצוהיטן דאָס פייער און דאָס רופט זיך איבער מיט אונדזער היימישן: אתה בחרתניזם...

עס גלויבט זיך נישט, ער זאָל האָבן געמיינט אָט די אויסדער־ווילטע זאָלן זיין פון דעם קלאַס, וועלכן ער האָט אַזוי שאַרף סאַר־קאַסטיש געשילדערט... ווי זאָגט ער דורך זיינס אַ העלד: „די גרעס־טע פאַרביטערונג לאָזן מיר אויס צו די, וואָס מיר האָבן אַמאָל געליבט און האָבן זיך אַנטוישט אין זיי" די אַנטוישונג אין זיין אויבערשטן שיכט שטייט אויסער ספק!

נאָר אין די טרעגער פון עסטעטיק און קונסט, האָט ער געזען די טרעגערס פון „געטלעכן הומאַניזם". ער האָט דעם הומאַניזם אַרומ־געזוכט פון לאַנד צו לאַנד, פון מענטש צו מענטש. געזוכט אים אויפן אייראָפּעישן קאָנטינענט, צוריקגעקומען קיין אויסטראַליע, ווו ער האָט אָנגעשריבן זיין ווערק „די טאָוולנע קרוין" (1949) און ווידער זיך דער־פילט נישט „אין דער היים".

די איראָניע פון דער אויסטראַלישער געשיכטע האָט אים צוגע־שפּילט ער זאָל פאַרקויפן זיין גרויס פּריציש הויז מיט אירע פּרעכ־טיקע אַנטיקן געבראַכט פון ענגלאַנד, אַ הויז ווו עס איז געווען דורות־דיקע טראַדיציע פון זיינע אָבות און אור־אָבות — דער אַדלקלאַס פון דער אַלטער וועלט — זאָל איבערגיין נישט צו קיין אַנדערן, ווי צו אַ רייכן אויסטראַלישן חזרים־פּאַרמער...

# הענרי עטל ריטשאַרדסאָן

## („די גליקן פון ריטשאַרד מאַהאָני")

דער מענלעכער פסעוודאָנים (פון דער ראָמאַניסטין עטל פלאָ־רענץ לינדזעי) זאָגט זייער פיל וועגן דעם סטאַטוס פון אַ פרוי, נאָך אין די ערשטע צענדליקער יאָרן פון היינטיקן יאָרהונדערט, וואָס האָט דורך אַ מענערישן נאָמען, געהאָפט צו האָבן מער מזל אין דער ליטעראַטור.

די אויבנדערמאָנטע ראָמאַניסטין האָט עס אָבער דערגרייכט אַ דאַנק איר טאַלאַנט און נישט סתם צוליב אַזאַ אָדער אַנדער נאָמען. זי האָט זיך פאַרשאַפט איר ערלעך־פאַרדינטן רום דורך איר גרויסן ווערק „די גליקן פון ריטשאַרד מאַהאָני". איר פאָרטרעט־מייסטער־שאַפט פון דעם הויפּט־העלד, איבערהויפּט בעת זיין יוגנט; די גאַנצע קאָנסטרוקציע פון אויפבויען דעם כאַראַקטער־טיפּ פון ריטשאַרד מאַ־האָני, וואָס לאָזט איבער דעם איינדרוק פון ערלעך און אמתדיק און אוניווערסאַל.

הגם עס איז געשילדערט אויפן הינטערגרונט פון קאָלאָניאַלן אויסטראַליע (דער „גלות") אין 19־טן יאָרהונדערט, פאַרמאָגט עס דאָך אָט די דויערנדיקע ווערטן, וואָס בלייבן, כמעט תמיד אומפאַרענ־דערט, ווייל זיי וואָרצלען אין דעם כאַראַקטער פונעם מענטש.

איך האָב נישט צופעליק באַנוצט דאָס וואָרט „אוניווערסאַל" וועגן איר ווערק. להיפּוך צו לאָוסאָנען און פוירפי, האָט הענרי עטל ריטשאַרדסאָן נישט געזוכט די נאַציאָנאַלע אידענטיטעט (ווי עס האָבן געטאָן אירע פאָרגייער), נאָר דעם אוניווערסאַלן הומאַניזם פון דער אייראָפּעישער טראַדיציע, אָן אַ שום ספּעציפישן נאַציאָנאַלן שטעמפּל. דאָס מיינט נישט, אַז דאָס ווערק פאַרמאָגט נישט בכלל אַ נאַציאָנאַלע ראָם מיט אַ צענטראַלער פראַגע: „וואָס מיינט צו זיין אַן אויסטראַ־ליער?" איז עס נאָר צוליבן געאָגראַפישן אַספּעקט? אָדער איז עס פאַרבונדן מיט פיל מער?

ווען דער הויפּט־העלד, ריטשאַרד מאַהאָני זוכט זיך אליין צו געפינען, ווען ער זוכט דעם זין פון זיין לעבן, זיין אָרט אין דער

געזעלשאַפט, דעם זין פון זיין שווערן גוראַנגל, פרעגט ער זיך: — ווער בין איך? וואָס פאַר אַ זין האָבן די ליידן, וועלכע איך מאַך דורך אין מיין לעבן? און וואָס טוט מען צו באַזייטיקן די איבלען, וועלכע אין מענטש איז גורם דעם אַנדערן?

די גרויסקייט פון דער טרילאָגיע ליגט נישט נאָר אין דער כאַראַקטעריזאַציע פון אַזאַ אָדער אַנדערן העלד, נאָר אין דעם אופן פון איר צוגאַנג צו דערפאַרונגען, צו אידעאַלן, צו גלויבונגען, צו אויטענטישע פאַקטן און זיי איבערשאַפן דורך אַ שעפערישער פאַנטאַזיע, זיי זאָלן ווערן סוגעסטיוו.

די מחברין האָט אַזוי אָרגאַניזירט איר ווערק, אַז ס'זאָל געבן די אילוזיע פון טיפער באַדייטונג און אָרדענונג אין דעם גאַנג פון די געשעענישן, זיי זאָלן אַרויסברענגען מער, ווי די פאַקטן גופא אַנטהאַלטן אין זיך, — דאָס וואָס מיר רופן אָן: דערפאַרונג. און צו דעם אויך שאַפן אַ גלייכגעוויכט אין די פּאַראַדאָקסן פון לעבן מיט זיינע לאָגישע סתירות, געראַנגלען, אַמביציעס, קאָנטראַסטן פון פאַרשיידענע מענטשן מיט זייערע אינערלעכע ריסן, דערוואַרטונגען און פאָדערונגען פון לעבן. מענטשן וואָס פּאַסן זיך לייכט צו, און אין קעגנזאַץ, די נישט־צופּאַסלערס, וועלכע זוכן זייער אינדיווידועלע דערפילונג אויף זייערע אייגענע באַדינגונגען און וואַרפן אָפּ, מיט פאַראַכטונג, די פאַרלאַנגען פון דער געזעלשאַפט.

די מחברין פּסיכאָלאָגירט זייער פיל איבער דעם פּראָצעס פון סאָציאַלער צופּאַסונג אויך אין איר אויטאָביאָגראַפישן ראָמאַן „דאָס באַקומען חכמה”, ווו זי באַהאַנדלט ערלעך און רייף אירע שול־יאָרן אין דער פּרעסביטעריאַנער שול, אין יענע יאָרן, ווען זי האָט דאָס געשריבן (1910) איז דאָס געווען אַ גרויסע געוואַגטקייט, מחמת עס קענטיקט זיך די פּיאָנערישקייט פון דער „וואָמענס ליבערײשן” באַוועגונג.

אויסטראַליע האָט בכלל געהאַט אַ גאַנץ באַדייטנדיקע צאָל שרייבערינס און קעמפערינס פאַר פרויען עמאַנציפּאַציע שוין אין 19טן יאָרהונדערט. די שרייבערינס, קעטערין העלען ספּענסי, קעמפּבעל פרייד, אַדאַ קעמבר'ידזש, מיילס פרענקלין, האָבן אין זייער שאַפן ארויסגערוקט פּאָרגעשריטענע סאָציאַלע אידייען און פּראָבלעמען, וועלכע זיי האָבן איינגעהילט אין אַ בעלעטריסטישן לבוש.

אָבער גאָר פון אַן אַנדערן קאַליבער איז די טרילאָגיע פון הענרי עטל ריטשאַרדסאָן. זי איז געווען אַ ראָמאַניסטין פון אַ גאָר הויכער קראַפט, און אין אירע קינסטלערישע הויך־פּונקטן, האָט זי מיט אַזאַ פּרעציזקייט געשטאַלטיקט דאָס לעבן פון אַ געשיכטלעכן פּעריאָד, ווען דאָס לעבן פון אַ יחיד פאַרקערפּערט דעם אויסבליק פון אַ פאָלק.

די מחברין האָט דעם פּאָרטרעט פונעם הויפּט־העלד, צוזאַמען מיט די אַנדערע פּאָרטרעטן, אַריינגעפּאַסט אין דער היסטאָרישער ראַם פון 19טן יאָרהונדערט אין אויסטראַליע, מיט איר קאָלאָניאַלער געזעל־שאַפט. די שילדערונגען פון גאָלדפיבער אין לאַנד, וואָס האָט צוגע־צויגן אַן ערב־רב פון פאַרשידענע פעלקער איבער גאָרער וועלט, וואָס איז געקומען זוכן גאָלד. די וואָס דער מזל האָט נישט צוגע־שפּילט האָבן געפונען בלויז האַרץ־ווייטיק און פאַרדרוסן, נישט קענענ־דיק זיך אַקלימאַטיזירן אין דעם האַרטן פרעמדן באָדן.

דאָס איז אַ גוט־באַקאַנטע טעמאַטיק אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. אין די ראָמאַנען פון מאַרטין בויד טרעפן מיר זיך אָן זייער אָפט מיט דער דערשיינונג, פון די משפחות וואָס קענען זיך נישט אַקלימאַטיזירן, מאַכן דורך כל־ערליי פרוסטראַציעס, און וואַנ־דערן כסדר איבער דער ים־ליניע קיין אייראָפּע און ענגלאַנד. נאַטירלעך האָבן זיך דאָס נאָר געקענט דערלויבן די פאַרמעגלעכע קלאַסן, אָבער נישט די אָרעמערע, וואָס האָבן נישט געהאַט די מעג־לעכקייטן צו וויזיטירן פּעריאָדיש די אַלטע „היים", אָדער שיקן זייערע זין צו דערציען זיך דאָרט.

ריטשאַרד מאַהאָני טראָגט זיך אויך הין און צוריק איבער ימים, געטריבן פון אַ גייסטיקן אומרו. ער פילט זיך איזאָלירט פונקט אַזוי אין ענגלאַנד ווי אין אויסטראַליע, ווו זיינע האָפענונגען און דער־וואַרטונגען ברענגען אים צו אַ טיפער אַנטוישונג, איזאָלאַציע און רעזיגנאַציע... דאָס איז נישט קיין פאַראייניצלטע דערשיינונג. אויך טאַנגיע איז אַנטוישט און ציניש צום לאַנד, אָבער ער לעבט נישט אין איזאָלירטקייט פון מענטשן.

עס איז כאַראַקטעריסטיש דער געשפּרעך צווישן דאָקטער מאַ־האָני און דעם אַפּטייקער טאַנגיע וועגן זייער צוגאַנג צום לעבן. מאַהאָני איז בכוח אויך אָפּצושאַצן די גוטע זייטן פון אויסטראַלישן לעבן, אָבער נישט טאַנגיע. ער זאָגט: „עס איז אַ סך זינלאָזע רייד וועגן לעבן, און וואָס נענטער אַ מענטש קומט צו צום סוף, אַלץ מער קען ער זען די לעכערלעכקייט פון דעם אַלעם, וואָס איז געוועזן אין זיין לעבן, דאָס לעבן האָט נישט קיין זין, דאָקטער... אַלצדינג וואָס מיר טוען איז צו האָבן אַ זיכערן דאַך איבערן קאָפּ און אַ ביסן אין מויל — און דאָס זאָל זיין אויך פאַר די הילפלאָזע באַשעפענישן, וואָס זענען פון אונדז אָפּהענגיק".

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען מאַהאָני לעבט איבער איין אומ־גליק נאָכן אַנדערן, דערמאָנט ער זיך צוריק אין טאַנגיעס ווערטער וועגן לעבן און זיין ענדגילטיקן זין: אויסגעטאָן פון אַלע פראַזן, פון

די רויזן און פאַלשע סענטימענטן, אין וועלכע מיר האָבן עס ליב צו באַקליידן, האָט עס פּאַקטיש נאָר איין (דעם אויבנדערמאָנטן) ציל. איז עס כדאי ? . . .

ער דערמאָנט זיך די ווערטער „אויך די וואָס זענען אָפּהענגיק פון אונדז" בעת ער ווערט באַלד אַליין אין גיכן אָפּהענגיק פון אַנ־דערע . . . זיין משוגעת, זיין ווערן לעבעדיק באַגראָבן אין אַ לונאַטישן אַנשטאַלט, דאָס אַלץ וואָס ער האָט אויפגעשטעלט אַרום זיך — דאָס לעבן גופא, דער קאַמף אין וועלכן דער מענטש מוז פאַרשפּילן ביים סוף . . .

ביי דער זייט פון אָט די ווערטער, פראַזן, וואַקסן אויס אימאַזשן פון סימבאָלן, וואָס גיבן אריין אין אינהאַלט אַ טיפערע באַדייטונג. אַזוי אויך די רייכע טעקסטור, די שורות וואָס וויברירן מיט אַזוי פיל אָנדייטונגען פון שטימונגען אין דעם לעבנס־געמיט פון די העלדן (לדוגמא, ביים אַפּטייקער טאַנגיע).

די אויטאָרין האָט זיך פאַרמאָסטן זייער גרויס אין דער טרילאָגיע : בעלעטריסטיש דאָקומענטירן די קאָלאָניאַלע געזעלשאַפט און דאָס לאַנד (אויסטראַליע), וועלכע איז פאַקטיש דער הויפּט פּראָטאַגאָניסט. עס איז די געשיכטע פון דערפּאָלג־זוכן, „גלות", דורכפאַל, משוגעת, ביים דור וואָס האָט זיך געראַנגלט מיט כל־ערליי שוועריקייטן : פייערן, טרוקענישן, אומגערעטעניִשן, חובות, קראַנקהייטן. גאָר באַזונדערס איז דאָס געווען זייער שווער פאַר די לאַנד־זוכערס („סעלעקטאָרס").

די מחברין האָט זיי באַגעגנט מיט צוויי עלעמענטן : רעאַליזם און ראָמאַנטיזם. אין דער ערשטער העלפט פון דער טרילאָגיע איז דער איינדרוק, אַז זי האָט נאָך די טעמע נישט געפונען.

עס קענטיקט זיך שטאַרק, אַז זי פאַרלאָזט זיך צופיל אויף דאָקו־מענטאַציע. דאָס ברענגט איר צו אָפטע דעפעקטן ביים אָרגאַניזירן דעם מאַטעריאַל, און עפּעס אַן אומזיכערקייט אין דער האַנט, וואָס וואַרפט אָן די צייכענונגען. אָבער וואָס נענטער די מחברין קומט צו אין שילדערן די יאָרן פון איר פערזענלעכער דערפאַרונג (דער הויפּט־העלד מאַהאָני איז באַזירט אויף איר פאָטער, דער ענגליש־אירלענדישער דאָקטער), אַלץ מער איז זי בכוח צו פאַרטיפן די טעמע מיט אַלע אירע אימפּליקאַציעס.

אין צווייטן באַנד פון דער טרילאָגיע, איז דאָ אַן עפּיגראַף וועגן „די וואָס גייען אַדורך דעם ים". מחמת דאָס איז צוגעפּאַסט צו די אימי־גראַנטן קיין אויסטראַליע (אויך אין אַנדערע מעבר לים לענדער), באַטאָנענדיק דורך די באַדייטנספולע ווערטער אינעם ערשטן טייל פון

פערז, אַז „זיי ענדערן זייערע הימלען, אָבער נישט זייערע הערצער״ . . .

מאַהאָני, וואָס איז פאַרבליבן אין דעם נייעם לאַנד אַ פולשטענדיק פרעמדער, האָט זיך דערמאָנט אין דער געשיכטע פון אַלטן ייד, וואָס האָט געוויינט ביי די טייכן פון בבל . . . אָט די ווערטער האָבן זיך אַריינגעפּאַסט אין זיין געמיט און ער דעצידירט זיך צוריקצופאָרן קיין ענגלאַנד. ער איז געווען ביי זיך זיכער, אַז אַן ענדערונג פון דעם לאַנד און דער סביבה, וועט ממש ווונדער באַוויזן. „איצט האָט ער געזען, אַז ער דאַרף וואַגן און מער נישט אָפּלייגן. לאָזן פריי די עלע־מענטן, וואָס האָבן אים געהאַלטן אין תפיסה״. מיר האָבן דאָ דאָס בילד פון די עקספּאַטריאירטע מיט זייער דילעמע, פאַר וועלכע די „היים״ איז תמיד דאָס לאַנד 10 טויזנט מייל אַוועק . . .

ביים סוף פון ערשטן באַנד ווערט עס מאָטיווירט מיט דעם אימאַזש פון אַ גרויזאַמער פאַסקודנער אַדאָפּטירטער מאַמע (דאָ — די אויסטראַ־לישע גאָלדפעלדער) : „איצט האָט זי זיי געהאַלטן געפאַנגען אַן קייטן . . . אָן כישוף ; ליגנדיק עפּעס ווי אַ פאַרצייטישע מאָנסטער־פרוי אונטער דער זון, אירע ברוסטן פריי, נאַקעטע, האָט זי געקוקט מיט אַזאַ בייזער מינע אין איר אויג . . . ״

אויך אין ענגלאַנד האָט מאַהאָני נישט געפונען קיין זעלישע רו — און איז צוריק אין אויסטראַליע, ווו ער מאַכט, ביים סוף, שלום מיט עפּעס, וואָס איז פיל גרעסער ווי די ענינים פון זיין דערפאָלג און דורכפאַל — ער מאַכט שלום מיט דער אויסטראַלישער ערד, ווו ער קומט צו זיין אייביקער רו . . . „די רייכע פריינדלעכע ערד האָט אַריינ־גענומען זיין פוילנדיקן קערפּער״, אָבער זיין מקום מנוחה האָט זיך אויסגעטיילט פונעם אַלגעמיינעם באָדן, ווי דאָס לאַנד „וואָלט קיין מאָל נישט געוואָלט פאַרוואַנדלען אין איר אייגנס זיין קאַפּריזנעם, שלעפערישן גייסט״ (די מחברין באַצייכנט דאָס לאַנד „רייך און פריינד־לעך״, וואָס איז זיכער נישט געווען די מיינונג פון מאַהאָנין). די צייט האָט געטאָן אירס : אַלץ וואָס איז געווען שטערבלעך אין מאַהאָנין איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שטויב.

אַ געוויסע צייט האָבן שטאָלצע הענט געזאָרגט אָפּצוהיטן זיין קבר, אַוועקגעשטעלט אַ צלם מיט זיין נאָמען, אָנגעמערקט די יאָרן און טעג פון זיין לעבן אויפן ערדישן עולה־רגל זיין . . . מיט יאָרן שפּעטער איז אַלץ וואָס איז געווען אויבן־אויף פאַרשוווּנדן. די ערד האָט אים אַדאָפּטירט . . . און ער האָט שלום געמאַכט מיט איר. „שלום צו מאַכן דורך טויט״, וועלכער עפנט דעם וועג „צום אמתן וויסן״.

ביי אַנדערע העלדן פון דעם ווערק (מערי, פּוירדי, הענרי און פיל

אַנדערע) איז אויך דאָ אַזאַ צוגאַנג, אַז דאָס עכטע וויסן קען נאָר קומען דורך טויט און פּייניקונגען אין דעם לאַנד פון דיין גייסט. „ווען דו לעבסט און ליידסט געגנוג לאַנג אויף אַן אָרט, זאָגט איינע פון די העלדן (דזשוד), פאַרלאָזטו דאָס אָרט נישט פולשטענדיק, מחמת דיין גייסט בלייבט דאָרט״. די מחברין האָט דאָ פאַרשפּיגלט סימבאָליש־מעטאַפי־זישע עלעמענטן. זי האָט געהאַט אַ געוויסע צייט אַן אינטערעס אין ספּיריטואַליזם, געשריבן וועגן דעם, אָבער אין דעם ווערק האָט עס נישט משפּיע געווען.

„די גליקן פון ריטשאַרד מאַהאָני״, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויפן יסוד פון אַ דאָקומענטאַרישער אויטאָ־ביאָגראַפיע, איז דורך דער קינסטלערין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּילפּאַך ברייטערן לייוונט, ווי אַ פאַמילע־כראָניק און מעמואַרן־אַלבום . . . עס איז אַ שע־פערישע אויסברייטערונג פון זיך, פון די קינדער־יאָרן — די שטאַרק־סטע ווירקונג שפּעטער ביי פיל ראָמאַניסטן — אַ רעקרעאַציע פון אויסטראַליע, פון איר געזעלשאַפט, ספּעציעל פון מעלבורן, באַגלייט מיט טיפער מענטשן־קענטעניש.

אין דער גאַנצער עפּיק איז נישט פאַראַן כמעט, קיין איין שוואַך־געצייכנטער כאַראַקטער. עס איז קענטיק אַזאַ אַגנען פון דער ווירקלעכער עקזיסטענץ פון מענער און פרויען, וואָס זענען ארויסגעקומען אזוי איבערצייגנדיק פון אירע צייכענונגען.

די מענטשלעכע איזאָלירטקייט, דער קאָנטראַסט צווישן דער זיכערקייט פון די פאַרמעגלעכע מיט דער איינזאַמקייט פון דער אָרעמ־קייט, איז בולט פאַרשפּיגלט אין דער אויסערלעכער געזעלשאַפטלע־כער סצענע. די מאַכט וואָס געלט האָט געהאַט, ספּעציעל אין 19טן יאָרהונדערט אין אויסטראַליע, ווי אַ פאַרקערפּערונג פון חכמה, איידלקייט, און ווי דער „יעיל״־שליסל צו אַלע מענטשלעכע נויטן און סאָציאַלער אַוואַנסירונג. דער דראַנג נאָך געלט און די מורא צו פאַרלירן עס, ווי עס וואָלט געווען דער פאַרלוסט פון אַלע מענטש־לעכע וואַליאָרן . . . דער אַמביציעזער העלד, וועלכער זעט דאָס לאַנד נאָר אין געלט־טערמינען, און מחמת אים געלונגט עס נישט אין אוי־סטראַליע צו מאַכן, ווי אַלע אַנדערע (וואָס האָבן יאָ באַוויזן עס צו דערגרייכן און שפּעטער זיך אומקערן אַ „היים״ און לעבן ווי אַן אַדל־מאַן), האָט ער דורכגעמאַכט די טראַגעדיע, ווי עס איז געשען מיט דעם פאָטער פון דער מחברין, ווען זי האָט נאָר געדענקט פון אירע קינדער־יאָרן.

אינטערעסאַנט איז דאָס לעבן פון דער מחברין גופא, וואָס האָט ביי 17 יאָר פאַרלאָזט דאָס לאַנד און איז אוועק קיין דייטשלאַנד.

דאָרט האָט זי זיך באַקענט מיט דעם פּראָפעסאָר דזשאָן דזשאָרדזש ראָבערטסאָן, אַ באַוווּסטער וויסנשאַפטלער, וואָס איז געוואָרן איר מאַן. ער האָט איר אַ סך געהאָלפן מיט אידייען און אויך אין טאָג־טעגלעכן לעבן, פון וועלכן זי איז אין פיל הינזיכטן געווען אָפּהענגיק פון אים.

זי האָט אַ גאַנץ לעבן געליטן עפּעס פון אַ געפיל פון אומזיכער־קייט, כמעט ביז פּאַניק. און ווי מאָדנע עס קומט אויס, ווען מען לייענט, ווי אַזוי זי איז מיט שרעק פון פּאַטאַליזם נאָכגעפּאָרן איר מאַן פון איין קאָלעדזש צום אַנדערן, אומעטום ווו ער האָט געאַרבעט; אָדער דער עלעמענט פון איר נאַטור אריינצופאַלן אין פּאַניק יעדעס מאָל ווען ער איז געקומען שפּעט פון דער אַרבעט.

דערביי זענען צווישן זיי געווען מאָדנע באַציוּנגען. עס ווערט דורך איינער פון אירע ביאָגראַפינס (דאָראָטהי גרין) אָנגעדייט, אַז די חתונה איז קיין מאָל נישט געוואָרן קאָנסומירט (דערמאָנט זיך די געשיכטע צווישן בערנאַרד שאָו און זיין פרוי . . .) אינטעלעקטועל איז געווען צווישן זיי אַ האַרמאָניש צוזאַמענלעבן, אָבער „וואָס דאָס האָט באַטייט עמאָציאָנעל און פיזיש איז אַן ענין פון ספּעקולאַציע" (דאָראָטהי גרין).

ווי דערמאָנט פריער, איז זי פון אויסטראַליע אַוועק אין אירע יונגע יאָרן (געפאָרן קיין לייפּציג שטודירן מוזיק) און זיך צוריק אומגעקערט קיין אויסטראַליע נאָר אויף אַ קורצער צייט, ווען זי האָט געשריבן „די גליקן פון ריטשאַרד מאַהאָני": אָבער דאָס לאַנד ווו זי האָט פאַרבראַכט אירע יוגנט־יאָרן, איז פאַרבליבן דער יסוד פאַר איר בעסטן קינסטלערישן ווערק.

**אירס אַן אַנדער באַוווּסט ווערק „מאָריס געסט"**, האָט שוין אַ סך קלישעס פון דער ראָמאַנטיש־ליטעראַרישער איינשטעלונג אין יענעם פעריאָד וועגן דער ראָל פונעם קינסטלער הינטער גוטס און שלעכטס . . .

א ביסל מער געלונגען איז איר פריער דערמאָנטער אויטאָביאָ־גראַפיש בוך („דאָס באַקומען חכמה") אין וועלכן איר ליטעראַרישער פּראָטאָטיפּ, לאַורא, אַ קינסטלערין, וואָס איז אָפּגעזונדערט פון דער וועלט, און איז אַריינגעטון מיט לייב און לעבן אין דער וועלט פון עבר, פון וועלכן זי פורעמט אויס אירע קינסטלערישע שאַפונגען. לאַוראַ טיילט זיך אויס פון אַרום נישט נאָר מיט איר אינטעליגענץ און רייכער פאַנטאַזיע, נאָר אויך מיט אירע אַנונגען, באַגלייט פון אַ בונטאַרישן העפטיקן ווידערשטאַנד קעגן די קאָנאָניזירטע געזעל־שאַפטלעכע נאָרמען. איר אינדיווידואַליסטישע נאַטור איז אַזאַ בולטער

קאָנטראַסט צו אירע סנאָבישע חברטעס און פריינד מיט זייערע פּליאָט־קעס און צביעות. אין דעם ווערק „מאָריס געסט" האָט זי נאָר אוי־בערפלעכלעך געוויזן די עמאַנציפּירטע, אָבער אומבאַלאַנסירטע, „נייע פרוי", וואָס פאַרניכטעט אַ גוט דערצויגענעם יונגערמאַן מיט גאַנץ באַשיידענע אַמביציעס.

אָט די יוגנט־ווערק זענען אָבער נאָר געווען שטאַפּלען צו איר גרויסער ליטעראַרישער דערגרייכונג, וואָס האָט אַרויסגעהויבן איר טאַלאַנט און קינסטלערישע אינדיווידואַליטעט צו אַ פענאָמען, וואָס קומט נישט צו אָפט אין דער ליטעראַטור, נאָר באַווייזט זיך פון צייט צו צייט, ווי אַ פענאָמען אויפן האָריזאָנט.

# פערמנענטאַציע פון אויסטראַלישן נאַציאָנאַליזם אין דער ליטעראַטור

(הענרי לאָוסאָן און נאַציאָנאַלע קולטורן)

דער וואַקסנדיקער שטאַלץ פון נאַציאָנאַלע קולטורן האָט זיך פאַרשפּרייט איבער אייראָפּע, אַ דאַנק דער פאַרביליקונג פון דער טעג־לעכער פּרעסע, און די אויסברייטערונג פון בילדונג, וואָס איז אַריינ־געדרונגען צווישן די ברייטסטע פאָלקס־מאַסן. דער גייסט פון נאַציאָ־נאַליזם האָט זיך אַזוי פאַרשטאַרקט, אַז אין געוויסע צייטן (און אויך אין געוויסע לענדער אין אייראָפּע) איז עס דערגאַנגען צום שאָוויניזם.

דער עפּאָס פון נאַציאָנאַליזם איז גייסטיק־קולטורעל געגנערט און באַלעבט געוואָרן דורך פאָלקלאָר, פּאָעזיע, מוזיק, מאַלעריי. אָבער דער אייראָפּעישער נאַציאָנאַליזם האָט פאַרהייליקט דעם עבר, בעת דער אויפגייענדיקער נאַציאָנאַליזם אין דער נייער וועלט (אַמעריקע און אויסטראַליע) האָט פאַרהייליקט די צוקונפט און נישט נאָכגעפאָלגט די קלישעס פון אייראָפּעישן נאַציאָנאַליזם.

די אונטערשיידן צווישן דער אַלטער און נייער וועלט זענען געווען אַזעלכע קאָלאָסאַלע, אַז זיי האָבן געמוזט משפּיע זיין די אַנדערשקייט אויך אויפן געביט פון נאַציאָנאַליזם. אויף די אונטער־שיידן איז כדאי דאָ זיך אַביסל אָפּצושטעלן, — און עס איז פאַראַן וועגן דעם אַ גענוגנדיקע באַלייכטונג אין דער ליטעראַטור — באַזונ־דערס דורך אַמעריקאַנער שרייבערס. איך וועל זיך באַנוצן דאָ מיט די אַרבעטן פון דאַניעל י. בורשטין צו אילוסטרירן אָט די אַנדערשקייט.

אין זיין ווערק וועגן „אַמעריקאַנער און דעמאָקראַטיע" און אין זיינע אַנדערע אַנאַליטישע באַלייכטונגען, זעט מען דעם אונטערשייד צווישן אייראָפּע און אַמעריקע — און אין אונדזער טעמע — וויל איך זיך בעיקר אָפּשטעלן, ווי כ'האָב אָנגעמערקט אין טיטול פון דער אָפּהאַנד־

לונג — אין שייכות מיט דער אויסטראַלישער ליטעראַטור, מיט איר אויסדרוק פון דעם אויפגייענדיקן נאַציאָנאַליזם, סוף 19טן יאָרהונדערט.

ווי עס ווייזט אָן דאַניעל י. בורשטין, איז אין מערב־אייראָפּע פאָרגעקומען די פערמענטאַציע פון נאַציאָנאַליזם נאָך אין אָנהייב פונעם 14טן יאָרהונדערט. דער טערמין נאַציע (פון לאַטיין: נאַסצי — געוואָרן געבוירן). האָט פאַרמאָגט געוויסע בייטענער פון א שבט־קיבוץ. עס ווערט אין אַלגעמיין דאַן באַנוצט פאַר מענטשן, וואָס האָבן די זעלבע אָבות, און געבוירן געוואָרן אין אַ באַשטימטן געגנט.

אָבער דער פעאָדאַליסטישער סיסטעם, וואָס האָט צוגעבונדן מענטשן צו אַ באַשטימטן שטח לאַנד, האָט זיך אָנגעטראָפן מיטן קאַטויליציזם, וואָס האָט יעדן איינעם געמאַכט פאַר אַ מיטגליד פון אָט דער אוניווערסאַלער קירכע.

האָט זיך אָבער אין דעם סיסטעם אַריינגעמישט די פּראָטעס־טאַנטישע רעפאָרמאַציע, וועלכע האָט אַנטוויקלט נייע סעקטעס פון קריסטנטום. דורך זיי איז די פריערדיקע אַלץ־אַרומנעמענדיקע לאַיאַ־ליטעט צו דער איינציקער קאַטוילישער קירכע צעשפּליטערט געוואָרן אין נאַציאָנאַלע קירכעס. שטופנווייז האָבן זיך געשאַפן לאָיאַליטעטן, וואָס האָבן אויסגעדריקט ליבשאַפט צום אָרט פון געבורט (לע פּייס), וואָס איז געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַן איבערגעגעבנקייט אויף לעבן און טויט צו אַ פאָטערלאַנד (לע פּאַטריע).

אָבער דער מאָדערנער נאַציאָנאַליזם האָט זיך ערשט אויסגעפּו־רעמט אין 19טן און אין 20טן יאָרהונדערט. עס האָט באַקומען אַ נייעם אויסדרוק און דערפירט צו אַ מצב פון שאָוויניזם (ווי באַוווּסט, שטאַמט דער באַגריף שאָוויניזם, פון אַ געוויסן זעלנער מיטן נאָמען ניקאָלאַס שאָווין, וועלכער האָט געדינט בעת דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און אויך אין די שפּעטערדיקע נאַפּאָלעאָנישע מלחמות און ער האָט זיך קונה שם געווען מיט זיין מיליטאַנטישן ענטוזיאַזם). די טעגלעכע פּרעסע, ווען זי איז געוואָרן אַ מאַסן־אַרטיקל, האָט פיל בייגעשטייערט צו פּראָפּאַגירן די שאָוויניסטישע ליידנשאַפטן מיט די פאַרגיפטעטע רעזולטאַטן.

דער קאַפּיטל פון דער מאָדערנער אייראָפּעישער געשיכטע איז אויסגעווייקט אין בלוט דורך די מלחמות און מאַכט־קאַמפן פאַר גרע־נעצן און טעריטאָריעס. דער נאַציאָנאַליזם אין אייראָפּע האָט דערפירט צו פיל קרבנות. צו דער אַנטשטייאונג פון פּליטים, וואָס זענען אַוועק אין דער וועלט זוכן פאַר זיך אַ היים.

אַוודאי זענען אויך געווען נאָך פיל אַנדערע סיבות, וואָס האָבן גורם געווען מענטשן זאָלן עמיגרירן פון דער אַלטער וועלט אין נייע

וועלט־טיילן — עקאָנאָמישע מאָטיוון האָבן דאָ געשפּילט אַ באַדייטנ־דיקע ראָל, אָבער נישט פון קליינער באַדייטונג אין עמיגראַציע, האָט צוגעשפּילט דער שאָוויניזם, וואָס האָט זיך צעגאָסן איבער אייראָפּע; נאַציאָנאַלע און ראַסן־פּאַראורטיילן, באַגלייט מיט די דינאַסטיע־מלח־מות, זענען געווען די טרייב־כוחות צו עמיגרירן קיין אַמעריקע, ווי קיין אויסטראַליע.

עס זענען פאַראַן גרויסע אונטערשיידן צווישן דיביידע לענדער, אין זייער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג, אָבער עס זענען אויך דאָ געמיינזאַמע וואָרצלען פון די אימיגראַנטן אין ביידע קאָנטינענטן. קיין אַמעריקע זענען געקומען בריטישע קאָלאָניסטן, געקומען פון אַן אַלטן וועלט־פאָלק און אויך אין אַמעריקע זיך באַטראַכט — אַ לאַנגע צייט — ווי אַ טייל פון אים. דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען אין אויסטראַליע. די פרייע אימיגראַציע האָט געבראַכט נישט ווייני־קער ווי 96% פּראָצענט „בריטיש סטאָק".

ווידער דער קריג וואָס איז אויסגעבראָכן אין אמעריקע פאַר דער אומאָפּהענגיקייט, איז דאָך געווען אַ רעזולטאַט, וואָס בריטאַניע האָט נישט געוואָלט געבן די קאָלאָניסטן, אין דער נייער וועלט, אַ יושר־דיקן סטאַטוס. און ווי עס געשעט אָפט, ווען מען ציט שטאַרק אַריבער דאָס שטריקל, פּלאַצט עס...

אָבער קיין אַמעריקע זענען געקומען אויך פון אַנדערע פעלקער: דייטשן, איטאַליענער, טשעכן, יידן, פּאָליאַקן, אירלענדער און אויך נעגער (געבראַכט פון אַפריקע). די אַלע עטנישע גרופּעס, וואָס האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן אויף אַ בשותפותדיקן באָדן, האָבן אין משך פון יאָרן אויסגעאַרבעט אַן „אַמעריקאַנער מאַרקע" פון נאַציאָנאַליזם. ס'רוב אימיגראַנטן וואָס זענען געקומען ווי פּליטים פון אייראָפּעישן נאַציאָנאַליזם, האָבן ווילנדיק־נישט־ווילנדיק, דורכן געמיינזאַמען לעבן און שאַפן, אויסגעפורעמט אַ פאָלק

לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן האָבן די אַלע עטנישע גרופּעס קודם געוואָלט האָבן אַ באָדן אונטער די פיס, איינאָרדענען זייער נייעם לעבן, און מסתמא דאַן נאָך נישט אין זינען אפילו געהאַט צו באַטראַכטן זיך פאַר אַ פאָלק. זיי האָבן געטראַכט וועגן פרנסה. צו פאַרזאָרגן זיך, די קינדער און אייניקלעך און עס איז זיי אין דער לינקער פּאה נישט געלעגן, אַז זיי דאַרפן אויספורעמען אַ פאָלק.

ריכטיק באַמערקט דער מחבר, דאַניעל י. בורשטין, אַז די אַמע־ריקאַנער קאָלאָניסטן, סיי די וואָס זענען געבליבן אויפן זעלבן באָדן, וועלכן זיי האָבן געזוכט אָפּצורייניקן און פאַרזייען עס זאָל תבואה ברענגען (אַ חוץ דעם, האָבן זיי געדאַרפט בויען וועגן, גראָבן קאַנאַלן; אַנדערע ווידער האָבן זיך פאַרנומען מיט שטעט אויפשטעלן, בויען

און אָרגאַניזירן פאַבריקן, געפינען קונים פאַר זייערע אויסאַרבע־טונגען); און אויך די קאָלאָניסטן, וועלכע האָבן אַוועקגעוואַנדערט אויפֿן מערב פון אַמעריקאַנעם קאָנטינענט, צו זוכן נייע שאַנסן און האָבן מער מזל־ברכה אין די ערטער, וואָס זענען נאָך נישט געווען אַזוי באַפעלקערט — זענען אויך נישט געגאַנגען בויען אַ פאָלק, נאָר זיך אליין, בעסערע שאַנסן צו געפינען פאַר זיך און פאַר די קינדער. „פאָלק" איז געווען נאָך דאַן ביי זיי אַ פרעמדע אָדער זייטיקע זאַך.

עס איז דאָך בכלל געווען אַ ספק ביי אָט דער גענעראַציע בעת דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע, צי עס איז גאָר אפילו מעגלעך איבער אַזאַ ריזיקן לאַנד־שטח, מיט פאַרשידענע קלימאַטן, פעלקער, רעלי־גיעס, טראַדיציעס — איבער אַזאַ ריזיקן קאָנטינענט צו קענען שאַפן גאָר איין פאָלק? שפעטער האָט זיך טאַקע דאָס גאָר אַרויסגעוויזן פאַר אַ מעלה און שטאַרקייט, — אין די אַלע אויבנדערמאָנטע עלעמענטן, וואָס מ'האָט פריער געהאַלטן פאַר אַ באַריערע צו קענען זיין איין פאָלק, אָבער דאָס איז שוין אַ באַזונדער ענין.

ווען מיר קומען צום קאַפּיטל אויסטראַליע, האָבן מיר שוין דאָ די גרויסע אַנדערשקייט פון דער באַפעלקערונג אין 19טן יאָרהונדערט, ווי עס איז געווען אין אַמעריקע. אמת, בעתן גאָלד־פיבער, איז מען זיך אָנגעלאָפן קיין אויסטראַליע פון אַלע וועלט־טיילן, אָבער ווען דאָס גאָלד־זוכן האָט זיך אויסגעלאָזט, זענען די אימיגראַנטן געקומען, כמעט, נאָר פון בריטאַניע, מיט אַ קליינעם צומיש פון אַנדערע לענדער און עטנישע גרופּן.

און פונקט ווי די ערשטע קאָלאָניסטן אין אַמעריקע האָבן זיך באַטראַכט, ווי אַ טייל פון ענגלישן פאָלק, איז דאָס זעלבע פאַרגעקומען מיט די ענגלישע אימיגראַנטן אין אויסטראַליע (איך שטעל זיך אָפּ וועגן דעם אויספירלעך אין אַנדערע אָפּהאַנדלונגען, באַזונדערס וועגן מאַרטין בוידס ווערק). די פערמענטאַציע פון אַן אויסטראַלישן נאַציאָ־נאַליזם, האָט זיך ערשט אָנגעהויבן ביים סוף פון דעם 19טן יאָרהונ־דערט. און דער באַוווסטזיין פון אויסטראַלישקייט, ווי אַ נאַציאָנאַלער שטריך, האָט זיך אָנגעהויבן אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור, ווען עס איז שוין געווען אַן אויסטראַליש געבוירענע גענעראַציע.

עס איז אויפגעקומען אַ נייע גייסטיקע סביבה, וואָס האָט געהאַט אירע וואָרצלען אין דער פיזישער סביבה, מיט איר גאַנצער אַנדערש־קייט פון ענגלאַנד — די מוטערלאַנד פון די אויסטראַלישע קאָלאָניעס.

אין לויף פון די קאָלאָניאַלע יאָרן איז אינעם לאַנד אויסגעוואַקסן אַ ניי פאָלק, און אַ נייע מענטשלעכע האָפענונג. אין דעם זין טרעפט זיך אויסטראַליע צונויף מיט אַמעריקע, וואָס איז אויך דאָך

געווען אַן ענגלישע קאָלאָניע ביז איר רעוואָלוציע און קריג קעגן בריטאַניע (וואָס האָט דערמעגלעכט די אומאָפּהענגיקייט פון די פאַר־אייניקטע שטאַטן, 1776).

אין די אויסטראַלישע קאָלאָניעס איז אזוי נישט געשען. צו קיין רעוואָלוציע קעגן דער מוטערלאַנד איז עס נישט דערגאַנגען אין פּאָ־ליטישן זין פון וואָרט, אָבער אין דעם גייסטיקן זין — יאָ. זייענדיק כולו בריטיש, האָט זיך במילא די אויסטראַלישע קולטור אָנגעהויבן מיט דעם הינטערגרונט פון טשאָסער, שעקספּיר, בייראָן, דיקענס. די גאַנצע מענטאַליטעט איז געווען אַן ענגלישע און די פּאָעזיע, וואָס האָט, למשל, געשאַפן דער פּאָעט אדאם לינדזעי גאָרדאָן, איז אויך געווען בכדי צופרידנצושטעלן די ענגלענדער. די קאָלאָניאַלע שרייבער אין דער לאַנד, האָבן געשריבן אויף אַן ענגלישן אופן — קוקנדיק אויף די אויסטראַלישע קאָלאָניעס דורך ענגלישע ברילן. עס האָט זיי געפעלט אי דער אָפּטימיזם לגבי אַ צוקונפט פאַרן לאַנד אי אַן אויסטראַלישע אידענטיטעט־דעפיניציע פאַר זיך גופא, צו קענען שטעלן זיך אויף די אייגענע פיס און נישט זיך אָנשפּאַרן אויף זייערע ענגלישע קוליעס.

אָבער, ווי עס זאָגט דער חומש, „ויקם דור חדש אשר לא ידע את יוסף״. עס איז אויפגעקומען א נייער דור פון אויסטראַלישע שריי־בערס, געבוירענע און אויפגעבראַכטע אין דעם לאַנד, און זיי האָבן עס באַטראַכט פאַר זייער גייסטיקער געבורט־לעגיטימאַציע און אַוועק־געשטעלט די פראַגע: וואָס מיינט צו זיין אַן אויסטראַליער? די זעלבע פראַגע האָט זיך, וואַרשיינלעך, אויך געשטעלט פאַר דעם דור אין אַמעריקע, וואָס האָט אָנגעהויבן זוכן אַן אייגענע אידענטיטעט, אַ טיי־פערן זין פאַרן אייגענעם לעבן, וואָס זאָל האַרמאָניזירן מיט דער נאַטור פון דעם קאָנטינענט, און מיט די ניי־געשאַפענע באַדינגונגען אין לאַנד.

איך ווייס זייער גוט פון די אונטערשיידן צווישן די שטאַטן פון אַמעריקע און די שטאַטן פון אויסטראַליע; ווי אַנדערש עס איז זייער סאָציאָ־היסטאָרישע קאָנסטרוקציע. צווישן די ביידע לענדער זענען טאַקע פאַראַן אַזוי פיל אַנדערשקייטן אין פיל הינזיכטן. עס איז גענוג איין אילוסטראַציע: ביזן נאָכן צווייטן וועלט־קריג האָט אויסטראַליע נישט געהאַט קיין גרויסע עטנישע מינדערהייטן (דאָס האָט זיך טאַקע געענדערט אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר, זינט אויסטראַליע האָט געעפנט ברייט אירע טויערן פאַר אַ פּלאַנירטער גרויסער מאַסן־אימיגראַציע). אָבער דעם פּעריאָד וועלכן מיר באַהאַנדלען דאָ, איז דער קאָנטינענט געווען האָמאָגעניש בריטיש — אַזוי ביזן סוף צווייטן וועלט־קריג.

אין די 90ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט האָט זיך געשאַפן אַ ריס אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור און קולטור. דער זשור־נאַל „ביולעטין״ האָט אָנגעהויבן זאַמלען אַרום זיך די שרייבערס, וואָס באַטראַכטן אין זייער שאַפן אויסטראַליע פאַר זייער לאַנד און נישט ענגלאַנד. בראש פון די שרייבערס האָבן זיך ארויסגערוקט אזעלכע היינט גוט־באַוווסטע נעמען, ווי הענרי לאָוסאָן, פוירפי, און נאָך אַנדערע דאַן יונגע שרייבערס, וועלכע האָבן געגלויבט אין אַן אייגנ־אַרטיקער אויסטראַלישער צוקונפט.

זייער גלויבן איז געווען באַזירט אויף דעם שעפערישן פּאָטענ־ציאַל פונעם אויסטראַלישן פאָלקס־מענטש און אויף דעם נייעם הומאַ־נישן בליק אויפן לעבן. יעדער פון די שרייבער האָט געשילדערט פון זיין אָבסערוואַציע און פאַרשטענדעניש פארן נייעם לאַנד, פאַר די ערטער און כאַראַקטערן, וועלכע ער האָט אַמבעסטן געקענט און גע־זוכט אַן אויסדרוק מיט וואָס אויסטראַליע קען און דאַרף זיין אַנדערש פון אייראָפּע.

אויספורעמען אַן אויסטראַלישע אידענטיטעט, וואָס זאָל זיך באַפרייען פון דער קאָלאָניאַלער קולטור, אויפהערן אימיטירן די אַלטע קולטור פון אייראָפּע מיט איר שטייגערישקייט, און אָנצייכענען פאַר זיך אַ וועג פון גייסטיקער אומאָפּהענגיקייט אויף דעם אויסטראַלישן הינטערגרונט, איז געווען די אידיי פון די „ביולעטין״־שרייבערס. די ריכטליניע איז געווען צו שאַפן אַ האַרמאָניע צווישן מענטש און נאַטור, נישט אויפן באָדן פון אַן אייראָפּעישער פּאַסטאָראַלער אידיליע, נאָר אויפן גרונט פון דער האַרבער אייגענער לאָקאַלער רעאַליטעט מיט אירע בוש־לאַנדשאַפטן און בוש־מענטשן.

הענרי לאָוסאָן, וועלכער ווערט באַטראַכט פאַר דעם אויסטראַ־לישן טשעכאָוו, אָבער דעם יידישן לייענער, וועלכער איז אויסגע־בונדן מיט דער יידישער ליטעראַטור, דערמאָנט ער מער ווייסענ־בערגן. אין זייערע שאַפונגען רופן זיי זיך אָפּט איבער איינער מיטן אַנדערן, זון אויך זייער ליטעראַרישער אויפשטייג איז פאָרגעקומען כמעט אין דער זעלבער צייט (ביי הענרי לאָוסאָן האָט זיך זיין ליטע־ראַרישע קאַריערע נאָר אָנגעהויבן אַביסל פריער). לאָוסאָן איז בשעתו געווען איינער פון די גלענצנדיקסטע אָבסערוואַטאָרן. זיין ספּעציפישער טאַלאַנט איז געלעגן אין אויספורעמען אויף אַ נאַטוראַליסטישן אופן די כאַראַקטערן פון אַ לאָקאַלן הינטערגרונט און דורך זיי אַנטפּלעקן דעם אויסטראַלישן לעבנס־אופן. ער האָט זיינע טיפּן געשטאַלטיקט מיט פּרעציזקייט און עקאָנאָמיע פון וואָרט. דאָס וואָס ער האָט באַ־שריבן האָבן די לייענער געוווסט, איז די ריינע וואָר וועגן זייערע בוש־פאַרשווינען.

אין זיינע כאַראַקטער־צייכענונגען איז אויך דאָ אַ געפּיל־טיפקייט און אַ שאַרפע סענסיטיוויקייט פאַר דאָס ספּעציפישע אין זייער וועזן. נישט פון קליינער באַדייטונג איז, וואָס ער האָט זיינע פּערסאָנאַזשן געגעבן אין אַן עכטן אויסטראַלישן אידיאָם. הומאַנישקייט און פּשטות זענען געוואָרן די קען־צייכנס פון זיין שאַפן. צו דעם האָט ער אַזוי גוט געוווּסט דעם סוד פון וואָרט: צימצום.

איך האָב אויף אַן אַנדער אָרט („אויפן צעשיידוועג״, ז״ז 390—400) זיך אויספירלעך אָפּגעשטעלט אויף די ווערק און אויפן שאַפונגס־וועג פון העגרי לאָוסאָן. זיינע דערציילונגען זענען פאַר־בליבן עד היום אַ שול, אַ ריכטליניע פאַר שפּעטערדיקע גענעראַציעס — שוין עטלעכע דורות שרייבערס — צו וויסן ווען צו שטעלן אַ פּונקט, ווען צו לאָזן מחוץ (דער דערציילונג) אומנויטיקע זאַכן, און ווי אַזוי צו צוימען עמאָציאָנעלקייט אין זייער שאַפן (ביי פּרויען־טיפּן האָט ער עס וויניקער אויסגעמיטן, ווי לגבי מענער־געשטאַלטן), אויך וויפל אַכט אַ שרייבער דאַרף באַזונדערס לייגן אויף דעם אָנהייב און סוף פון אַ דערציילונג, און וויפל געפיל מען קען אַריינגעבן פאַר דער מיסטעריע פון לעבן און פאַר דער חשיבות פונעם מענטשלעכן יחיד. דאָס זענען געווען ממש גרונט־פּרינציפּן אין זיין שאַפן, פון וועלכע נאָכפאָלגנדיקע דורות שרייבערס האָבן אַ סך געלערנט, אָדער האָבן געדאַרפט לערנען...

וואָס מיר גייט יאָ אָבער אין אַרויסהייבן אין דער אָפּהאַנדלונג, איז דער נאַציאָנאַלער עלעמענט, וועלכן ער האָט דורך זיין שאַפן אַריינגעבראַכט אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. פאַר אים איז אויסטראַליע געווען דאָס לאַנד פון האַרצן, ווו עס איז געשטאַנען זיין וויגעלע און ווו עפּעס טיף האָט געוואָרצלט אין אים. ער און זיינע מיטצייטלערס האָבן אַריינגעבראַכט דעם נאַציאָנאַלן גייסט אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור מחמת „דאָס איז מיין פאָלק און כ׳וועל זיין מיט אים ביזן סוף״, ווי דאָס האָט שפּעטער פאָרמולירט וואַנס פּאַלמער, אַ נאָכפאָלגער פון דער לאָוסאָן טראַדיציע, — פון אַ ריכ־טונג, וואָס איז געוואָרן אַן עמוד אש.

די לאָוסאָן־וויזיע איז אויך היינט פאַרבליבן אין די מיילן־צייכנס פון דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. זיינע נאָכפאָלגער פאַרמאָגן היינט ברייטערע האָריזאָנטן, אָבער אין טיפקייט גלאַנצט נאָך ווייטער אַרויס לאָוסאָנס נאָמען, ווי אַ סימבאָל פון אַ נייעם אויפגייענדיקן פאָלק, וואָס איז אַרויסגעוואָקסן פון זיין קאָלאָניאַלן וויקל־שנור און געדענקט זיין קינדהייט, מחמת די אַסאָציאַציעס פון דער קינדהייט זענען תמיד פיל שטאַרקער, ווי די פון די שפּעטערדיקע יאָרן.

לאָוסאָן צוזאַמען מיט אַזעלכע קרעפטיקע פּראָזע־קינסטלער ווי

פוירפי, ריטשאַרדסאָן, ד'אַרק, פּאַלמער, ווהייט, וועלכע פאַרנעמען עד היום זייער אָרט אויף דער מזרח־וואַנט פון דער אויסטראַלישער ליטעראַטור, מחמת דער נאַציאָנאַלער גייסט דערנערט זיך נאָר פרוכ־טיק פון לאָקאַלן באָדן. עס איז אַ מין קעגנזייטיקער איינפלוס, ווי וואָלט ווהיטמאַן האָט ערגעץ באַמערקט, אַז דער פּרוּוושטיין פון אַ דיכ־טערס אַבסאָרבירן זיין לאַנד, איז אויך אָפּהענגיק אויף וויפל דאָס לאַנד גופא האָט אים אַזוי וואַרעם אַבסאָרבירט, ווי ער זי... כאָטש לאָוסאָנס פערזענלעכער גורל איז ווייט געווען פון זיין זוניק־באַשיינט... (זיין פיזישער מום, די איינזאַמע קינדער־יאָרן — אויך די שווערע יאָרן זיינע אין שפּעטערדיקן לעבן), דאָך האָט ער טראָץ אַלעם געהאַט שטאַרקע פליגל און אַ שאַרפן אויג אויפצוהייבן דעם נאַציאָנאַלן גייסט פון אויסטראַלישן פאָלק.

מערקווירדיק איז, וואָס זייענדיק דער ערשטער פון אַן אויסטראַ־ליש געבוירענעם דור קינסטלערס, איז זיין צוגעבונדנקייט צום לאַנד אַזוי שטאַרק, אַז זיין נאַציאָנאַליזם איז געוואָרן אַ ווינקל־שטיין אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. דאָס פאַרענגלישן זיין פאַמיליע־נאָמען פון לאַרסען אויף לאָוסאָן, צו פאַרווישן דעם אָפּשטאַם פון זיין נאָרוועגישן פאָטער, דעם מאַטראָז פּיטער לאַרסען, וועלכער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם גאָלד־פיבער אין לאַנד און איז פאַרבליבן שוין אַ תושב.

זיין ענגלישן יחוס־בריוו („בריטיש סטאָק״) האָט ער באַקומען פון דער מאַמען, אַזוי אויך פון איר די ירושה פון זיין שרייבערישן טאַלאַנט. זי איז געווען אַ קעמפעריין פאַר סאָציאַלע רעפאָרמען און אַ בונטאַרין קעגן דער קאָנווענציאָנעלקייט פון דער אינסטיטוציאָנעלער געזעלשאַפט. פון דער מאַמען האָט ער טאַקע גע‏ירשנט דעם בונטאַרישן גייסט, און דאָס אַוועקשטעלן זיך אויף דער זייט פון די סאָציאַל־דער־נידעריקטע און באַוואָלטע אין לעבן. פונקט ווי ביי זיין מאַמען, האָט אויך ביי אים שטאַרקער געקלאַפּט דער פּולס פון אויסטראַלישן חלום, דער טרוים כּוּן אַן אידעאַלער צוקונפט פאַרן לאַנד. הגם ער האָט געשריבן מיט אַ געצוימטן סטיל, האָט ער עס באַהויכט מיט אַ ברייט האַרץ, וואָס האָט זיך איבערגערופן מיט דעם פּולס פון זיינע לייענער איבער דער לענג און ברייט פון לאַנד.

זיינע בעסערע דערציילונגען פאַרמאָגן נאָך היינט אַ טוי־פריש־קייט אין דעם אופן, ווי ער פאַרבילדלעכט און געשטאַלטיקט די מענטשן, זייערע טראַכטונגען און עמאָציעס. ער האָט ווי אַ גוטער סטיליסט, אין זיינע הויך־קינסטלערישע מאָמענטן, ווייט איבערגעשטיגן אַנדערע גוטע סטיליסטן מיט זיין גראַפישן כוח, מיט זיינע אַקצענטירונגען און באַשרייבונגען, מיט זיין פיינעם הומאָר און דינעם פּאַטאָס, און אויך

מיט זיין שאַרפער סאַטירעביים אָנווייזן אויף מענטשלעכע שוואַכקייטן און לעכערלעכקייטן.

ווי מאָדנע דאָס לצל טוט זיך אַמאָל אַ שפּיל מיטן מענטש, ווען ער קען אויפכאַפּן דאָס קאָמישע ביי יענעם אָבער ביי זיך אַליין נישט באַמערקן אַ שטריך, וואָס פּאַסט גאָר נישט פאַר אים... און אַזאַ קוריאָז איז טאַקע געשען מיט לאָוסאָנען.

ווען ער איז געפאָרן קיין ענגלאַנד, האָט דער רעדאַקטאָר פון „ביולעטין״, אַרטשיבאַלד, באַשטעלט צו מאַכן פון אים אַ פּאָרטרעט ביים מאָלער לאַנגסטאַף. מען האָט לאָוסאָנען געמאַכט אַ גוט אויסגע־פּאַסטן אַנצוג, אַ שטייף העמד מיט קראַכמאַליעטע מאַנקעטן — אַ העמד, וואָס ער האָט זיכער צום ערשטן מאָל געטראָגן אַזאַ אין זיין לעבן. ביים פּאָזירן האָט ער כסדר געשפּירט די אָנקראַכמאַליעטקייט און געהאַלטן אין איין אַרויסציען די מאַנקעטן, מען זאָל זיי גוט אַרויסזען אויפן פּאָרטרעט...

דער גוטער פּאָרטרעטיסט לאַנגסטאַף, האָט נישט געוואָלט די מאַנקעטן זאָלן שאַפן אַ פאַלשע נאָטקע וועגן לאָוסאָנס מהות, האָט ער זיי דעריבער נישט אַרויפגעלאָזט אויפן פּאָרטרעט. ווען לאָוסאָן האָט דערזען דעם פאַרטיקן פּאָרטרעט, איז זיין ערשטע פראַגע געווען: „פאַרוואָס האָסטו נישט געמאָלן מיינע מאַנקעטן?״...

איך דערצייל נישט דעם עפּיזאָד צוליב פאַרמינערן לאָוסאָנען, חלילה. עס איז דאָך נאָר אַ קליינינקייט דער גאַנצער קוריאָז, אָן שום באַדייטונג פאַר זיין טאַלאַנט און הויכן אָרט וואָס ער פאַרנעמט אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. עס וואַרפט נאָר אַ געוויסע ליכט אויף די מענטשן, וואָס האָבן אַזאַ שאַרפע סענסיטיווקייט אויפצו־כאַפּן דעם קלענסטן שמץ פון לעכערלעכקייט ביי יענעם און איראָני־זירן איבער דעם (ווי דאָס האָט געקענט מיט טאַלאַנט טאָן אַזאַ קינסט־לער ווי לאָוסאָן), אָבער זיי פאַרלירן די שפּירקראַפט לגבי זיך גופא. און דער שטריך איז דאָך אַזוי כאַראַקטעריסטיש לגבי פיל באַגאַבטע, גרויסע פערזענלעכקייטן. אויף דער טעמע קען מען פאַקטיש אָנשרייבן אַ גאַנצן בוך מיט אַנעקדאָטן, אָבער דאָס געהערט נישט צו דער אָפּהאַנדלונג.

מיין טעמע איז וועגן דער פערמענטאַציע פון נאַציאָנאַליזם אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור, און דאָס מיינט נישט דעם עקסטרע־מען נאַציאָנאַליזם, וואָס גרענעצט זיך מיט שאָוויניזם, נאָר מיט אויס־טיילן די נאַציאָנאַלע שטריכן פון דעם אויסטראַלישן מענטש און פון דער אויסטראַלישער סצענע וואָס איז אַנדערש ווי די פון אייראָפּע. דער פאַרדינסט פון הענרי לאָוסאָן און זיינע מיטצייטלערס איז באַ־שטאַנען בעיקר אין דעם וואָס זיי האָבן געעפנט נייע טראַקטן, נייע

אינערלעכע לאַנדשאַפטן פונעם אויסטראַלישן מענטש און לעבן, און דערמיט אַוועקגעלייגט די יסודות פאַר אַ נאַציאָנאַלער ליטעראַטור מיט קינסטלערישע ווערטן, ריכטונגען און קוואַליטעטן פון לעבן. אַט די גרופּע מיט לאָוסאָנען בראש, האָט מצליח געווען צו אַנטפּלעקן ליטעראַריש פאַר דער וועלט דעם אויסטראַלישן קאָנטינענט, די מקומות, די מענטשן וועלכע זיי קענען אַמבעסטן. זיי, און עטלעכע דורות שרייבערס נאָך זיי, האָבן זיך צוריק אומגעקערט צו זייער קינדהייט און יוגנט, צוריק צו אַנטדעקן דעם עבר (אַ דערשיינונג, וואָס קומט היינט פאַר כסדר אויך אין אונדזער יידישער ליטעראטור), באַלעבן די פּערסאָנאַזשן דורך שאַרפער אָבסערוואַציע און כאַראַקטער־ריזאַציע מיט זייער פולבלוטיקער סאָציאַלער סביבה.

ביי לאָוסאָנען איז דער דריילינג — שאַרפזין, הומאָר און סאַ־טירע — הגם נישט תמיד אין איין געשפּאַן געגאַנגען, אָבער האָט אים זייער אָפט באַגלייט אין זיינע ליטעראַרישע געלונגענע בוש־עקסקורסיעס. אמת, די אויסטראַלישע ליטעראַטור איז אין איר אַנט־וויקלונג און אין איר קינסטלערישער און אינטעלעקטועלער סאָפיסטי־צירטקייט, היינט ווייט אַוועק פון דער קליינשטעטלדיקער און בוש־ליטע־ראַטור. עס איז אויפגעקומען דער אורבאַנישער סוזשעט פון דער גרוי־סער שטאָט (אַ רעזולטאַט פון דעם אַנטוויקלטן אורבאַניזאַציע־פּראָצעס אין היינטיקן יאָרהונדערט), אַ נייע טעמאַטיק און פּראָבלע־מאַטיק איז פאַרשפּיגלט אין די היינטצייטיקע ראָמאַנען און אין די קורצע דערציילונגען, צייטנווייז אויך מיט אַ מער עלאָקווענטערן אויס־דרוק, ווי אין לאָוסאָנס שאַפן. אָבער דער נאַציאָנאַלער תוכן אין שאַפן האָט אויך היינט זיין יניקה אין דער לאָוסאָן־טראַדיציע מיט אירע פונדאַמענטאַלע פּרינציפּן און ריכטליניעס פאַר דער צוקונפט.

לאָוסאָן איז געווען באַגרענעצט אין זיין טעמאַטיק, וואָס האָט לרוב נאָר ארומגענומען די מאָנאָטאָנישקייט פונעם אויסטראַלישן מענטש אין זיין בוש־לעבן. אָבער דער כוח פון זיין טאַלאַנט, וואָס איז געקומען צו אים סטיכיש ווי פון אַ קוואַל־פלוס, האָט אַנטפּלעקט אין דער באַגרענעצטער ראַם אַ ברייט פעלד פאַר פאַסירונגען און מענטשן, אַ פרייקייט צו באַהאַנדלען די פאַרשיידנקייט פונעם מענטש־לעכן גורל און זיינע אויסווירקונגען אויפן לעבנסגאַנג.

מענטשלעכע לעבנס זענען אין דער ראַם פון זייער פאַמיליע־געשיכטע, ווי קרעלן אַרויפגעצויגן אויף אַ שנירל. יעדער קרעל איז באַפאַרבט מיט זיין ספּעציפישער פאַרב־אינדיווידואַליטעט, מיט מעלות און חסרונות, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר — אין זייער גאַנצקייט — דעם גאַנצן מענטשן. די דערשיינונג איז אויך געווען אין דער לאָוסאָן־משפּחה, און ווי עס טרעפט אַמאָל באַווייזט זיך אין אַזאַ שנירל קרעלן

— אַמאָל אין אַ יובל — אַ פענאָמען פון געניאַליטעט, אַ קרעל, וואָס בלישטשעט און פינקלט מיט זיינע אויסערגעוויינלעכע קאָלירן. אָבער ביסלעכוויז, ווערט דאָס שנירל קרעלן פאַרטונקלט, פאַרבלאַסט, עס מאַכט דורך אַ מין עקליפּס — אַ ירידה פון דער פריערדיקער בליאַנקענדיקער געניאַליטעט.

אָט דעם פּראָצעס האָט טאַקע דורכגעמאַכט לאָוסאָן, וואָס האָט זיך באַוויזן ווי אַ מעטעאָר אויף דעם אויסטראַלישן ליטעראַרישן האָריזאָנט. זיין שיינען האָט אָנגעהאַלטן אַ גוטן צענדליק יאָר (1890—1900). אמת, אויך אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָר פון זיין לעבן, זענען געווען מאָמענטן, ווען ער האָט אַ לייכט געטאָן מיט פונקען און בליצן פון זיין פלאַקערדיקן אַלטן פייער. אָבער זיי זענען געקומען אַלץ זעלטענער, מחמת זיין ליטעראַרישער כוח איז שוין געווען אין אַ צושטאַנד פון גייסטיקער ירידה. וועלן מיר זיך נישט אָפּשטעלן אויף זיינע דעפּרעסיע־יאָרן, באַגלייט מיט פאַרשידענע עקסצעסן פון קליינלעכע און פערזענלעכע באַציונגען . . . דאָס איז טאַקע אַ טייל פון זיין פערזענלעכער ביאָגראַפיע, אָבער עס גייט נישט אַריין אין די ראַמען פון דער אָפּהאַנדלונג. וואָס אונדז אינטערעסירט, איז דער צושטייער זיינער — זיין ליטעראַרישע ירושה, וואָס איז פאַרבליבן פון זיינע קינסטלערישע הויך־פּונקטן און זייער באַדייטונג און ראָל אין אויספורעמען דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון דער אויסטראַלישער ליטעראַטור.

אויב די ליטעראַטור פון דעם קאָנטינענט האָט באַקומען אין דער וועלט א הויכע רעפּוטאַציע, און אַ ריי שרייבערס פון דעם לאַנד זענען געוואָרן וועלט באַרימט; אויב די אויסטראַלישע ליטעראַטור ווערט היינט געלערנט אין אוניווערסיטעטן און געלערנטע פון אויסלאַנד קומען אין לאַנד שטודירן די שאַפונגען פון די היגע שרייבערס; אויב אויסלענדישע פאַרלאַגן זוכן מאַנוסקריפּטן פון אויסטראַלישע ראָמאַניסטן און דערציילערס, מחמת זיי קענען ווערן „בעסט סעלערס״ — איז דאָס אַלץ, טיילוויז, צו פאַרדאַנקען דער לאָוסאָן־טראַדיציע.

# הענרי לאָוסאָן
# און י. מ. ווייסענבערג

## — פון אַ היסטאָרישער פּערספּעקטיוו

נישט לאַנג צוריק האָט מען אין די אויסטראַלישע ליטעראַרישע קרייזן אויף אַ פייערלעכן אופן אָפּגעצייכנט די 50סטע יאָרצייט פון דעם אויסטראַלישן פּראָזאַיקער הענרי לאָוסאָן. ביים צוהערן זיך צו די גרויסע לויב־געזאַנגען האָב איך געטראַכט וועגן לאָוסאָנס אַ בן־דור אין פּוילן, י. מ. ווייסענבערג, וועמענס 35סטע יאָרצייט איז אויסגע־פאַלן אין דער זעלבער צייט און עס איז אפילו נישט דערמאָנט געוואָרן מיט קיין וואָרט וועגן דעם אין וועלכער ס'איז יידישער ליטעראַרי־שער אויסגאַבע. איך האָב געזען דעם אונטערשייד, ווי אַזוי די אויסט־ראַליער געדענקען די בויער פון זייער ליטעראַטור און דערמאָנען ביי יעדער געלעגנהייט זייערע שאַפונגען, זייערע דערגרייכונגען און אויפ־טוען, און ביי אונדז ווערט עס פאַרזונקען אין דער פאַרגעסנקייט. אויב עס ווערט נאָך ערגעץ דערמאָנט און אָפּגעצייכנט אַ קיילעכדיקע יאָרצייט־דאַטע פון אונדזערע קלאַסיקער, האָבן אָבער שוין נישט דעם זעלבן מזל די שרייבערס נאָך זיי.

פאַרוואָס האָב איך גראַד אָנגערופן דעם נאָמען ווייסענבערג? ווייל ער האָט מיט דעם אויסטראַליער לאָוסאָן אַ סך געמיינזאַמקייט און גייסטיקע קרובהשאַפט. זיי זענען ברידער אין גייסט, כאָטש איינער האָט דעם אַנדערן נישט געקענט און פון אים נישט געהערט. ביידע קינסטלער זענען געוועזן בויערס פון זייערע נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן אויף צוויי ווייטע צווישן זיך לענדער און קאָנטינענטן; ביידע אַזוי אַנדערש און דאָך אַזוי נאָענט אין זייער טעמאַטיק און באַהאַנדלונג פון סוזשעט. ביידע זענען געוועזן וווּנדער־קינדער, וואָס האָבן זיך, ווי מעטעאָרן, אַזוי פלוצים באַוויזן אויפן ליטעראַרישן האָריזאָנט, און ווי מעטעאָרן אויך אַזוי פלוצלונג פאַרשוווּנדן פון קינסטלערישן האָרי־זאָנט, ווען די שכינה פון זייער טאַלאַנט האָט זיך אָפּגעקערט פון זיי און זיי האָבן איבערגעלעבט זייער ליטעראַרישן עקליפּס אַ היפּש ביסל יאָרן פריער פון זייער פיזישן טויט.

עס איז דאָ אַזוי פיל געמיינזאַמקייט סיי אין דעם שאַפן פון יעדע קינסטלער, סיי אין זייער פּערזענלעכן טראַגיזם און אויך אין די סיבות פאַרוואָס זייער קינסטלערישער טויט איז געקומען פאַרן ביאָלאָגישן, אַז עס איז כדאי אַ ביסל ברייטער זיך אָפּצושטעלן אויף דעם פּראָצעס פון זייער באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ... און כאָטש עס איז „פּאַלג מיך אַ גאַנג" פון זשעליכאָוו ביז סידנעי, איז עס נאָר שייך אין געאָגראַפיע, אָדער אין נאַטור־פּייזאַזש, אָבער וואָס איז נוגע ליטעראַטור, פאַלן אָפּ געאָגראַפישע ווייטקייטן און נאַציאָנאַלע לבוש־באַריערעס. מיר וועלן באַלד זען ווי וויסענבערג מיט לאָוסאָנען טרעפן זיך אויף אַ בשותפותדיקן באָדן.

אין מיין בוך „אויפן צעשיידוועג" האָב איך געגעבן אַן אָפּשאַצונג וועגן דער אַנשטייאונג און אַנטוויקלונג פון דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. איך האָב דערמאָנט די קאָלאָניאַלע באַדינגונגען פון אויסטראַליע במשך דעם 19טן יאָרהונדערט און ווי אַזוי די שרייבער, וואָס זענען שוין געווען געבוירענע אין אויסטראַליע, האָבן ביים סוף פון דעם יאָרהונדערט געלייגט די פונדאַמענטן פאַר אַ נאַציאָנאַנאַלער אויסטראַלישער ליטעראַטור.

הענרי לאָוסאָן איז געווען איינער פון די פּיאָנערן, וואָס האָט געהאָלפן צעאַקערן ליטעראַריש די אויסטראַלישע קרקע־בתולה און ביי דער אַרבעט זיך אַליין קינסטלעריש צעבליט. מען קען דאָ אויך מאַכן אַנאַלאָגיעס מיט דעם אָנהייב פון דער יידישער ליטעראַטור און מיט דער ביטול־באַציאונג צו די „זשאַרגאָנאָווע" שרייבער, מחמת אין אויסטראַליע האָט זיך איבערגעחזרט דער זעלבער פּראָצעס, שוין נישט אויפן שפּראַכלעכן באָדן, נאָר פון סנאָביסטישן קוק ווינקל, וואָס די זין און אייניקלעך פון פאַרשיקטע קאַטאָרזשניקעס גייען גאָר שאַפן אַן אויסטראַלישע ליטעראַטור, אַ מין שפחה פאַר דער האַרנטע — ענגלאַנד.

הענרי לאָוסאָן האָט זיי באַלד מיט זיינע ערשטע דערציילונגען געוויזן, וואָס עס מיינט אַן אייגענע אויסטראַלישע ליטעראַטור, און ער, ווי וויסענבערג אין זיין גרעסטענעם אָנהייב אין דער יידישער ליטעראַטור, איז גלייך אַריין מיט זיין רעכטן פוס.

די ערשטע דערציילונג זיינע („זיין פּאַטערס חבר") האָט גלייך צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דעם קריטיקער א. ג. סטיפענס, אַ מענטש מיט אַ הויכער אייראָפּעישער קולטור, לויט זיין קאַליבער אַ מין אויסטראַלישער בעל־מחשבות, וועלכער האָט זיך ענטוזיאַסטיש אָפּגערופן וועגן דעם יונגן אויפגייענדיקן שטערן אויף דעם אויסטראַלישן ליטעראַרישן האָריזאָנט. דערביי איז מיט לאָוסאָנען נאָך פּאַרגעקומען אַזאַ קוריאָז: ער האָט אָפּגעדרוקט אַ פּאָעמע אין אַ זשור־

נאָל. ווען דער פּראָפעסאָר פאַר ליטעראַטור אין סידנעיער אוניווער־סיטעט האָט עס איבערגעלייענט, האָט ער צו זיך אַרויסגערופן דעם מחבר. ווי נשתומם איז ער געוואָרן, ווען ער האָט דערזען פאַר זיך כמעט אַ יינגל — און שוין מיט אַזאַ דיכטערישער קראַפט. ער האָט באַטראַכט דאָס וווּנדערבאַרע קינד און געלייגט אויף אים גרויסע האָפענונגען, פּונקט אַזוי ווי בעל־מחשבות אויף ווייסענבערגן.

ווען מען לייענט וואָס בעל־מחשבות האָט געשריבן וועגן ווייסענ־בערגן, זיין באַגייסטערונג פאַר ווייסענבערגס געזונטן נאַטוראַליזם, זיינע לויב־געזאַנגען פאַר דער אָריגינעלער טעמאַטיק, פאַר דער פרישקייט פון זיינע נייע פאַרבן, די לעבעדיקייט פון זיין דיאַלאָג און דעם קערנדיקן טיפּאַזש פון ווייסענבערגס דערציילונגען, פון וועלכע עס קענטיקט זיך אַזוי בולט דער פּילזייטיקער טאַלאַנט פון יונגן מחבר — איז פאַרשטענדלעך דער ענטוזיאַסטישער אויספיר פון בעל מחשבותן: „ווייסענבערג איז אַ גרויסער טאַלאַנט, אפשר די גרעסטע האָפענונג אונדזערע״ . . .

ווייסן מיר איצט זייער גוט, אַז אָט די נביאות איז נישט מקוים געוואָרן, אָבער די אָפּשאַצונגען פון ווייסענבערגס ווערק האָבן געהאַט אַ סאָלידן געזונטן יסוד, אויף וועלכן מען האָט דעמאָלט געקענט לייגן גרויסע האָפענונגען. שוין זיין ערשטע דערציילונג „דור הולך ודור באָ״ (1904) האָט צוגעצויגן צום מחבר די אויפמערקזאַמקייט פון בעסערן לייענער. גאָר אַ גרויסן רושם האָט געמאַכט זיין דערציילונג „די משוגענע אין דאָרף״ (1905), וואָס האָט זיך אויסגעטיילט מיט אירע צאַרטע, לירישע טענער.

און אַזוי איז יעדן יאָר דערשינען ווייסענבערגס אַ ניי ווערק, וואָס האָט באַרעכטיקט בעל־מחשבותס האָפענונגען. ווייסענבערגס „דאָס שטעטל״ (1906) האָט זיך פולשטענדיק אויסגעטיילט לויט דער באַהאַנדלונג און סוזשעט פון שלום אַשס ווערק אונטער דעם זעלבן נאָמען. און אין משך פון פינף יאָר (1904—1909) האָט זיך אַנטפּלעקט די פּילזייטיקייט פון ווייסענבערגס וואַקסנדיקן טאַלאַנט: הומאָר און איראָניע (אין „אַ מעשה מיט אַ ציג״ און אין „חיים אהרן״); די שלעכטקייט פון דער פרוי („צום איידעם אויף קעסט״, „אַ שלעכטע פרוי״), די נישט־טאָלעראַנץ צו נאָך־קאָנפאָרמיסטן („דער חוב״) און דינע עראָטישע מאָטיוון („דער חוב״).

די דערציילונגען האָבן געהאַט דעם חותם פון אַן אָריגינעלן קינסטלער, וואָס גיט דעם יידישן לייענער אַרויסגעריסענע שטיקער לעבן פון האָרעפּאַשנעם מאַסן־מענטש, המונישע טיפּן פון די הינטער־געסלעך אין שטעטל מיט זייער אוממיטלבאַרקייט פון דערוואַקסענע מענטשן פון אַ פאַרגרעבטער סביבה („דער טאַטע און די בנים״),

וואָס פאַרמאָגן נישט קיין אינטעליגענטישקייט, אָבער טיפע מאָראַלישע וואָרצלען, דער גורל איז גרויזאַם. ער טיילט זיי צו קלעפּ, אַ קאָרגן כזית פריידן און פערדישע פאַרציעס פּיין און טרויער.

אין די דערציילונגען איז פאַרשפּיגלט דעם קינסטלערס אַן אייגן לעבנס־געפיל, זיין קינסטלערישער אינסטינקט האָט געפירט סטיכיש זיין פעדער, וואָס האָט זיך באַוועגט צווישן די שמאָלע גרענעצן פון זיין גייסטיקן האָריזאָנט. דאָס האָט פריצייטיק דערפירט צו זיין קינסט־לערישן עקליפּס און טראַגיזם אין זיינע שפּעטערדיקע יאָרן. די זעלבע טראַגעדיע איז פאָרגעקומען מיט העגרי לאָוסאָן, וואָס איז אויך געווען באַגרענעצט אין זיינע אינטעלעקטועלע האָריזאָנטן און איז געבליבן שטעקן ביי זיינע פּי־טרייבער, טרעמפּס, וואָלשערערס און „פּאָבס״ (ביר־שענקען). און בעת די אויסטראַלישע ליטעראַטור איז אַוועק אין איר אַנטוויקלונג מיילן ווייט פאָראויס, איז ער געבליבן איינגע־שרומפּן אין זיין באַגרענעצטער מיליע אויף די קליינע אָפּשניטן פון לעבן. ווייסענבערגן, ווי העגרי לאָוסאָן, האָט געפעלט אַ קינסטלערישע אידייע, אַ דרך מיט פאַרטיפטע זעאונגען און באַנעמונגען.

עס איז געווען ריכטיק, וואָס בעל־מחשבות האָט אין ווייסענ־בערגן באַוואונדערט דעם פענאָמען, „ווי אין דער ערגסטער, ברודיק־סטער אַטמאָספער. ווו איטלעכער פּרט פאַר זיך איז סם־המות פאַר דער גייסטיקער אַנטוויקלונג. באַווייזט זיך פּלוצלונג אַן איינצלנער, מיט זעלטן אויסגעלייטערטע חושים, מיט אַ ווונדערלעך־קינסטלערישן בליק אויפן לעבן״. אָבער דער מאַנגל אין בילדונג און קולטור האָט געמאַכט זיין טאַלאַנט נאָר אָפּהענגיק פון סטיכיע, וואָס האָט אים טאַקע געגעבן פליגל, אָבער אָן די ליכט פון אינטעלעקטועלער אַנטוויק־לונג. ער איז פאַרבליבן אין זיין גייסטיקן האָריזאָנט ביזן סוף פון זיין לעבן „דער פויער פון זשעליכאָוו״, אינטעלעקטועל שטאַרק באַ־גרענעצט, און דאָס האָט געלייגט אַ שטעמפּל אויף די יאָרן פון זיין שפּעטערדיקן שאַפן.

דאָס איז אויך געשען מיט דעם אויסטראַלישן העגרי לאָוסאָן און עס איז כאַראַקטעריסטיש, וואָס ביידע האָבן אויסגעלאַזט זייער גאַנצן צאָרן צו די „אינטעליגענטן״־שרייבער. אָט דער קאָמפּלעקס ביי ביידע שרייבער (ביי ווייסענבערגן איז נאָך געווען אַ צוגאָב — „ליטוואַקעס״) איז דאָך אויסגעוואַקסן פון זייער קינסטלערישער איינגע־שרומפּנקייט אין דעם גאַנג און אַנטוויקלונג פון דער ליטעראַטור.

ווען מיר באַטראַכטן אָבער ביידע שרייבער פון אַ היסטאָרי־שער פּערספּעקטיוו, דאַרף מען זיי אָפּגעבן דעם בכבודיקן אָרט, וואָס זיי פאַרנעמען אין דער געשיכטע פון דער יידישער און אויסטראַלישער ליטעראַטור. די קערנער, וואָס זיי האָבן פאַרזייט, זענען דאָך אויפ־

געגאַנגען מיט אַ גרויסער שפע. און אויב זייער פּערזענלעכער שניט זעט אויס צו זיין קליין (אין כמות — אָבער זיכער נישט אין איכות — פון אַ ליטעראַריש־שעפערישער פּערספּעקטיוו), האָבן זיי דאָך אין זייער געשיכטלעכער ראָל אַזוי פיל בייגעשטייערט מיט זייער שעפערישער אַרבעט פאַר זייערע נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן. זיי האָבן געלאָזט נאָך זיך עטלעכע דורות תלמידים, וואָס האָבן אַ סך צו פאַרדאַנקען זייערע רבים.

ביים אָפּצייכענען זייערע יאָרצייטן און ביים אָפּגעבן כבוד זייערע נעמען, וועט נישט זיין איבעריק צו דערמאָנען די שווערע באַדינגונגען, אין וועלכע זיי האָבן געלעבט און געשאַפן זייערע ווערק. ווען זיי זענען נאָך געווען יונג אין יאָרן, זענען זיי שוין געווען זאַט און רייך אין צרות... די אויסטראַלישע שרייבער טראָגן אַ שולד־געפיל, ווען זיי דערמאָנען, אַז זיי האָבן געלאָזט הענרי לאָוסאָנען אויסגיין פון הונ־גער, דערלאָזט ער זאָל זיך אַוועקשטעלן ביי די אָנקומענדיקע שיפן און אויסשטרעקן זיין האַנט נאָך אַן „הלוואה"... און ווייסענבערג האָט אויסגעמאָסטן די שאָסייען צו די פּוילישע שטעט און שטעטלעך מיט צעריסענע שיך און אַ ליידיקן מאָגן. אויך אין דעם האָבן ביידע שרייבער געטיילט דעם זעלבן טראַגישן גורל...

# קיילי טענענט

## (איינע פון דעם העברי לאָוסאָן שבט)

קיילי טענענט איז נאָכגעגאַנגען די פוסטריט פון העברי לאָוסאָן אין איר ליטעראַרישן שאַפן. אירע כאַראַקטערן געהערן אָבער לרוב, צו דער פעריפעריע פון דער געזעלשאַפט, די אָרומשלייכנדיקע פאַר־שוינען פון שטאָט און דאָרף, היימלאָזע, נאָמאַדן, וואַגאַבונדן, אָן וואָרצלען, לעבנדיק ביים ראַנד פון דער געזעלשאַפט, ווייזן זיי אַרויס מוט, אומאָפהענגיקייט און פרייהייט וואָס פאַרלאַנגט אָפט אַפילו העראָיזם: עפּעס וואָס מען קען נישט געפונען ביי די אויבערשטע שיכטן.

אין איר ערשטלינג „טיבוראָן" שילדערט זי אַרבעטסלאָזע אין אַן אויסטראַליש שטעטל בעת די דעפּרעסיע יאָרן. מיר זעען בילדער און סצענקעס פון טיפּן פון דער פעריפעריע, זייערע באַציונגען צו דער לאָקאַלער פּאָליציי און צו דער „סאָסייטי"; אַ ראָמאַנטישע געשיכטע פון אַ שרייבערין, אַ „ליטעראַרישע לײדי", מיט אַ פעריפעריע־טיפּ.

די מחברין האָט נישט אַרויסגעוויזן אין ערשטן ווערק צופיל אײ־בערקלייבערישקייט אין איר אויסוואַל און באַהאַנדלונג פון פאַבולע און טיפּיזאַציע. אייניקע טיפּן זעען אויס יאָ צו זיין אויטענטיש מיט זייערע שטאַרקייטן און שוואַכקייטן, אָבער אין אַלגעמיין איז איר בכור נישט געווען צופיל געראָטן...

מיר טרעפן זיך ווידער מיט ענלעכע טיפּן אין איר ראָמאַן „די קעמפּערס". זיי זענען אָבער אין דעם ווערק שוין בולטער אינדי־ווידואַליזירט, אַ סך מער ווי אין איר „טיבוראָן". די מענער און פרויען זענען דאָ שוין מער פאַרשפּיגלט אין באַוועגונג, אין זייערע וואַנדע־רונגען פון שטאָט צו שטאָט נאָך־זוכן אַרבעט, אָדער לעבן פון קצבה, וואָס זיי באַקומען אויפן וועג.

טײלוויז רופן זיך די פערסאָנאַזשן איבער מיט שטיינבאַקס שיל־דערונגען פון „די טרויבן פון גרימצאָרן" — די וואַנדערונגען אויף די וועגן, ווי אויסגעוואָרצלטע, באַדנלאָזע מענטשן. אָבער די מחברין שטעלט אַוועק דאָ דעם טראַגישן עלעמענט, וועלכן מיר זעען אין

שטיינבאָקס העלדן אַזוי בולט קלאָר, לגמרי אין אַ זייט, און מיר זעען אים נאָר, ווי אין הינטערגרונט. עס איז אוודאי דאָ אַ גרויסער אונטערשייד צווישן אָט דיביידע שרייבער, נישט נאָר אין טאַלאַנט, נאָר אויך אין דער באַהאַנדלונג פון סוזשעט. קודם, גיט טענענט אַריין הומאָר אין אירע פאַרשוינען, וואָס מאַכן נישט קיין טראַגעדיע פון זייער וואַגאַבונדיש לעבן. עס גלאַנצט אַרויס אַ מין פריילעכער העראָיזם אין זייערע באַציונגען מיט דער פּאָליציי, וועלכע נעמט זיי, פאַרשטענדלעך, נישט אויף מיט אַ בכבודיקן קבלת־פנים . . . אָבער די אויסטראַלישע נאָמאַדן האָבן נישט קיין טבע אַרומצוטראָגן זיך מיט ביטערע זכרונות — זיי האָבן גאָרנישט פאַרמאָגט, און זיי פאַרלירן גאָר נישט, א חוץ אַ ביסל בייזקייט און גרויזאַמקייט, וואָס זיי טרעפן אָן אין לעבן. זיי זענען אָבער געבענטשט מיט געדולד און מיט אַ „פריילעכן לונג־און־לעבער״. דאָס טראַגישע ווערט דורך זייער הומאָר טראַנספאָרמירט אין אַ טראַגי־קאָמעדיע.

איר בוך „פאַרלוירענער הימל״ באַהאַנדלט שוין אַ סטאַטיש לעבן אין אַ פישער־שטעטל. אינעם שטעטל געפינען זיך אויך צוויי שטאָטישע געסט, אַ ביבליאָטעקאַרין און איר פריינד. עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר איר שאַפן, וואָס אין אירע שטאָטישע סוזשעטן פעלט די ספּעציפישקייט פון איר הומאָר, וואָס קענטיקט זיך אַזוי בולט אין אירע וואַגאַבונדישע סוזשעטן. זי באַנוצט אַ סאַטיריש־הומאָריסטישע פּעדער לגבי געוויסע כאַראַקטערן און „באַוועגונגען״, לאָקאַליזירטע, אין פּלאַץ און צייט־אַפּשניט.

אין אירע באַשרייבונגען פון שטאָט און דאָרף, האָט זי אַרויסגעהויבן די ספּעציפישע טיפּן מיט וועלכע די א״ג געזעלשאַפט האָט אַ קנאַפּע שייכות, דאָך קען מען זיי באַצייכענען ווי נאַציאָנאַלע. די מחברין גייט זיי נישט אידעאַליזירן, נאָר בלויז פאַרשטעלן פאַרן לייענער ווי „זיי שטייען און גייען״.

אָבער עס פעלט אַ געוויסע ראַם, נישט נאָר אַ קינסטלערישע, פאַר זייער איינרעמונג, נאָר אויך אַ פילאָזאָפישע, אַ סאָציאַלע און אַפילו טיילמאָל, אַ פּאָליטישע. די געשילדערטע סיטואַציעס, די פאַרשוינען, זענען ס׳רוב אַמוזירנדיקע. זי באַהאַלט נישט אויס זייערע טראַגישע מאָמענטן, אָבער זי אַקצענטירט זיי נישט. גיכער זוכט זי צו באַטאָנען דאָס אַבסורדאַלע, וואָס נעמט אָן די פאָרם פון סאַטירע און הומאָריסטישער רעאַליטעט.

אירע ראָמאַנען און דערציילונגען זענען ס׳רוב באַזירט אויף אירע פערזענלעכע דערפאַרונגען, סיי די סידנעיער „סלאַמס״, ווי פון די הינטערלאַנד שטעטלעך. אָט איז אַ שילדערונג פון די באַדינגונגען אינעם אויסטראַלישן הינטערלאַנד : „...במשך פון ניין יאָר

איז זייער ווייניק רעגן געפאַלן. איצט איז די חמימה פונעם זומער צוריק געווען אויף דעם אָרט. דער גראָז און די ביימער האָבן ווידער געהאַט אַ שטויביק אַש־קאָליר... ס'איז געווען אַ האַרטנעקיק לאַנד, אויסגעריבן נאַקעט דורך די הייסע ווינטן, ווי פון אַ גליענדיקן אויוון. די האַרטע פעלדזן איבערן אויבערפלאַך, און די מענטשן, זענען אויס־געמאַטערט געוואָרן״.

זי גיט אַ שילדערונג פון די טריקענישן, ווען די פּאַרמערס האָבן אפילו נישט געקענט זיך דערלויבן צו געבן אַ טרונק וואַסער דעם וואַנדערנדיקן מענטש, כאָטש אַ פרוי און קינד האָבן זיי קיין מאָל נישט אָפּגעזאָגט... בכלל זענען אירע באַשרייבונגען פון שטאָט און דאָרף רעאַליסטיש, אָבער דער חסרון אירער באַשטייט בעיקר אין די כאַראַקטעריזאַציעס. זי דרינגט נישט אריין טיפער אונטער דער הויט פון אירע מענער און פרויען־טיפּן, וועלכע צייכענען זיך נישט אויס מיט צופיל אינדיווידועלקייט. אייניקע טיפּן (און אויך שטעט־באַשרייבונגען) קענען זיין אומעטום: אין איראָפּע, אין אַמעריקע און אויך אין אַנדערע לענדער. ווידער ווי אוניווערסאַלע געשטאַלטן פעלט זיי הומאַנישע פּאַרטיפּטקייט. זי לײַדט בכלל פון פלאַכקייט. אָבער זי פאַרמאָגט יאָ אַן אויג פאַר אָבסערוואַציע, טיילמאָל אַ גאַנץ שאַרפע פאַר דער אויסערלעכקייט פון מענטש, דורך דער ענדערונג זיינער אין לויף פון יאָרן, ווי זי שילדערט אין „פאַרלוירענעם גן־עדן״. זי גיט דאָרט אַ שילדערונג וועגן קעללי סטאַרברייסעס פרוי, דזשאַמייקאַ, וועלכע איז געוואָרן די דע־פאַקטאָ ווייב פון אַלעק סטודערמאַן און זי גיט אָט די צייכענונג וועגן איר: „...דזשאַמייקאַ איז אַמאָל געווען אַ שיינקייט. אַ הויכע בלאָנדינקע מיט אַ מירמל־ווייסן קערפּער און קאַלט־בלויע אויגן. אַפילו איצט, אין איר מיטליעריקער פּעטס, מאַכט זי נאָך אַלץ דעם איינדרוק פון זויבערקייט און שטאַרקייט: עס האָט אויסגעזען ווי עטלעכע אַקער, מיט אַ קאָלירטן דרוק אויף אַ קלייד, וויקלט אַרום איר פאַרנעמיקן רעם. אמת, די קיך איז געווען זויבער און געשיינט מיט איר גלאַנץ...״

פאַראַן ביי איר אַנדייטונגען און באַשרייבונגען פון לעבנס־קאָנ־פליקטן, אָבער עס פעלט אין זיי די שפּאַנונג פון גורלס ענדגילטיקן נצחון, געזען פון אַ געוויסער טיף. די צענטראַלע פיגורן, אין זייער גאַנצער פאַרשידנאַרטיקייט פון כאַראַקטעריזאַציע, וויטאַליטעט, זענען ווייט נישט תמיד די אינטערעסאַנטסטע. טייל מאָל, ווען זי ווייזט פאַר־שוינען, צי פּלעצער און ישובים, אפילו ווען מיר האָבן הנאה פון באַטראַכטן זיי, איז עס אָבער אויך פּונקט, ווי מיר וואָלטן שנעל דורכ־געפאָרן אויף אַ טור און דער „גייד״, וואָס ווייזט אונדז אָן אויף די פּלעצער און מענטשן, פאַרענדיקט זיין טור און מיר פאַרגעסן גלייך,

וואָס ער האָט אונדז אָקאָרשט געוויזן, מחמת מיר האָבן עס נישט באוויזן דורכצולעבן אינטענסיוו, עס זאָל קענען וויטאַליזירן אונדזערע חושים...

די מחברין לײדט אויך פון מאַנגל אין אָפּקלײַב: וואָס אַרײַנצונעמען און וואָס אַרויסצולאָזן. די הויפּט־פיגורן און די מינאָרע כאַראַקטערן, באַקומען ביי איר די זעלבע מאָס וויטאַליטעט, און עס פעלט זיי בײדע גלײך אַ גענוגנדיקע מאָטיווירונג פאַר זײער אויפפירונג. דאָס נישט קענען זיך קאָנצענטרירן אויף דעם צענטראַלן עלעמענט, אויף דער הויפּט־אידיי פונעם ווערק און פון זיין צענטראַלן כאַראַקטער איז, מסתמא, אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס עס פעלט ביי איר קינסטלערישע דיסציפּלין, פון קענען פאַרטיפן זיך און באַווירקן דעם לייענער ער זאָל זיך קאָנצענטרירן אויפן וויכטיקסטן פונקט.

ביים לייענען אירע שאַפונגען, האָב איך געטראַכט, אַז כירורגיע איז נישט נאָר וויכטיק אין דער מעדיצין, נאָר אויך אין ליטעראַרישע ווערק. אַ שרייבער דאַרף אַראָפּנעמען אַ ביישפּיל פון אַ גוטן גערטנער, וועלכער שניידט אַרום פון ביימער צווייגן אום ווינטער, הגם די צווייגן גיבן נאָך פרוכטן. ער טוט דאָס אָבער וויסנדיק, אַז דורכן אַרומשניידן זיי, וועט ער שפּעטער אַרויסבאַקומען מער געזונטערע פרוכטן.

אַרויסלאָזן פון אַ ווערק, מיינט נישט בלויז די שלעכטע זאַכן. טיילמאָל איז אויך נויטיק גוטע פּיצלעך אויסצושניידן פון מאַנוסקריפּט. מחמת זיי שטערן די גאַנצקייט פונעם אַלגעמיינעם בילד. פון דעם חסרון לײדן פיל שרייבערס און אויך די מחברין, וועלכע מיר באַהאַנדלען דאָ. במילא, האָבן אָט די קריטישע באַמערקונגען נישט בלויז אַ שייכות צו איר.

זי האָט אויך נישט באַוויזן אַוועקצושטעלן אין פאָקוס דעם אינדיווידועלן כאַראַקטער, ער זאָל זיין פאַרשפּיגלט אין איר שאַפן ווי אַ יחיד און נישט בלויז ווי אַ פאַרקערפּערונג פון אַ סאָציאַלער גרופּע. אירע העלדן אַנטפּלעקן זיך דורך אַקציע און קאָנווערסאַציע, און זיי פאַרמאָגן אַ שטאַרקן לעבנס־ווילן. עס גייט אפילו אַרום אַן אַנעקדאָט, אַז איינער פון אירע העלדן, וועלכן זי שילדערט אַ טויטן, איז שטאַרק גערירט געוואָרן פון איר שילדערונג, אין וועלכן ער האָט זיך אַליין געזען פאַרשפּיגלט... דאָס רופט זיך דאָך איבער מיט מאַנגערס חומש־לידער, ווען די אימהות לייענען וועגן זיך אין צאינה וראינה...

איך וואָלט געקענט אָנווייזן אויף נאָך פעלערן ביי איר (איך מיין דער עיקר איר נישט קענען דערגרייכן אויף אַ לאָקאַלן הינטערגרונט אוניווערסאַל־הומאַנישע ווערטן און הויכן), אָבער דערמיט וואָלט איך נישט געקענט באַלאַנסירן מיט אירע מעלות — און זי פאַרמאָגט זיי בלתי

ספק — מחמת די קלענערע און גרעסערע פּעלערן, וואָלטן אַריבער־געוויגן די גוטע זייטן פון איר ליטעראַרישן שאַפן.

צו אירע ליטעראַרישע מעלות, געהערן די פּאָעטישע עלעמענטן פון איר פּראָזע, איר פיינעם אויער פאַר דעם שפּראַך־ריטעם, דאָס אויסמיידן, ווי נאָר מעגלעך, קלישע־רייד און דאָס קענען דערציילן וועגן אירע העלדן פּשוט און אוממיטלבאַר. פאַראַן ביי איר דער קלי־מאַט פון לאָוסאַנס „מייטשיפ״־טראַדיציע (חברישקייט), גוטהאַרציקייט און קוראַזש ביי אירע העלדן (ס׳רוב גענומען פון לעבן, נאָר אַנטוויקלט און פאַרגרעסערט מיט שעפערישער פאַנטאַזיע). איר פאַנטאַזיע איז אַ וויזועלע; אָפּשפּיגלען דעם מענטש אַזוי ווי זי זעט אים, און ווען זי דערזעט היפּאָקריזיע און קאָרופּציע, נוצט זי גלייך איר שאַרפע סאַטירי־שע פעדער.

און זי קען זיין בייסיק, ווי זי טוט עס לגבי דער סנאָבישער סאָציאַ־לער טוערין, מרס. קאָולפילד (אין „טיבוראַן״): „די שפּיצן אַרום איר האַלדז האָבן איר געגעבן דעם אויסזען פון אַן אַריסטאָקראַטקע, וואָס האָט באַגעגנט אַן אומגליקלעכן, און מיט אַ ריח״... זי גיט אַ זאָג וועגן דעם אומסימפּאַטישן רעסטאָראַטאָר־אייגנטימער, מר. ליטשין — „ער האָט זיך געוויקלט אין זיינע אייגענע עמאָציעס, ווי אַ הונט, וואָס האָט אויפן וועג געפונען אַ באַזונדער הנאהדיקע זאַך״.

אַ פּליוס איז איר קאָנדענסירטער סטיל, נאָכפאָלגנדיק דעם זשור־נאַליסטישן פּרינציפּ: — זאָג וואָס דו האָסט צו זאָגן און שטעל אַ פּונקט. נישטאָ ביי איר קיין מעדיטאַציעס און טעאָריעס וועגן לעבן. זי אילומינירט נאָר דעם אויבערפלאַך פון לעבן, און נוצט נישט אויס די מעגלעכקייטן פאַר טראַגעדיע, צו אַנטוויקלען דעם העלד פון זיין לאָקאַלן הינטערגרונט צו אַן אוניווערסאַלער הויך. פאַר דעם לייענער, וואָס האָט ליב לייכטע, פרייע און קורצע זאַצן, איז די מחברין גלענצנדיק. איר סטיל איז מסתמא אַן איבערבלייב פון איר זשורנאַ־ליסטישער פּראַקטיק נישט אָפּצוגעבן אומנויטיקן פּלאַץ אימאַזשן, אויב זי קען זיך באַגיין אָן זיי...

# קריסטינאַ סטיד

## (איר אָרט אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור)

אין דער פּרעסע איז לעצטנס געווען געמאָלדן, אַז פּעטריק ווהייטס ערשטע פּרעמיע פאַר אויסטראַלישע שרייבערס, האָט באַקומען די ראָמאַניסטין קריסטינאַ סטיד. די סומע (זעקס טויזנט דאָלאַר) איז די גרעסטע יערלעכע פּרעמיע, וואָס איז געגעבן געוואָרן אַן אויסטראַלישן שרייבער.

היות עס איז נישט אָנגעמערקט פאַר וועלכן ווערק זי האָט באַקומען די פּרעמיע, קען מען דרינגען, אַז עס איז איר געגעבן געוואָרן נישט פאַר אַ ספּעציפישן ווערק, נאָר פאַרן גאַנצן שאַפן אירן. מעג־לעך, אַז דאָס לעצטע בוך, וואָס איז נישט לאַנג צוריק דערשינען פון דער מחברין — „דער „קליינער האָטעל"", האָט אויך משפּיע געווען, זי זאָל ווערן אויסגעטיילט פון דער גרויסער פּלעיאַדע אויסטראַלישע שרייבערס. וועלן מיר זיך דאָ אַ ביסל אָפּשטעלן אויף דעם דאָזיקן ווערק.

„דער קליינער האָטעל" האָט דעם הינטערגרונט פון שווייצאַריע, נאָכן צווייטן וועלט־קריג. אין דעם קליינעם האָטעל פון מאַדאַם באַ־נאַרד, פאַרברענגען פאַרשידענע טיפּן, וועלכע גיבן אויס מער, ווי זיי קענען זיך דערלויבן. צווישן די קליענטן געפינט זיך דער מאַניאַק ב. פון בעלגיע. דער „אַדמיראַל" און נאָך אַנדערע ביזאַרע פאַרשוי־נען פון פאַרשיידענע פעלקער: איטאַליענער, דייטשן, פראַנצויזן, שווייצאַריער, וועלכע געפינען זיך אויף איין פּלאַץ און זייערע לעבנס פאַר־קניפּן זיך (ריכטיקער: פאַרפּלאָנטערן זיך) מיט זייערע פּרוסטראַציעס, און אַגאָניע.

די פּערסאָנאַזשן זענען טרויעריקע, קאָמישע און אומעטיקע טיפּן. די געסט און די באַדינערס זענען אַריינגעצויגן אין קעגנזייטיקע אינ־טריגעס, נישט ווייניק מיט עטנישע באַליידיקונגען, איינער קעגן אַנדערן. ווי דריקט זיך אויס מרס. טראַלאָפּ — דער איינציקער טיפּ, וואָס איז נישט קיין שקלאַף צום באַנק־ביכל, — זי זאָגט: „מענטשן ליידן און מיר רופן זיי מיט נעמען; אָבער זיי ליידן די גאַנצע צייט.

איך האַלט זיך נישט פאַר קיין חכמה, טיילווייז גאָר דערפאַר, וואָס איך קען נישט גליבן, אַז דאָס לעבן מיינט טאַקע עס זאָל זיין העסלעך״.

עס שיינט, אַז די מחברין האָט ווי געזוכט, ביים האָטעל־טישל, דעם פּרווו ליב צו האָבן מענטשן. געזוכט אַ געוויסע סטאַביליטעט און געוויזן, ווי אַזוי מענטשן קענען מיט זייערע אייגענע הענט פאַר־פלאָנטערן זייערע לעבנס, ווי עס פירט אויס די מאַדאַם באַנאַרד.

די באַדייטונג פון דעם בוך, באַשטייט אין דעם, וואָס נאָכן אָוועק־לייגן אים, זעט דער לייענער פאַר זיך די קאָלעקציע טיפּן, קאַפּריזנע פאַרשווינען טאַקע, וועמענס רעאַלע לעבנס דער לייענער קען טרעפן אַרום זיך, און זיי קענען געלערנט ווערן פונעם בוך מער, ווי ער ווייסט וועגן זיינע שכנים, מיט וועלכע ער לעבט אָפּ צענדליקער יאָרן. ער לערנט אויך, אַז ליב האָבן מענטשן איז אַזאַ גוטע זאַך און איז אַזוי נייטיק פאַר יעדן איינעם עס צו באַקומען אין לעבן. אָבער פיינט האָבן — איז סם.

שרייבער און ווערק האָבן אויך זייער מזלדיקן שטערן, וואָס באַגלייט זייער לעבן. פאַראַן אַזעלכע ווערק, ווי למשל „מאָבי דיק״, וואָס איז יאָרן־לאַנג נישט געלייענט געוואָרן. ערשט מיט אַ 100 יאָר שפּע־טער, האָט מען זיך געכאַפּט, אַז ס׳איז אַ גרויס מייסטערווערק, און עס האָבן אָנגעהויבן דערשיינען פיל אָפּהאַנדלונגען און ביכער וועגן דעם ווערק (און דעם אָרט וואָס קומט אים) און זיין מחבר, וועלכער איז ערשט מיט הונדערט יאָר שפּעטער געוואָרן אומשטערבלעך...

אַז דאָס איז נישט קיין איינצלפאַל, באַווייזט אויך די געשיכטע מיט קריסטינאַ סטידס בוך „דער מאַן וואָס האָט ליב געהאַט קינדער״. הגם דאָס ווערק האָט נישט געדאַרפט וואַרטן אַ הונדערט יאָר צו באַקומען אָנערקענונג, האָט עס אָבער יאָרן־לאַנג נישט געהאַט קיין גרויסן אָפּקלאַנג. קריטיקערס און לייענערס האָבן עס געהאַלטן פאַר אַ דורכפאַל. ערשט מיט יאָרן שפּעטער, האָט מען זיך געכאַפּט, אַז ס׳איז אַ גרויס ווערק, און עס האָט זיך איבערגעחזרט די זעלבע גע־שיכטע ווי מיט „מאָבי דיק״, כאָטש מיט ווייניקער סופּערלאַטיוון וועגן דעם מחבר.

קריסטינאַ סטיד, געהערט צו די אויסטראַלישע שרייבערס וואָס לעבן אין אויסלאַנד. זי איז די אַממיינסטן קאָסמאָפּאָליטישע שריי־בערין פון כמעט אַלע עקספּאַטריאירטע שרייבערס. איר אוניווערסאַ־ליזם איז פאַרשפּיגלט טעמאַטיש, אידייאיש ווי אויך קינסטלעריש־אורבאַניש. נאָר אין אַ טייל פון אירע ווערק איז דאָ דער אויסטראַלי־שער הינטערגרונט און נאַטור־פּייזאַזש. דאָס קומט בולט צום אויס־דרוק אין איר בוך „זיבן אָרעמע מענטשן פון סידנעי״.

אירע אַנדערע ווערק, ווי „די זאַלצבורגער געשיכטעס", „דאָס הויז פון אַלע פעלקער" (בשעתו אַ „בעסט סעלער") און נאָך אַנדערע שאַפונגען, האָבן שוין נישט אויסטראַליע אַלס הינטערגרונט. אמת, אַז אין די „זאַלצבורגער דערציילונגען" זענען אויך פאַראַן עטלעכע, וועלכע זענען פאַרבונדן מיט אויסטראַליע, אָבער ס'רוב מיט אַנדערע לענדער.

דאָך בוך „זאַלצבורגער דערציילונגען" איז דערשינען מיט איבער פערציק יאָר צוריק (1934), אָבער עס פאַרמאָגט עד היום אַ פרישקייט ביים אַנטפּלעקן אַ ברייטע גאַמע פון פאַרשידענע כאַראַקטערן, וועלכע געהערן צו אַ ריי נאַציאָנאַליטעטן.

די מחברין ברענגט זיי צונויף אויף אַ פעסטיוואַל אין זאַלצבורג (עסטרייך), און זי גיט אימאַזשן פון די פערסאָנאַזשן, פון זייערע עמאָ־ציעס און פרוסטראַציעס, ביים שטרעבן צו דערגרייכן פערזענלעכע שלימות און ווירדע אין דער געזעלשאַפט. עס ציט אַריין דעם לייענער אין די געשיכטעס, דורך וועלכע עס אַנטפּלעקט זיך דער מענטש, זיין אויסערלעכקייט און אינערלעך וועזן.

שוין אין אַט דעם געראָטענעם ערשטלינג פון דער מחברין קענ־טיקן זיך די אימאַזשן, וועלכע שימערירן אין אירע שפּעטערדיקע ווערק מיט זייער אָריגינעלקייט; און וואָס זיי זענען תמיד אויפן ריכטיקן פּלאַץ. האָסט דעם איינדרוק ביים לייענען, אַז אָן דעם אימאַזש, וואָלט אויף דעם אָרט עפּעס געפעלט און דאָס בילד וואָלט געווען נישט שלימותדיק. איך וועל דאָ, לדוגמא, נאָר געבן אירס אַ זאָג וועגן דער מורא ביי מיידלעך, חלילה, נישט צו ווערן פאַרזעסן... „אַ גלעזערנע שויב איז געווען אין דער ברוסט פון יעדן מיידל, דורך וועלכן די אַנדערע מיידלעך האָבן געקענט זען דעם טשור, וואָס גריזשעט איר..." בולטער און שאַרפער קען שוין, דוכט זיך, נישט זיין אויסגעדריקט. אי עס איז צוגעפּאַסט אויפן ריכטיקן אָרט, און עס טרעפט אין פינטל...

די אורבאַניסטישע טעמע פאַרנעמט אַ צענטראַלן אָרט אין איר שאַפן, און דורך אַזאַ ווערק, ווי „זיבן אָרעמע מענטשן פון סידנעי" — מיט דער גרויסער שטאָט, ווי דער הינטערגרונט — האָט זיך קריס־טינאַ סטיד אַרויסגערוקט אויבן־אָן, צו די ערשט־ראַנגיקע ראָמאַניסטן. זי האָט אין דעם ווערק אַרויסגעבראַכט דעם אימאַזש פון דער גרויס־שטאָטישקייט, און אַוועקגעשטעלט אין פאָקוס דאָס מאָדערנע לעבן אין אַ מעטראָפּאָליע, מיט אירע סאָציאַלע און אידעאָלאָגישע אַנטוויקלונגען.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר איר שאַפן, דער אָפּנויג פון דער

נאַטוראַליסטישער קאַנווענציאַנעלער טראַדיציע, וואָס האָט געהערשט אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור, מיט דעם אַקצענט אויפן סאָציאַלן רעאַליזם. צוליב דעם דורכפאַל פון „אויסטראַלישן חלום" זוכן די פּערסאָנאַזשן דורך אַ ראָמאַנטישער בענקשאַפט, צו אַנטלויפן פון דעם אַרומיקן סאָציאַלן געראַנגל. עס איז אַן אַנטריניקונג פון דער אינדיווידועלער פּערזענלעכקייט אויפצוהאַלטן די מענטשלעכע ווירדע אין דער אויסטראַלישער געזעלשאַפט בעת דער עקאָנאָמישער דעפּרעסיע.

דאָס ווערק גופא, באַוועגט זיך אויף די קאָנטראַסט-ליניעס צווישן פּראָזאַאישן און פּסיכאָלאָגישן רעאַליזם. עס איז באַהויכט מיט אַ פּאָעטישן סטיל, און מיט לירישע שילדערונגען פון די שפּאַנונגען און נשמה-ריסן. די העלדן מאַכן אַ פּרווו צו לייזן די סתירות צווישן דעם יחיד און דער געזעלשאַפט, צווישן דער געזעלשאַפט און דער נאַטור, כאָטש טיילווייז צו קענען האַרמאָניזירן די אינדיווידועלע אינערלעכקייט מיט דער אויסערלעכער וועלט.

דער העלד גרעגאָרי טשעמבערליין, איז אַן אייגנטימער פון אַ צוויט-ראַנגיקער דרוקעריי, אָבער אויך אַ פולשטענדיקער שלימזל. זיין מצב — אַ קלאָגעדיקער. ער קען סוף-וואָך נישט „פאַרבינדן אַן עק מיט אַן עק", צוזאַמענשלעפּן אויף שכירות פאַר זיינע אַרבעטער. מוז ער אָנקומען צו געלט-גיריקע, טונקעלע פאַרשוינען נאָך הלוואות... קלאָר, אַז ער גליטשט זיך צום אָפּרונט.

אַ צווייטער העלד — מייקל, אַ מענטש מיט זייער אַ שוואַכן כאַראַקטער, באַגייט זעלבסטמאָרד. ער האָט זיך נישט געקענט צופּאַסן צו דער וועלט און צו זיינע דעפּרעסיווע לעבנס-באַדינגונגען, שפּרינגט ער אין אָפּגרונט אַריין... אפילו ווען ער וואָלט יאָ פאַרמאָגט אין זיך אַ שטאַרקן לעבנס-ווילן, וואָלט עס אים אויך נישט געקענט אָפּראַטעווען פון אומקום. ער האָט אַ שוועסטער, קעטערין רעסטלעס, וועלכע איז אויך נישט ווייניקער געפּלאָגט, אומגעדולדיק און צערייצט ווי איר ברודער. זי איז אַ סך ענלעך צו אים, נאָר מיט דעם אונטערשייד, וואָס זי וויל לעבן, פאַרמאָגט אויך אַ שטאַרקערן כאַראַקטער פון אים, און קען באַהערשן אירע אימפּולסיווע עמאָציעס מיט וועלכע עס ראַנגלט זיך איר אינטעלעקט. בעת איר ברודער איזאָלירט זיך פון דער וועלט, אין וועלכער ער האָט געזען אַזאַ צעפּוילטקייט, און זיין נאַטור האָט נישט געקענט מאַכן שלום מיט איר צושטאַנד, איז זיין שוועסטער קעטערין, מער געניגט צו ראַנגלען זיך מיט דער וועלט ביז זי וועט רעאַליזירן איר הויפּט-שטרעבונג — ליבע.

כאָטש דאָס איז איר הויפּט-פאַרלאַנג, ווערט זי כסדר געשליידערט

פון איין פאַרלאַנג צו אַ צווייטן, אָבער באַוועלטיקט ווערט זי נאָר פון איר וויכטיקסטער שטרעבונג — ליבשאַפט צום ברודער — אַ סוד וואָס זי באַהאַלט אויס פון אים. צוליב דעם סוד בלייבט זי אין אויסטראַליע, כאָטש איר פריינד ברוך, האָט אויסגעאַרבעט פאַר איר אַ פּלאַן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד און זיך פאַרנעמען מיט אַ הערהאַישער אונטערנעמונג. זי נעמט עס נישט אָן, ווייל זי ווייסט, אַז איר ברודער וועט מיט איר נישט מיטפאָרן, בלייבט זי אויפן אָרט, מיר טרעפן זי, ביים סוף פון בוך, לערנען אין אַ מוסטער־אַנשטאַלט פאַר פסיכיש־קראַנקע.

אָט די צוויי העלדן — מייקל און קעטערין — זענען אינעם צענטער פון סוזשעט, וואָס שמידט צו די אויפמערקזאַמקייט פון לייענער צו די סצענקעס, צו די אימאַזשן, וועלכע די מחברין האָט באַהויכט מיט איר אייגנאַרטיקן סטיל, און באַגלייט מיט אַ פיינער איראָניע און דינעם הומאָר. ווי אַן אילוסטראַציע פון איר סטיל וועל איך ציטירן אַ קורצן אָפּזאַץ פון ברוכס צימער, פון אַ קינדערשן געשפּרעך וועגן דעם הויז, די מענטשן, וועלכע לעבן דאָרט און וואָס זיי טוען...

„אין דעם הויז איז געוויינטלעך זייער שטיל, טראָץ דעם וואָס אַ גאַנצע נאַכט איז אין די פענצטער געווען ליכטיק. ווען עס קומט אָבער שבת און זונטיק, האָט אין דעם גאַנצן אַרום געזשומעט מיט קינדער. יעדער איז אַרומגעגאַנגען מיט פאַרשאַרטע אַרבל, מען האָט געקלאַפּט מיט די טירן, וואָס האָבן זיך גלייך געעפנט צו די שלאָפצימערן. הינטער די פענצטער האָבן זיך קליינע יינגלעך געאַמפּערט, געשריגן, געאַרבעט מיט די פויסטן:

— מיין מאַמע איז נישט קיין הור", האָט איינער געשריגן.

— זי איז יאָ! פאַרוואָס איז זי נישט?

— ניין, ווייליס מאַמע איז נישט. זי האָט שטענדיק די זעלבע חברה־לייט, און זי האָט דריי נאָר"...

אין דעם ווערק זענען פאַראַן צוויי הויפּט־צענטערס, ווי די הויפּט־פערסאָנאַזשן זענען געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן — צערייצטע מענטשן, עגאָצענטריש, אומגעדולדיק, ווערן זיי געבייטשט און געשלייערט דורך זייער לעבנס־גורל. די מענער, פרויען, זענען פיזיש און פסיכיש קראַנק, טיילווייז אויך פּערווערז. פאַרשידן זענען די לעבנס־וועגן פון די דורכגעפאַלענע, אומגליקלעכע מענטשן, ס'רוב אינטעלעקטועלע, וואָס געפינען זיך אויף פאַרשידענע שטאַפּלען פון לעבן. זיי האַלטן זיך אין איין שפּאַרן — מיט זייערע צעשרויפטע נערוון— וועגן אַלץ און אַלעמען אין דער וועלט. איבער אַ ריי סצענקעס שוועבט אַ לייכטע איראָניע, וואָס פּרווּוט, מאָמענטנווייז פאַרדעקן אַ טיפערע אַלגעמיינע טראַגעדיע, וואָס געפינט זיך אונטערן אויבערפלאַך פון

זייערע רייד און אַמפּערנישן — דער דורכפאַל פון „אויסטראַלישן חלום״.

דאָס ווערק איז פול מיט סצענקעס, וואָס פאַרשפּיגלען די דורכפאַלן, און גיט אַן עקספּרעסיע דעם געמיט־צושטאַנד פון די דורכגעפאַלענע און פאַרביטערטע אויפן לעבן און אויפן לאַנד („עס האָט קיין מאָל נישט געדאַרפט געפונען ווערן״). עס איז די פאַרביטערונג אויף די געלט־גייציקע, וואָס האָבן פאַרלוירן זייער מענטשלעך פּנים, אויף אַ לאַנד וואָס האָט אין זיין אינגעווייד געהאַט אַזוי פיל גאָלד, אָבער נישט קיין וואַסער צו לעשן דעם דורשט... דעריבער איז אַזוי פאַרשטענדלעך, ווען בלאַנט פרעגט: „וואָס טוען מיר דאָ?״ ער באַטראַכט די אימפּאָרטירטע ציוויליזאַציע פון אייראָפּע פאַר אַן אומזין אויף אָט דעם סוב־טראָפּישן קאָנטינענט. פאַר וואָס פרעגט ער, זאָלן מיר נישט קענען אויסאַרבעטן אונדזער אייגענעם גורל?...

געשילדערט אויפן הינטערגרונט פון סידנעיס „וואָטסאָן ביי״, זעען מיר בילדער פון פישער־לעבן ביים ים־ברעג, סצענקעס מיט המונים פון אָט דער אויסטראַלישער קאָסמאָפּאָליטישער גרויסשטאָטישקייט, צוזאַמענגעפלאָכטן מיט בילדער און עפּיזאָדן פון אינטעלעקטואַלן מיט זייערע אינערלעכע און אויסערלעכע קאָנפליקטן; אויסערלעכע אַריינבליקן אין צירינג־געשעפטן און אינערלעכע וויזיעס פונעם אויסטראַלישן מענטש און לעבן. דאָס ווערק גופא זעט אויבערפלעכלעך אויס צו זיין נישט גאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר אויסטראַליע, אפשר פאַר קיין שום לאַנד נישט. אָבער אַז מען קוקט אַריין טיפער אין די כאַראַקטערן, זעט מען, אַז הגם זיי האָבן אין אַ געוויסער מאָס געמיינזאַמקייט אין זייערע לעבנס־פּראָצעסן מיט דעם לאַנד, זענען זיי אָבער לחלוטין אינדיווידואַליסטיש אין זייער טראַכטן, פילן און רעאַגירן.

דאָס בוך „זיבן אָרעמע מענטשן פון סידנעי״ פאַרמאָגט קוואַליטעטן פון סטיל און מעטאָדיק. עס טיילט זיך אויס פון אירע אַנדערע ווערק מיט די אימאַזשן פון די כאַראַקטעריזאַציעס. אַלץ צוזאַמען — ווייזט אַן אויף דער שעפערישקייט פון אַ קינסטלערין, וואָס האָט באַוויזן אַריינצוברענגען אין איר שאַפן פונקען געניאַליטעט, וואָס זענען אין דער ליטעראַטור נישט קיין צו אָפטע דערשיינונג. עס אַנטפּלעקט זיך בלויז ביי אַ קלענער מינדערהייט, וואָס ווערט, דורך דער מערהייט, זייער אָפט אפילו באַטראַכט מיט גרויס חשד...

אין דען וויליאַם בלעיק, דורך דעם רוב פון זיינע מיטצייטלערס, נישט באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ קאַפּעטשקע גערירט?... זיין טאַלאַנט און געניאַלקייט איז דערקענט געוואָרן דורך עטלעכע יחידי סגולה,

וואָס האָבן, אַ דאַנק זייער חוש און וויסן, געקענט אָפּקלייבן דאָס גאָלד פון זיין שאָפן.

דאָס זעלבע באַציט זיך אויך צום שאַפן פון קריסטינאַ סטיד מיט איר אינטעלעקטועלן אימאַזשיניסטישן סטיל, אויף וועלכן מען האָט זיך אין אויסטראַליע ווייניק אָפּגעשטעלט. אויף וויפל עס איז ריכטיק דער זאָג, אַז אין לעצטן סך־הכל ווערט יעדעס ווערק, וואָס פרעטענ־דירט אויף קונסט, געמשפּט לויט זיין סטיל, דאַרף מען וועגן דעם סטיל פון דער מחברין זאָגן, אַז עס פאַרמאָגט אַ שטאַרקע אינדיווי־דואַליטעט, און איז רייך אין ניואַנסן פון שילדערן שטימונגען, עמאָ־ציעס און אויסטערלישקייטן אין מענטשלעכן לעבן; אין זיינע דורכ־פאַלן, ווי אין זיינע דערגרייכונגען. ווען מיר וועלן צו דעם צוגעבן נאָך די פּאָעטישע עלעמענטן פון איר פּראָזע און די פּאַרטיפטע פּסי־כאָלאָגישע באַשרייבונגען פון אינטעלעקטועלן און עמאָציאָנעלן צושטאַנד ביים העלד, דאַן זעט מען ערשט איר גרויסן טאַלאַנט.

אַז מען לייענט, ווי זי שילדערט דעם צושטאַנד פון טערעזען („פאַר ליבע אַליין”), וועגן דער פרוי, וואָס קען נישט טראַכטן וועגן קיין שום אַנדער זאַך אין לעבן, ווי וועגן ליבע און סעקס. די פּען־צייכענונג פון איר היסטעריע און מעלאָדראַמאַטישקייט; די עקספּרע־סיע, וואָס די מחברין גיט דאָס ביזאַרע און גראָטעסקע אין אַ קאָש־מאַר־וועלט, די צייכענונג פון אַ ציוויליזאַציע, וואָס נעמט צו ביים יחיד די מעגלעכקייט צו קענען רעאַליזירן זיין פּאָטענציאַל, אָבער דאָך, לאָזט זי נישט פאַרצווייפלען דעם העלד. זי גיט אים אַ וויזיע פון אַ צוקונפט מיט האָפענונג פאַר דער יחידישער פּערזענלעכקייט צו קענען דערגרייכן די שלימות און קוואַליטעט פון לעבן.

אין איר בוך („קאָטערס ענגלאַנד”) טרעפן מיר ווידער זיך אָן אויף דעם פּראָבלעם פון דעם יחיד און די געזעלשאַפט, וועלכע איז אַ גרויזאַמע געטין... זי טוט אַ כאַפּ אָן דעם יחיד ביים קאַרק און צעשמעטערט אים. זי באַרויבט אים, נעמט צו ביי אים די פּרוכט פון זיין מי. צווינגט אים צו אַרבעטן, קינדער האָבן: „טייל מאָל טראַכט איך, אַז דאָס לעבן איז אַ מין מאָדנע קראַנקהייט, וואָס אַטאַקירט פאַרשידענע מענטשן אין פאַרשידענע צייטן, און עס ווערט דיר זייער שלעכט, ווען די וועלט לאָזט אָרױף דעם פאַרהאַנג קעגן דיר...”

דאָס זאָגט די מחברין דורך איינעם פון אירע פּערסאָנאַזשן אין דעם בוך. זי מעדיטירט אויך וועגן לעבן און טויט: — איז דער טויט דער גרויסער אמת? פרעגט אָן אַנדערע העלדין. און דער ענטפער איז: מיין גרויסער אמת איז, נישט צו לעבן אין אַ וועלט פון היפּאָ־קריזיע, אָפּנאַרעריי, ליגנט, נישט צו לעבן אין אַ וועלט פון אילוזיע, וואָס איז נאָר אָפּיום פאַרן האַרץ... עס גייט אַ לאַנגער שמועס

אַוועק וועגן לעבן, וועגן טויט, „פון וואַנען ווייסן מיר, אַז הינטער אים איז גאָר נישטאָ ?...״

וועל איך זיך נישט אָפּשטעלן אויף די מעדיטאַציעס צי „דאָרט״ איז דאָ עפּעס, וואָס מיר קענען זיך נישט פאָרשטעלן; נאָר אויף די העלדן גופא, וועלכע אינטערעסירן אונדז מיט אַלע זייערע אַנטוי־שונגען אין פריינדשאַפט, אין מענטשלעכקייט. „וויסטו וואָס פריינד־שאַפט איז? פרעגט איינע, שול, אין קירכע, איז דאָס גוט״. אָבער לעבן באַשטייט נישט פון וויין, נאָר פון שוואַרצן לעבל ברויט... גייען די העלדן דורך דעם פייער און מבול פון לעבן. „טרעפסט אַמאָל עמעצן אויפן וועג, האָסט צוזאַמען מיט אים אַ שעה ביי אַ פרעמדן פייער, אָבער נאָכדעם איז צוריק די איינזאַמקייט פון וועלכער דו קענסט נישט אַנטלויפן...״ דערמאָנט זיך איינע פון די העלדינס וועגן איר מאַן טאָם. ער איז געווען פאַר איר „דער פרימאָרגן פון דער וועלט״. דאָס זיין צוזאַמען איז געווען גוט, וואַרעם, היימיש. מען איז געזעסן שעהן שטיל, ווי געליבטע, וואָס האָבן צווישן זיך עפּעס דעצי־דירט, כאַפּנדיק אַ בליק, פון צייט צו צייט, איינער אויפן אַנדערן...

מ׳האָט זיך געטרויט, ביז...

דאָס דערציילערישע פאַרמאָגט דעם אַראָמאַט פון טראַגיזם און איראָניע. דאָס לעבן גופא האָט די העלדן שוין מער גאָר נישט וואָס פאַרצולייגן, וואָס צו לערנען. אין זייערע איינשטעלונגען — אַ געמיש פון אידעאַליזם און ציניזם, פון אורבאַניזם און מאָדערניזם — אַן אָפּשפּיגלונג פון דער וועלט אין וועלכער מיר לעבן.

די מחברין האָט אַ סך דערפאַרונגען פון איר פערזענלעכן לעבן אַרומגענומען מיט אַ בעלעטריסטישער גאַזע. וועלן מיר דעריבער אין די ווייטערדיקע שורות זיך אָפּשטעלן אויף ביאָגראַפישע שטריכן, וועלכע מיר וועלן שפּעטער לייכט דערקענען אין אירע וויכטיקסטע שאַפונגען, באַזונדערס אין איר גרויסן ווערק „דער מאַן וואָס האָט ליב געהאַט קינדער״. אַ ווערק, וואָס פאַרמאָגט פיל אויטאָביאָגראַפישע עלעמענטן, אָבער איז ווייט נישט כולו אויטאָביאָגראַפיש אין די כאַ־ראַקטערן אָדער אין סוזשעט.

קריסטינאַ סטיד איז געבוירן געוואָרן אין 1902. גלייך נאָך איר געבורט איז איר מאַמע געשטאָרבן. איר טאַטע, דייוויד סטיד, האָט נאָך אַמאָל חתונה געהאַט, אַ סך קינדער געהאַט. קריסטינאַ איז געווען די עלטסטע פון אַ גרויסער פאַמיליע. מיר וועלן זיך שפּעטער באַגע־גענען מיט איר אונטער אַ ליטעראַרישער מאַסקע.

איר פאָטער איז געווען אַ פאַביאַנישער סאָציאַליסט, פילאָזאָ־פיש — אַ ראַציאָנאַליסט. ער איז געווען פראָפעסיאָנעל באַשעפטיקט אין דעם דעפּאַרטמענט פאַר פישעריי ביי דער רעגירונג, זייענדיק

אַ גרויסער אויטאָריטעט אין אויסטראַלישע פיש. די פאַמיליע האָט געלעבט אָרעם, אין אַן אַלט הויז אויף אַ באַרג, ווו עס איז געווען איינגעאָרדנט אַ מין יאַכט־באַסיין פאַר כל־המינים שלאַנגען, חיות, און כל־ערליי שרצים.

קריסטינאַ איז אַלט געווען ביי 15 יאָר, ווען די פאַמיליע האָט זיך אַריבערגעצויגן קיין סידנעי. זי האָט געהאַט אַרבעט איבערן קאָפּ ביי די יינגערע קינדער אין שטוב, און איז צו זיי געווען שטאַרק צוגעבונדן, דערציילט זיי מעשיות, גרימס, אַנדערסאָנס, און אַליין צוגעטראַכטע.

נאָכן פאַרענדיקן אַ מיטלשול, זיך געלערנט אין אַ לערן־סעמי־נאַר ביים סידנעיער אוניווערסיטעט, שטודירט פילאָזאָפיע און פסי־כאָלאָגיע און באַאיינפלוסט געוואָרן פון ניטשען.

אין 1928, איז זי אַוועקגעפאָרן קיין ענגלאַנד, נאָך דעם קיין פראַנק־רייך, יאָרן לאַנג דאָרט געאַרבעט ווי אַ לערערין, אַ געוויסע צייט אויך פאַר דעפעקטיווע קינדער. צוריק געקומען אין אויסטראַליע, געאַרבעט אין דער פסיכאָלאָגישער לאַבאַראַטאָריע פון סידנעיער אוני־ווערסיטעט. צוריק קיין אויסלאַנד, אַמעריקע, ענגלאַנד, ווו זי האָט חתונה געהאַט. איר מאַן איז געווען, וויליאַם בלעיק — אַ מחבר פון מאַרקסיסטיש־עקאָנאָמישע ווערק און צוזאַמען מיט אים האָט זי אַרויס־געגעבן אַן אַנטאָלאָגיע „ליבע ביי דער מאָדערנער פרוי".

כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס אַלע אירע ווערק זענען דערשינען נאָך דעם, ווי זי האָט פאַרלאָזט אויסטראַליע. אפשר גראַדע דערפאַר, האָט זי געזוכט קלאָר צו מאַכן די וויזיע פון איר לאַנד, אפילו, ווען טעמאַטיש האָט זי עס איבערגעטראַגן אין די אַנדערע לענדער, אין וועלכע זי האָט געלעבט און געאַרבעט, טראָגט עס אַלץ דעם גייסטיקן אַראָמאַט פון איר אויסטראַליע.

אַ צווייטער כאַראַקטעריסטישער שטריך, וואָס זי האָט נאָך ווי אַ קינד זיך אויסגעלעבט אין איר אייגן וועלטל (עס איז פאַרשפיגלט אין איר ליטעראַרישער מאַסקע) און פאַרקאָכט געווען אין לייענען, צוערשט גרימס און אַנדערסאָנס מעשיות, שפּעטער די דערציילונגען פון מאָפּאַסאַן. צו 13 יאָר האָט זי אָנגעהויבן זיך לערנען פראַנצויזיש, באַהערשט די שפּראַך, און זיך אַנטציקט מיט די פראַנצויזישע מייס־טערס אין אָריגינאַל, איר קענטשאַפט פון פראַנצויזיש האָט געהאָלפן זי זאָל אַרבעטן פאַר אַ פירמע אין פאַריז און פאַר די פאַרצווייגטע אָפּטיילונגען אין אייראָפּע.

איך האָב דערמאָנט די אַלע פּרטים, באַזונדערס פון איר קינד־הייט און יוגנט, ווייל מיר וועלן זיך באַלד טרעפן מיט זיי פאַר־

שפּיגלט אין דעם סוזשעט פון אַ ריי טיפן און פון איר אייגענער בעלעטריסטישער מאַסקע אין דעם באַדייטנדיקן ווערק „דער מאַן וואָס האָט ליב געהאַט קינדער".

דער ראָמאַן איז געשילדערט אין דער בעלעטריסטישער ראַם פון אַמעריקע: וואַשינגטאָן, באַלטימאָר, אָבער דאָס איז נאָר אויבנ־אויפיק מאַסקירט. פאַקטיש איז ער פאַרבונדן מיט איר אויסטראַלי־שער דערפאַרונג אויפן סמך פון אויטאָביאָגראַפישע, אויטענטישע פאַקטן, וועלכע זי האָט איבערגעטראָגן און בעלעטריזירט.

איך האָב דערמאָנט איר פאָטער דייוויד סטיד. ער איז געווען אַ נאַטוראַליסט און געהאַדעוועט אין זיין נחלה כל־ערליי שרצים. די צווייטע פרוי מיט וועלכער ער האָט חתונה געהאַט נאָכן טויט פון זיין ערשטער (קריסטינאַס מוטער), האָט געהערט צו דער „געזעל־שאַפט", אָבער זי איז ווייט נישט געווען קיין צוגעפּאַסטע פּאָר אים. זי האָט אים געבוירן אַ כאַפּטע קינדער, יינגלעך, מיידלעך, וועלכע זענען געהאַדעוועט געוואָרן אונטער דער אויפזיכט פון זייער שטיפ־שוועסטער. די צווייטע פרוי איז אויך געשטאָרבן און ער האָט ווידער חתונה געהאַט.

צו די אויטאָביאָגראַפישע פאַקטן האָט קריסטינאַ סטיד צוגעגעבן זייער פיל פון איר שעפערישער פאַנטאַזיע און קאָנסטרואירט אַ גרויס ווערק — אין דער קוואַליטעט, ווי אין צאָל זייטן — מיט קרעפטיקע כאַראַקטעריזאַציעס, וועלכע לעבן זיך אויס פולבלוטיק אויף די צאָל־רייכע בלעטער פון בוך.

די הויפּט־פיגור, סעם פּאָליט — אַ פאָטער־געשטאַלט, וואָס איז אויך פאַרשפּיגלט אין אירע אַנדערע ווערק, (אונטער פאַרשידענע מאַסקעס און סוזשעטן) האָט אָבער נאָר אין „דער מאַן וואָס האָט ליב געהאַט קינדער" דערגרייכט אַזוי פיל דימענסיעס און פאַרטיפטקייט אין דער כאַראַקטעריזאַציע, וואָס איז אָנגעהויפט מיט אַ סך פּרטים פון זיינע פירונגען, מחשבות און מעשים.

זיין שטאַרקער דאָמינירנדיקער כאַראַקטער לייגט אַ שטעמפּל אויף יעדן קער און ווענד פון זיין עקזיסטענץ. עס איז דורכגעלויכטן פון אינעווייניק דורך יעדער שפּאַרונקע פון זיין וועזן. מיר שפּירן זיין עקזיסטענץ דורכן גאַנצן נאַראַטיוו. אפילו ווען ער איז פיזיש נישט אַנוועזנד, זעט מען אים, דורך דער פריזמע פון זיין פרוי, אָדער דורך זיין עלטסטער טאָכטער און דורך די יינגערע קינדער. אויך דורך זיינע פריינד וועלכע ער באַקענט בעת זיין באַזוך אין מאַלאַיע — אַנטפּלעקט זיך די ראָל פון סעם פּאָליטס נאַטור, וואָס באַווירקט אַלע מיט וועלכע ער קומט נאָר ווען עס איז אין קאָנטאַקט, אפילו נאָר איין מאָל.

אין אָנהייב פון בוך, הייבט אָן זיין עלטסטע טאָכטער לואיזע, אַנאַליזירן אירע לאָיאַליטעטן צו איר פאָטער. זי האָט טאָפּל־געפילן צו אים. און דאָס באַאומרואיקט זי. זי ליידט גאָר שטאַרק פון דער שטיפמאַמע, און דאָך וויל זי בעסער האָבן איר אָפענע פיינטשאַפט, ווי דעם טאַטנס ליבשאַפט. דאָ הייבן מיר זיך אָן צו באַקענען מיט סעם פּאָליטס כאַראַקטער, זיין מאַכט־תאווה איבער דער פאַמיליע (נישט דערלאָזנדיק צו די מינדסטע ענדערונגען פון שטייגער־לעבן און פון זיין איינגעשטעלטן סדר) איבער וועלכן עס רעגירט ביד חזקה זיין אויטאָריטעט.

מאַכט איז זיין גאָט! און געלט איז דאָך אַ מיטל צו מאַכט, און איבער אַלעם — איז ער אַזוי פּאַרעקשנט איינצוהאַלטן זיין מאַכט, זיין אויטאָריטעט און זיינע פּרינציפּן, ממש נישט אָפּצושטעלן זיך פאַר קיין שום זאַך, פאַר קיינע קרבנות, אַבי דורכפירן זיינס.

גראָבנדיק טיפער אין זיין אינערלעכן וועזן, קענטיקט זיך, אַז די אַלע שטריכן פון זיין כאַראַקטער זענען אַ רעזולטאַט פון זיין קבצנישן לעבן, אַ רעזולטאַט פון זיין עקאָנאָמישער אומזיכערקייט (מיט אירע וואָרצלען אין זיין אָפּשטאַם) און דאָס וואָס ער זוכט אַרויס־צווייזן מיט אַזאַ איפּערדיקייט זיין שטאַרקע האַנט און מאַכט איבער ווייב און קינדער, איז ווי אַ פּראָטעסט און קאָמפּענסאַציע קעגן זיין פאַקטועלער מאַכטלאָזיקייט מחוץ זיין שטוב... זיין זוכן צו קאָמ־פּענסירן זיך מיט אויספּאַנטאַזירטע דערגרייכונגען — אַלאַ שלום־עליכמס מנחם מענדל — איז פּסיכאָלאָגיש אַ באַוווסטע דערשיינונג, און זייער גוט באַגרינדעט אין דעם ווערק.

סעמס פרוי, העניע, דערשיינט ווי אַ מיסטעריעזע פיגור. זי ווייזט אַרויס איר שנאה צו דער שטיפטאָכטער (לואיזע), גלייכצייטיק שאַפט זיך צווישן זיי עפּעס אַ פּרויאַישע נאָענטקייט, באַזונדערס ווען זי דער־שמעקט דעם מאַנס עראָטישן אינטערעס צו דער טאָכטער (וואָס ער דערדריקט). עס איז מער אַן אונטערבאַוווסטזיניקע פאַרבינדונג קעגן סעמס מענלעכקייט און גלייכצייטיק, אַ מין באַדויערן איבער דעם גורל פון ווייבלעכן מין, וואָס האָט אין אירע אויגן אויסגעזען אַזוי ווערעמדיק... דאָס האָט זיך אויסגעדריקט ווי אַ מין מיטגעפיל צו איר שטיפטאָכטער, וואָס ווייסט נאָך גענבעך נישט, וואָס עס דערוואַרט זי נאָכן חתונה האָבן...

דאָס בוך איז איינגעטיילט אין צען קאַפּיטלען, וועלכע נעמען אַרום דריי באַזונדערע פאַזעס פון לואיזעס אַנטוויקלונג. איר ערשטע פאַזע האָט דעם אימאַזש פון אַ רייטער, וועלכער גאַלאָפּירט אין דער פינצטערניש. ער אַליין איז וואַכיק, ווען אַלץ אַרום אים שלאָפט — אַ באַגריף פון דעם פּאָטענציעלן קינסטלער, וואָס דערשפּירט און

האָט באַשטימטע פאַרנעפּלטע אָנונגען — ווי בכלל עס טרעפט מיט באַגאַבטע קינדער אין איר עלטער — וועלכע חלומען צו ווערן באַ־רימט אין דער צוקונפט. דערווייל זענען נאָך פאַר איר גופא נישט קלאָר אירע דרעמלענדיקע טאַלאַנטן, זי ווייסט נאָך נישט וואָס זי וויל — און קען ווערן.

אין דעם צווייטן טייל, טוט זיך אויף „טיש און אויף בענק" אַרום דעם געבורט פון דעם זיבעטן קינד. אויף דער סצענע קומען אַרויס די הויפּט־פּערסאָנאַזשן און די פּראָפיל־פיגורן, זיי ווערן אויס־געטיילט, יעדער באַזונדער מיט זיינע פיזישע און פּסיכישע שטריכן, מיט דעם קלאַנג פון זייערע שטימען, באַוועגונגען, העוויות, וועלכע ווערן שאַרף געצייכנט און באַלעבט פאַרן אויג. מיר זעען זיי דורך און דורך מיט אַלע זייערע שוואַכקייטן און ספּעציפישע אייגנשאַפטן, וואָס כאַראַקטעריזירן זייערע וועזנס, יחידיש און אין קאָלעקטיוו.

דער דריטער טייל, דערגרייכט זיין הויכפּונקט, ווען העניע פאַר־לירט איר „געליבטן", אויף וועלכן זי האָט אַזוי פיל אויסגעשטעלט אין פאַל פון אַ קריזיס אין איר לעבן. איצט — אין סאַמע קריטישסטן מאָמענט פון איר פאַרהייראַטן לעבן — האָט זי דערזען, ווי ווערטלאָז עס איז געווען זיין „פריינדשאַפט" צו איר . . . ווען זי באַגייט זעלבסט־מאָרד ביים סוף, איז עס נישט אַזוי דורך דעם באַוווסטזיין פון אַ קלאָרן חשבון־הנפש, ווי זי שטייט אין דער וועלט — עס איז מער דורך אָנונג און פאַרצווייפלונג, וואָס קומען פון די טונקעלע ווינקעלעך אין דער נשמה.

שוין אָבער אין ערשטן טייל, איז דאָ דער יסוד אויף וועלכן עס איז קאָנסטרואירט דער גאַנצער בנין. דאָס איז די סצענקע פון דער פאַמיליע פּאָליט, אַ באַשרייבונג פון דער שטוב, וואָס געהערט צו הע־ניעס פאָטער, וועגן וועלכן מען שמועסט, אַז ער איז אַ מיליאָנער, אָבער אין דער אמתן האָט זיך כאָפּטע קינדער אַ תל געמאַכט פון זיין פאַרמעגן און האָפענונגען.

דער ערשטער קאַפּיטל פירט גלייך אַריין אין דער פאַמיליע־נעסט פון די פּאָליטס, — ווען אַלע קינדער וואַרטן אָפּ דאָס צוריק־קומען פון זייער טאַטן אַ היים, נאָך אַ וויסנשאַפטלעכער עקספּעדיציע־רייזע אין מאַלאַיע. די ערשטע קומט אַריין די מאַמע. שוין אין אָנהייב דערפילן מיר איר געמיט, איר לעבנס־ריטעם, איר קליינעם איינפלוס אויף די קינדער — דאָס אַלץ איז געצייכנט דורך אַ שאַרף אָבסער־ווירנדיק אויג, אין בולטע שטריכן און אין אַ לעבעדיקן סטיל.

נאָך דעם קומען אַריין די קינדער, יעדער פון זיי — אַ באַזונ־דער טיפּ, און גלייך הייבט זיך אָן אויסטיילן, דורך רייד און באַטאָ־

נונגען, דער דיסטאַנץ פון דער קינדערשער וועלט מיט דער פון די דערוואַקסענע.

עס איז אַ סצענקע, וואָס איז אויבנאויפיק אַ גאַנץ געווײנט־לעכע: אַ מאַמע איז אַרומגערינגלט מיט איר כאַפּטע קינדער, וואָס דערקוטשען זי מיט כל־ערליי קשיות. די מאַמע זיצט און טרינקט אַ גלאָז טיי, אַ פּשוטע הייסע גלאָז טיי, פון וועלכער עס גייט אַ פּאַרע. אָבער דאָס הייבט אויף פאַר אירע אויגן אַ בילד פון „טויזנט שטור־רעמס" פון איר דורכגעגאַנגענעם לעבן. זי האָט נישט געלאַכט פון די ווערטער „אַ שטורעם אין אַ גלאָז וואַסער". עס האָבן אויפגעטויכט דעראינערונגען, עפּיזאָדן, סצענקעס פון איר לעבן, פון אָט דעם הויז, ווו זי האָט חתונה געהאַט, טאַקע ווי זי וואָלט צום הויז געווען פאַרהייראַט, מחמת אין יעדן שטיינדל ,אין יעדן ברעטל פון דער וווינונג איז געווען אַ טייל פון איר לעבן... און אויך די קינדער באַטראַכטן דער מאַמען, ווי אַ טייל פונעם הויז, צוזאַמען מיט אַנדערע שטיקער מעבל.

עס ענדערט זיך די אַטמאָספער מיטן מאָמענט, ווען דער טאַטע קומט צוריק פון זיין רייזע און די קינדער לויפן שנעל אַוועק פון דער מאַמען, לאָזן זי זיצן אַליין, אָנגעשטרענגט, אַ צעקנייטשטע, אַ זינקענדיקע. זי שעפּטשעט צו זיך אַליין: „אַ שמור־ציקער, צעבראָכענער טעלער, דאָס בין איך".

דאָס יינגסטע קינד האָט עס אויפגעכאַפּט און געפרעגט: — וואָס האָסטו געזאָגט, מאַמע? זי האָט א קוק געטאָן אויפן קינד — דער אימאַזש פון טאָטן — און איבערגעחזרט אירע ווערטער. אַלע קינדער האָבן זיך צעלאַכט: „מאַמע, דו ביסט נאַריש", האָט איווע געזאָגט.

עס איז אַ שטאַרקע סצענקע מיט עקספּרעסיע, ווי ווייט די קינ־דער באַגרייפן נישט די אַגאָניע פון דער מאַמען, הגם זיי זענען געווען אָפּטע צושויער פון דעם „בירגער־קריג" אין שטוב צווישן די עלטערן, וועלכע האָבן זיך „אַרומגעריסן פאַר די ׳קעפּ" צוליב צרות — דורכ־געלאָזטע שאַנסן, פינאַנציעלע זאָרגן, שטאַרקע אָרעמקייט, מיט אַ צוגאָב — פאַרראַט...

די אַלע שטורעמס האָבן די קינדער אויפגענומען מיט גלייכ־גילט, איבערלאָזנדיק די אַלע ענינים צו די דערוואַקסענע אין שטוב „וועמענס וועלט איז פאַר זיי בכלל געווען איראַציאָנעל, ווי די וועלט פון אַלימפּ פאַר די פאַרצייטישע מענטשן". עס איז פונקט, ווי דער רוב פאָלקס־מענטשן לאָזן איבער פּאָליטישע ענינים צו פּאָליטיקער, ווייל דאָס איז זייער ביזנעס צו פאַרנעמען זיך.

איצט איז שוין די העכסטע צייט צו באַקענען זיך מיט סעם פּאַליט, אַזוי ווי ער ווערט כאַראַקטעריזירט דורך דער מחברין. קודם, זיין יסודותדיקע אומערלעכקייט, אין דעם זין פון נאַרן זיך אַליין, זיין פרוי און קינדער.

ער איז אייגנטלעך אַליין אַ מין הויפּט־קינד, וואָס איז ארומגע־רינגלט מיט אַ קאַפּעליע קינדער, אייגענע און פרעמדע. ער קען זיך גאָר נישט אָנזעטיקן מיט זיי, ווי ער וואָלט זייערע לעבנס איינגע־שלונגען אין זיך, און פון דעם געוואַקסן. ער זוכט צו דאָמינירן איבער די קינדער זיינע, מיט צווויי מאָסמיטלען: אַרויסצורופן צו זיך אַ מין רחמנות, און דורך דעם שאַנטאַזשירן זיי. די קליינע יינגלעך שאַנטאַ־זשירט ער מיט פאַרשעמען, אויסלאַכן זייער מענלעכקייט; ווידער ביי די יינגעטשקע מיידעלעך, שפּילט ער אויף די סטרונעס פון מוטער־אינסטינקט. דער עלטסטער טאָכטער לואיזען, שטעכעלירט ער אָפּט, אַז — פרויען האָבן נישט קיין מוחות, און דאָס דערפאַר, מחמת זי גלייבט נישט, אַז אַלץ מוז זיין אַזוי ווי ער זאָגט.

די דראַמע אין שטוב גייט די קינדער נישט אָן. זיי לייגן גאָר נישט קיין אַכט אויף דעם קאַמף צווישן טאַטע־מאַמע, — צווישן אַנדערן — ווער עס זאָל האָבן די השפּעה אויף די קינדער? די כסדר־דיקע קריגערייען אין שטוב; במשך פון צען יאָר, האָט אין שטוב געהערשט מיט פאַררויכערטע ווערטער. משוגענערווייז האָט איינער געשריגן אויפן אַנדערן מיט הויכע באַנומענע קולות, אָדער אויף אַן אופן, ווי „אַלע שלאַנגען האָבן געצישעט" (ז"ז 8—7). די מחברין פאַרבינדט אויך זייער אָפט די אינעווייניקסטע הויז־שטורעמס מיט די דונערן און בליצן אין דרויסן.

לואיזע, דאָס עמפּינדלעך מיידל, אָבסערווירט דאָס אַלץ. עס פאַר־צייכנט זיך אין איר געמיט און מחשבה, און זי טראַכט אָפט וועגן דאָס רואינירט לעבן פון אירע עלטערן, וועגן איר טאַטנס היפּאָ־קריזיעס, וועגן דער אָרעמקייט אין הויז, אַז דאָס אַלץ האָט צוגע־האָלפן נאָך מער צו פאַרסמען די באַציונגען צווישן איר טאַטן און דער שטיפמאַמען.

סעם פּאַליט איז געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן אין אָרעמ־קייט. איז דאָס געווען פאַר אים אַ מער נאַטירלעכע דערשיינונג, ווי פאַר העניען. ער האָט זיך דערמיט לייכט אַן עצה געגעבן. פאַר איר איז דאָס אָבער געווען ערגער ווי דער טויט, די ערגסטע דעגראַ־דאַציע פון אַ מענטשנס לעבן, וואָס האָט איר, לסוף, געפירט צו זעלבסטמאָרד.

די פאַרכמורעטע אַטמאָספער אין שטוב במשך פון די יאָרן — זיי זענען פאַר לואיזען געווען די שווערסטע, די פיינלעכסטע אין

איר לעבן. די שטיפמאַמע האָט זיך זייער שלעכט צו איר באַצויגן, דאָך האָט זי שטאַרקער געליטן פון איר טאַטן צוליב זיין אַבצעסיע, אַז ער דאַרף זי באַשיצן פון די ליידנשאַפטן אין דער פּאַזע פון איר רייף ווערן. אָט די באַציונג האָט, ווי אוממיטלבאַר, פאַרבונדן העניען מיט דער שטיפטאָכטער. „זי (לואיזע) האָט אריינגעקוקט אין דער שטיפמאַמעס פּנים, שווייגנדיק געפרעגט, נישט געפּרוווט אָוועקנעמען איר בליק, וואָס האָט געזוכט צו פאַרשטיין דער מיט וועלכער זי איז געווען אין אַ בונד פון אומגליק" (ז' 20).

לואיזעס פיינטשאַפט צום טאַטן איז אַ פאַרבייגייענדיקע. עס איז ווי פון אַ בעל־חי, וואָס דערשפּירט אַ סכנה פאַרן לעבן, אָבער ווי נאָר די געפאַר איז אַריבער, פאַרשווינדט די שנאה. די מחברין האָט איר כאַראַקטעריזירט, ווי אַ שאַרפע אָבסערוואַטאָרין פון לעבן. ווייל זי האָט געזען דאָס מאַן־און־ווייב לעבן פון דער ערגסטער זייט, אויך איר אייגן לעבן ווערט פון דעם אַ טייל, עס פּטרט אַוועק דאָס לעבן פון די קינדער, און אירס בתוכם... איר גופא ראַטעוועט אי דער שכל הישר און די דערפאַרונג, וואָס זי האָט געלערנט פון איר שטיפּ־מאַמען. אָבער די גאַר יינגע קינדער האָבן געמיינט, אַז אַלע עלטערן פירן זיך אַזוי ווי זייערע. די וועלט פון די דערוואַקסענע האָט אויס־געזען ביי זיי אַ היפּאָקריטישע.

אַן אויסנאַם איז נאָר געווען דער עלטסטער יינגל, ערנעסט. ביי אים איז געלט געווען דער באַראָמעטער צו מעסטן און פאַרשטיין די וועלט פון די דערוואַקסענע מיט זייערע פירונגען.

אין נאַראַטיוו איז פאַרוועבט פיל טענות צווישן דיביידע עלטערן וועגן השפּעה אויף קינדער, וועלכע איינדרוקן עס באַווירקן זיי שטאַר־קער: פון גאָס, אָדער פון שטוב? סעם פאָליט, אין זיין פאַנאַטישער איינגעגלייבטקייט אין זיך, מיינט, אַז ער קען פורעמען דעם כאַראַק־טער פון אַ קינד, ווי אַ טעפּער מיט זיין שטאָף.

אָבער העניע, זייענדיק מער מיט די קינדער, ווי דער מאַן, זעט ווי די קינדער זאַפּן אריין אין זיך די איינדרוקן, סענסאַציעס און שפּיצלעך פון דרויסן און עס גייט זיי ווייניק אָן פון וועמען זיי קריגן עס. לואיזע ווידער שפּירט די טונקעלע אַנונג און גלויבן אין איר טאַלאַנט — אַ ירושה פון טאַטן — צו ווערן דער אמתער נאַטור־קינסטלער פון דער מענטשלעכער נשמה.

בכלל, דער פּראָצעס פון וואַקסן — פון אַ קינד ביז צו אַ דער־וואַקסענעם — איז געבויט אויף דעם יסוד, אַז די וועלט איז גרייט דורכצולאָזן דעם מענטש, וואָס ווייסט וווהין ער גייט. טאַקע ביים סוף פונעם בוך הערן מיר לואיזען זאָגן: „איך וועל אַרומגיין די וועלט". זי גלויבט, אַז זי וועט דערגרייכן דעם ציל, וואָס זי האָט זיך גע־

שטעלט. אָבער דער גלויבן קומט צו לואיזען ערשט אין דער דריטער פאַזע פון איר אַנטוויקלונג, ווען זי גייט שוין אַרויס געשטאַרקט פון די אַלע שווערע דורכגעמאַכטע נסיונות אין איר יונג לעבן, און זי געפינט אַן אָרט אין דער וועלט צו בליען און זיך אַנטוויקלען.

טאַקע אונטער די פליגל פון דער שטיפמאַמען געלונגט לואיזען זיך אויסצוקעמפן אַ וועג אין לעבן, טיילווייז אַ דאַנק אייגנשאַפטן — גענעטישע — געירשנט פון אירע עלטערן; און טיילווייז אַ דאַנק די אייגנשאַפטן, וואָס זי האָט דערוואָרבן פון איר אַרומיקער סביבה. דאָס איז שוין אָבער דער עפּילאָג פון דער געשיכטע און מיר האַלטן נאָר דערווייל ביים סאַמע אָנהייב און מיר האָבן נאָך צו מאַכן אַ ווייטן מהלך ביזן סוף.

לאָמיר נאָר ביי דער געלעגנהייט דאָ באַמערקן, אַז בדרך כלל, איז אין די היינטצייטיקע ראָמאַנען, גלייך אין אָנהייב פון דער אַקציע פּאַרוועבט דער אינערלעכער פּסיכאָלאָגישער אַנאַליז.

אין דעם ווערק גייט עס צו אַביסל אַנדערש. לואיזעס אַנטוויק־לונג, איר פּאָרשריט צו אַ געוויסער זעלבסטשטענדיקייט פון איר מיי־נונג און געדאַנק, הייבט זיך ערשט אָן אין דעם פינפטן קאַפּיטל, בעת איר פאָטער איז נאָך אין מאַלאַיע, פון די בריוו וואָס ער באַקומט פון דער היים, זעט ער ווי עס קרישלט זיך זיין אויטאָריטעט און מאַכט איבער זיין פאַמיליע.

לואיזעס ראַנגלענישן אַרויסצורייסן זיך פון איר פאָטערס השפעה און זיין רעזשים הייבט זיך אָן אין אירע ערשטע „הייסקול"־יאָרן, ווען זי מאַכט פאַרגלייכונגען צווישן איר פאַמיליע מיט אַנדערע. אָבער פאַר דעם נאָך, האָט דאָס עמפּינדלעך מיידל אָבסערווירט דעם צוזאַ־מענלעבן פון אירע עלטערן, שפּירנדיק פאַראַכטונג צו די, מיט וועלכע זי איז פאַרבונדן אין דעם הויז, בהדרגהדיק לערנט זי, ווי אַן עקספּערט־אָבסערוואַטאָר, וואָס זאַמלט צונויף זיינע באַווייזן דורך אויפגעכאַפּטע בליקן, רייד און אַקציע. זי הייבט אָן קלאַסיפיצירן די בילדלעך און איבערלעבונגען אינעם הויז, וועלכע באַוועגן זיך צווישן טראַגעדיע און קלאָונישקייט.

עס איז דאָ אַ מערקווירדיקע סצענקע, ווי דער פאָטער שפּיאָ־נירט נאָך זיינע קינדער, באַזונדערס לואיזען, ווען ער דערוווסט זיך, אַז זי איז געוואָרן אינטים נאָענט מיט אַ שול־חברטע און זי פאַר־געטערט איר לערערין (מיס אײדע), צו וועלכער זי ווערט שטאַרק צוגעבונדן. דער טאַטע לייענט, בגניבה, דער טאָכטערס נאָטיצן, אין וועלכע זי שרייבט מיט פאַראַכטונג וועגן אים.

ווי פריער, זוכט ער נקמה צו נעמען אין איר, פאַרוואָרפנדיק כסדר ווי מיאוס זי וואַקסט אויס. לואיזע, פאַרביטערט פון זיינע שטע־

כיקע רייד, בעט זיך ביי אים רחמים, ער זאָל איר דערלויבן פאַרלאָזן דאָס הויז, דערלויבן צו וווינען מיט דער משפּחה פון איר פאַרשטאָר־בענער מאַמען. דער פאָטער וואַרפט עס קאַטעגאָריש אָפּ און באַשול־דיקט זיין ווייב, אַז זי, באשר, פּלאַנירט צו שאַנטאַזשירן און פאַר־טרייבן לואיזען פון שטוב, וואָס איז נישט אמת.



די משפּחה פון לואיזעס פאַרשטאָרבענער מאַמען, הייסט בייקענס. זיי זענען פון ידישן אָפּשטאַם ... דער זיידע אירער, ישראל בייקען, האָט קיין מאָל נישט מוחל געווען זיין טאָכטער וואָס זי האָט חתונה געהאַט מיט סעם פּאָליט. די מחברין, ווען זי כאַראַקטעריזירט דעם אַלטן ישראל, באַצייכנט זי אים, ווי אַן „האַרציקער פּאַראַכטער". דער זיידע מיטן אייניקל פאַרמאָגן די בשותפותדיקע שטריכן פון זיין „אין אָפּאָזיציע". ביים אייניקל איז עס נאַטירלעך פאַרבונדן מיט די צרות און נויטן פון איר לעבן אין דעם הויז פון איר טאַטן, ווו עס איז אויסגעוואַקסן איר פאַראַכטונג און האַס ... ביים זיידן, ווייסן מיר אויך דעם מקור פון זיין פאַרדרוס און קרענקונג. די בייקענס זענען פרום, אָבער טאָלעראַנט. זיי פּרווון נישט באַאיינפלוסן, איר צורעדן אַריבערצוגיין צו זייער גלויבן. לואיזע איז שטאַרק באַאיינדרוקט פון זייער טאָלעראַנץ, גוטסקייט, פּשטות און ערלעכקייט.

די גוטע באַציונג פון דער בייקען־משפּחה צו איר, איז ווי אַ באַל־זאַם פאַר איר גוף און נשמה. עס איז פאַר לואיזען ווי אַ קוראָרט. און זי קומט צו זיי אויף אירע יערלעכע באַזוכן מיט גרויס חשק. די מחברין באַצייכנט דאָס אָרט ווי „האַרפּערס פערי" (אגב פיגורירט דער זעלבער נאָמען אויך אין קריסטינאַ סטידס בוך „פאַר ליבע אַליין"), אַז „דאָרט איז אַ לאַנדשאַפט, ממש אַן אַנטיק, ווי צום ווייטסטן ענד פון הימל. עס איז אַ פרוכטבאַר לאַנד פון קליין־פאַר־מעריי, מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ. די מענטשן גלייבן צו זיין די קינדער פון גאָט. זיי לויבן אים מיט הכנעהדיקע מעשים, מיט דעם דונער פון זייער מיסטישן געזאַנג, און מיט אַנדערע מנהגים" (ז' 160).

ווי אַ שטאַרקער קאָנטראַסט צו דער משפּחה, איז איר שטיפ־מוטערס פאַמיליע, די קאָליערס, וואָס וווינט אין אַ גרויס הויז, אין מאַנאַקייקיי. די מענער און פרויען זענען גיריק, פול מיט ליידנשאַפט פון סענסועלער ליבע. די מחברין שילדערט אויספירלעך דאָס הויז מיט די פיל־צאָליקע טרעפּ און זאַכן אין די קאָרידאָרן, וואָס דער־גייען די יאָרן.

די שטיפמאַמע נעמט מיט לואיזען צו איר משפּחה אויף אַ באַ־

זוך, און זי הערט־אונטער די רייד וועגן מאַרד, גוואַלדטאַטן; ווי אַזוי מ'קען זיך נעמען דאָס לעבן אויף פאַרשידענע אופנים, און וועגן פּרוסטראַציעס ביי פאַרהייראַטע מענטשן. אַט דער שמועס צווישן העניען מיט איר מאַמען מאַכט דעם איינדרוק, ווי עס וואָלטן גערעדט צוויי מכשפות... לואיזע הערט זיך גאַנץ אויפמערקזאַם צו וועגן וואָס מען רעדט און איר שטיפמאַמע העניע, שלינגט כסדר אַספּירין און פאַרטרינקט זיי מיט טיי.

זי דערציילט איר אַלטער מאַמען פון איר אומגליקלעך לעבן. וואָס פאַר אַ פּאַטאַלן פעלער זי האָט געמאַכט, חתונה האָבנדיק מיט סעם פּאָליט. לואיזע פאַרגלייכט איר שטיפבאָבען, וואָס האָט אַזוי הכנעהדיק־טראַדיציאָנעל אַקצעפּטירט איר טאָכטערס לעבנס־אופן מיטן אײדעם, בעת איר שטיפמאַמע גופא, איז שוין בונטאַריש, אָבער הילפלאָז, מחמת זי נעמט אויף פּאַטאַליסטיש די אַלע געשעענישן אין איר פאַרהייראַטן לעבן. זי דריקט די סכעמע אויס אויף אַזאַ אופן: „איז עס נישט אַ ווערעמדיקער מזל? איז נישט יעדע פאַרפוילטע זאַך אין לעבן אַ ווערעמדיקער מזל? ווען איך זע, וואָס ס'געשעט מיט די מיידלעך, וואָלט איך מיינע צוויי, געוואָלט בעסער צעטרעטן, אָדער זיי גאָר אַרויסשיקן אין גאַס, און פּטור ווערן..."

מיר פילן, אַז לואיזע וועט שוין נישט זיין אַזוי הילפלאָז, ווי איר שטיפמאַמע און איר שטיפבאָבע. די דריי דורות רעפּרעזענטירן אויך שוין דריי פאַרשיידענע וועלטן מיט אַ באַזונדערע אינדיווידואַליטעט. לואיזע לערנט פון איר שטיפבאָבען, ווי אַזוי דאָס טראַדיציאָנעלע לעבן פון דער פרוי, האָט איר רעדוצירט צו דעם, וואָס זי איז געוואָרן (ביים לייענען עס, איז מיר כסדר געקומען אויפן גערדאַנק פּרצעס דערציילונגען, וועגן דעם מצב פון דער יידישער אָרעמער פרוי; און כ'האָב געזען די ענלעכע אונטערטעניקייט ביי דער פרוי, אין יענע צייטן, פון אַזעלכע פאַרשיידענע וועלטן). און לואיזע — די פאַר־קערפּערונג פון דער יונגער בונטאַרישער גענעראַציע — נעמט זיך אונטער צו פירן דעם לאַנגן קאַמף, נישט צו דערלאָזן פאַר זיך אַזאַ שווידערלעך לעבן.

אין די שילדערונגען איז אַריינגעפלאָכטן אַן עפּיזאָד, וואָס דער־מאָנט אין די קוריאָזן פון טשאַרל דיקענס ווערק (דיקענס השפעה אויף קריסטינאַ סטיד קענטיקט זיך בולט אין געוויסע שטעלן). עס איז אַן עפּיזאָד, וואָס קומט פאָר אין קיך צווישן לואיזען און אַ יונגע הויז־באַדינערין, וואָס האָט לואיזען אָנגערופן: ממזר. לואיזע האָט עס דערציילט די עלטערע פרויען דאָרטן אַן קרענקונג, אָבער דער שטיפּ־מאַמען מיט דער באָבען האָט עס אַזוי אויפגעבראַכט, אַז זיי האָבן דאָס קליינע מיידל גלייך אָפּגעזאָגט.

דער שמועס אין קיך צווישן די צוויי יינגע מיידלעך איז דורך דער מחברין מייסטערהאַפט געצייכנט — פונקט ווי זי האָט פיל אַנדערע עפּיזאָדן קרעפטיק געשילדערט — אמת, עס וואָלט גאָרנישט געשאַדט, ווען עס וואָלט געווען אַ ביסעלע געקירצט, מחמת געוויסע שטעלן זענען מער ווי אַ קאָפּעטשקע צעצויגן, כאָטש זיי לייענען זיך גאַנץ געשמאַק.

בכלל האָט די מחברין ליב מאריך צו זיין אין אירע באַשרייבונגען, אפילו ווען עס איז נישט געווען נייטיק אַזוי פיל אַנגעהויפטע איינצלהייטן. אָבער דאָס איז איר אופן.



עס וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ זיך אָפּצושטעלן און באַטראַכטן סעם פּאָליטס באַזוך אין מאַלאַיע; די געשפּרעכן וואָס ער פירט מיט זיין כינעזישן סעקרעטאַר וואַן כאַיע, די בריוו וועלכע ער שרייבט אַ היים, די ענטפערס וואָס ער באַקומט. דאָס אַלץ איז אין תוך אַ באַשטאַנד־טייל פונעם אַלגעמיינעם בילד, וואָס די אויטאָרין גיט וועגן די באַציונגען מיט זיין פאַמיליע, בעת ער איז צוזאַמען מיט זיי אין הויז, אָדער אַליין אין אויסלאַנד.

אין די שמועסן איז אויך דאָ סעם פּאָליטס קאָנצעפּציע פון אַן „אידעאַלער וועלט״, וואָס דערמאָנט אונדז אין דער היטלעריסטישער פילאָזאָפיע פון העכערע און נידעריקע ראַסן... ״ מיין סיסטעם, זאָגט סעם, איז אַ צושטאַנד, ווען די וועלט וועט ווערן אויסגעפּיצלעט פון אַלע דעגענעראַטן און שוואַכע... מענטשן ווען פון זייער אייגענעם ווילן בעטן, מ׳זאָל זיי לאָזן שטאַרבן אַ שמערצלאָזן טויט... ״

דאַרפן מיר דאָ דערמאָנען, אַז דאָס ווערק איז געשריבן געוואָרן ביים סוף פון די 1930־ער יאָרן, ווען היטלער האָט שוין פּראַקטיצירט זיין „אידעאַלע גזעלשאַפט״ אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון דייטשלאַנד. קריסטינאַ סטיד האָט געזען די טיפן פון דער אינטעליגענץ, וואָס האָבן זיך אָנגעשטעקט מיט די ראַסיסטישע טעאָריעס. אויך אין איר בוך „דער קליינער האָטעל״, זאָגט איינער פון אירע פּערסאָנאַזשן זיך אַרויס וועגן די רדיפות אויף יידן, אַז דאָס איז גאָר אין הסכם מיט דאַרווינס טעאָריע...

ער דריקט זיך אַזוי אויס וועגן דער יידן־אויסראָטונג: „... פיל פון די יידן זענען לכתחילה אפילו אָנגענעם. זיי האָבן פיינע מאַניערן, זעען אויס צו זיין זייער לעבעדיק, און זיי געפעלן דיר, אָבער, גיט ער באַלד צו: דאָס גייט גלייך אַוועק, מחמת זיי האָבן אַזעלכע אופנים, וואָס מאַכן דיך פילן, אַז זיי זענען אַנדערש... איך

גיי נישט באַרעכטיקן היטלערן, אָבער ער האָט געזען די סכנה באַ־צייטנס, אָנגעוויזן אויף איר, ווען וויניק מענטשן האָבן דאַן געלייגט אַכט אויף אים... כאָטש איך קען נישט מסכים זיין, גיט ער פּרום צו, מיט דער אויסראָטונג פון פעלקער, דאָך וועט מען זאָגן, אַז ער איז געווען, ווי אַ כירורג וואָס שניידט אויס גאַנגרענעס. מענטשן האָבן עס געזען און נישט געוואָלט אָנערקענען. דאַרווין האָט עס יאָ איינ־געזען, און ער האָט געשטאַמט פון אַ פיינער פאַמיליע".

איך האָב בכיוון אַרויסגעבראַכט די גרעסערע ציטאַטע, מחמת מיר, ייִדן, פאַרגעסן שוין אויך, ווי עס האָט אויסגעזען די אינטע־לעקטועלע וועלט פאַרן היטלער־חורבן („היטלערס פילאָזאָפן"). אמת, נאָר אַ טייל פון די אינטעלעקטואַלן זענען פאַרסמט געוואָרן פון די נאַצישע ראַסן־טעאָריעס, וואָס האָבן דערפירט צו דעם אַלעם וואָס איז געשען, אָבער מען דאַרף עס נישט אונטערשאַצן!...

מיר וויסן, אַז קריסטינאַ סטיד האָט אין איר שאַפן אַרויסגעוויזן אַ גוטע באַציונג צו אירע ייִדישע כאַראַקטערן. זי האָט אין דעם גרויסן ווערק, וועלכן מיר אַנאַליזירן דאָ, געגעבן עקספּרעסיע די פּאָזי־טיווע ייִדישע טיפּן, געצייכנט זיי מיט וואַרעמע שטריכן, סימפּאַטיש פאַרן לייענער.

איר ליטעראַרישע מאַסקע, לואיזע, רעאַגירט מיט ירגזון אויפן טאַטנס ראַסיסטישע רייד, אין וועלכע זי האָט געזען דראָונג און סכנה־אַלאַרם. פאַר סעם פּאָליט זענען ווייב און טאָכטער אויך אַריין אין דער קאַטעגאָריע דעגענעראַטן... זיין טעאָריע האָט פּראָפּאַגירט אַ מאַן־שאָוויניזם: פרויען האָבן נאָר די פונקציע צו זאָרגן פאַר דעם פאַרלאַנג פון מאַן און פאַר זיינע נויטן, זיין נאָר מאַמעס און פלעגע־רינס... טאָטאַליסטישע אידייען קלינגען אָפּ אויך אין אַנדערע שטעלן פון סעם פּאָליטס רייד, און איך גלויב, אַז די מחברין האָט דווקא אים געזוכט צו אילוסטרירן, ווי אַזוי אַ פּסעוודאָ־ווויסנשאַפטלעכע קאָנ־צעפּציע פון אַן אידעאַלער וועלט, באַגלייט מיט אַן אוטאָפּישער כלומרשטער אוניווערסאַלער גליקזעליקייט, האָט פאַרכאַפּט אַזוי פיל מוחות דורך דער נאַצי־פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, און מיר קענען זיך קלאָר פאַרשטעלן, וואָס וואָלט געשען, ווען דייטשלאַנד וואָלט די ערשטע דערפונדן די אַטאָם־באָמבע...

אומקערנדיק זיך צום ווערק, וואָס איז געשריבן געוואָרן פאַר דער דערפינדונג פון אוישוויץ, מיידאַנעק און טרעבלינקע...

הערן מיר שוין סעם פּאָליטס פּרעדיקן פאַר די קינדער בעתן עסן („דער פילאָזאָף ביים פרישטיק") וועגן אומברענגען די נישט־צוגע־פּאַסטע, די אומהיילבאַרע, און אַז מערדעריי קען זיין שיין: „ווען איך וואָלט געווען אַן אויטאָקראַט פון די פעלקער, באַטאָנט ער, און

כ׳וואָלט געהאַט אַן אויבערמאַכט איבער אַלע לעבנס, און דאָס לעבן פון דער וועלט וואָלט געווען אין מיינע הענט, וואָלט איך אַראַנזשירט אומצוברענגען ניין צענטל פון דער מענטשהייט, צו מאַכן פּלאַץ פאַר די געזונטע און צוגעפּאַסטע. איך וואָלט דאָס געמאַכט דורך גאַז־אַטאַ־קעס און קאָנצענטראַציע־לאַגערן... זיי וואָלטן געשטאָרבן אַן דעם מינדסטן ווייטיק״.

וואָס פאַראַ טיפע זעערין קריסטינאַ סטיד איז געווען, פאָרויס־זעענדיק מיט אַזאַ קלאָרקייט, צו וואָס דער טאָטאַליסטישער היטלער־סיסטעם וועט דערפירן.



„דער מאַן וואָס האָט ליב געהאַט קינדער״, איז אַ ווערק פון פיל אַספּעקטן פון לעבן. עס פאַרשפּיגלט די גענעטישע סיבות פון מענטש־לעכן איך, די איינפלוסן פון דער סביבה און די אינדיווידועלע אָפּ־רופן און ווידערשטאַנדן צו די אַלע איינפלוסן. בכדי צו ווייזן, וואָס פאַר אַ צושטייער פאַרירשונג גיט דעם מענטש, האָט די אויטאָרין געגעבן אַ לעבעדיקע סצענע פון דעם שבט פּאָליט, וועלכער מאַכט אַן אויפ־נאַמע, מקבל־פּנים זיין סעמען, צו זיין צוריקקומען פון מאַלאַיע. די מנוחה וואָס האָט געהערשט אין שטוב בעת ער איז געווען אין אויס־לאַנד, ווערט באַלד צעשטערט מיט זיין צוריקקומען...

עס איז אַ שילדערונג פון אַ גרויסער „פּאַרטיע״, וואָס די משפּחה אָרדנט איין לכבוד אים. דאָס גיט אַ מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט יעדן באַזונדער פון זיין משפּחה. צו ערשט קומט אַריין זיין שוועסטער — זי איז טיפּיש פאַר דער פּאָליט־דינאַסטיע, פון וועל־כער סעם איז דער „צאַר״! ער, דער הויפּט־העלד, איז כולו פאַר־נומען מיט זיך. זיין דאָמינירנדיקע זעלבסט־זיכערקייט, זיין עגאָ־צענטריזם; זיין אופן פון פּרעדיקן פאַר ווייב און קינדער זיינע קרעדאָס, באַטראַכטנדיק זיך ווי אַ פּערזאָניפיצירטער, פּערפעקטער אויסדרוק פון עוואָלוציע־פּרינציפּ און דאָס באַגלייט דאָך זיין הויך אַנטוויקלטן פּאַראַזיטיזם.

עס קומט אַריין סעמס טאַטע, דער גרויסער האָכשטאַפּלער טשאַרלי, וועמענס ענלעכקייט צום זון, איז פּונקט אַזוי, ווי די ענלעכ־קייט פון העניען צו איר מאַמען. דער טומל ווערט וואָס אַמאָל גרעסער מיטן אָנקום פון די אַלע פעטערס און מומעס פון דעם פּאָליט־שבט.

אין דער סצענקע איז אַריינגעפּלאָכטן אַ שלאַנגען־טאַנץ דורך דעם אַלטן טשאַרלי, אַ טאַנץ, וואָס טראָגט אַ ביזאַריש־סימבאָלישן כאַראַקטער. בכלל איז דאָ אַן אַסאָציאַציע צווישן סעמען מיט שלאַנ־

גען, עפּעס אַזאַ אינטימקייט צווישן זיי (דאָס נוצט טאַקע אויס לואיזע אין דער פּיעסע, וואָס זי שרייבט וועגן איר טאַטן).

די „פּאַרטיע" ענדיקט זיך מיט אַ שטורמישער קריגערײ צווישן מאַן און ווייב אין די אויגן פון גאַנצן פּאַליט־שבט. העניע שוואַנגערט מיטן זיבעטן קינד און די קינדער פאַרשטייען נישט, ווען זיי זעען איר „וואַקסן גרויס", און אַזוי אויך בעת די געבורט־ווייען, ווען זי שרייט אויס, און ווערט שטיל... אין מיטן דער „פּאַרטיע" קומט אָן אַ טעלע־גראַם, אַז ס'איז געשטאָרבן העניעס פאָטער, דייוויד קאַליערס.

סעם באַהאַלט אויס די ידיעה פון העניען ביז נאָכן געבורט פון קינד. אויף אים אליין מאַכט עס נישט קיין איינדרוק — מיר זעען עס פון זיין געהויבענער שטימונג און גרויסקייט־מאַניע, וואָס דער־גייט צום הויכפּונקט בעת דעם אימאַזש פון שלאַנגען־טאַנץ, ווען די שמחה איז אין לשער!

עס פלעכט זיך צונויף דער ווייבס יסורים. איר פאָטערס טויט, לואיזעס יוגנטלעכע אַגאָניע, מיט דעםווילדן שלאַנגען־טאַנץ. אָבער דורך סעמס געפילן און באַוווסטזיין גייט גאָר נישט אַדורך די פּיין פון אַ צוויטן פּערזאָן, זיין פרויס, אָדער שווערס, אין וועמענס הויז ער וווינט און האָפט צו ירשהנען. ערשט ווען ער דערוווּסט זיך, אַז דער אַלטער דייוויד קאָליער, האָט אים דאָס הויז נישט איבערגעלאָזט און ער מוז עס פאַרלאָזן תיכף... צו דעם — דאָס אָפּזאָגן אים פון זיין פּאָסטן אין דער פישעריי־דעפּאַרטמענט, באַגלייט מיט סקאַנדאַלן און צרות אין אָפּיס... פאַרלירט ער דעם באָדן אונטער די פיס.

דער פולער צוזאַמענברוך זיינער מיט דער אַרומיקער וועלט פאַר־בינדט זיך מיט די פאַרשטאַרקטע קריגערייען אין שטוב, אין וועלכע עס ווערט וואָס אַמאָל מער אויך אַריינגעצויגן לואיזע.

ביי דער ייִנגער מיידל וואַקסן אויס גלייכצייטיק אי די נקמה־געפילן קעגן פאָטער, אי די ענערגיע זיך אַרויסצורייסן פון דער פאַמיליע־קלעם און ווערן פולשטענדיק אַ פרייער מענטש. אין דעם מאָמענט קומט דער אויפלייז פון דעם קנויל, וועלכער איז אין תוך שוין דאָ גלייך אין אָנהייב בוך.

לואיזע האָט זיך דאָן שוין באַקענט מיט איר שטיפמאַמעס שופ־לאָד, אין וועלכן עס געפינען זיך פאַרשידענע סם־מעדיצינען. אַ חוץ דעם, רעדט סעם דאָך כסדר וועגן אַ באַרעכטיקטער מערדעריי, ווי אַ מין אויסרייסן ווילדגראָז. דאָס איז גורם ס'זאָל זיך שאַפן אין לואיזעס צעפלאָנטערטן קאָפּ דער געדאַנק אומצוברענגען ביידע עלטערן און דורך דעם זיך באַפרייען... אגב, פסיכיש צו הרגענען ווערט זי צוגע־גרייט דורך אַ שכנה, וואָס מאַניפולירט אויס, לואיזע זאָל דערהרגענען אַ קאַץ, וועלכע דערגייט איר די יאָרן.

אין לואיזעס אונטערבאַוווּסטזיין האָט געטליעט אַ געדאַנק, אַז פאַר איר טאַטן און פאַר דער שטיפמאַמען בלייבט נישט איבער קיין אַנדער אויסוועג, ווי פאַרענדיקן דאָס לעבן, און זי טוט אַריין דעריי־בער סם אין די גלעזער טיי פון אירע עלטערן, אָבער איר טאַטע מיידט אויס דעם טויט צוליב אַ קאַפּריז, גראָד דעם פרימאָרגן צו ווען טרינקען טיי פון אַן אַנדער גלאָז...

נאָך דעם טראַגישן אַקט קומט פאַר די באַפרייאונג פון לואיזען, די מאַסקע פון דער מחברין, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט צו דער גרויסער פּראָזע־קינסטלערין, קריסטינאַ סטיד...

אָבער דער ראָמאַן, מיט זיין אויסערגעוויינלעכן „פּיקשן"־קאָמפּלעקס, איז אַ טראַגישער סך־הכּל פון אַ נישט־צוגעפּאַסטן שידוך. עס וואָלט אָבער נישט געווען ריכטיק צו באַטראַכטן דאָס ווערק ווי אַ פּראָנט־אַטאַקע אויף דער פאַמיליע־אינסטיטוציע בכלל, וואָס געפינט זיך היינט צו טאָג אונטער אַ פייער אויף דער ערשטער פּראָנט־ליניע. די אומגליקלעכע פאַרבינדונג פון העניען מיט סעם פּאָליט געהערט צו אַ באַזונדערע קאַטעגאָריע. אַזוי אויך די קאָמפּלעקס־כאַראַקטערן און אויך די גאַנצע סטרוקטור פון דעם ראָמאַן מיט די באַציונגען צווישן די עלטערן און קינדער. לואיזע אַליין פילט, אַז זייער פאַמיליע איז נישט קיין באַראָמעטער פאַר אַנדערע. זי זאָגט: „כ'ווייס, אַז עס זענען פאַראַן מענטשן נישט ענלעך צו אונדז. זיי זענען בעסער פאַר אונדז און נישט צעמישט אין קאָפּ ווי מיר", און צו דעם האָט זי גלייך צוגעגעבן: „איך ווייס נאָך עפּעס. אויב עס איז דאָ היינט כאַאָס וועט ער נישט זיין אייביק. פון דעם כאַאָס וועט געבוירן ווערן אַ טאַנצנדיקער שטערן! — ניטשע האָט עס געזאָגט". סעם הערנדיק דער טאָכטערס רייד, האָט צו איר אַ זאָג געטאָן: „מיינסטו באמת, אַז פון צעמישטקייט וועט אַרויסקומען אָרדענונג? — ניין, האָט לואיזע אויסגעשריגן, ניין, ניין, פאַרשטייסט גאָרנישט. מענטשן ווי מיר פאַרשטייען נישט. איך קען מענטשן אין שול, מיט בעסערע קעפּ, בעסער פאַר אונדז". זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן זאַץ. די קלענערע קינדער, וואָס האָבן זיך צוגעהערט צום שמועס, האָבן מיט די אויגן איר נאָכגעפאָלגט, געוואָלט באַנעמען, וואָס זי האָט אויסגעפונען. פאַר זייערע יונגע מוחות איז עס געווען פאַרנעפּלט. זיי האָבן עס נישט געקענט תופס זיין.

די אויטאָרין האָט אין דעם ווערק פאַרן לייענער אַוועקגעשטעלט אַ סך פראַגן וועגן לואיזען, העניען און סעמען, וואָס בלייבן נישט פאַר־ענטפערט. סעם קען נישט מוחל זיין די סקעפּטיק פון זיין טאָכטער. ער טראָגט זיך אַרום מיט אַ משוגעהדיקן משיחישן גלויבן צו קענען

שאַפן אַ גן־עדן אויף דער ערד, וואָס זאָל זיין „גאָטס־פוס־בענקעלע״. ער גלויבט אין זיינע קינדער: „וואָס קען נאָך זיין מער צוזאָגנדיק, ווי אַ ווונדערלעך קינד? ניוטאָן, איינשטיין זענען דאָך אויך געווען אַמאָל קינדער״. ווידער העניע געהערט צו דעם סאָרט פרויען, וואָס סימפּאַטיזירן מיט אַלע פרויען קעגן אַלע מענער. זי זעט, אַז ביי איר מאַן איז דאָס גאַנצע לעבן געווען שפּיל, אַזוי אויך זיינע געשעפטן... „וואָס פאַר אַ זאַכן אין דער וועלט ער דאַרף אַלץ האָבן צו אַמוזירן זיך״.



אין דעם ווערק „דער מאַן וואָס האָט ליב געהאַט קינדער״, האָט קריסטינאַ סטיד געשאַפן אַ וועלט מיט אַן אייגנאַרטיקער רעאַליטעט. עס איז געשטיצט אויף אויטאָביאָגראַפישע עפּיזאָדן, בילדער און סצענקעס, וואָס די אויטאָרין האָט געדענקט פון אירע קינדער־יאָרן. זי האָט זיי יאָרן־לאַנג געטראָגן אין איר געמיט און זכרון, ווי מען געדענקט פון שטוב דאָס „הענגען אַן אַלט פריינדלעך בילד אויפן וואַנט דורך דורות״. עס קענטיקט זיך ביי איר דאָס געדענקען פּרטים, ווי אַזוי קינדער רעאַגירן אויף דערשיינונגען און געשפּרעכן פון דער־וואַקסענע. זי קען רייד־אופנים פון פאַרשיידענע פאַמיליעס, און די אונטערשיידן פון קינדער־רייד ביז פון דערוואַקסענע, גאָר באַזונ־דערס, איז איר אייגן דער אופן, ווי אַזוי מיטגלידער פון אַ פאַמיליע, וואָס זענען צוגעוווינט איינער צום אַנדערן פאַרשטייען זיך אויפן ווונק, אויף אַן אַנדייט פון אַ ספּעציפישער פאַמיליע־פראַזע, וואָס זאָגט שוין אַלץ פאַר זיי. אין דעם בוך רעדט אַנדערש דער טאַטע צו אַ קינד, און אַנדערש די מאַמע, און גאָר אַנדערש רעדן די קינדער צווישן זיך.

איינע פון די וויכטיקסטע פאַקטן אין דעם ווערק וועגן קינדער און דערוואַקסענע, באַשטייט אין איר אויפווייזן, אַז די גרויסע האָבן שוין פאַרגעסן, וואָס מיינט זיין אַ קינד, און אַז קינדער האָבן דאָך נאָך נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו וויסן ווידער, וואָס מיינט זיין אַ דערוואַקסענער. די מערקווירדיקסטע טעקסטור פון די פאַרשיידענע רייד־סטילן, וועלכע שאַפן אַן אַטמאָספער פאַר דער אַקציע פון אַ גערעדטן און נישט־דערערעדטן פאַמיליע־לעבן — דאָס איז איר באַזונדער טאַלאַנט.

אוודאי גייט כסדר רעאַליזם געפּאָרט מיט שעפערישער פאַנטאַזיע סיי וועגן דער קינדער־וועלט, אי וועגן די דערוואַקסענע. די אויטאָרין ווייזט, ווי אַזוי קינדער דערשפירן וואָר דורך זייער תמימותדיקער

סענסיטיווקייט, זיי דערשמעקן שוין, ווען דערוואַקסענע זענען נישט אויפריכטיק, האָבן אויסבאַהאַלטן פאַר זיי דעם אמת, און טאַקע אויך אָפּגענאַרט זיי.

אַ חוץ טיפן וויסן פון פּסיכאָלאָגיע ביי קינדער און ביי דערוואַקסענע, ווייזט די אויטאָרין אַרויס גרויס טאַלאַנט ביים קאָנסטרואירן איר גאַנצן בנין, ווירקלעך—אַ גיגאַנטישן ממש—פון מענטשלעכער עקזיסטענץ. די גאַנצע סטרוקטור פון דעם ליטעראַרישן בנין אין זיין אויבערפלאַך — און נאָך מער און נאָך שווערער — אונטערן אויבערפלאַך. איר אופן פון שילדערן געשעענישן, איר נאַראַטיווער סטיל, די ריטמישע ספּאָנטאַנישקייט און אוממיטלבאַרקייט, וואָס מאַכט אַ געשפּרעך, אַ דיאַלאָג, אַ מאָנאָלאָג, אָדער די סצענקעס, אין זייער גאַנצער סטרוקטור און טעקסטור — אַנדערש ווי ביי פיל שרייבער.

אוודאי באַנוצט זי פאַרשידענע קוק־ווינקלען אין דעם נאַראַטיוו. מיר זעען עס, למשל, ווען העניע דערציילט די קינדער, וואָס איז געשען בעת זי איז געגאַנגען איינקויפן אין קראָם און האָט באַמערקט אויפן וועג זאַכן. כאָטש די קינדער זענען דאָך מיטגעווען דאָן מיט איר און אַלץ בייגעווינט, דאָך זעען אויס די געשעענישן אַנדערש אין זייערע אויגן, און אַנדערש ביי איר.

אין איר קאָנסטרוקציע קענטיקן בכלל זיך צוויי פאַרשיידענע פּראָצעסן: אַ סעריע פון געוויסע ענלעכע פּאַסירונגען, באַקומען מער אינטענסיווקייט און באַדייטונג אין זייער גאַנג, ביז עס דערגרייכט צו דער לעצטער פּאַסירונג, וואָס סומירט אין זיך אַלע פריערדיקע; און אַ צווייטער אופן, ווען די סעריע קוואַנטיטאַטיווע ענדערונגען דערפירן צו קוואַליטאַטיווע שינוים — צו אַ פולשטענדיקער טראַנספּאָרמאַציע דורך די, אָדער אַנדערע האַנדלונגען, וואָס האָבן גורם געווען די ענדערונגען.

לאָמיר נאָך אַמאָל דערמאָנען דעם אויטאָביאָגראַפישן רוי־מאַטעריאַל: איר פאָטער דייוויד סטיד, דער נאַטוראַליסט, האָט געטאָן אַ גרויסע פּיאָנערישע אַרבעט אויפן געביט פון קאָנסערוואַציע און פון קרייצן פאַרשיידענע מינים גרינסן. (פּאָליטיש איז ער געווען אַ פּאַציפיסט). זיינע פאָרשונגען אין די 1920־ער און 1930־ער יאָרן האָבן צו יענער צייט, מסתמא, אַרויסגערופן ווייניק אינטערעס. אגב דעם טערמין „עקאָלאָגיע״ וואָס די מחברין באַנוצט, איז נאָך אין יענע יאָרן נישט געווען אין קורס. ווידער קריסטינאַ גופא, האָט זיך (ווי איר ליטעראַרישע מאַסקע לואיזע) אַנטוויקלט צו דער גרויסער פּראָזע־קינסטלערין — אַ טיפע אָבסערוואַטאָרין, וועלכע האָט זיך צוגעקוקט, מיט איר שאַרפן אויג, צום לעבן פון קינדער און דער־

וואַקסענע. זי האָט דאָס אָבסערווירטע לעבן באַהויכט מיט איר אימאַ־זשינירטער וויזיע און געוואָרן די מחברין פון אַ ריי גרויסע ווערק, וואָס האָבן איר פאַרשאַפט אַן אינטערנאַציאָנאַלע הויכע רעפּוטאַציע. (ווי געוויינטלעך: אין דער וועלט האַלט מען פון איר מער ווי אין איר געבוירן־לאַנד...).

ווען מען לייענט אירע בעסערע ווערק, זעט מען ווי פון ווער־טער וואַקסן אויסביימער, פייגל, מענטשן. דורך אירע ריטמישע זאַצן זעסטו אַ וועלט, וואָס זי האָט געשאַפן פון פאַנטאַזיע און רעאַליזם. עס איז איר וועלט און אויך דיינע. מען קען אַזאַ ווערק, ווי דער „דער מאַן וואָס האָט ליב געהאַט קינדער״ באַצייכענען, ווי אַן עקאָ־לאָגישער ראָמאַן (לויט אונדזער היינטיקער באַנוצטער טערמינאָלאָגיע), מחמת עס איז אַ דראַמע פון אַ בעל־חי, וועלכער ראַנגלט זיך פאַר זיין קיום, לעבנדיק אין אַ סביבה, וואָס איז צו קליין און אָרעם פאַר אים.

דאָס גרויסע ווערק, וואָס מיר האָבן אַנאַליזירט, האָט פיל מעלות, — איז אָבער אויך נישט פריי פון געוויסע פעלערן (איז דען בכלל פאַראַן אַזאַ ווערק, וואָס איז כולו פּערפעקציע?). עס קענטיקן זיך פאַרן קריטישן אויג גרעסערע און קלענערע פעלערן אויף וועלכע מען דאַרף זיך אָפּשטעלן. ווי געזאָגט איז עס קוואַליטאַטיוו און קוואַנ־טיטאַטיוו אַ גרויס ווערק, אָבער עס האָט געקענט געקורצט ווערן אָן שום שאָדן. אייניקע שילדערונגען האָבן בכלל געקענט בלייבן מחוץ, און נישט אריינגענומען ווערן אין סוזשעט, לכל הפּחות האָבן זיי געדאַרפט אַ סך געקירצט ווערן. אַ ביסל מער צימצום וואָלט צוגעגעבן אַ סך געזונט דעם ווערק.

נעמען מיר, לדוגמא, די גרויסע „פּאַרטיע״ פאַר סעמען (נאָך זיין צוריקקומען פון מאַלאַיאַ). איז דאָרט פאַראַן אַזוי פיל איבעריקע טי־ראַדעס און פּרעדיקעריי אין דער סצענקע, וואָס באַשווערן דעם לייע־נער ביז ער זאָל מיד ווערן... אַזוי אויך ווען זי שילדערט העניעס משפחה, אַזוי פיל באַשרייבונגען פון צופעליקע זאַכן, וואָס מאַכן דעם איינדרוק, אַז זיי האָבן זיך אַדורכגעגליטשט אומבאַמערקט פון מחברס פען.

צענזור אַליין פאַר אַ מחבר איז איינע פון די וויכטיקסטע זאַכן. טאַקע צו וויסן ווען זיך אָפּצושטעלן, וואָס אַרויסצולאָזן. עס מערקט זיך אויך, אַז רוי־רעאַליטעט, האָט זיך אַריינגעגליטשט אייליק. מען דאַרף ביים שאַפן תמיד געדענקען, אַז אַקטועלע פּראָצעסן דאַרפן דורכגיין אַ בעלעטריסטישע טראַנספאָרמאַציע.

איך בין אָבער פולשטענדיק מסכים מיט דער מיינונג פון ראָסקין,

אַז עס איז שווער צו האָבן הונדערט פּראָצענט קוואַליטעט אין אַ קונסט־ווערק. אין די וועלט־באַרימטסטע ווערק פעלן נישט קיין לעכער, ווער רעדט שוין פון פּגימות! באַזונדערס געפינט מען זיי אין ראָמאַנען.

אָבער נאָך דער הנחה, וויל איך מיט אָנערקענונג צוגעבן אויך די מעלות טובות. מען קען זייער לייכט זיין אַ שטרענגער קריטיקער און רייסן פון אַ ווערק לעבעדיקע שטיקער, עס זאָל גיין ממש בלוט. אָבער ווער עס טוט דאָס אָן איינזעעניש, אָן פאַרשטענדעניש פאַר פעלערן (אויך ביי גרויסע קינסטלער), דער טוט מער ווי אַ גרויסע עוולה לגבי דעם מחבר.

קריסטינאַ סטיד האָט איבערגעגאָסן פון איר אויסטראַלישן זכרון־קוואַל אַ לעבעדיקן שטראָם, וועלכן זי האָט פאַרקערעוועט אין דער ריכטונג פון אַן אַמעריקאַנער רעאַליטעט. זי האָט עס גוט אַקלי־מאַטיזירט אין דער סטרוקטור און אַטמאָספער. ווי אַ ראָמאַניסט און נאַטוראַליסט. זעט אויס, אַז קריסטינאַ סטיד איז, פונקט ווי איר פאַ־טער, פאַרויסגעלאָפן איר צייט. איר רייכע פראָזע האָט אין די יאָרן ווען זי האָט געשאַפן דאָס ווערק אויסגעזען, ווי אַן עקזאָטיש געוויקס אויפן פאָן פון דעם סאָציאַל־רעאַליזם אין דער ליטעראַטור, וואָס איז געווען דאַן אין דער מאָדע. ערשט מיט יאָרן שפּעטער האָט מען זיך געכאַפּט אויף דער שיינקייט, טיפקייט און אַרכיטעקטור פונעם ווערק.

ביי די אויסלענדישע קריטיקער, האָט זי געקראָגן אַ סך לויב־ווערטער און סופּערלאַטיוון פון אַ גאָר הויכער מדרגה (מען האָט אירע שאַפונגען פאַרגליכן צו היינעס „פלאָרענטינער נעכט”, צו אַנ־דערסענס „וואָס די לבנה האָט געזען”, אָדער גאָר צו „דעקאַמעראָן”).

זאָכלעך גערעדט, זעט מען אין אירע שאַפונגען: טראַגעדיעס און קאָמעדיעס, אידעאַליזם און ציניזם, פאַנטאַזיעס, וואָס דערגייען צו גוזמאות און סאָפיסטיצירטע געשיכטעס מיט אַ הומאָריסטישן און סאַטירישן עלעמענט (אונטער דעם אויבערפלאַך).

איר אויג פאַרן פרט, פאַרן באַזונדערן זשעסט, פאַר אַן עקס־פרעסיע פון יעדן גליד און באַוועגונג פון קערפּער און דער עיקר: וואָס זי האָט די פשוטסטע זאַכן פון טעגלעכן לעבן, אַרומגענומען מיט אַזאַ לירישער מיסטעריע, דערציילנדיק דעם לייענער וואָס דאָס לעבן מיינט, איידער די געשעעענישן גופא האָבן אים געוויזן. און זי בענטשט דאָס לעבן מיט אַזאַ הומאַנישער דעדיקאַציע צו די געטער פון קונסט און ליבשאַפט. מענטש און לאַנדשאַפט ווערן גורלדיק פאַרבונדן (ווען זי שילדערט העניעס זעלבסטמאָרד, טרעפט זיך דער אינערלעכער

שטורעם אין הויז צונויף מיט דעם שטורעם, וואָס גרייט זיך אין הימל. ביידע באַגעגענען זיך אין דער לעצטער שפּיל פון לעבן . . .).

זינט 1928, לעבט קריסטינאַ סטיד אין אויסלאַנד. איר טעמאַטיק און טיפּיזאַציע איז ס'רוב נישט קיין אויסטראַלישע. אָבער אויסטראַליע איז געבליבן פאַר איר דאָס לאַנד, וואָס דער שרייבער, דזשאָן קלירי האָט אזוי באַצייכנט אין זיינס אַ ווערק („אהיימקומען"). ער זאָגט: „דאָס וואָס איך האָב ליב אויסטראַליע, אירע הימלען — — — עס איז די וועלט איבער דיר, הינטער דיר — — — עס איז די ערד, ווו דיינע צוויי פיס זענען פאַרפלאָנצט . . ."

# קעטערין סוזאַנאַ פּריטשהאַרד

הגם זי איז געבוירן געוואָרן אין פידזשי, איז זי אין איר שאַפן מער אויסטראַליש, ווי די געבוירענע אינעם לאַנד. די עלטערן האָבן איר געבראַכט קיין אויסטראַליע אין עלטער פון דריי יאָר. איר פאָטער איז געווען אַ רעדאַקטאָר פון אַ צייטונג אין פידזשי, האָט זי פון אים געירשנט דעם ווילן און טאַלאַנט צום שרייבן, און זי האָט געהאַט גרויס דערפאָלג מיט איר ליטעראַרישן בכור „פּיאָנערן" (1915).

איר ערשטלינג, האָט געווונען אַ גרויסע פּרעמיע, וואָס איז פאַר אַ יונגע שרייבערין געווען אַ גרויסער סטימול אין אַלע הינזיכטן. זי האָט גלייך גענומען ערנסט איר שרייבערישן באַרוף, און ווי יעדער יונגער שרייבער, געמוזט דורכמאַכן אַ לערע־פּעריאָד צו ווערן קאָמפּעטענט אין דער קאָנסטרוקציע פון אַ ווערק.

איר שעפעריש לעבן קען איינגעטיילט ווערן אין דריי פאַזעס: פון 1914 ביז 1921 — די לער־יאָרן אויפן שרייבערישן געביט. די צווייטע פאַזע — ביז 1933. אין דעם פּעריאָד האָט זי דערגרייכט אירע הויך־פּונקטן און געשאַפן אירע בעסטע ווערק — ראָמאַנען, דערציילונגען און לידער — און נאָך דעם די דריטע פאַזע, אין וועלכער עס איז געקומען גיכער צום אויסדרוק איר ליטעראַרישע ירידה — אַן עקליפּס, וואָס האָט שוין אָנגעהאַלטן ביזן סוף.

איר ראָמאַן „פּיאָנערן" באַהאַנדלט טאַקע די פּיאָנערן פונעם לאַנד, די צייטן פון די ערשטע פאַרשיקטע אין דער קאָלאָניע. אַז מען לייענט היינט דאָס ווערק, שטעלט זיך אונטער אַ פראַגע־צייכן, צי זי האָט טאַקע פאַרדינט צו קריגן אַן ערשטע פּרעמיע פון טויזנט פונט? עס קענטיקט זיך פאַרן היינטיקן לייענער, אַז זי האָט נאָך דאַן אַליין נישט אויסגעפונען אירע מעגלעכקייטן, ווו עס ליגט דאָס יסודותדיקע פון איר שרייבערישן פּאָטענציאַל. עס הענגען נאָך אין דעם ראָמאַן לויזע צויטן, וועלכע די מחברין האָט נישט געוווּסט ווו זיי צו פאַרבינדן. עס קענטיקט זיך אויך זשורנאַליזם, וואָס וועגט איבער דעם בעלעטריסטישן עלעמענט. ווייזט אויס, אַז בשעתו, האָט דער סאָרט ראָמאַן געקענט נאָך געווינען אין אַ קאָנקורס.

אין איר ווערק „די אַרבעטנדיקע אָקסן", האָט די מחברין באַוויזן זיך אַליין צו געפינען. זי האָט געוווּסט שוין ווי אַזוי צו אַנטוויקלען די כאַראַקטערן, וועלכע ציען זייער יניקה פון אַ באָדן און לאַנד־שאַפט, וואָס איז אַ טייל פון זייער לעבן... דאָס ווערק באַהאַנדלט די גיגאַנטישע וועלדער פון מערב־אויסטראַליע און די מענטשן, וואָס זענען באַשעפטיקט אין און אַרום די וועלדער. עס איז דאָ אַן אינ־טימע פאַרבינדונג פון מענטש און באָדן. דאָס בוש־שטעטל איז דער צענטער, און אויך אַזוי דער טאַרטאַק מיט זיינע באַשעפטיקטע מענטשן. די שילדערונגען פון אַ ריי עפּיזאָדן, פון לעבנס־קאָנפליקטן מיט זייער גורלדיקן אויסגאַנג. מיר זעען די שטאַרקייט פון לעבן, די וויטאַליטעט, וואָס איז גובר אַלע שוועריקייטן. די פּערסאָנאַזשן האָבן דאָ אינדיווידואַליטעט, כאָטש דער פּסיכאָלאָגישער אַנאַליז פון זייער מהות, ליידט אַ ביסל פון אַ געוויסער אויבערפלעכלעכקייט.

אין איר בוך „קונאַרדו", קענטיקן זיך שוין געוויסע אַספּעקטן פון איר טאַלאַנט, וועלכע האָבן זיך אין די פריערדיקע ביכער נישט באַמערקט. קונאַרדו איז אַ שבט, וואָס איז נאָך נישט געוואָרן באַרירט פון דער ציוויליזאַציע, במילא, נאָך נישט דעגראַדירט... אין דעם ווערק איז סימבאָליזירט דער גייסט פון דעם פּלאַץ, די גרויזאַמע טראַגעדיעס און דער אומפאַרמיידלעכער סוף. די שילדערונג איז גענומען פון לעבן, נאָר וואָרשיינלעך אַביסל צופיל אידעאַליזירט.

אין דער סטרוקטור זענען פאַראַן חסרונות. צו פיל צעצויגנקייט אין דער באַהאַנדלטער געשיכטע, וואָס מאַכט מאָנאָטאָן צום לייענען. אין די באַהאַנדלטע כאַראַקטערן פילט זיך אויך אַ מאַנגל פון אַ טי־פערן פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז. עס איז מאָדנע, ווען דער הויפּט־כאַראַק־טער, די מוטער פון יוס, פאַלט אין מיטן בוך שוין אַרויס פון דער דער־ציילונג. אמת, דאָס לעבן פון די מענטשן איז טאַקע געווען מאָנאָטאָן, אָבער דאָס באַטייט נישט, אַז אין דער שילדערונג דאַרף דאָס אַרויס־קומען נודנע צום לייענען. עס איז טאַקע אַ שווערער נסיון פאַר אַ שרייבער עס ביי[צ]וקומען, און דער מחברין איז דאָס נישט געלונ־גען, פּונקט אַזוי ווי נאָך אַנדערע פעלערן אירע, וועלכע זי איז נישט בייגעקומען.

צווישן די מעלות פון דעם ווערק, געהערט דער אַבאָרידזשיני־פּראָבלעם, וועלכן זי באַהאַנדלט מיט אַ געוויסער טיפקייט, באַזונ־דערס וועגן די פרויען, וועלכע ווערן סעקסועל עקספּלואַטירט פון די ווייסע. די מחברין איז געווען פון די, וואָס האָבן מיט באַקנ־ציינער שטאַרק אָנגעוויזן אויף דער חרפּהדיקער באַהאַנדלונג פון דער אַבאָרידזשינישער באַפעלקערונג.

אין איר ראָמאַן „העקסבעיס צירק" — אַ טעמע וואָס קען זיין צוגעפּאַסט פאַר יעדן לאַנד, איז דורך דער אויטאָרין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ספּעציפיש אויסטראַלישער כאַראַקטעריזאַציע.

עס איז אַ געשיכטע פון אַ קליינעם פאַמיליע־צירק, וועלכער וואַנדערט אַרום איבער פאַרשידענע שטעטלעך אין אויסטראַליע, מיר זעען וויפל טריישאַפט, קרבנות און איבערגעגעבנקייט, וואָס די פאַמיליע ברענגט אויפצוהאַלטן דעם צירק.

די אידיי פון אַ צירק איז נישט ניי אין דער ליטעראַטור, דאָך האָט די אויטאָרין באַוויזן אַריינצוגעבן אינדיווידואַליטעט. סיי אין דער לאַנדשאַפט, סיי אין דער אַטמאָספער פון צירק־לעבן. דאָס קענטיקט זיך בולט אין דעם אופן פון איר באַשרייבונג. די טראַגישע עפּיזאָדן און די טראַנספאָרמאַציע צוליב אַ פאַרפאַל, זענען גענומען געוואָרן פון אַ רעאַלער וועלט, אָן סענטימענטן און באַפּוצונגען, און אָן סאַטירע. עס איז אַ פּלוס פאַר דער אויטאָרין צו קענען צוגעבן דעם אויסטראַלישן אַראָמאַט, און דעם צירק־לעבן מאַכן טיפּיש פאַרן לאַנד.

אַ ליטעראַרישן הויכפּונקט האָט קעטערין פּריטשהאַרד דערגרייכט אין איר טרילאָגיע „די גאָלדפעלדער". די טעמע איז וועגן די מערב־אויסטראַלישע גאָלדפעלדער. זי האָט אין דעם גרויסן ווערק געגעבן בילדער פון די גאָלדגרובנס, פון די שטרייק־מיטינגען און פון די רעדעס. זי באַהאַנדלט דעם פעריאָד פון די 1890־ער יאָרן, פון וועלכע זי האָט געטראָגן אין זיך דויערנדיקע איינדרוקן פון די פּשוטע מענטשן, נישט קיין גרויס־שטאָטישע פון מעלבורן און סידנעי, נאָר פון קליינע שטעטלעך, פון פאַרמס, און פון עמך־מענטשן; פרימיטיווע, אָן ספּעציפישע קוואַליטעטן, וואָס זאָל זיי אויסטיילן פון המון, מיט עפּעס אויסערגעוויינטלעכס.

די מחברין קען באַשרייבן אַ סצענקע, וואָס זאָל האָבן אין זיך לעבן. נאָך בעסער, וואָס זי קען די אַקציע פאַרפלעכטן מיט פּערזענלעכקייט, מיט אַ גוטער כאַראַקטעריזאַציע פון די טיפּן, בפרט, ווען זי באַשרייבט טראַגישע עפּיזאָדן. עס טיילט זיך אויס די שילדערונג פון קונאַרדיס טויט, פון ארויסברענגען די אַטמאָספער, וואָס באַאיינדרוקט דעם לייענער.

זי איז אַן ערנסטע ראָמאַניסטין, דאָך פאַרמאָגן אירע ווערק אַ דינעם שטילן הומאָר, מיט וועלכן זי באַנוצט זיך צו אילוסטרירן איר דערציילונג. טיילמאָל גייט אויך מיט דורך איר שאַפן אַ דינער פּאָעטישער שטראָמל. אַמבעסטן קענטיקט זיך איר טאַלאַנט אין דער קאָנסטרוקציע פון אַ ווערק וואָס זאָגט עדות, אַז אירע יאָרן אויף דער לער זענען נישט געגאַנגען לאיבוד. אָבער ווען עס קומט צו סטיל — איז נאָך דאָ זיך אַ סך צו ווינטשן. די דעפעקטן זענען:

קורצקייט פון זאַץ און פּאַראַגראַף, וואָס רייסט ממש איבער דעם שפּראַך־־ריטעם. עס וואַרפט זיך אין די אויגן איר טענדענץ צו קלי־שע־זאַצן, וואָס שלעפּן זיך איר נאָך פון אירע זשורנאַליסטישע יאָרן. בכלל פאַרפלעכט זיך ביי איר — זשורנאַליזם און ליטעראַטור, מיטן אויג אויפן לייענער, אַז באַלד וועט קומען דאָס סאַמע אינטע־רעסאַנטסטע... אָבער דאָס קומט זעלטן אָן, און עס מאַכט אַביסל אומגעדולדיק דעם לייענער, וואָס האָט א סך דערוואַרט...

עס וואָלט געווען נישט ריכטיק, מען זאָל צוליב די מינוסן פאַר־זען די פּליוסן, וואָס וועגן איבער די אַלע אויסגערעכנטע חסרונות. קודם, איר אידיאָמאַטיש לשון מיט דער געהעריקער באַפאַרבונג און פשטות, ווו דער רעאַליזם איז פאַרבונדן מיטן פּאָעטישן געפיל. דעריבער האָט גרויס דערפאָלג געהאַט אָט דאָס גרויסע עפּיש ווערק („גאָלדפעלדער״), וואָס איז איבערגעזעצט געוואָרן אין פיל שפּראַכן (פראַנצויזיש, דייטש, רוסיש, אונגאַריש, דעניש) און די מחברין איז באַטראַכט געוואָרן (דאַן) צווישן די פירנדיקע פּראָזאַיקערס פון איר דור.

אָבער פאַרן היינטיקן לייענער, הגם ער אָנערקענט איר קאָמ־פּעטענץ אין שאַפן אַ מאָדערניסטישע אַקציע און קאָנסטרוקציע, און אויך פיל אַנדערע מעלות טובות פון אירע בעסערע ווערק. עס וואַרפט זיך אין די אויגן פון קריטישן לייענער. איר מאַנגל אין געפיל פון סעלעקציע, וויסן וואָס צו לאָזן מחוץ.

דאָס איז באַזונדערס חל אויף אירע ווערק, ווו זי אַנגאַזשירט זיך פּאָליטיש אין די געשעענישן פון איר צייט, און ווייזט בולט איר דידאַקטישקייט און טענדענציעזקייט. דאָס איז געשען אין איר לעצ־טער פאַזע פון שאַפן, וואָס האָט פאַרלוירן דעם לעבעדיקן אָטעם פון וויזיע און פון קענען אויפנעמען דאָס לעבן ווי אַ גאַנצעס און נישט ווי אַ פרומע סטאַליניסטישע קאָמוניסטקע, וואָס האָט אַקצעפּ־טירט אַלץ וואָס איז געשען בימי סטאַלין...

אין איר דריטער פאַזע איז טאַקע פאָרגעקומען איר ליטעראַ־רישע ירידה. דער פּאָליטישער כאַראַקטער האָט דאָמינירט און עס איז אַרויסגעקומען פון איר פּען פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדע. אין איר בוך „אינטימע פריינד״ הערן זיך רעטאָריק־רעדעס וועגן אַרבעטער־קאַמף פונקט, ווי אויף אַ מיטינג.

אָבער געדענקען דאַרף מען די שרייבערין פון אירע בעסערע ווערק, ווו זי האָט זיך דערהויבן דורך טיפקייט אין שילדערן בילדער און סצענקעס, און ווו זי האָט אויך באַוויזן אַרויסצוברענגען כאַראַק־טער־טיפּן פון אויסטראַלישן לעבן, וועלכן זי האָט אַזוי גרונטלעך געקענט. זי האָט ריכטיק זיך אַליין אָפּגעשאַצט ביים זאָגן וועגן זיך:

„...איך קען גוט יעדער פּאַזע פון אויסטראַלישן לעבן. איך האָב גוט אָבסערווירט דאָס לעבן פון אונדזער לאַנד און פאָלק, וועלכן איך באַשרייב מיט ליבשאַפט און אינטימער סימפּאַטיע. איך שעפּ פון די דאָזיקע קוואַלן און שטרעב זיך צו קענען ווי געהעריק אויס־דרוקן... מיין דעפעקט ווי אַ שרייבער, איז וואַרשיינלעך, וואָס כ'וויל צופיל פון דעם באָדן. אָבער איך וויל בעסער זען דאָס אַלץ און דורכפאַלן, לויט די אוניווערסאַלע סטאַנדאַרטן, ווי זיין ווייניקער, ווי אַן עקספּרעסיע פון דעם לאַנד און פאָלק".

ביי אַלע אירע פעלערן, האָט זי איר אָרט אין דער געשיכטע פון דער אויסטראַלישער ליטעראַטור, פון דעם פּעריאָד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיטן ערשטן וועלט־קריג, ווען אויפן ליטעראַרישן האָריזאָנט האָבן זיך באַוויזן יונגע אויפגייענדיקע כוחות — פּאָעטן און ראָמאַניסטן, — וואָס זענען געוואָרן מיילן־צייכנס אין דעם גאַנג פון דער אויסטראַלישער ליטעראַטור.

צווישן די וואָס האָבן נאָכן קריג זיך אומגעקערט קיין אויסטראַ־ליע און באַקומען אָנערקענונג, זענען געווען — צווישן אַנדערע — וואַנס פּאַלמער (וועגן אים שרייבן מיר אויף אַן אַנדער אָרט) און קעטערין סוזאַנאַ פּריטשהאַרד.

# וועַנס פּאַלמער

## (צווישן צוויי ליטעראַרישע וועלטן)

דער אויסטראַליִשער שרייבער וועַנס פּאַלמער, איז געווען אַ נאָכפאָלגער פון צוויי לחלוטין אַנדערשדיקע ליטעראַרישע וועלטן. פון איין זייט האָט ער געצויגן יניקה פון דער ליטעראַרישער טראַדיציע פון די 1890ער יאָרן, פון דער א״ג לאָוסאָן־פּורפי טראַדיציע. פון דער צווייטער זייט איז ער געווען פאַרבונדן מיט דעם מאָדערניזם פון זיין צייט — פון די 1950ער יאָרן.

צווישן די צוויי וועלטן איז ווייט נישט געווען קיין האַרמאָניע, און דער קאָנפליקט צווישן זיי האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין זיינע ווערק. זייער צאָל איז אַ גאַנץ היפּשע, מחמת ער איז געווען איינער פון די פּרוכטיקסטע אויסטראַלישע שרייבערס און געשאַפן אין פיל זשאַנערן: ראָמאַנען, דערציילונגען, פּיעסן, קריטיק און ליטעראַרישע, אָדער היסטאָרישע ביאָגראַפיעס.

ער איז פון דער נאַטור געווען אַ ראָמאַנטיקער, אַן אידעאַליסט, וואָס איז געקומען שטאַרק צום אויסדרוק אין זיינע ערשטע ווערק. אָבער אין זיין שפּעטערדיקן שאַפן קענטיקט זיך שוין, ס׳רוב, זיין צעשיידונג מיט די ראָמאַנטישע אילוזיעס און אויך מיט זיין עמאַנציפּאַציאָנאַליזם.

ער האָט גוט געקענט די גרויסע וועלט דורך זיינע רייזעס, אַ געוויסן פּעריאָד געלעבט אין ענגלאַנד, אָבער דאָמינירט אין זיין שאַפן האָט זיין אייגן לאַנד און פאָלק. די סצענע האָט ער אָפּגעגעבן דעם פּשוטן פאָלקס־מענטש און דעם המון־עם. פון זיי האָט ער גענומען זיינע העלדן און דעם זין וואָס זיי האָבן אַריינגעגעבן אין זייער ראַציאָנעלן לעבן, ווי אין זייערע איראַציאָנעלע האַנדלונגען. דאָס האָט זיך אויך באַצויגן לגבי זיינע יונגע פּערסאָנאַזשן, — וועלכע ער האָט זיך באַמיט אַרויסצווייזן פאַרשטענדניש פאַר זייערע אידייען און עמאָציעס, זוכנדיק דעם מאָראַלישן אָפּקלאַנג אין דעם קלימאַט פון דער געגעבענער צייט, מיט אירע געראַנגלען און טיפע ריסן.

יאָרן לאַנג איז ווענס פּאַלמער געשטאַנען, כּמעט, בראש פון וואַקסנדיקן ליטעראַרישן צענטער אין אויסטראַליע. ער איז געווען די רעפּרעזענטאַנטיווע פיגור און דער עדות פון ליטעראַרישער רייפ־קייט. זיין שאַפן האָט געהערט צום צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אין גייסט, אין אַראַנזשירונג, אין זיין סטיל־מאַניר פון אָריגינאַליטעט און בעיקר — אינדיווידואַליטעט.

עס איז כּדאַי צו דערמאָנען דאָ זיין יחוס־בריוו, שוין דערמיט וואָס ער איז געוואָרן געבוירן אין אַ שטוב מיט ליטעראַרישע טראַ־דיציעס, פון אַן אירלענדישער היים־אַטמאָספער, איבערגעפלאַנצט אין אויסטראַליע. זיין זיידע איז געווען גאָענט באַפריינדעט מיט אויסטראַ־לישע שרייבערס פונעם 19טן יאָרהונדערט (ווי ווענטוואָרטה און קענ־דעל) און אַליין מיטגעאַרבעט אין אַ סידנעיער זשורנאַל („פּאַנטש"), פון אים האָט דאָס אייניקל געירשנט דעם סטימול פאַרן ליטעראַרישן שאַפן און אויך דעם דראַנג צו זוכן מזל־ברכה אין דער וועלט.

ער איז אַוועק קיין ענגלאַנד און נאָך עטלעכע יאָר זיין דאָרט, איז ער צוריקגעקומען קיין אויסטראַליע, ווי לאָוסאָן האָט שוין דאַן געקיניגט און באַאיינפלוסט מיט זיין שאַפן יונגע שרייבערס. פון לאָוסאָנען האָט ווענס פּאַלמער געלערנט צו געבן זיין לאַנד און זיין נאַטירלעכער סביבה אַ נייע באַדייטונג. סיי די פּערסאָנאַזשן און סיי זייער לאַנדשאַפט האָבן, וויפל נאָר מעגלעך, געדאַרפט זיין געטריי דאָס לעבן, די בכורה אָפּצוגעבן דעם פשוטן מענטש, צו קענען אַן אַספּעקט פון לעבן אַריינפּרעסן אין אַן אינצידענט, און אויפהייבן אַ לעבנס־פּאַסירונג צו דער קראַפט פון אַ סימבאָל.

„די וועלט פון מענטש" (1915) איז פּאַלמערס געראָטענער ערשט־לינג. אין דעם ווערק קענטיקט זיך שוין דער מחבר־נאַראַטאָר פון אַ באַדייטנדיקער טיף. זיין פעדער פירט צו דירעקטקייט און אויפ־ריכטיקייט, און איז באַהויכט מיט אַ הומאַניסטיש־דעמאָקראַטישן לעבנס־בליק.

דער מחבר מיידט אויס סתם רעטאָריק אין די פּסיכאָלאָגישע רעפלעקסן פון זיינע פּערסאָנאַזשן. ער ווייזט אַרויס פאַרשטענדעניש פאַר די אינערלעכע רעאַליטעטן, וועלכע ער שילדערט מיט זיין סטיל: — קיל, שאַרף באַגלייט מיט פעסטן אַרומנעמענדיקן בליק.

אָפּשטעלן זיך אויף דעם אינהאַלט פון זיינע ווערק און אויף דער כאַראַקטעריזאַציע פון די העלדן, וואָלט דאָס גופא פאַרנומען אַ גאַנץ בוך. וועלן מיר דעריבער מוזן, ווי נאָר מעגלעך, באַגרענעצן זיך צו אַן אַלגעמיינער אָפּשאַצונג פון זיין שאַפן און גאַנג אין דער אויסטראַ־לישער ליטעראַטור, נאָר פאַרבייגייענדיק בלויז דערמאָנען די נעמען פון זיינע הויפּט־ווערק.

אין זיין טוץ ראָמאַנען און האַלבן טוץ קורצע דערציילונגען — „קראַנולאַ״ (1924); „דער מענטש האַמילטאָן״ (1928); „מענטשן זענען הומאַניש״ (1930); „דורכגאַנג״ (1930); „פּאַרטאַג״ (1932); די סוועין פאַמיליע (1934); „באַזונדערע לעבנס״ (1934); „ציקלאָן״ (1947); „גאַלקאַנדאַ״ (1948) און אין פיל אַנדערע (נישט דערמאָנטע דאָ נעמען), האָט ער געשטאַלטיקט אַ רייכע גאַלעריע, אינדיווידועל־געצייכנטע טיפּן, פאַרוועבט אין פאַרשידענע סוזשעטן.

אויף אַ נאַטוראַליסטישן הינטערגרונט, האָט ער געצייכנט סאָציאַלע גרופּעס מענער, פרויען, וועלכע ער האָט, אפנים, גוט קענען געלערנט, מחמת זיי קומען צו אים פון אַ באַקאַנטער וועלט פון דעם פיזישן הינטערגרונט פון זיין לאַנד, אין וועלכן ער גיט אַריין זיין לעבנס־וויזיע — הגם טיילמאָל אַ ביסל פאַרנעפּלט, דאָך שלימותדיק — מענטש, סוזשעט און לאַנדשאַפט בילדן אַ גאַנצקייט.

דאָס טיפּישע אין וועגס פאַלמערס אַ דערציילונג איז געוויינט־לעך באַזירט אויף אַן עפּיזאָד, אויף אַ געוויסן פּונקט, וואָס ער הייבט אַרויס און גיט אריין אין אים אַן אָטעם פון וויזיע. דער עפּיזאָד איז זעלטן ביי אים פון אַנעקדאָטישן כאַראַקטער און איז אויך נישט באַ־גלייט מיט אַ סורפּריז־קלימאַקס. ער צייכנט פּרעציזירטע אויטענטישע בילדער אין געצוימטע ווערטער, אָן דראַמאַטישע שטאַרקע טענער, בכדי צו אינטערפּרעטירן און רעפלעקטירן די פּערסאָנאַזשן וואָס וויסן אַליין נישט, אַז זייערע לעבנס־פּאַסירונגען מאַכן געשיכטע. דעריבער ליגט אונטער דעם אויבערפלאַך, תמיד עפּעס מער, ווי דאָס באַשריי־בענע און געצייכנטע אינעם ווערק.

זיינע קינסטלערישע הויכפּונקטן, האָט וועגס פאַלמער דערגרייכט אין זיין טרילאָגיע „די גאַלקאַנדאַ״. דער פּאָרטרעט פון מייסי דאַנעוואַן, איז וואַרשיינלעך דער שטאַרקסטער כאַראַקטער־פּאָרטרעט, וואָס איז אַרויס פון זיין פעדער.

עס איז נישט קיין ראָמאַנטישע געשיכטע לויטן אַלטן קאָנווענ־ציאָנעלן נוסח, מיט א פאַרויס באַשטימטן סוף. דאָס וואָס דערהייבט דאָס ווערק צו זיינע הויכן, איז כאַראַקטעריזאַציע פון דעם אידע־אַליסטיש־באַפאַרבטן הויפּט־העלד דאַנעוואַן, די קראַפט וואָס שטראַלט אַרויס פון זיין פערזענלעכקייט, און רופט אַרויס ביים לייענער באַוווּנ־דערונג און וואַרעמקייט. דורך אַזאַ ווערק וועלן די קומענדיקע דורות קענען באַקומען אַ טיפערן אַריינבליק אין דער אויסטראַלישער געזעלשאַפט.

דער מחבר ברענגט אַרויס די אַקציע אָן איילעניש, און איך האָב דעם איינדרוק, אַז ביים שרייבן איז אים גאַנץ ווייניק אַנגעגאַנגען בכלל די אַקציע, מחמת דער עיקר איז ביי אים דער פּסיכאָלאָגישער

אַנאַליז. די געשעעענישן זענען געוויינטלעך פּאַר אים נאָר די ראַם
אַריינצושטעלן די פּאָרטרעטן — דעם אַנאַליז פון יעדן טיפּ באַזונ-
דער, וועגן וועלכן ער פירט אַ פּרעלימינאַרן אויספאָרש, און שפּעטער
— די צייכענונג.

די גאַלעריע פּאַרשוינען וועלכע ער שילדערט, איז זעלטן דראַ-
מאַטיש. ער לאָזט זיי זיך אויסרעדן אין אַלע טענער און ביי-
טענער, אַרויסצוברענגען אַפילו זייערע באַנאַליטעטן. דורך דעם אופן,
גיט ער אַ קלאָרן אויסדרוק און אויסבליק פון זייער פּולקייט. אַפילו
ווען זיי שטייען צו אונדז אויסגעדרייט אין פּראָפיל, לאָזט ער אויך כאַפּן
אַ זייטיקן בליק, צו זען זייער וויטאַליטעט — די וויטאַלע כוחות פון
אַ מענטשן אין זיין געראַנגל מיט די נאַטור־באַדינגונגען, ווי אין די
סאָציאַלע באַדינגונגען געשאַפן דורכן מענטש.

ווען ער ברענגט צום אויסדרוק זייערע עמאָציאָנעלע איבערלע-
בונגען, מיידט ער אויס צו אַנגאַזשירן זיך פּערזענלעך אין די סצענ-
קעס, וועלכע ער באַטראַכט קיל און באַזאַכט, ווי זיין שטייגער איז.

ווענס פּאַלמער ווייזט אַרויס טיפע קענטעניש פון דער מענטש-
לעכער נאַטור, ווי ער ברענגט עס צום אויסדרוק אין די צייכענונגען
פון זיינע העלדן, בעיקר פון די פּאָר הויפּט־העלדן, וועלכע ער הייבט
אַרויס פון דער רייכער גאַלעריע, וואָס איז אגב, זעלטן פּילפאַרביק.

ער איז זייער אָפּקלייבעריש אין זאַכן פון פּאַסירונגען און אינצי-
דענטן פון אַ גרעסערן אָדער קלענערן פאַרנעם און באַטייט, זיי מעגן
זיין אַזוי נישט וואַרשיינלעך אין דער רעאַליטעט פונעם לעבן, ווי אין
דער רעאַליטעט פון קינסטלערישן שאַפן.

אין דער אויבנדערמאָנטער טרילאָגיע איז בולט זיין גוט־באַ-
לאַנסירטע קאָנסטרוקציע, אַ פּאָרזיכטיקע, דער עיקר ביים רעפלעק-
טירן סיטואַציעס, אָן רעטאָרישע באַפּוצונגען און ליטעראַרישע
פלעטערלעך.

ביים לייענען דוכט זיך, אַז ער האָט אַריינגעזאַפּט אין זיך אַזוי
פיל לעבנס־שפּריצן פון מענטשן, יחידים און גרופּעס, מיט זייערע
פּאַסירונגען און סיטואַציעס, און ווי אַ טויכער אין ים פישט ער אַרויס
איינצלנע געשעענישן, עפּיזאָדן, אויף וועלכע ער קאָנצענטרירט זיך
מיט זיין שאַרפן אויג און אויער. ער לייגט דערביי גרויס אַכט נישט
איבערצוכאַפּן די מאָס דורך אַ צו שטאַרקן אַקצענט, וואָס זאָל שטאַר-
קער לאָזן קלאַפּן דעם פּולס און טיפער באַווירקן.

ער איז אינטים מיט זיינע פּערסאָנאַזשן, מיט זייערע שטאַרקייטן
און שוואַכקייטן, וועלכע ער קען אויסגעצייכנט. זייערע קאָנפליקטן מיטן
לאַנד, מחמת זיי האָבן נאָך נישט געהעריק זיך צוגעפּאַסט צו די באַ-

דינגונגען, און קענען געלערנט, ווי אַזוי צו מאַכן דאָס לעבן באַקוועמער און לייכטער.

טייל פון די העלדן זענען געצייכנט אין אַ האַרמאָנישן בונד מיט דער אויסטראַלישער לאַנדשאַפט, אַנדערע ווי אַ קאָנטראַסט צו איר. אין סאמע לעצטן סך־הכל איז נאָר דער כאַראַקטער־טיפּ מיט אַ שטאַרקן ווילן אַנגאַזשירט אין געראַנגל מיט זיין גורל און מיט דעם גאַנצן אַרום, דער מאָטיוו איז דער דאָמינירנדיקער אין זיינע ראָמאַנען.

אָבער בעסערס פון זיינע ראָמאַנען געפין איך אין זיינע קורצע דערציילונגען, און פשוט דערפאַר, וואָס אין די גרויסע ראָמאַנען האָט ער זיך צופיל פאַרנומען אויף ברייטע פסיכאָלאָגישע באַהאַנדלונגען, וועלכע האָבן, אַן שאַדן פאַרן ווערק געקענט אויסגעמיטן ווערן. ביים לייענען האָב איך נישט איין מאָל געשפּירט, אַז ס'איז לגמרי נישט געווען נויטיק, ער זאָל דאָ אַזוי מאַריך זיין מיט דעם אויספירלעכן אַנאַליטישן דערציילן פון דער געשעעניש. בעת ער האָט דאָס געקאָנט פונקט אַזוי גוט אַרויסברענגען דורך דער קאָנווערסאַציע און אַקציע.

דעריבער, ווייל ער האָט אין דער באַגרענעצטער ראַם פון דער קורצער דערציילונג נישט געהאַט דעם גרויסן פּלאַץ פאַר די ברייטע (און איבעריקע) פסיכאָלאָגישע דיסערטאַציעס, זענען זיי (די קורצע דערציילונגען) טאַקע אַרויסגעקומען מער שלימותדיק, דורך זיין לייכטן דראַמאַטישן באַריר, באַגלייט מיט אַ סובטעלן הומאָר, וואָס איז ווענס פּאַלמערן אַזוי אייגן.

ער האָט אָבער געהערט צו דער קאַטעגאָריע שרייבערס, וואָס האָבן אַ סך געדולד (און געגלויבט, אַז דאָס פאַרמאָגן אויך זיינע לייענערס), און האָבן בכלל זיך פיינט צו יאָגן אין דער באַשרייבונג. דעריבער זעט ער, אַז די אַקציע זאָל נישט פאַרן, אָדער ווי היינט, פליען מיט אַ דזשעט־עראָפּלאַן... דער געדולדיקער לייענער ווערט דערפאַר אָבער באַלוינט מיט דעם גענוס פון הערן דערציילן אַ גוטן נאַראַטאָר מיט אַ שטאַרקן טאַלאַנט צו אינטערפּרעטירן דאָס אינטראָספּעקטיווע פון דעם מענטשלעכן וועזן, און פון ספּעציפישע מענטשלעכע סיטואַציעס, טיף דורכגעלויכטן פון אינעווייניק.

ווען מיר בעמען זיינע קורצע דערציילונגען „זאָלן פייגל פליען" און מיר באַגעגענען זיך דאָרט מיט מענטשן, וואָס מיר האָבן געמיינט, אַז מיר קענען זיי גרונטלעך, קומט ווענס פּאַלמער און ווייזט אונדז זייערע אויסמיידנדיקע קוואַליטעטן, וואָס האָבן נישט אַרויסגעוויזן זיך פריער אין זייער פולער דערקענטעניש. אין זיינע בעסטע דערציילונגען, ווי „דער ים־שפּאַרבער", „דער בריגאַדיר", האָט ווענס

פּאַלמער דערגרייכט גאָר הויך אין זיינע כאַראַקטעריזאַציעס פון אַ ריי טיפּן און אַספּעקטן פון לעבן. יעדער באַזונדערער אינצידענט איז פיין פּאַרוועבט אין דער קאַנווע, פּרעציזירט און געצוימט, וואָס פליסט מיט אַזאַ נאַטירלעכער עקספּרעסיע. אַלע גוטע מעלות פון זיין טאַלאַנט, פון זיין מייסטערהאַפטער קאָנסטרוקציע און שיינעם סטיל, קענטיקן זיך בולט אין אָט די געלונגענע דערציילונגען, אין וועלכע ער האָט מיט זיין לייכטן באַריר ארייגגעגעבן, אין היימישע זאַכן, אַ נייעם פּנים מיט אַ נייעם אויסדרוק־פאָרם.

באַזונדערס פּאַרגעדענקט זיך גוט אַזאַ דערציילונג ווי „דינגאָ", וואָס איז רירנדיק אַזוי אין פינאַל. איך וויל דאָ באַמערקן ווי אָפט מען זעט די שוועריקייטן ביי פיל שרייבערס צו פאַררונדיקן ווי געהע־ריק ביים סוף פון אַ דערציילונג אָדער פון אַ ראָמאַן. נישט ווייניק גוטע שרייבערס זענען געשטרויכלט געוואָרן, ווען זיי האָבן זיך נישט געקענט קיין עצה געבן ביים סוף פון ווערק מיט די אינצידענטן, סיטואַציעס און געשפּרעכן, דעריבער געלאָזן הענגען אין דער לופטן לויזע צויטן. לשבח פון פּאַלמערן דאַרף מען צוגעבן, אַז ער האָט אויסגעמיטן די שטרויכלונגען אין פיל דערציילונגען אַ דאַנק זיין געניטער טעכניק.

זיינע בעסערע קורצע דערציילונגען רופן זיך איבער מיט טשע־כאָוס, אַרום די דערפּאַרונגען פון שטילע, פּשוטע מענטשן, מענער, פרויען פון אַלע שיכטן מיט זייערע אינערלעכע סודותדיקע איבער־לעבונגען, וואָס זיי האָבן קיין מאָל נישט דערציילט. נישט געטיילט זיך מיט זייערע דערפאַרונגען, וואָס נאָר דעם מחברס שאַרף אויג און טאַלאַנט פאַר הומאַנישקייט, האָט זיי אַנטפּלעקט און באַשריבן.

ער האָט אַרויסגעבראַכט דינע ניואַנסן פון פילן און אַנען אין דעם טעגלעכן לעבנס־ריטעם פון זיינע העלדן — צו דערציילן, וואָס עס באַטייט צו לעבן אין אויסטראַליע. זיין איינשטעל איז, אַז די אוי־סטראַליער זענען אינטערעסאַנט ווי מענטשן, אַזוי ווי זיי זענען: מיט זייערע מעלות און חסרונות. אין דעם זין האָט ער נאָכגעפאָלגט די פוסטריט פון דער לאָוסאָן־פוירפי טראַדיציע, און דעם אידעאַליזם פון די 1890ער יאָרן.

וועגס פּאַלמער האָט געהערט צו די אויסטראַלישע רעפּרעזענטאַנ־טיווע שרייבערישע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף דער יוגנט. ער איז באַטראַכט געוואָרן ווי דער פירער פון דער דריטער גענעראַציע ליטעראַרישע פּיאָנערן, סיי אין זיין פּאָזיציע און אין זיין באַדייטונג פאַר דער אויסטראַלישער ליטעראַ־טור. זיין אידענטיפיצירן זיך מיטן פאָלקס־מענטש פון שטאָט און

דאַרף, זיין טיפערע וויזיע פון מענטשלעכע לעבנס, און שפּריצן פון לעבנס, וועלכע ער האָט אַרויסגעהויבן אויף אַן עפעקטיוון אופן מיט אַלע זייערע אימפּליקאַציעס.

ווענס פּאַלמערן דאַרף מען זען אין דער ראָם פון רייפקייט פון דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. זיין קולטור־אָטעם, זיין טאַלאַנט און שרייבערישע טעכניק, האָט אים אַרויסגערוקט אויפן אויבן־אַן צווישן די אויסטראַלישע שרייבערס אין מיטן פון דעם יאָרהונדערט.

נישט פאַרזעענדיק די שוואַכקייטן זיינע אין די גרויסע ראָמאַנען — אייניקע פעלט אַ שטאַרקע אַקציע, אַנדערע — אַנטוישט דער פינאַל; דער מאַנגל, טייל מאָל, אויך אין אינטענסיווקייט ביים דערציילן אַ געשיכטע — דאַרף מען אָבער געדענקען דעם באַטייט און גרויסן פאַרנעם פון זיין גאַנצער שרייבערישער באַלעבאַטישקייט, וואָס פאַרמאָגט פיל בלייבנדיקע ווערטן אין דער ליטעראַטור.

איינע פון זיינע ווערטפולע ווערק „די לעגענדע פון די ניינציקער" פאַרמאָגט וויכטיקע קריטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן דער שעפערישקייט אין דעם לאַנד פון יענעם פעריאָד; ווי אַזוי עס האָט זיך פאַרמירט דאַן דער „אויסטראַלישער טרוים" אין דער ליטעראַרישער טראַדיציע, פּאַראַלעל מיטן אויפקומענדיקן נאַציאָנאַליזם אין אַלע פאַזעס פון אויסטראַלישן לעבן.

ווענס פּאַלמער באַהאַנדלט אין די עסייען די טעמע ליטעראַטור, ווי אַ באַשטאַנדטייל פון דעם געוועב פונעם נאַציאָנאַלן לעבן; ווי די עקספּרעסיע פון אינערלעכן לעבן און פון די פונדאַמענטאַלע וואַליאָרן פון די מענטשן, ווי אַזוי די מענטשן האָבן בכלל געפורעמט זייער לעבן.

ווען מיר שאַצן אָפּ ווענס פּאַלמערס אָרט אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור, איז נייטיק צו דערמאָנען זיין פרוי נעטי פּאַלמער, וואָס האָט איר אייגענעם שרייבערישן יחוס מיט איר שאַפן אַ ריי גוטע ווערק.

נעטי האָט געהאַט אַ שאַרפן אינטערעס פאַר דער איראָפּעישער ליטעראַטור, וואָס זי האָט איינגעהיט איר גאַנץ לעבן. אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך: ביידע פּאַלמערס זענען געווען שאַרפע נאַציאָנאַליסטן (נישט אין שאָוויניסטישן זין פון וואָרט), אָבער לעבנדיק אין פאַרשידענע פעריאָדן אין אויסלאַנד און פילנדיק זיך אומעטום, ווי אַ טייל פון אַ גרעסערן ליטעראַרישן ישוב, (זיי האָבן זיך געפילט „ביי זיך אין דער היים" אין לאָנדאָן, ווי אין מעלבורן), אָבער עמאָציאָנעל געווען תמיד אַנגאַזשירט אין אויסטראַליאַנאַ.

ווענס און נעטי פּאַלמער האָבן געקוקט מיט חשיבות צו די פּיאָ־

נערישע שרייבערס פון דעם לאַנד, וואָס האָבן געשפּירט, אַז אויסטראַ־ליע איז זייערס ; וואָס האָבן געלעבט מיט דעם באַוווּסטזיין, אַז זייערע לעבנס געהערן צו דעם לאַנד אין וועלכן זיי לעבן און שאַפן... זיי האָבן געגלויבט אין אַ מין „גייסטיקער אויסטראַליע" און איר ליטע־ראַטור, ווי אַ כסדרדיקער לעבעדיקער שטראָם.

להיפּוך צו די פריערדיקע גענעראַציעס, האָבן די פּאַלמערס און זייער גענעראַציע זיך שוין נישט געדאַרפט ראַנגלען קעגן די קאָלאָניאַלע פּסיכישע אייגנשאַפטן, נאָר קעגן די צו סימפּליצירטע קאָנ־צעפּציעס וועגן די בויערס פון דעם קאָנטינענט. די 25 ביאָגראַפישע עסייען פון וועגס פּאַלמער („נאַציאָנאַלע פּאָרטרעטן") זענען נישט ספּעציעל וועגן ליטעראַטן, נאָר וועגן מענטשן וואָס רעפּרעזענטירן וויכטיקע פּאַזעס, ווי פּיאָנערן פון אויסטראַלישן לעבן און שאַפן, און פון אויספורעמען בכלל אַ פּאָלק. ער האָט די באַדייטונג פון עבר אַריינגענומען אין דער קעגנוואַרט, וואָס טראָגט אירע צייטווייליקע אָפּנויגן, דעפינירט עס דאָך די אויסטראַלישע טראַדיציע.

די שטים פון וועגס פּאַלמער, ווי אַ קריטיקער, האָט געהאַט אַ גוטן אָפּקלאַנג אין לאַנד. דאָס זעלבע לאָזט זיך זאָגן וועגן נעטי פּאַלמערס ביאָגראַפישע ווערק און עסייען. זיי האָבן סטימולירט דעם אויסטראַלישן לייענער צו האָבן אַ העכערע באַציונג צו דער אייגע־נער ליטעראַטור. בפרט דאַרף אויסגעטיילט ווערן איר בוך וועגן הענרי עטל ריטשאַרדסאָנס שאַפן (מיר באַהאַנדלען איר שאַפן אויף אַן אַנדער פּלאַץ אין דעם בוך).

נאָך אײדער ריטשאַרדסאָן האָט באַקומען איר גרויסן דערפּאָלג מיט איר „אולטימאַ טהולע", האָט זי שוין געהאַט אַ „פּאָר־פּובליסיטי" דורך אַ גרונטלעכער אָפּהאַנדלונג פון נעטי פּאַלמער, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט פאַרן אויסטראַלישן לייענער אַ קלאָרע פראַגע : „איז דער קאָנטינענט ווירקלעך אונדזער היים? אָדער מיר זענען בלויז אימיגראַנטן פון אַן אַנדער ציוויליזאַציע?"...

וועגס און נעטי פּאַלמער האָבן פיל בייגעטראָגן צו דער אינטע־לעקטועלער און עסטעטישער אַנטוויקלונג אין אויסטראַליע, דורך אינטערפּרעטירן קונסט־טעאָריעס און אַנטוויקלען אַ ליטעראַרישע טראַ־דיציע, וואָס זאָל נישט זיין צוגענאַגלט צו דער ענגלישער ליטעראַטור. מיט רעכט האָבן זיי געפרעגט : „זענען דריי־פיר גענעראַציעס נישט גענוג נאָך צו ווערן פאַרוואָרצלט אין דעם באָדן" ? צי דאַרפן מיר פון דעם באָדן נישט קולטיווירן אונדזער אייגענע אינטעלעקטועלע און עסטעטישע נאַרונג, נאָר לעבן אויף קעסט פון די ענגלישע מאָדעלן ?

דער אויסטראַלישער נאַציאָנאַליזם אין דער ליטעראַטור איז גע־

נערט געוואָרן דורך די פּאַלמערס און דורך אַנדערע שרייבערס, וואָס האָבן געצויגן זייער ליטעראַרישע יניקה פון דעם אייגענעם באָדן. עס איז געקומען דער רוף ליב צו האָבן דאָסווירקלעכע לאַנד ווי אַ נאַציאָנאַלע אידעע און, אַז די אויסטראַלישע געזעלשאַפט דאַרף פלעגן איר אייגענע קולטור, וואָס זאָל זיין פאַרבונדן מיט די אייגענע לעבנס־דערפאַרונגען, אָן אויסגעבאָרגטע אידיאָמען און סענטימענטן פון די ענגלישע שרייבערס.

אָט דער רוף, וואָס האָט זיך געהערט זינט די 90ער יאָרן, אויף די שפּאַלטן פון דעם זשורנאַל „דער ביולעטין", האָט באַקומען אַ טי־פערן אָפּקלאַנג ביי די שרייבערס פון די נייע גענעראַציעס, וואָס האָבן געזוכט צו קולטיווירן נישט נאָר וואָל; און דעם אויסטראַלישן באָדן אויפרייסן, נישט נאָר צו זוכן מעטאַלן, נאָר אויך פאַר גייסטיקע ווערטן, פאַר קולטור און פאַר אַ געזעלשאַפט וואָס זאָל זיין עכט הומאַניש אין איר איינשטעל צום מענטש. צו זיין גלויבן, צו זיינע אידייען, וואָס נעמען אַריין אַלץ: פילאָזאָפיע, מאָראַל און סאָציאַלע אינסטיטוציעס.

# אורבאַניזאַציע אין דער ליטעראַטור

דער אורבאַנישער ראָמאַן, מיט זיינע ספּעציפישקייטן, איז גע־וואַקסן מיט דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע. לאָמיר דאָ דער־מאָנען, אַז דער טראַדיציאָנעלער אויסטראַלישער ראָמאַן האָט זיך אין די אַמאָליקע צייטן פאַרנומען מיטן לעבן אויפן לאַנד, מיט דער פּיאָ־נערישקייט אין בוש, ווו עס האָבן דאַן געלעבט באַדייטנדיקע צאָלן פון דער באַפעלקערונג, און עס איז אויך געווען דער צענטער פון דיווירטשאַפטלעכע אינטערעסן.

די רעלאַטיווע אַנטוויקלונג פון די שטעט איז אַ פּראָדוקט פון דער לעצטער תקופה, בעת אין דער קאָלאָניאַלער און נאָך־קאָלאָניאַ־לער תקופה, איז די באַזעצונג פון לאַנד געווען דער פּרימאָ פּונעם אויסטראַלישן לעבן, די שטאָט איז געווען דאַן די סעקונדאָ. און דאָס איז געווען אַזוי נאַטירלעך צו יענער צייט, ווען דער רוב מנין פון דער באַפעלקערונג איז געווען פאַרבונדן מיטן באָדן, מיט זיינע כאַראַקטעריסטישע טיפּן, בילדער, סצענקעס.

דער מצב האָט זיך קאַרדינאַל געענדערט מיט דער ראַשיקער אַנטוויקלונג פון די שטעט, פון די מעטראָפּאָליעס, פון וועלכע עס איז אַרויסגעוואַקסן דער אורבאַנישער ראָמאַן, מיט זיינע קוואַליטעטן, טיפ־קייטן און אַנדערשקייטן פון סטיל, ווי ס׳איז געווען דער אַמאָליקער ראָמאַן.

אמת, ביי פיל ראָמאַניסטן באַגעגענען זיך אין זייער שאַפן דער דאָרף מיט דער שטאָט. די שטאָטישע סצענע האָט אויך דעם הינטער־לאַנד, אָבער שוין נישט אויפן פאָדערגרונט, ווי אין קאָלאָניאַלן ראָמאַן, כאָטש אין סוזשעט זענען אויך אַריינגעוועבט געשטאַלטן און טיפּן, וואָס לעבן אויפן לאַנד, מיט זייער סאָציאַלן הינטערגרונט.

פון בוש, לאַנד און שטעטל, גייט אָבער שוין אָן אַן איבערוואַנ־דערונג צו דער גרויסער שטאָט, צוליב מאַטעריעלע סיבות און צוליב אַנדערע מאָטיוון. די שטאָטישע טעמאַטיק ווערט דעריבער די ספערע פון מאָדערנעם לעבן און פון דער סאָפיסטיצירטער מחשבה. די אור־

באַניסטישע ראָמאַנען, וועלכע זענען דערשינען נאָך דער לעצטער מלחמה, מיט אירע אַלע נאָכפאָלגן אין דרום־מזרח־אַזיע און ניוגינע, האָבן, טיילווייז, אַן אַרויסבליק ווייט איבער די גרענעצן פון זייער אייגן לאַנד.

דער אורבאַנישער ראָמאַניסט שטעלט זיך אָפט אַוועק די פראַגע: אין וואָס פאַר אַ טערמינען קענען מיר היינט ממשיך זיין אונדזערע התחיבותן פאַרן לאַנד? דאַרף עס זיין אין צייכענען די מעטראָפּאָליע מיט איר פּעריפערישע סובורביאַ? און אפשר דאַרף מען זיך צוריק אומקערן צו דער לאַנדשאַפט פון צענטראַל־אויסטראַליע? די ראָמאַניסטן, וואָס האָבן זייערע שאַפונגען באַזירט אויף שטאָט און דאָרף, זענען געצוויגן געוואָרן אויף צווי באַזונדערע וועגן, אָפּהענגיק אין אַ גרויסער מאָס פון דעם ראָמאַניסטס אינדיווידועלן אני מאמין און טעמפּעראַמענט. די ראָמאַניסטן וואָס האָבן זיך אָריענטירט מער אויף דער מעטראָפּאָליע, ווי אויפן הינטערלאַנד, האָבן געזוכט אויסצונוצן די גרויס־שטאָטישע טיפּן, אויפן פאָן פון סאָציאַלן רעאַליזם, פון די אומפּריווילעגירטע שיכטן.

אין די א״ג פּראָלעטאַרישע ראָמאַנען פעלט טיפקייט פון כאַראַקטעריזאַציע, די העלדן זאָלן קענען אַראָפּגיין פון די בלעטער צום לייענער מיט אַ לעבעדיקן אָטעם. עס האַנדלט זיך וועגן דער קוואַליטעט פון דער פּראָזע, וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער אַקציע און דער טעכנישער פּראָבלעם פון עפּיזאָדן־סטרוקטור אַריינצופלעכטן אין דער גאַנצקייט פון סוזשעט.

וואָס שייך רעאַליזם, ווי אַ ראָמאַן־פאָרם, געדענקען מיר, אַז דאָסטאָיעווסקי האָט אַמאָל געזאָגט, אַז יעדער רעאַליזם מיט זיינע אומבייטנדיקע געזעצן, קען זיין אומבאַגלייבלעך, און אויך אומוואַרשיינלעך. צייטנווייז—וואָס מער רעאַל, אַלץ ווייניקער וואַרשיינלעך...

אין רעאַליסטישן ראָמאַן זענען געווען דריי שטאַפּלען: א) די פעסטשטעלונג פון געזעצנעם; ב) דער געזעענער טיפּ מיט זיין רעוועלאַציע פון כאַראַקטער, זאָל זיין טיפּיש פאַר זיין קלאַס, אָדער גרופּע; ג) שטימונג, אַטמאָספער און מאָטיווירונג זאָלן ווערן באַגרינדעט דורך פּסיכאָלאָגיש־אַנאַליטישע מעטאָדן. עס איז באַשטאַנען אין אַ מין פּאָלמעסן פון דעם כאַראַקטער־טיפּ און אים באַטראַכטן ווי דורך אַ מיקראָסקאָפּ...

אין דער אַנטוויקלונג פון ראָמאַן־זשאַנער, קענטיקט זיך היינט דאָס אָפּגעבן מער, אַ סך מער פּלאַץ, פאַרן פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז. בעת אינעם אַמאָליקן ראָמאַן, האָט דער מחבר געלאָזט די העלדן זיך אַנטפּלעקן נאָר דורך וואָרט און אַקציע, און נאָך אַקציע איז געקומען

דעסקריפּציע. אַקציע איז געווען וויכטיקער ווי כאַראַקטעריזאַציע, און די געשיכטע — וויכטיקער ווי די העלדן צו באַשרייבן.

ווען מיר לייענען די אויסטראַלישע היסטאָרישע ראָמאַנען — מער ווי אַ העלפט פון די אויסטראַלישע ראָמאַנען, וואָס פאַרמאָגן אין זיך קינסטלערישע ווערטן, זענען היסטאָרישע ראָמאַנען און זיי זענען גאַנץ רייך אין שילדערן קיבוץ־גרופּעס — פון קאַטאָרגע־סיסטעם, לאַנד־פּיאָנערישקייט און בוש־לעבן. אָבער די שוואַכערע ראָמאַנען זענען טאַקע שוואַך סיי אין דער קאָנסטרוקציע־פאָרם ווי אין כאַראַקטעריזאַציע. און די לאָקאַלע סצענע שטעלט אין שאָטן דאָס אוניווערסאַל־הומאַנישע. דאָס פּאַסטאָראַל־היסטאָרישע האָט פאַר־שאָטנט די העלדן, און נישט אַרויסגעבראַכט זיי צום לעבן.

די בעסערע ראָמאַניסטן, ווי ריטשאַרדסאָן אָדער עלאַנאָר דאַרק (איך שרייב וועגן זיי אויף אַן אַנדער אָרט), האָבן פאַרשפּיגלט אין זייערע ווערק די שייכות צווישן דעם יחיד מיט דער געזעלשאַפט, ווי אויך מיט דער אַלגעמיינער סביבה און לאַנדשאַפט. די דראַמאַ־טישע סיטואַציעס זענען גוט צוגעפּאַסט אַרויסצוברענגען די קראַפט פון דעם צוזאַמענשטויס, דורך אויספאָרשן, באַשרייבן און משפטן די כאַראַקטעריזירטע פערזענלעכקייט.

אָט די קינסטלערישע אָריגינעלע ראָמאַנען זענען באַהויכט מיט שעפערישער פאַנטאַזיע, און פון דעם מחברס אַרומנעמענדיקער וויזיע פון דער געזעלשאַפט און אויך ביים ווייזן די טראַנספאָרמאַציע פון דער רעאַלער פאַקטישקייט צו דער ספערע פון וויזיאָנערישקייט, זוכנדיק מער אין דער טיף, ווי אין דער ברייט. דעריבער קען דער לייענער אַנטדעקן אינעם ווערק, און אין די אימאַזשן, דאָס אויסערגעוויינט־לעכע אינעם געוויינטלעכן.

די צאָל אויסטראַלישע ראָמאַניסטן היינט צו טאָג איז אַ גאַנץ באַדייטנדיקע, בעת אויפן שוועל פון דעם יאָרהונדערט זענען נאָר געווען איינצלנע סאָליסטן און נישט קיין גאַנצע כאָרן ראָמאַניסטן. אַנדערש איז געווען מיט מחברים פון קורצע דערציילונגען אין יע־נער צייט. איינער נאָכן אַנדערן זענען זיי געקומען מיט זייער אַ ניי־דערשינענעם בוך. מען איז געקומען מיט מאַנוסקריפּטן, ווער מיט אַ בעסערן, ווער מיט אַ שוואַכערן, ווער מיט סתם אַ צוזאַג. אייניקע האָבן אַנטפּלעקט אַן אויפבליץ פון ברילי‌אַנטישקייט, וואָס איז ווי אַ מעטעאָר שנעל פאַרשווונדן נישט איבערלאָזנדיק קיין שפּור.

אַזוי זענען דערשינען ווערק — ראָמאַנען, סקיצעס, אימפּרע־סיעס, וועלכע האָבן פאַרשפּיגלט פּסיכישע און פיזישע געראַנגלען, אויך נשמה־אַוואַנטורעס. אַנדערע האָבן זיך סומך געווען אויף טראַ־דיציע, אויף גלויבן און נאָסטאַלגיע־געפיל.

היינט צו טאָג טראָגט דער אורבאַנישער ראָמאַן אַ געוויסע שליחות אין די געשילדערטע באַציונגען, געשעענישן, כאַראַקטערן. די סאָפיסטיצירטע ראָמאַנען, וועלכע באַזירן זייער כוח אויף דעם הומאָר און אויף דער סאַטירע פון כאַראַקטער־פּייזאַזש — די גרויסע טראַגי־קאָמעדיע פונעם מענטש אויף דער ערד, זיין איינזאַמקייט... געוויסע ראָמאַנען זוכן אונטערצושטרייכן פּאַטאָס, קוראַזש, מענטש־לעכע ווירדע. זיי באַטאָנען אַ געוויסן פּונקט פון מענטשלעכן כאַראַק־טער. ווידער דער פּסיכאָלאָגישער אַנאַליז פונעם העלד, זיין אינער־לעכע אַנטוויקלונג, זיינע עמאָציאָנעלע שפּאַנונגען ביים זיך־רעאַלי־זירן, איז עס ווידער אָפּהענגיק פון דעם כוח צו קענען נעמען אַ פראַג־מענט פון דערפאַרונג און עס פאָרמירן אין אַ סימבאָל, אויסצודריקן דורך אים דאָס תוכיקע פון מענטש, אָדער נאָר אַ מאָמענטאַלע שטימונג.

פאַראַן דערביי אויך שטרויכלונגען דורך אַקצענטירן צו שטאַרק אַ געוויסן מאָמענט, וואָס רופט אַרויס אַן אויסקרימונג פון דער גאַנצ־קייט. עס שוואַכט אָפּ דעם עפעקט, מחמת דאָס געשילדערטע בילד איז צו ווייט פון רעאַליטעט. ווידער אויב עס ווערט דער אַקצענט געמאַכט צו שוואַך, קומט עס דאָך בכלל נישט אַרויס, אָדער נישט געננוג אימפּרעסיוו.

עס איז גוט באַוווּסט, אַז קונסט און לעבן האָבן באַריר־פונקטן, ווו זיי באַגעגענען זיך אין זייערע ליטעראַרישע און רעאַליסטישע מאַסקעס. ווי אַזעלכע דאַרפן זיי טאַקע אָוועקגעשטעלט ווערן אין זייערע אייגענע מעטאַפאָרישע און דראַמאַטישע אַקצענטן. פאַראַן אויך אַ מין ראָמאַניסטן, וואָס זענען מער פאַראינטערעסירט אין שמועסן וועגן זייערע העלדן ווי אין דערציילן אַ געשיכטע. זיי ווילן ווייזן די „שער" צווישן דעם וואָס מיר זענען פאַקטיש און וואָס מיר פּרעַ־טענדירן צו זיין אויסערלעך... און ווידער די העלדן וואָס זוכן די דערפילונג פון זייער אינדיווידואַליטעט און עס קומט פאַר אַ צוזאַ־מענשטויס מיט דער געזעלשאַפט. „וואָס איז געזעלשאַפט?" פרעגט אַ העלד, איז עס אַ טערמין פון מאַכן מער דערטרעגלעך די פינאַלע פוסטקייט? אָדער בכלל אַ נאָרמאַלער בלאָף?

# „דער גילגול פון א ניגון..."

## (וועגן פּעטריק ווהייטס ווערק)

פּעטריק ווהייט איז איינער פון די באַדייטנדיקסטע — אויב נישט נאָך העכער — קינסטלערס אויפן אויסטראַלישן קאָנטינענט. זיין ניגון האָט, פּונקט ווי אין פּרצעס דערציילונג, דורכגעמאַכט אַ פאַרשיידנ־אַרטיקן גילגול אין זיינע ווערק, דורך וועלכע ער האָט אַרויסגעבראַכט זיין אינערלעכע וועלט און זיינע וויזיעס פון דער אויסטראַלישער דער־פאַרונג. זיינע ווערק האָבן באַקומען אַ הויכע אינטערנאַציאָנאַלע רעפּו־טאַציע, באַשאַנקען אים מיט דער נאָבעל־פּרעמיע און — ווי עס טרעפט אין לעבן — האָט ער באַקומען מער אָנערקענונג אין דער וועלט, ווי אין זיין אייגן לאַנד, אויסטראַליע.

אייגנטלעך איז דאָס זיין אַדאָפּטירט לאַנד, מחמת ער איז גע־בוירן געוואָרן אין לאָנדאָן (1912), אָבער פון אויסטראַלישע עלטערן, וואָס האָבן דאַן געלעבט אין ענגלאַנד. בעתן צווייטן וועלט־קריג האָט ער אויך געדינט אין דער ענגלישער אַרמיי, געוואָרן דעמאָביליזירט אין 1948, און דאַן באַשלאָסן נישט צו וווינען מער אין ענגלאַנד, נאָר אומקערן זיך קיין אויסטראַליע, צו די בילדער און וויזיעס פון זיין קינדהייט, וואָס איז דאָך אין לעצטן סך־הכל דער טיפסטער און ריינסטער קוואַל פון יניקה פאַר דעם שעפערישן קינסטלער.

אָט דער באַשלוס איז געווען אַ ווענד־פּונקט נישט נאָר פאַר אים, נאָר אויך פאַר דער אויסטראַלישער ליטעראַטור, מחמת ער איז געווען דער אָנהייבער פון אַ נייעם דרך, וואָס האָט געמאַכט אַ טיפן ריס אין דער נאַטוראַליסטישער טראַדיציע, די דאָמינירנדיקע דאַן אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור זינט דעם אָנהייב פון דעם יאָר־הונדערט. פּעטריק ווהייט האָט געענדערט לחלוטין דעם כאַראַקטער פון אויסטראַלישן ראָמאַן דורך אריינפירן אין אים דאָס מאָלערישע אין דער טעקסטור און פאַרב פון דערפאַרונג, סיי אין די פאַרשונגען פון פאַרצייטישער פּיאָנערישקייט, ווי פון היינטצייטיקן אויסטראַלישן לעבן.

אין דעם זין רופן זיך זיינע שאַפונגען איבער מיט די פון די באַ־

רימטע אויסטראַלישע קונסט־מאָלערס, נאָלאַן, דרייסדיל און אַנדערע, ביי וועלכע די וויזיעס פון קינדהייט און יוגנט זענען די וויכטיקסטע פּעריאָדן צוצושטעלן דעם קינסטלער אַ שפע אימאַזשן מיט עמאָציאָנעלע באַנעמונגען פון דער וועלט, וואָס זענען טאַקע געוואָרן דער הויפּט־קוואַל פון ווהייטס שפּעטערדיקן רייפן שאַפן.

אין דעם ראָמאַן „דער בוים פון מענטש", האָט ווהייט פאַרשפּיגלט דעם פולן זינען פון אַ מענטשלעך לעבן, וואָס איז אויסגעשעפּט ביזן דנאָ, אויסגעלעבט ביזן סאַמע סוף. דאָס ווערק סימבאָליזירט, פאַרקערפּערט אַן אַספּעקט פון דער אויסטראַלישער פּיאָנערישקייט — פון פּיאָנערישקייט בכלל אויף אַ העכערער מדרגה — וואָס ווערט אַ געשיכטע פון דער מענטשהייט. עס אָטעמט מיט אוניווערסאַלקייט און האָט גלייכצייטיק טיפע וואָרצלען אינעם ספּעציפישן דורך פּייזאַזש און אַקציע, דורך פּילצאָליקע פּרטים פון סצענע און כאַראַקטעריזאַציע. עס איז אַ ווערק וואָס פאַרמאָגט באַקנצייגנער און רעדט, נישט שטאַמלענדיק, אויף פאַרשידענע פלאַכן.

„דער בוים פון מענטש" — זיין לירישסטע ווערק — שפּיגלט אָפּ די דיסהאַרמאָניע צווישן דער מענטשלעכער געזעלשאַפט און דער נאַטור. דער „בוים" וואָס איז אַזוי פעסט פאַרוואָרצלט אינעם באָדן, האָט פיל צווייגן און יעדער פון זיי רייסט זיך צו ליכט, אָבער ליידט פון איינזאַמקייט. מענטש האָט פּאָטענץ צו שאַפן אַ ניי לעבן, אָבער קען זיך נישט קאָמוניקירן מיטן מיטמענטש, טראָץ זייערע געמיינזאַמע דערפאַרונגען.

דער הויפּט־העלד, סטען פּאַרקער, זוכט דורכצולייכטן פון אינעווייניק זיינע דערגרייכונגען און דורכפאַלן; אינטערפּרעטירן דאָס וויסן וואָס איז אים געגעבן געוואָרן, אָבער געבליבן לסוף מיט זיין צעטומלטקייט און אומזיכערקייט. מיר דערשפּירן זיין איזאָלירטקייט; אַ לעבן לאַנג אָפּגעלעבט מיט זיין ווייב עמי, און קען נישט מיט איר, אינעם לעצטן סך־הכל, טיילן זיך מיט זיין אָנגעזאַמלטער דערפאַרונג. ער פּרוווט צו קאָמוניקירן זיך מיט זיינע באַקאַנטע. ער פאַרבינדט זיך מיטן יינגל, וואָס ברענגט אים צו פאַרלוירנקייט. אַזוי זעען מיר אים נאָכאַנאַנד ווי ער קען זיך נישט טיילן מיט זיין וויזיע ביז זיין טויט.

די גרויסקייט פון דעם ראָמאַן שטעקט נישט אַזוי ווייט אין דער כאַראַקטעריזאַציע פון סטען פּאַרקער און פון אַנדערע פּערסאָנאַזשן, ווי אין דעם טראַנסצענדענטאַלן עלעמענט פון לעבן, די מיסטעריע אין דער נאַטור, אין דער יצירה, דער געראַנגל פון מענטש מיט זיין צעפּייניקטן געוויסן, מיט דער אַלענאַציע, וואָס די היינטיקע געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען זענען גורם, און די הויפּט־דילעמע פון

אונדזער צייט: ווי אַזוי צו פאַרשטיין אַנדערע מענטשן און ווערן דורך זיי פאַרשטאַנען? אַט די „שער“ צווישן איזאָלאַציע און קאָמוני־קאַציע — צו קענען באַטייליקן זיך אין דעם נאַרמאַלן לעבנס־פּראָ־צעס און נישט אויפגעבן די אייגענע אידענטיטעט?

און לאָמיר דאָ קודם אונטערשטרייכן די סטרוקטור פון דעם ראָמאַן, די פּאָעטישע און וויזועלע עלעמענטן, די דראַמאַטיזאַציע פון דער אַרבעטס־טעגלעכער וועלט, דער „מיסטיציזם פון זאַכן“, די מאַ־גישע אַנמערקונגען און סימבאָלן — אַלץ צוזאַמען שאַפן די וויטאַ־ליטעט פונעם ווערק, וואָס האָט דעם מחבר געגעבן זיין אינטער־נאַציאָנאַלע רעפּוטאַציע, וואָס איז נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן מיט זיינע שפּעטערדיקע מייסטערווערק.

מיר וועלן זיך נאָך אַ סך אָפּשטעלן אויף זיינע ווייטערדיקע ווערק אין וועלכע ער האָט דערגרייכט מייסטערשאַפט. אָבער דאָ גלייך זאָגן, אַז דער הויפּט־צייכן פון אַ מייסטערווערק איז, אויב עס קען אַנט־פּלעקן מיט יעדן נייעם לייענען און פאַר יעדן נייעם לייענער אַ פרישן אַספּעקט פון בוך. דאָס וועלן מיר טאַקע זען אין ווהייטס ווייטערדיקע ראָמאַנען.

„וואָסס“ איז ווהייטס אַ מייסטערווערק. עס איז אַ קאָמפּלעקס־ראָמאַן געזען אויף פאַרשידענע פּלאַנען. דער מחבר האָט אים פאַר־טראַכט בעת די מלחמה־יאָרן, וואַנדערנדיק אין מדבר פון מיטעלן מזרח. דאָס ווערק פאַרמאָגט הויפּט־אידייען, וואָס גייען דורך ווי אַ רויטער פאָדעם אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור.

אויסטראַליע איז געווען אַ צוגעפּאַסט לאַנד פאַר נאָמאַדן. זענען געקומען אייראָפּעער און געטראָפן אַ מדבר מיט אַן אומפריינדלעכער נאַטור. אויך אין גייסטיקן זין איז אויסטראַליע געווען אַ לאַנדשאַפט אָן אַ זין פאַר דעם אייראָפּעער. די קאָלאָניזאַציע פון דעם ווייסן מענטש אין אָט דעם מדבר־לאַנד האָט געפאָדערט דריי הויפּט־עלעמענטן: אויסדויער, ענדערונג און אייביקייט.

אין „וואָסס“, ווי אין „דער בוים פון מענטש“ האָבן פּריאָריטעט די עלעמענטן וואָס האָבן געזוכט צו געבן אַ זין דער זינלאָזיקייט פון דער לאַנדשאַפט. ביידע ווערק פאַרשפּיגלען אַן אַנאַליז פון דער נאַטור און פון דעם מענטשנס אָרט אין איר. דער יונגער סטען פאַרקער ווערט שוין אינערלעך צעריסן צווישן די באַוועגלעכע ענדערונגען, נאָסטאַלגיע און פּערמאַנענטקייט. אפילו ווען ער האָט זיך שוין פיזיש פאַרוואָרצלט אינעם באָדן, איז ער פּסיכיש נאָך כסדר אין אַ צושטאַנד פון זוכן פּערמאַנענץ.

די אַקציע נעמט אַרום עטלעכע דורות. אָנהייבנדיק פון דעם פּיאָניר אויף דעם האַרטנעקיקן אויסטראַלישן באָדן, און דער לעבנסגאַנג אויף

אַ פּאַס פּוסטן לאַנד וואָס ווערט קולטיווירט — ביז דאָס אָװעקגיין אין שטאָט צו דער סובערביע — דער גאַנג פֿון דריי גענעראַציעס.

פּעטריק ווהייט האָט אונטער די אַלגעמיינע נאָרמאַלע זאַכן אין אויסטראַליע, ווי בוש־פֿייערן, טריקענישן, פֿאַרפֿלייצונגען — געשעע־נישן וואָס גייען אריין אינעם געוויינלעכן לעבן פֿון דעם לאַנד, ווי זיך איבערחזורנדיקע דערשיינונגען — צוגעגעבן סימבאָלן, וואָס זאָלן אין די געשעענישן אַריינגעבן פֿיל מער באַדייטונג, ווי זיי זענען פֿאַר אונדז אין רעאַלן זין.

ער האָט דאָס געטאָן דורך מעטאַפֿאָר און סטרוקטור — דורך דעם ציקל פֿון די סעזאָנען, זייער שייכות מיט קינדהייט, יוגנט, רייף־קייט און זקנה — צו אַנטדעקן די גאַנצקייט פֿון מענטשלעכן לעבן געזען דורך דער פּריזמע פֿון אַ קליינעם פֿאַרמער. יעדער טריט איז פֿאַרזיכטיק פּלאַנירט לויטן פֿאַקטישן לעבן פֿון רעאַלע זאַכן, און די גאַנצע אַקציע גייט נאַטירלעך פֿאָרויס צו אַ באַשטימטן סוף. די לעצטע ווערטער אין דעם ראָמאַן זענען: „אַזוי איז עס, אַז אין סוף איז נישטאָ קיין ענדע״. דאָס איז אַ קאָמענטאַר אויף דעם מיטאָס געראַנגל פֿון דער אויסטראַלישער דערפֿאַרונג צו שאַפֿן אַ סדר אין אַ לאַנדשאַפֿט, וואָס איז פֿיינטלעך צום מענטש און ווי שווער עס קומט אָן צו לערנען דאָס לשון פֿון דער סביבה מיט איר זין, שטימונג און מיסטעריע.



אויב סטען פּאַרקער איז אַ פֿאַרמער און איינגעוואָרצלטער ישוב־ניק, איז „וואָסס״ אַ נאָמאַד, אַן עקספּלאָרער („עס איז נישט פֿאַר מיר צו בויען אַ סאָלידע הויז״) פֿון אויסטראַלישן קאָנטינענט. די אונטער־גענומענע גרויסע עקספּעדיציע זיינע איז פֿאַרבונדן מיט פֿיל מער, ווי אויסצופֿאָרשן דאָס אומבאַקאַנטע הינטערלאַנד. עס איז פּאַרקער־פֿערט אין אַן עקזאַלטירטן בעל־יסורים, אַ מין פֿאַרמעסטונג מיט יעזוסן, צו ווייזן, אַז נישט נאָר דאָס געשיכטלעך־לעגענדאַרע געשטאַלט, נאָר אויך דער רעאַלער מענטש קען ווערן גאָט, ווען ער וואַרפֿט אָפּ דאָס קאָנווענציאָנעלע פֿונעם לעבן.

בעת סטען פּאַרקער זוכט צו לערנען דורך זיצן אויף אַן אָרט שטיל, מוז וואָסס אַרומרייזן דורך אַ מדבר, זיך אַליין פֿאַרוואַנדלען אין אַ מדבר, בכדי צו קענען לערנען און אַקצעפּטירן די באַגרענע־צונגען פֿון מענטשלעכן קערפּער און גייסט. לערנען וועגן לאַנד און וועגן זיך אַליין — און די ביידע צילן אין זייער באַהעפֿטונג גיבן די סימבאָלישע פֿאָרם צום ווערק.

באַלד אין אָנהייב פֿונעם בוך איז אָנגעמערקט, אַז „אפֿילו ווען

די גרויסע זאַמד־שטחים זענען נאָר מעטאַפיזישע אין זייער צוקונפט״ איז אָבער וויכטיק צו דערקענען דעם אייגענעם „איך״, צו פאַרשן זיך אַליין. און דורך דעם גאַנצן ווערק גייט דורך דער פאַקט, אַז זאַמד באַשטייט פון צעפאַלענעם שטיין, און אין די טערמינען גייט אָן די באַוועגונג פון וואָסס — פון שטיין צו זאַמד, נאָך זיין טויט וועט עס איבערגיין צו — בראַנז. האָבן מיר ווידער די פאָרמולע: אויסדויער, ענדערונג און אייביקייט.

ווהייט האָט אַריינגעגעבן אין דעם העלד די גבורה פון אַ שליחות פון אַ הויכער פּראָפּאָרציע. דאָס לאַנד פאַרמאָגט נאָר אַ דינעם פּרוכט־באַרן זוים אַרום אַ גרויסן מדבר, וועלכער איז פאַר אויסטראַליע דאָס, וואָס דער ים איז אַמאָל געווען פאַר גריכנלאַנד און גרויס ברי־טאַניע. עס רעפּרעזענטירט דאָס אומבאַקאַנטע און מיסטעריעזע.

וואָסס איז נישט נאָר אַן אַריינדרינגער אינעם אויסטראַלישן הינ־טערלאַנד, ער איז אויך אַ מין מיטאָס און משיח — אין אַ לאַנד ווו עס פעלן ביידע. אַ פאָלק אָן וואָרצלען האָט באַקומען אַ מיטאָס און אים אויסגעהאַמערט אין בראָנז. מען פאַרגעסט אין גאַנצן וואָס איז געשען מיט דער טראַגישער עקספּעדיציע, וואָס איז פון דעם געבליבן, ווי אַזוי דער העלד האָט אויסגעזען. מען געדענקט אים ווי אַ קריסטוס־פיגור, אַפּאָקאַליפּטיש און אימפּרעסיוו, וואָס באַוועגט זיך צווישן פאַקט און מיסטעריע.

לאָמיר אַריינקוקן אין דעם סוזשעט פון „וואָסס״.

אַ מעדיצין־סטודענט פון דייטשלאַנד איז געוואָרן אַ פאָרשער פון באָטאַניק. אַ גרויסער סוחר אין סידנעי באַשליסט צו פינאַנסירן אַן עקספּעדיציע (1845) וואָס זאָל אויספאָרשן דעם אויסטראַלישן הינטערלאַנד פון מזרח צום מערב. וואָסס פירט אָן מיט דער עקספּעדיציע, וואָס ווערט פון פּראַקטישן שטאַנדפּונקט נישט געהעֲ־ריק אָרגאַניזירט און די פּאַרטיע קומט אום אין מדבר־זאַמד.

אומצעטיילבאַר מיט דער עקספּעדיציע־געשיכטע, איז פאַרבונדן די ליבע פון וואָסס מיט לאורא טרעוועליאַן, אַ פּלימעניצע פון דעם פינאַנסיסט. אויך זי, ווי איר גֶעליבטער, דאַרף זיך אַליין אַנטדעקן, דערקענען זיך דורך אירע פאַרהעלטנישן מיט וואָססן.

אַרום זיי — אַ רייכע גאַלעריע געשטאַלטן, וואָס געפינען זיך אין פאַרשידענע מדרגות פון זיך־דערקענונג. דער מחבר באַקענט אונדז מיט לאוראס משפּחה — פון אַ באַקאַנטער באַקוועמלעכער וועלט, וואָס דערמעגלעכט דעם הויפּט־העלד צו אָרגאַניזירן די עקספּעדיציע צום וויטן מיסטעריעזן אומבאַקאַנטן . . .

לאוראַ וואָרנט אים קעגן דער ריזיקאַלישער אונטערנעמונג, וואָס

איז פאַרבונדן מיט סכנות און אומקום. „איז עס צוליב שטאָלץ, וואָס יעדער פון אונדז איז אַזוי פאַרמשפּט״?

אָבער וואָסס, פּונקט ווי פאָוסט, איז גיריק נאָך גאָט־ענלעכן וויסן. עס איז פאַר אים אַ מין פיזישע תאווה. זיין גלויבן אין זיך איז ממש גרענעצלאָז! ווידער לאורא, פאַרקערפּערט דעם ענגלישן עמפּירי־ציזם, זי גלויבט נישט און געטרויט נישט קיין זאַך, וואָס זי קען נישט זען אָדער האַלטן. זי האָט פאַרלוירן דעם גלויבן אין גאָט, בעת וואָסס פאַראַכטעט אַטעיזם („אַטעאיזם — איז זעלבסטמאָרד״ ז׳ 89).

עס איז דאָ אַ מין מיסטישע פאַרבינדונג פון אָט די צווי הויפּט־כאַראַקטערן, וועלכע זענען באַהויכט מיט סימבאָליק. דאָס צוריקציען זיך פון רעאַליטעט, דאָס זוכן אַריינצוגייך אין אַ וועלט, וווּ מען קען נישט אונטערשיידן רעאַליטעט פון פאַנטאַזיע, לאַנדשאַפט פון האַלו־צינאַציע, מער נאָך: דער העלד וואָס זוכט צו אַנטלויפן נישט נאָר פון געזעלשאַפט, נאָר אויך פון שכל הישר, און ער גאַרט צו אינטערפּרע־טירן אידייען און זיי קאָמוניקירן אין אַזעלכע מאַטעריעלע פאָרמען, ווי פעלדזן און האַלץ, מעטאַל און וואַסער. „איך נעם אָן, זאָגט ער, וואַסער, מחמת פון די אַלע חומרס איז עס אַממיינסטן מוזיקאַליש״.

די קאָנפראָנטאַציע פון איראָפּעישער קולטור מיט אַזאַ ריזיקן ליידיקן קאָנטינענט, איז געווען די יסודותדיקע אויסטראַליש־געשיכט־לעכע דערפאַרונג. אָביעקטן און כאַראַקטערן האָבן אין ווהייטס ראָמאַנען אַ כמו־סימבאָלישע שייכות צו די געשעענישן. נאָך כאַראַקטע־ריסטישער און אַ גאַר מערקבאַרער שטריך ביי פּעטריק ווהייט איז, וואָס צאַרטקייט רעזערווירט ער נאָר פאַר געליבטע וואָס זענען צע־טיילט. דאָס געשעט ביי וואָסס און לאוראַ — מאַן און פרוי אין זייער סעפּערירטקייט.

ביידע זענען זיי וויזיאָנערן פון אַ גלייכער מדרגה, אָבער אין פאַרשידענע ריכטונגען. זי זוכט איינצוברעכן וואָסס דעראָבערונגס־שטרעבונג צום אינפיניטיוון, צווינגען אים זיך מודה צו זיין, אַז ער קען נישט ווערן גאָט דורך ווילן. זי פּרוּווט אים באַווירקן ער זאָל זיך צוריקקערן צו דער וואָר וואָס איז מענטשלעך. זי זאָגט: „איך גיב אויף אַזוי פיל צו וויזן, אַז מענטשלעכע אמתן זענען געטלעך״, וואָסס רופט זיך איבער מיט דעם זאַג פון בלאַק: „יעדער באַזונדער מינוט אין הייליק״.

די באַדייטונג פון מענטשלעכן ווילן אין יחידישן לעבן, ווי אין היסטאָרישע פּראָצעסן, איז פאַרשפּיגלט אין דעם גאַנג פון דער עקס־פּעדיציע און אין די פילאָזאָפישע אַרויסזאָגונגען פון די העלדן. זאָגט וואָסס צו לאוראַן: „צוקונפט איז ווילן״. מיט אַנדערע ווערטער: „דיין צוקונפט איז, וואָס דו וועסט מאַכן״. אָבער פאַר יעדן פון זיי

האָט „ווילן" אַן אַנדער זין, באַקומענדיק אַן אַנדער פאָרם, ווי זיי האָבן פון אָנהייב פּלאַנירט.

וואָסס מוז לסוף איינזען, אַז נישט אַלץ איז אָפּהענגיק פון מענטש־לעכן ווילן, וואָס מוז זיך בייגן פאַר דעם ווילן פון גאָט — אָדער קאָסמישן ווילן — אַן אַנדער טערמין צו באַצייכענען דערפאַרונג, וואָס איז מחוץ דעם מענטשנס קאָנטראָל. אַזוי אַרום: נישט איבער־רייסנדיק דעם קאָנטאַקט מיט דער פיזישער לאַנדשאַפט, ווערט די געשיכטע פון דער עקספּעדיציע־פאָרשונג — „אַ פּערל אין דער פינצ־טערניש פון געשיכטע".

זוכט דער מחבר דורך איינעם פון זיינע פּערסאָנאַזשן אַרויס־צוהייבן אַ וויכטיקן היסטאָריאָזאָפישן אַספּעקט, וואָס איז פאַר אַ קינסט־לער ממש אַ פּראָבלעם פון אַגאָניע. דאָס איז דער פּראָבלעם צו געבן אַ ריכטיקן חשבון פון דערפאַרונג און עס קענען ווי געהעריק קאָמוניקירן.

זאָגט אין בוך אַן אָנטיילנעמער אין דער עקספּעדיציע, וועגן דעם געראַנגל פונעם קינסטלער צו באַקליידן אין ווערטער, אין ביל־דער, די דערפאַרונג פון וואָר און וויזיע. דער העלד, לע מעשוריער דריקט עס אויס אויף אַזאַ אופן: „פון אָנהייב פלעג איך וועלן מצליח זיין אין באַשרייבן פונקטלעך געוויסע זאַכן, וויזן זיי אין זייער פולער וואָר... איך האָב אָבער נישט געקענט אויסדריקן זייער פולן אמת... מיין גאַנץ לעבן איז געווען אַ דורכפאַל. איך האָב געלעבט אויף דעם נידעריקסטן אופן, ציללאָז, אָפּט דעגראַדירט, ביז איך האָב אויסגעפונען מיין כוח, איינזעענדיק, אַז די מיסטעריע פון לעבן ווערט נישט געלייזט דורך דערפאָלג, וואָס ווערט אַ ציל־פאַר זיך. גראַדע אין דורכפאַל, אין כסדרדיקן געראַנגל, אין ווערן אָפּט געפּרוווט, האָב איך געפונען מיין קראַפט" (ז' 271).

אין אַ געוויסן זין גיט פּעטריק ווהייט זיין ענטפער אויף רילקעס באַטאָנונג, אַז גאָט קומט נאָר בולט אין קונסט אַרויס אין זיין אייבייקייט, מחמת דער קינסטלער שאַפט, אין אַ זין, גאָט.

ווהייט האַלט, אַז דאָס איז אַ מין מעגאַלאָמאַניע, ווען אַ קינסטלער זוכט זיך צו אידענטיפיצירן מיט גאָט. זיי האָבן געמיינזאַמס, און נאָר אין אַ באַגרענעצטן זין. ווי זאָגט דער מחבר: „געשריבענע ווערטער נעמט אַ לענגערע צייט ביז עס באַדעקט זיי אַ טוי, אָבער די ווער־טער פון ליליעס, וואָס שווימען אין זומערדיקע וואַסערן..."

פאַראַן שטעלן אין בוך, וואָס רופן זיך איבער מיט טאָמאַס מאַנס „דר. פאַוסטוס", ווען ער זאָגט, אַז מוזיק איז די איינציקע קונסט וואָס קען אוממיטלבאַר אויסדריקן דעם קאָסמישן ווילן. אָבער מוזיק דאַרף האָבן אויערן עס צו דערהערן... אין דעם ווערק מאַכן די

העלדן דורך אַן אינערלעכע גרויסע טראַנספאָרמאַציע, זיי באַווירקן איינער דעם אַנדערן דורך דעם עלעמענט פון ליבע: וואָסס ווערט דורך דעם באַקערט צו עניוות און הומאַנישקייט און לאורא קומט צוריק צום געטלעכן גלויבן. די דורכגעפאַלענע עקספּעדיציע האָט באַקומען אַ מעטאַפיזישן נצחון.

די השערה, אַז וואָסס איז פאַרטראַכט געוואָרן דורך ווהייטן, ווי אַ ליטעראַרישע מאַסקע פאַר דעם דייטשן עקספּלאָרער אין אויסטראַליע, לייהאַרדט, האָט אַ שטאַרקן גרונט צוליב אַ ריי מאָטיוון. דאָס ווערק איז דורך דעם מחבר פּראָיעקטירט געוואָרן בעת דעם צווייטן וועלט־קריג; די שווידערלעכע היטלער־יאָרן, די קרבנות... און וואָסס עקספּעדיציע, זיין מקריב זיין זיבן מענער, אַ שיין מיידל, אויך זיין ליבלינגס־הונט צוליב אַן אַבסטראַקטער אידיי פון דעראָבערן...

יאָ, עס שיינט צו זיין אַ ווערק וואָס רעפּרעזענטירט דעם גייסט פון די לייהאַרדטס און עס פאַרשפּיגלט דעם מעטאַפיזם פון אַ קליינער וועלט, וואָס קען ווערן אַ גרויסע וועלט מיט היטלער־קאַשמאַרן און סטאַטיסטיקס...

אָבער אין גרונט גענומען איז דאָס בוך וואָס שיינט צו זיין אין דער קאָנצעפּציע גערמאַניש, פאַקטיש נאָר אַ רירנדיקע אויסטראַלישע געשיכטע מיט אַ קינסטלערישער אידיי. דער מחבר מאַניפּולירט מיט היסטאָרישע פאַקטן אויף אַן אופן, זיי זאָלן בולט פאַרקערפּערן די אַטמאָספער פון אַ וואָר מיט העלדישע מעשים — דורך די אַלע קאַשמאַר־עקספּעדיציעס, אויסצופאָרשן דעם אויסטראַלישן קאָנטינענט אינעם 19טן יאָרהונדערט.

דורך די קאָלינס, די סטוירטס, די לייהאַרדטס און אַלע איבעריקע עקספּלאָרישע עקספּעדיציעס, וועלכע טראָגן דעם חותם פון אַ גרויסער עפּיק, וועגן מענטשלעכן ווילן, וויזיע, אויסדויער, איבערגעגעבנקייט, באַגלייט מיט פאַנטאַזיע און גייסט, מחשבות און געפילן צו קענען בייקומען די אַלע שוועריקייטן און שטערונגען, און זיך לאָזן מיט די פּרימיטיוו סטע מכשירים אויף אָט די ריזיקאַלישסטע אונטערנעמונגען.

די היסטאָריקער מעגן מקנא זיין אַזעלכע גרויסע היסטאָרישע נאָוועליסטן, ווי פּעטריק ווהייט און אַנדערע, וועלכע בויען אויף אַ וועלט אין וועלכער זיי באַלאַנסירן צווישן וויזיאָנעריש־אַבסטראַקטן און קאָנקרעטן פאַקט, צווישן די פּאַראַלגעמיינערונגען וועגן מענטש בכלל און דאָס פּאַרטיקולאַרע פונעם אינדיווידועלן מענטשלעכן וועזן מיט זיין ספּעציפישער רעאַליטעט פון געפיל און מחשבה־וועלט.

דעם קינסטלערס אַריינדרינגונג אין דער יחידישער וועלט און די פּרטימדיקייט פון איר קאָמוניקירן זיך מיטן מיטמענטש און מיט

דער אומפּריינדלעכער נאַטור. די קלענערע ריטמען פון מענטשלעכן לעבן מיט דעם גרעסערן ריטעם פון דער נאַטור פּראָזשעקטירט אין אַ רייכער פּראָזע־טעקסטור, וואָס האָט ווהייטס ווערק געגעבן אַן אויבן־אָן אין דער אַנגלאָ־זאַקסישער ליטעראַטור.

פאַר זיין גרויסן צושטייער צו אָט דער ליטעראַטור ביים סוף פון די 1950־ער יאָרן, האָט דער מחבר טאַקע באַקומען דעם „סמיט ליטעראַטור פּריז״.

אויסטראַלישע קריטיקערס האָבן אַרויסגערוקט האַרבע טענות קעגן ווהייטן, הלמאַי ער האָט שווערן אַרץ אַרויפגעלייגט אויף יעדן דיטל פון בוך. זיי האָבן געפּרעגט צי געווינט דורך אַזאַ טעכניק דער שרייבער, וואָס דערמעגלעכט נישט דורך אַ לייכטן פּראָזע־סטיל צו באַגרייפן די וויכטיקסטע זאַכן? עס איז טאַקע אַ פּראָבלעם, וואָס טראָגט מער ווי אַן עסטעטישן כאַראַקטער, כאָטש אַ קינסטלער קען זאָגן, אַז אים גייט ווייניק אָן, וואָס געוויסע לייענערס וועלן נישט זיין בכוח אַלץ צו פאַרשטיין, און אַז דער ציל זיינער איז צו שאַפן אַ ווערק פון אַן אַלגעמיינער פּערפעקציע.

טאַקע וועגן דאָס לעצטע זענען דאָ חלוקי דעות צווישן אַ ריי אויסטראַלישע קריטיקערס, וואָס זוכן לעכער אין ווהייטס גרויסע ווערק (אין וועלכע גרויסע ווערק קען מען דען נישט געפינען קיין לעכער? — י. ק.) רוקט מען אַרויס טענות וועגן מאַניעריזמען, קלישע־רייד און פּרעטענציעלקייט אין געוויסע ערטער. די טענות קענען גענומען ווערן ערנסט, אָבער אויך מיט „אַ ביסעלע זאַלץ״ — ס'איז נישט לייכט צו זיין אַ נביא אין אייגענעם לאַנד... מחמת ביי אַלע אַנגעוויזענע פעלערן, בלייבט אַלץ אַ גרויסע פאַרנעמיקע קאָנצעפּציע און כמעט פּערפעקציע וועגן אַ מיסטעריעזע „רייזע אין מדבר״ וואָס איז פאַרקערפּערט אין דעם ווערק, ווהייט און אַנדערע ראָמאַניסטן זעען אין מדבר דעם פּלאַץ פון וואַנען עס קומען נביאים.

פּונקט ווי ביי היפּנאָז מוז זיין די קאָאָפּעראַציע צווישן היפּנאָטיסט מיטן אָביעקט, אַזוי וועט אויך נאָר דער לייענער דערפילן דעם כישוף פון נאַראַטיוו, אויב ער וועט זיך אים אונטערגעבן, צו דערשפירן די פיינקייטן פון אַ ווערק אין וועלכן דער מחבר האָט אַריינגעגעבן זיין שטאַרקסטע און סובטעלסטע ליבשאַפט פאַר זיין פאָלק און לאַנד, וואָס איז פאַר אים די פאַרקערפּערונג פון אַ מיסטעריע. דורך ווערטער און אימאַזשן אַרויסצוברענגען אַ „לאַנד מיט אַ צוקונפט״ באַגלייט מיט דער פראַגע: „ווען וועט אָט די צוקונפט ווערן קעגנוואַרט?״ (ז' 448).

✶

זאגאס און ראָמאַנען אויף געשיכטלעכע טעמעס, האָט די אויסטראַלישע ליטעראַטור צו פאַרצייכענען אַ היפּשע צאָל און — צווישן זיי אויך פּעטריק ווהייטס. ווהייט האָט אין גאַנצן שאַפן זיינעם אַרויסגערוקט צוויי גרונט־פּראַגעס: 1) די שייכות פונעם יחיד — באַזונדערס פון טאַלאַנטירטן יחיד — צום כלל אין אונדזער מאַטעריאַליסטישער און טעכנאָלאָגישער געזעלשאַפט; 2) דער כאַראַקטער און די קוואַליטעט פון דער אויסטראַלישער געזעלשאַפט אין פאַרגלייך מיט די עלטערע און מער ציוויליזירטע אין אייראָפּע פון וועלכע אויסטראַליע איז לכתחילה געוואָרן קאָלאָניזירט.

אַ ספּעציעלע באַהאַנדלונג ווידמעט ווהייט די אָפּגעפרעמדטע יחידים, וועלכע זענען אין זיין שאַפן צענטראַלע כאַראַקטערן. ער טיילט אויס די ערלעכע נאַטורן מיט זייער סענסיטיוויטעט און פּערצעפּציע צו באַנעמען און איינהאַלטן דעם, ווי ער רופט אַן „מיסטישן חוש" פון איינהייטלעכקייט און שלימות פון זאַכן, אַזוי ווי עס האָט געהאַט סטען פאַרקער פאַר זיין שטאַרבן.

ווהייט האָט בכלל צוויי פונדאַמענטאַלע וווּנדער אין לעבן: די מיסטעריע פון דער פיזישער וועלט און די מיסטעריע פון דער גייסטיקער — די קאָנקרעטע און די אַבסטראַקטע.

אין „וואָסס" האָט ער געפורעמט ביידע און אויך זייערע מעגלעכקייטן פון אַ האַרמאָנישן זיווג, אָדער צו באַשטימען זייערע גרענעצן ווו זיי טיילן זיך. אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמען די העלדן וואָס לעבן ביים ראַנד פון אויסטראַלישן מדבר. זיי זענען פונקט אַזעלכע בלינדע צו דער אויסטראַלישער לאַנדשאַפט, ווי זיי זענען עס לגבי זייער אייגן אינערלעכן לעבן.

גאָר פון אַן אַנדער כאַראַקטער איז זיין ווערק „דער וויוויסעקטאָר", עס איז געפורעמט אויף דער סטרוקטור־הנחה, אַז דער קינסטלער, ווי דער וויסנשאַפטלער, פאַרנעמען זיך מיט דער זעלבער אויפגאַבע — הגם מיט אַנדערע מיטלען — צו אַנטדעקן און פּרעזענטירן דעם אמת מיט דער טיפסטער גרונטלעכקייט, באַטאָנענדיק די ראָל פון קינסטלער וואָס קען פאַרגלייכט ווערן צום וויוויסעקטאָר. דער לעצטער פּאַלמעסט דאָך מענטשן בכדי אויסצוגעפינען דעם אמת וועגן זיי, און אַזוי טוט אויך דער קינסטלער.

דער העלד פונעם בוך, דאַפּפילד הוירטל, פאַרקורצט צו „הוירט", וואָס מיינט, אַז זיין גורל איז „ווי צו טאָן" אַנדערע, און ווי טאָן זיך אַליין, דורך יצירה, דעריבער ווערט טאַקע דער העלד באַאשולדיקט דורך זיין אפּיטרופּות, אַז ער איז געבוירן געוואָרן מיט „אויגן ווי מעסערס".

דער מחבר שילדערט אין „וויוויסעקטאָר" די געשיכטע פון אַ גרויסן אויסטראַלישן מאָלער, אַ זון פון אַן אָרעמען פּלאַשן-פּאַר־קויפער, און ער באַשרייבט הוירטלס קינדער־יאָרן אין דער אָרעמער גאַס, אין סלאַמס. דאָס ייִנגל איז סענסיטיוו און גייסטיק מער אַנט־ וויקלט ווי די אַנדערע קינדער. עמאָציאָנעל, אינטעלעקטועל און עס־ טעטיש קענטיקט זיך שטאַרק זיין אַנדערשקייט אין די פאָרמאַטיווע יאָרן. ער גיט זיך אויך פיזיש אַן עצה ביים שלאָגן זיך מיט די גאַסן־ ייִנגלעך.

זיין מאַמע נעמט אים מיט אינעם הויז ווו זי דינט — די באַלע־ באַטים נעמען אים אריין צו זיך, און דאָס ייִנגל ווערט פאַרכאַפּט פון דער נייער וועלט, וואָס אַנטפּלעקט זיך פאַר אים — קאָליר, שיינקייט, סדר — און זיין אונטערבאַוווסטזיין זאָגט אים אונטער, אַז דאָס איז די וועלט צו וועלכער ער דאַרף געהערן.

די רייכע פאַמיליע, די קאָרטנעיס, האָבן נאָר אַ קריפּל טאָכטער און נישט קיין אייגענעם זון און דאָ האָבן זיי פאַר זיך אַ ייִנגל מיט הויכער אינטעליגענץ און קינסטלערישער באַגאַבונג — מאַכן זיי צוטריטלעך פאַר אים די באַדינגונגען פון דער רייכער אייראָפּעישער ציוויליזאַציע.

מיר זעען דעם ייִנגלס רעאַגירן אויף די אַלע דערשיינונגען אַרום אים — און מען דאַרף אונטערשטרייכן, אַז בכלל פירן זיך אויף אַלע פּערסאָנאַזשן נאַטירלעך און באַגלייבט.

דער טויט פון הוירטלס פאָטער, און זיין מאַמעס חתונה האָבן מיט אַן אַנדערן — פיזיש דערווייטערט פון זיין אייגן בלוט און פלייש, לעבט ער צוזאַמען מיט זיין נייער פאַמיליע, וואָס האָט אים אַדאָפּ־ טירט און דערצויגן.

הוירטל איז אַנדערש, דאָך נישט אַנדערש פון ווהייטס „ספּע־ ציעלע" כאַראַקטערן מיט זייער וויטאַליטעט און לעבנס־פאַרהאַרטע־ וועטקייט וואָס איז אַ ירושה פון זיין אָפּשטאַם. ער גייט אַוועק אין קריג פרייוויליק, פאַלט אַרויס פון דער פאַמיליאַרער סביבה און ווערט אַריינגעשליידערט אין דער וועלט פון יסורים.

מיר וועלן נישט נאָכפאָלגן דעם גאַנצן סוזשעט: דאָס אַרומ־ פאָרן פון הויפּט-העלד איבער אייראָפּע, ווו ער פאַרפולקאָמט זיין דער־ ציונג און זיין גרויסן מאָלערישן טאַלאַנט. שפּעטער זיין צוריקקומען און דעם „שאָק" וואָס ער פאַרשאַפט דער פאַמיליע, אָט די, וואָס האָט אים געהאָלפן קינסטלעריש אויסצוואַקסן (הגם די ערשטע אויס־ שטעלונג פון זיינע מאָלערייען איז דורך דער קריטיק געוואָרן אַראָפּגע־ ריסן, איז אָבער קיין ספק נישט אין זיין טאַלאַנט).

אין סוזשעט איז אַריינגעפלאָכטן אַ זונה, נענסי, וואָס דערפילט נישט נאָר הוירטלס סעקס־קאָנסומפציע, נאָר העלפט אים אויך מיט אירע פאַרדינסטן זיך אויסצוהאַלטן. דאָס פאַרבינדן דעם קינסטלער מיט דער פּראָסטיטוטקע האָט דאָ אַ באַשטימטן ציל: ווייזן די פאַר־מען דורך וועלכע דער קינסטלער איז פאַרבונדן מיט דער געזעל־שאַפט וועלכע שטיצט אים.

עס איז דאָ אין ווערק אַ קרעפטיקע שילדערונג פון נענסיס טויט צוליב אַלקאָהאָל, זיך־פאַראַכטונג און פאַרצווייפלונג. דאָס געפינען איר קערפּער צעשמעטערט, אַראָפּגעקייקלט פון אַ פעלדז, איז גע־צייכנט שטאַרק דראַמאַטיש און איבערצייגנדיק. ליידן פונעם יחיד און ליידן פון דער וועלט אין אַלגעמיין, איז לויט פעטריק וווהייטס אָנמערקונגען אַ וויכטיקער טייל פון אויספורעמען דעם געטלעכן ציל — מחמת, ווי דער קינסטלער איז אויך גאָט אַליין אַריינגעצויגן אין די ליידן פון זיין באַשאַף. די פילאָזאָפיע פון ליידן איז פאַרשפיגלט ביי פיל שרייבער פון דער וועלט־ליטעראַטור (אין אַלע זשאַנערן). עס איז אַ טעמע פאַר זיך. וועלן מיר דעריבער שטעלן דאָ אַ פונקט.

ווהייט זוכט צו געפינען אַ פאַרשטענדיקונג מיט דער גאַנצקייט פון לעבן, נישט אויסלאָזנדיק מן הצד קיין שום עלעמענט. אין „וויווי־סעקטאָר" איז אויך דאָ די דילעמע פונעם קינסטלער, וואָס זוכט זיין באַרעכטיקונג פאַרן לעבן און פאַר זיין קונסט. עס איז די דילעמע פון קאָמוניקירן און דערביי איינהאַלטן די אייגענע אידענטיטעט, דורך אָפּגעזונדערטקייט פון לעבן, בכדי דורך אַ געוויסער דיסטאַנץ עס בעסער צו באַנעמען. זיין דראַמאַטיזירן מענטשלעכע ריסן און קאָנ־פליקן דורך אילוסטרירן פאַרשיידענע אייגנשאַפטן, מאַנעריזמען און דעם מענטשנס פעיקייט צו גרויזאַמקייט, ביז זיך־פאַרניכטונג, אָבער אויך פון רחמים, פון זיך־מקריב זיין.

באַלד אין אָנהייב פון „וויוויסעקטאָר" דערציילט אונדז דער מחבר, אַז די איבערלעבונג פון קונסט און רעליגיע זענען די זעלבע. עס איז אַ פּרווו אַרויסצוברענגען די רעליגיעזע איבערלעבונג פון דער וועלט. גאָט, ווי אַ קינסטלער באַשאַפט די וועלט און אירע מענטשן און ער פאַרניכטעט זיי ביים דורכפירן זיי איבער די אָפּגרונטן און גרויזאַמקייטן פון לעבן ביזן סאַמע פינאַלן אומזין — טויט. די אַקטן פון רחמים און אכזריות זענען באַשטאַנד־טיילן פון דער יצירה און פונעם גאַנצן לעבן, וואָס האָט זיינע ווערטן טראָץ אַלע גרויזאַמקייטן און מיאוסקייטן, וואָס מיר טרעפן אינעם גאַנג פון לעבן.

ווהייט זוכט צו אַנטפּלעקן דעם אמת פון אונטער דעם סאָציאַלן פּאַניר, אויפנעמען אים אָן מורא אויך דאָרט ווו מען וויל אים אַמ־וויניקסטן זען. ער ווייזט אויך די פאַרבינדונג צווישן סעקסואַליזם

און קונסט אין אַ מער אַלגעמיינער פאָרם — און דעם קינסטלערס אַנגאַזשירטקייט צו זיין באַרוף דורך פאַרקערפּערן דעם דראַנג צו סעקסועלער עקספּרעסיע, אין דער ראַם פון מענטשלעכער נייטיקייט פון קאָמוניקאַציע און פון אינפיניטיוון. זיינע העלדן זענען אייביקע זוכערס פון אינפיניטיוון. יעדער פון זיי מיט זיין פּאַרטיקולאַרן הויקער, נישט שטענדיק זעבאַר פון אויבערפלאַך, נישט שטענדיק אין זעלבן פאָרם.

די געפילס־וועלט פאַרנעמט אין זיינע ווערק אַ גאָר באַדייטנדיק אָרט, ווי אַ טייל פון ירושה און צוליב דער איבערצייגונג, אַז אינטעלעקט איז דורכגעפאַלן צוליב דער דיספּראָפּאָרציע פון ווערטן, וואָס מיר האָבן אים צוגעשריבן. דעריבער זיין מעטאַפיזישע קאָנצעפּציע וועגן מענטש און זיין יחידישקייט.

אין זיין „דער מומעס געשיכטע" האָט ווהייט געשאַפן אַן אַנדער בעלעטריסטישע אילוסטראַציע פון דער הנחה, אַז די שוואַכע אין אינטעלעקט פאַרמאָגן אין זייער פּשטות — און אויך אַ דאַנק דעם מאַנגל אין עגאָ־אַנגאַזשירטקייט — אַ טיפערן אַריינבליק אין לעבן, ווי די נאָרמאַלע בעלי־שׂכלס.

טעאָדאָראַ גודמאַן שטעלט זיך אַנטקעגן (באַזונדערס אינעם ערשטן טייל פון בוך) דעם קאָנפאָרמיזם פון דער געזעלשאַפט. זי וואַרפט עס אָפּ דורך איזאָלאַציע, דורך אויסמיידן חתונה צו האָבן מיט פרענק פעררראט און מיט האַנטלעי גלארקסאָן, מחמת עס וועט פאַרניכטן איר ערלעכקייט. דער טויט פון איר מאַמען באַפרייט זי לחלוטין פון אַלע שייכותן מיט מענטשן (אַ חוץ מיט איין שוועסטער־קינד).

דאָס בוך פאַרענדיקט זיך מיט איר פסיכישן צושטאַנד, וואָס מיר באַצייכענען: משוגעת. אָבער גראַדע די משוגעים פאַרמאָגן די אייגנשאַפט אַריינצודרינגען אונטער דעם אויבערפלאַך פון מענטשלעכע רייד און מעשׂים, ווען זיי האָבן אָפּגעוואָרפן די ווערטן פון דער געזעלשאַפט און איר וואָר, זוכנדיק אַ נייע רעאַליטעט.

ווהייטס פאַראינטערעסירונג מיט די וואָס האָבן אָפּגעוואָרפן דעם געזעלשאַפטלעכן קאָנפאָרמיזם, אָדער זענען פון אים אַליין אָפּגעוואָרפן געוואָרן צוליב זייער אַנדערשקייט, איז פאַרקערפּערט אין פאַרשידענע כאַראַקטערן פון זיינע ווערק, און אויף אַ גאָר ספּעציפישן אופן אין „דער מומעס געשיכטע".

ווען טעאָדאָראַ גודמאַן איז נאָך געגאַנגען אין שול, האָט שוין איר לערער און פּרינציפּאַל פאַרויסגעזען איר לעבנסוועג. ער טראַכט וועגן דעם וואָס ער וואָלט איר געדאַרפט זאָגן און זי צוגרייטן צו

איר גורל. כאַראַקטעריסטיש איז אַ ציטאַט פון זיין נישט געהאַלטענער רעדע וועלכע איך ציטיר:

„טעאַדאָראַ, כ'וועל דיר זאָגן דעם אמת. וואַרשיינלעך וועסטו קיין מאָל נישט חתונה האָבן... וועסט נישט זאָגן די זאַכן וואָס זיי ווילן פון דיר הערן, חנפענען די גאווה זייערע, די פוסטקייט. וועסט אפילו נישט באַנעמען פאַר וואָס, עס וועט דיר אינסטינקטיוו נישט קלײדן. פיל זאַכן וועסטו לערנען פון דערפאַרונג, וועסט זען קלאָר אונטער דער מענטשלעכער הויט... וועסט דורכגיין דאָס לעבן אין סענסי־טיווע שיך, ווייל דו ביסט ערלעך.

דו וועסט וואַרשיינלעך אויסוואַקסן מיאוס און מחמת דו וועסט זיין אַן עקרה, וועסטו זיין בײדע: פאַראַכטעט און געערט. וועסט קיין סטאַטוע קיין מאָל נישט מאַכן, וועסט נישט שרייבן קיין פּאָעמע און נישט קיין מוזיק, כאָטש דו וועסט צעריסן ווערן דורך אַלע אַגאָניעס פון מוזיק. אַן איינזאַמער מענטש מיט דער אוממעגלעכקייט צו קענען בויען בריקן פון איין לעבן צו אַן אַנדערן, און נישט שפּעריש...

אָבער אין געוויסע צערטלעכע מאָמענטן וועסטו קענען זאָגן: מיין קינד".

די פסיכישע טראַנספאָרמאַציע פון אַט די טעאָדאָרס, גייט אַראָפּ פון די בלעטער פון בוך לעבעדיק צום לייענער, הגם אין געוויסע מאָמענטן איז שווער נאָכצופאָלגן דעם ריכטיקן מיין פון מחבר. אָבער דער גרונט־מאָטיוו פון נאָך־קאָנפאָרמיזם און פון כאַראַקטער־רעוואָלאַציע, איז געשטאַלטיקט אין טערמינען פון בולטע אימאָזשן און מיט דעם סכום פון גרויסע דורכגעמאַכטע יסורים.

ווהייטס העלדן ווערן ס'רוב ביים ענדע פאַרניכטעט, צי דורך דער געזעלשאַפט אָדער דורך דער אייגענער אוממעגלעכקייט שלום צו מאַכן צווישן דעם אימאַזש פון דער וועלט (ווי עס זעט אים די מער־הייט) מיט דער אייגענער פערזענלעכער וויזיע. דאָס געשעט אויך מיט דעם רוב פון די פּראָטאַגאָניסטן פון ווהייטס בוך „רייטערס אויפן רייטוואָגן".

דער אייראָפּעישער אינטעלעקטואַל און פּליט פון דייטשלאַנד, הימלפאַרב און דער אַנאַלפאַבעטישער אַבאָרידזשינישער קינסטלער דובא, די וועשין מרס. גאַדבאַלד, און די אַלטע בתולה מערי העיר, זענען באַשאָנקען געוואָרן צו זען די וועלט „ווי זי איז ווירקלעך" און דערקענען איינער אין דעם אַנדערן די קוואַליטעטן, וואָס זיי האָבן געמיינזאַם. דריי פון זיי פאַלן אָבער קרבנות פון דער געזעלשאַפט, וואָס איזאָלירט זיי, ווי אָפּגעוואָרפענע און פרעמדע...

אַלענאַציע איז פאַרקערפערט אויך אין „וויוויסעקטאָר". דאָס אָפּרוקן זיך פון דער ספּעציפיש־טוישנדיקער געזעלשאַפט און אַוועק־

גייען צו זיין איבערלעבער וועלט פון שוויגן און פון אַריינקוקן אין די הערצער און מחשבות פון די אַרומיקע מענטשן, וועלכע ער אָב־סערווירט אומבאַמערקט פאַר די דערוואַקסענע וואָס טראַכטן, אַז ער איז נאָך אַ קינד . . .

אין „די סאָלידע מאַנדאַלאַ", זעען מיר די בראַונס, וואָס זענען אַוועק פון ענגלאַנד צו ראַטעווען זיך פון קאָנפאָרמיסטישן דרוק.

פאַר דער מוטער, וואָס האָט חתונה געהאַט אונטער איר יחוס, איז אויסטראַליע אַ נייער אָנהייב פון אַ נייער וועלט, וואָס איז פריי פון די צוימען אין דער אַלטער וועלט. עס איז גלייכצייטיק אַן אַנטלויפן פון אַן אידעאַליזירטן עבר. די בראַונס זוכן אַן אָפּגעזונדערט ווינקעלע צו זיין אַליין מיט זיך, נישט האָבן צו טאָן מיט דער געזעלשאַפט, און די געזעלשאַפט נישט מיט זיי.

ווהייט פּרעזענטירט, דורך דער פיינשטיין־פאַמיליע, די קאָרומ־פּירטע איינפלוסן פון דער שטאָט, באַגלייט מיט דעם אידעאַל פון אייראָפּעישער קולטור, פון פרעמדע שפּראַכן. עס איז דאָ אַ מאָמענט, ווען אַרטור בראַון האָט נאָך זייענדיק אַ קינד געזען די אויפפירונג פון „געטערדעמערונג" און ער פרעגט: „ווו און ווער זענען די געטער?". שפּעטער, האָט ער זיך שוין אויסגעלערנט צו געבן אַ פּסיכאָלאָגישע רעאַלקייט זיין וויזיע, טאָקע נאָכן איבערלייענען „די ברידער קאַראַ־מאַזאָוו", ווען ער אַנטדעקט, אַז דאָס וואָס דער מענטש האַלט פאַר אַממיינסטן וויכטיק און נייטיק, איז צו געפינען עמעצן צו פאַרגעטערן . . .

אין „דער מומעס געשיכטע" איז דאָ אַזאַ פּאַראַדאָקסאַלער זאָג וועגן נאָרמאַל און אומנאָרמאַל: „ווען דיין לעבן איז אַממיינסטן רעאַל ביסטו פאַר מיר משוגע". רעאַליטעט האָט אָבער פאַרשידענע פּנימער און קען אַרומנעמען אויך אפילו דאָס, וואָס מענטשן גלויבן צו זיין רעאַל — דאָס מיינט אויך — לעגענדע. ווהייט האָט אויסגעטיילט די העלדן, וואָס פילן זיך דעהומאַניזירט אין דער רעאַלער ווירק־לעכקייט. ער האָט געשטאַלטיקט די קאַליזיעס, וואָס פירן דעם יחיד צו טאָטאַלער אלענאַציע, און געשילדערט וויזועל דורך אימאַזשן, פאַרבן און סימבאָלן — אָט די קאָנפליקטן פון אונדזער היינטיקער געזעלשאַפט.

אין די „רייטערס" זענען פאַראַן פיל באַריערעס דורך וועלכע עס דאַרפן אַריבערשפּרינגען די העלדן: געבורט, דערציונג, סבי־בות; ראַסן־פאַראורטיילן טיילן פאַנאַנדער, שאַפן מחיצות. אין די 4 באַזונ־דערע געשיכטעס פון דעם ווערק איז דאָ אַ פּונקט וואָס פאַרקניפּט זיי אין דעם נאַראַטיוו — די פיר אַזוי פאַרשידענע טיפּן, צווישן וועלכע מיר טרעפן אויך אַ ייד.

געצייכלטע ייִדישע העלדן האָט פּעטריק ווהייט אין זיין שאַפן. מעגלעך, אַז ער האָט ייִדן זייער ווייניק געקאָנט פון דער נאָענט, פון אינעווייניק, צו קענען זיי דורכלייכטן, אַזוי ווי ער טוט עס מיט די צוויי טיפּן אין די „רייטערס״.

דער ייִדישער אויפגעקומענער „אַלרייטניק״ איז געשילדערט רעאַליסטיש, נישט קאַריקאַטור־מעסיק, ווי ביי פיליפּ ראָטה, אָבער אויך באַצירט מיט גראָטעסק־פאַרבן, וואָס פּאַסן אים זייער צום פּנים זיינעם, וואָס זוכט אַרויסצוקריכן פון זיין ייִדישער הויט און פאַרדעקן זיין ייִדישע רחבותדיקע נאָז...

ווי אַ קעגנזאַץ צו דעם גראָבהויטיקן טיפּ ייִד, איז געשילדערט, אין גאָר וואָרעמע פאַרבן דער ייִדישער פּליט פון דייטשלאַנד. ער איז בעלעטריסטיש אַרויסגעקומען זייער איבערצייגנדיק. ער קומט צו אונדז פון די בלעטער אַרויס אַ פּולבלוטיק לעבעדיקער, טראַגנדיק מיט זיך זיין אינדיווידועלע און נאַציאָנאַלע געשיכטע, אויף דעם וועג זיינעם פון דייטשלאַנד ביז דעם אויסטראַלישן דאָרף, וווּ ער זוכט צו שלאָגן וואָרצלען, אָבער זיי ווערן אונטערגעהאַקט דורך דער גרופּע שיכורים. די קורסירנדיקע פּליאָטקעס וועגן דעם פרעמדן, (דעם ייִד) וואָס גייען אַרום מיט דער „פּאַנטאָפל־פּאָסט״ איבערן דאָרף — און די גיפט־מישערס זענען קירכע־מתפּללים — פאַרקירצן זיין לעבן, וועלכן ער האָט אויפגעהאַלטן מיט האָפענונג. דער אַרבעטס־געבער זיינער, דער זיך־האַסנדיקער ייִד דערגייט דורך זיינע פּסיכישע אויס־קרימונגען צו משוגעת און זעלבסטמאָרד, אָבער נישט דער דייטשער פּליט ייִד, וואָס פאַרלייקנט זיך נישט און לאָזט זיך נישט באַהערשן פון פאַרצווייפלונג אפילו אין די ערגסטע מאָמענטן פון זיין לעבן.

ווייס איך נישט צי פּעטריק ווהייט האָט זיך באַקענט פון דער נאָענט מיט ייִדישע ייִדן וואָס שטאַמען נישט פון דייטשלאַנד און זענען נישט קיין פּראָפעסאָרן געווען... ווייזט אויס, אַז דער מחבר האָט געזוכט דורך אים אַרויסצוברענגען זיין אני־מאמין אין שייכות מיט די ייִדישע איבערלעבונגען אין די היטלער־יאָרן. ער האָט געזוכט אַ העלד אַרום וועלכן ער זאָל קענען אויסוויקלען מחשבות וועגן פאָלק, ראַסע, אָפּשטאַם.

לייגט ער דאָך אַריין אין מויל פון זיין העלדין, די וועשין מרס. גאָדבאָלד אַזעלכע געדאַנקען וועגן ייִדן: „אַ ייִד? אַלץ איינס. אַלע מענטשן זענען גלייך איידער זיי ווערן געבוירן. זיי זענען די זעלבע ביים געבורט. עס איז נאָר שפּעטער דער מאַנטל, וועלכן מען האָט זיי אָנגעטאָן, וואָס מאַכט זיי אַנדערש. פאַראַן אָבער אַזעלכע, וואָס מיי־נען, אַז ס׳פּאַסט זיי נישט. זיי גלויבן, אַז זיי וועלן טוישן דעם מאַנטל... זיי בלייבן דאָך אין זיך די זעלבע. נאָר צום סוף, ווען אַלץ

ווערט צוגענומען פון זיי, ווייזט זיך אַרויס, אַז זיי האָבן עס נישט גע־דאַרפט. זיי זענען צוריק די זעלבע נשמות, פונקט אַזוי נאַקעט, ווי זיי זענען געקומען אויף דער וועלט״...

פּעטריק ווהייט גלויבט, אַז מענטשן־מאַרד, לינטשעריי האָבן נישט קיין ספּעציפישע נאַציאָנאַלע גרענעצן. זיי קענען געשען אין יעדן לאַנד, ביי יעדן פאָלק, אין יעדן איינעם וועלט־טייל — אויך אפילו אין אַ שטילן אויסטראַלישן דאָרף. דער סימפּאַטישער יידי־שער העלד, וואָס איז דעם מחבר זיכער וויניקער באַקאַנט געווען, ווי זיינע אויסטראַלישע טיפּן, האָט באַקומען מער קינסטלערישן תיקון, ווי דער אויסטראַלישער אַבאָרידזשין־מאָלער, אלף דובאָ און — אויך פון די אַנדערע טיפּן. וואָס זענען נישט נאָר געאָגראַפיש נאָר אויך פסיכיש אים געווען נענטער, און געדאַרפט אים זיין מער באַקאַנט ווי דער ייד הימלפאַרב.

אָבער דאָ קומען מיר צום פּראָבלעם פון איבערחזורונגען, אי פון צייכענונגען, אי פון כאַראַקטער־טיפּן, סימבאָלן, אפילו פון געוויסע פראַזן, מאַנעריזמען, ווערטער —א נסיון פאַר יעדן עכטן קינסטלער, ווען ער דאַרף ציען יניקה פון דעם זעלבן אַנזאַמל דערפאַרונגען, אימאַזשן. אפילו ווען זיי קומען אַרויס אין אַ פולשטענדיקער איבערשטע־לונג אין דער בעלעטריסטישער ווירטשאַפט זיינער, איז גאַנץ וואַר־שיינלעך, זיי זאָלן דערמאָנען אין סטיל פון ענלעכע כאַראַקטער־טיפּן — נאָר אַנדערש פאַרשלייערטע — קאָנסטרואירט אין אַן אַנדער סביבה, סוזשעט — טאַקע אַ גאַנץ נייע זאַך, דאָך דערמאָנט עס אין עפּעס, וואָס מען האָט זיך שוין פריער אָנגעטראָפן, הגם אין אַן אַנדער כאַראַקטעריזאַציע.

פּעטריק ווהייט האָט זייער שאַרפע קריטיקער אין אויסטראַליע, און זיי כאַפּן זיך אָן אין די אַלע פעלערן זיינע, ווי אין אַן אבן טוב... הגם מיין צוגאַנג איז אַן אַנדערער, בפרט, ביים זען ווי מען שטעלט אָן אַ פּראָזשעקטאָר אויף יעדער פגימהלע, דאָך, וועל איך צוגעבן, אַז דער לייענער וואָס איז באַקאַנט מיט זיינע פריערדיקע דערשינענע ווערק, וועט גלייך דערקענען יעדעס ניי בוך פון דעם מחבר, אויב אפילו זיין נאָמען זאָל אויפן שער־בלאַט און אַנדערער ערטער נישט זיין דערמאָנט. ווי אַנדערש עס זאָל נישט אַרויסקומען דער טיפּאַזש, סוזשעט און בכלל דאָס סטרוקטועלע — חזרט זיך דאָך איבער אויפ־סניי זיין סטיל און אויך געוויסע מאַנעריזמען, וואָס זענען אים אַזוי אייגן. אָבער מערקט זיך נישט ענלעכס אפילו ביי גרויסע אַקטיאָרן, ביי קינסטלער פון דער בינע? דוכט זיך, אַז יאָ.

ביים אונטערשטרייכן דאָס אויבנדערמאָנטע, וויל איך אָבער אויך

צוגעבן וועגן פּעטריק ווהייטס ליטעראַרישע דערגרייכונגען, וואָס זע־נען געשטיגן פון בוך צו בוך. קיינער האָט נישט געקענט פאַרויס־זאָגן, אַז נאָך אַזאַ ווערק ווי „דער בוים פון מענטש" וועט ער אָנשרייבן אַזאַ בוך ווי „וואָסס" אין וועלכן ער האָט אָנגעשלאָגן טענער פון גראַנ־דיעזקייט און טונקלקייטן פון דער מענטשלעכער נשמה. אומדערוואַרט איז דער מחבר שפּעטער אַרויסגעקומען מיט ווערק פון מיסטישע און פילאָזאָפישע אימפּליקאַציעס, ווי אין „וויוויסעקטאָר" אָדער די „סאָלידע מאַנדאַלאַ". פּעטריק ווהייט איז בלתי ספק איינער פון די עטלעכע געציילטע גרויסע פּראָזע־קינסטלער אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור, וועלכער ער האָט מיט זיינע ווערק צוגעגעבן איר גרויס חשיבות און בייגעשטייערט צו איר אָנערקענטער פּאָזיציע אין דער אַנגלאָ־זאַקסישער וועלט.



די אויפמערקזאַמקייט וואָס פּעטריק ווהייטס ווערק האָבן אַרויס־גערופן אין אויסלאַנד, איז באַגלייט געוואָרן מיט אַ ידיעה, אַז אין די לעצטע יאָרן איז זיין נאָמען געווען אויף דער ליסטע פון נאָמינאַ־ציעס צו דער נאָבעל־פּרעמיע. אַ שמועה איז געווען, אַז שוין אין 1970 איז ער געווען אויף דער פינאַלער קורצער ליסטע פון די רעקאָ־מענדירטע קאַנדידאַטן.

אין דעם זעלבן יאָר איז אַראָפּגעקומען קיין אויסטראַליע אַרטור לונדקוויסט, דער פאָרזיצער פון דעם „פּאַנעל" וואָס רעקאָמענדירט די קאַנדידאַטן פאַר דער ליטעראַטור נאָבעל־פּרעמיע.

אָפיציעל האָט עס געהייסן, אַז ער איז געקומען צו אינפאָר־מירן זיך און באַקענען זיך נענטער מיט דער אויסטראַלישער ליטע־ראַטור, אָבער פּאַקטיש איז דער וויזיט געווען צו טרעפן זיך מיט פּעטריק ווהייטן, וועמען ער האָט שטאַרק פאַרערט זינט ער האָט גע־לייענט זיין ווערק „דער בוים פון מענטש".

נאָך מער: ווען עס איז דערשינען ווהייטס לעצטער בוך „דאָס אויג פון שטורעם" האָט אַרטור לונדקוויסט עס אָפּגעשאַצט ווי אַ גרויס ווערק און דעם מחבר באַצייכנט „נישט נאָר ווי אַן אינטערפּרעטאַ־טאָר פונעם ספּעציפישן אין אויסטראַליע, נאָר אויך אַ פּיאָניר און וועג־געפינער אין דער מאָדערנער ליטעראַטור". אָט די באַצייכענונג איז מסתמא, דער רמז אויף די סטאַנדאַרטן מיט וועלכע מען רעכנט זיך ביים געבן די נאָבעל־פּרעמיע פאַר ליטעראַטור. איך גלויב נישט, אַז פאַר דעם לעצטן ווערק האָט מען טאַקע פּעטריק ווהייטן געגעבן

דעם נאָבעל־פּריז. ערשטנס איז עס ווייט פון זיין אַ מייסטער־ווערק, און זיכער נישט דאָס בעסטע, וואָס איז אַרויס פון זיין שאַפן. בכלל שטייט די פראַגע: צי ווערט דער פּריז געגעבן טאַקע פאַר איין אָנגערופענעם ווערק, אָדער עס ווערט אין דער באַשטימונג אריינגענומען אין חשבון דער גאַנצער קינסטלערישער פאַרמעג פון דעם קאַנדידאַט?

וואָלט מען דען געגעבן ערנעסט העמינגוועיין די נאָבעל־פּרעמיע נאָר פאַר זיין „זקן און דער ים״? דאָס זעלבע לאָזט זיך פרעגן וועגן פיל אַנדערע ליטעראַטור־לאַורעאַטן. האָט מען דען זיי צוגעטיילט די פּרעמיע נאָר צוליב דעם אָנגערופענעם ווערק פאַר וועלכן זיי האָבן אָפיציעל געקראָגן? דערביי גיי איך נישט אַריין אין די מלוכהשע און פּאָליטישע חשבונות, וואָס קורסירן אַרום די פּרעמיעס, און זיי האָבן, מסתמא, אויך אַ גרונט...

איך קען גוט פּעטריק ווהייטס שאַפן. איך ווייס זיינע שטאַרקייטן און שוואַכקייטן, און איך האַלט, אַז זיין לעצט בוך האָט פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט נישט פאַרדינט קיין אויסצייכענונג, אוודאי נישט קיין נאָבעל־פּרעמיע. מחמת וואָס איז דאָ אין דעם בוך עפּעס וואָס זאָל אים אויסטיילן ליטעראַריש? עס איז אַ געוויינלעכע געשיכטע פון אַ זקנה עטלעכע אַכציק יאָר אַלט, וואָס האַלט ביים שטאַרבן און עס קומען אַראָפּ צו איר די קינדער פאַרן טויט. מערקט אָן דער מחבר, אַז זיי זענען געקומען מער צוליב דער ירושה... בכדי צו שפּאָרן הוצאות פאַר קראַנקן־שוועסטערס, ווילן זיי דער מאַמען בעסער האָבן אין שפּיטאָל. דאָס איז נישט ניי און ס'איז אויך נישט דער גאַנצער אינערלעכער תמצית פון דעם 400 זייטיקן בוך.

דער מחבר פּרווט אין די כאַראַקטעריזאַציעס פון די פּערסאָנאַזשן אָפּגראָבן אַ ריי שיכטן פון זייער לעבן, פון זייערע קאָנצעפּציעס וועגן לעבן. די זכרונות פון דער מאַמען, איר חתונה האָבן, אירע געליבטע — אָט דאָס אַלץ וואָס זי האָט דורכגעמאַכט און אַרומגערודערט זינט איר קינדהייט און יוגנט, שטייט אינעם צענטער פון אַ שטורעם (וואָס גיט דעם טיטול און אימאַזש פאַרן בוך). ער ווייזט דעם שטורעם פון איר לעבן אין דעם גוואַלטהאַפטיקן כאַאָס פון עקזיסטענץ, הגם דער אימאַזש גופא שיינט פון אויבן צו זיין גאָר אַ מין רואיקער ווינקל אין דעם אַרומיקן שטורעם.

אַ חוץ די זכרונות פון דער מוטער קומען אַריין אין בוך פראַגמענטאַרישע דערפאַרונגען פון אירע קינדער. דורכגעפאַלענע באַציאונגען מיט דער מאַמען... זיי דערמאָנען זיך קינדער־יאָרן איבער וועלכע עס איז שפּעטער אָנגעוואַקסן אַ געפעלשטער „איך״. דער זון

הייסט שוין „סער באַזיל האַנטער״, אַן אַקטיאָר אויף דער ענגלישער בינע, מיט אַ רייכער לעבנס־דערפאַרונג פון צוויי דורכגעפאַלענע היי־ראַטן... זיין איצטיקע אַמביציע צו שפּילן איינע פון די שווערסטע טראַגישע שעקספּיר כאַראַקטערן, די ראָל פון „דער קעניג ליר״, איז צו קענען ברענגען צום אויסדרוק זיינע אייגענע (און זיין שוועס־טערס) אומדאַנקבאַרקייט צו דער מאַמען...

די טאָכטער דאָראָטי, האָט איר אייגענעם הויקער פון סנאָביזם — זי טראָגט דעם טיטול „די פּרינצעסין פון לאַסקאַבאַנעס״ — אַ סאַ־טירישע פאַרב אויף אירע „דערגרייכונגען״ וואָס זי האָט באַקומען פון דער געזעלשאַפט... דאָס ווערט קאָנפראָנטירט מיט זייער פּאַק־טישער עקזיסטענץ, הינטער די מאַסקעס פון זייער געפעלשטן לעבן — אויך וועגן זייערע באַציונגען מיטן פאָטער... אַלץ צוזאַמען איז אַן אַלטע, שוין אויסגעשריבענע געשיכטע, וואָס האָט לויטן אינהאַלט און פאָרם נישט פאַרדינט מען זאָל עס בכלל פּרעמירן, שוין אָפּגע־רעדט פון צוטיילן די נאָבעל־פּרעמיע.

מיין איך דעריבער, אַז באַקומען האָט ער נישט פאַר דעם בוך, נאָר פאַר דעם ליטעראַרישן סך־הכל פון זיינע אַנדערע גרויסע ווערק, וואָס פינקלען און שיינען אַרויס מיט זייער טיפן פאַרנעם און סטיל; בפרט פאַר דער סובטעלער באַהאַנדלונג פון זיינע כאַראַקטעריזאַציעס, און — צייטנוייז — זיין גלאַנצפולער דיאַלאָג, וואָס גיט צו אַ באַזונ־דערע דימענסיע זיינע דורכגעדרונגענע אינטערפּרעטאַציעס פון פּסי־כישע פּראָצעסן — און מענטשן זענען פּראָצעסן — בפרט די מענטשלעכע טיפע ווערטן, וועלכע ער האָט אַרויסגעהויבן. אויך פאַר זיין געלונגענער סאַטירע און פאַר די גראָטעסק־שטריכן ביים צייכענען מענטשלעכע שוואַכקייטן און די פאַלשע דורכזיכטיקע מאַס־קעס אויף זייערע פּנימער...



פּעטריק ווהייט, דער מענטש, איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. ער איז גאָר באַשיידן, אַן פאַזירטער ענוות. ער איז, מסתמא, פון די איינ־ציקע, וואָס האָבן אויפריכטיק אָפּגעפרעגט דעם אויסוואַל פון זיין קאַנדידאַטור.

אין די לעצטע עטלעכע יאָר, ווען מען האָט שטאַרק געשמועסט, אַז ער קען באַקומען די פּרעמיע, פלעגט ער זאָגן, אַז אויב דאָס זאָל געשען (אין וועלכעס ער האָט נישט געגלויבט), וועט ער טראָגן זיין גאַנץ לעבן אַ שולד־געפיל, וואָס טאָלסטאָי, דזשאָיס, אָדער לאָרענץ — און פיל אַנדערע גרויסע קינסטלער — האָבן עס נישט באַקומען.

דאָס איז נישט געווען סתם געזאָגט, נאָר ערנסט געמיינט. ער איז נישט געפאָרן פּערזענלעך אָפּצונעמען די נאָבעל־פּרעמיע, און פאַר איין ווערס אויך אײנקאַסירן אויפן אָרט דעם גרויסן צוגעטײלטן כבוד. ער האָט עס מאָטיווירט העפלעך, אַז צוליב געזונט־טעמים...

אזוי אויך ווען דער אויסטראַלישער פעדעראַלער פּאַרלאַמענט האָט אים פאַרבעטן צו קומען אויף דער באַערונגס־זיצונג לכבוד זיין נאָבעל־פּרעמיע, האָט ער זיך אויך גאַנץ העפלעך אָפּגעזאָגט און איז נישט געקומען. פאַרצייכן איך דאָס לשבח, ווייל אַזעלכע באַשיי־דענע גרויסע קינסטלער, וואָס זאָלן אַזוי אַנטלויפן פון כבוד איז היינט נישט לייכט צו געפינען...

די אינטערנאַציאָנאַלע אָנערקענונג פאַר אַן אויסטראַלישן שריי־בער, האָט אויך אַ גרויסע מעלה, וואָס זי העלפט בייקומען אַ היגע קולטור־אינפעריאָריטעט — אַ ירושה פון די אַלטע צייטן...

# מערי גילמאָרס פּאָעזיע

פאַר אירע פּאָעטישע דערגרייכונגען האָט זי באַקומען דעם טיטול „דיים" („דאַמע") מערי גילמאָר, אָבער מיט דעם טיטל איז זי ווייטער פאַרבליבן די באַשיידענע, שטילע דיכטערין, וואָס האָט וועגן איר שאַפן געזאָגט: — „איך שרייב פאַר דעם מענטש, וואָס שפּאַרט זיך אָן אויף דעם לאָמפּ־קלאָץ, דער פּשוטער, עמכדיקער מענטש איבער דער גאַנצער וועלט, וועלכער פילט צייטנווייז די זון און זעט די לבנה".

אירע פּאָעטישע דערגרייכונגען דאַרפן געזען ווערן ווי אַן אָרגאַנישע גאַנצקייט. דאָס מיינט, אַז די מינאָרע שאַפונגען דאַרפן אַריינגיין אין חשבון צוגלייך מיט די מער באַדייטנדיקע ווערק. די סקאַלע פון איר טעמאַטיק נעמט אַרום: פרייד, אומעט און די קליינע פּשוטקייטן; פאַרצייכענונגען פון פאַרבייגייענדיקע בילדלעך, פּאַסירונגען, וואָס איר אויג האָט אויפגעכאַפּט און פרעזערווירט דורך שעפערישער פאַנטאַזיע און עס איינגעשפּיכלערט אינעם שטח פון פּאָעזיע.

קלאָר, אַז פּאָעזיע וואַקסט אויס פון די סצענקעס ווען זיי ווערן אילומינירט דורך דעם בליץ פון אינערלעכער רעוועלאַציע, כאָטש דאָס פאַרצייכנטע זעט אויס פאַרן געוויינטלעכן אויג פון גאַנץ קליינער באַדייטונג, אָבער קען ווערן אַ באַשטאַנדטייל פון פּאָעזיע וואָס לעבט.

זיכער וועט „דער מענטש וואָס שפּאַרט זיך אָן אויף דעם לאָמפּ־קלאָץ" שטענדיק אָפּשאַצן איר דיכטונג, מחמת זי האָט געזאָרגט ער זאָל עס פאַרשטיין. און געשריבן האָט זי לאַנגע יאָרן פּאָעזיע און פּראָזע. עס נעמט אַרום אַזאַ ברייט פעלד, וואָס קיין שום אַנדערער אויסטראַלישער שרייבער האָט עס נישט אַרומגענומען. מערי גילמאָר איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ סך ענטוזיאַזם און עס אַרויסגעבראַכט מיט דעם אָטעם פון דערפאַרונג, פאַרשטענדעניש און סימפּאַטיע. זי האָט געשריבן ווי אַ מיטבאַטייליקטע אין זאַכן, דאָרטן ווו אַנדערע זענען געבליבן נאָר צושויערס. זי האָט דערלעבט צו גאָר אַ הויכן עלטער (97 יאָר) און ביי 89 יאָר נאָך פאַרעפנטלעכט איר לעצטן בוך (1954) א"נ פערצן מענטשן.

די וואָס פאַרגלייכן איר צו הענרי לאָוסאָן (מיט זיין שאַרפעמפּינדלעכן אויג פאַר פּאַסירונגען) זענען נישט גערעכט. עס איז

נישט יושרדיק אָנצודייטן, אַז זי האָט געקענט אַזוי לעבעדיק פּאָרט־רעטירן מענטשן פון אַ פאַרשוווּנדענער אויסטראַלישער עפּאָכע, ווי לאָוסאָן. דער אמת איז, אַז לאָוסאָנס וויזיע איז שאַרפער, בעת אירס איז — ברייטער. זיין טאַלאַנט איז מער סטיכיש, ביי איר — מער פאַררונדיקט קינסטלעריש. זי האָט דורך פערז און עסיי געגעבן דעם הינטערגרונט אויף וועלכן די מענטשן האָבן דעמאָלט געלעבט, און זי איז אַריינגעדרונגען אין וועלטן, צו וועלכע לאָוסאָן איז נישט צוגעקומען.

אירע פּאָעטישע ווערק זענען נישט אָנגעפילט מיט דעם ריינסטן פּאָעטישן מעטאַל און אירע פּאָעטישע ווערטן וואָס ווערן געוויינטלעך געשאַפן דורך אַ געהעריקן אַמאַלגאַם צווישן אינהאַלט און פאָרם זענען נישט תמיד ביי איר אַ זיווג.

אָבער אין אַלגעמיין האָט זיך ביי איר באַלאַנסירט דער „וואָס" און דער „ווי אַזוי". איר ערשטן בוך פּאָעזיע (מאַרי'ד) האָט זי פאַר־עפנטלעכט אין 1910 און דאָס מערקווירדיקסטע איז, וואָס אין איר בוך געשאַפן ביים טיפסטן עלטער (אין „פערצן מענטשן") האָט זי גראָד אירע בעסטע פּאָעטישע שאַפונגען. נישט אַלע, נאַטירלעך, אָבער איינצלנע פּאָעמעס האָבן אַ הערלעכע וואָרט־מוזיק, פאַנטאַזיע און אַ זין, וועלכע באַהעפטן זיך שלמותדיק אין איין גוס.

עס איז דאָ אין זיי די קוואַליטעט פון עמאָציע, וואָס מיר דער־קענען און באַצייכענען עס ווי גוטע פּאָעזיע. אָבער אָט די קוואַלי־טעטן זענען אין אירע ווערק מער צעזייט, ווי קאָנצענטרירט... אירע בעסטע זאַכן פאַרמאָגן פגימות, אָבער אויך פיל דויערנדיקע ווערטן, וועלכע זענען נישט צוגענאָפּלט צו אַ באַשטימטער צייט. אירע „געקליבענע פּאָעמעס" זענען געוואָרן אַ האַנטבוך פאַר סטודענטן און לייענערס. מיר געפינען אין זיי מחשבה, טיפע הומאַנישקייט און וויזיע. אירע טעמעס: פריינד, געליבטע, ווייב, מוטער, אַ פאַריאָגטע באַלע־באָסטע, אַ שווער־אַרבעטנדיקער פּראַקטישער אידעאַליסט און נאָך פיל אַנדערע טיפּן. זי איז געווען אין זיי אַלע, צו ערשט אין זיי, און נאָך דעם ווי אַ פּאָעט.

זי זאָגט וועגן זיך, אַז ס'איז נישט געווען קיין געיאָגטער מיט וועמען זי זאָל נישט מיטלויפן: נישט געווען קיין חלשותדיק האַרץ אין וועלכער זי זאָל נישט האָבן קיין חלק. איך וועל דאָ ציטירן איר ליד:

אָ, קענען מיר וויינען,
און וויינען ברענגט פאַרלייכטערונג!
אָבער לעבן פאָדערט מער ווי טרערן
און אַ פאַלנדיק בלאַט.

יאָר ביי יאָר
טרערן פאַלן און בלעטער פאַלן,

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ניאַנטשע נישט אַ לאַנגן טרויער,
ווען דאָס האַרץ בליט נישט מער;
דער בויט נישט קיין שייערן;
עס צעאַקערט זשאַווער ביים טיר״.

מערי גילמאָר איז צאַרט, עמאָציאָנעל און ווייבלעך, אַלץ איז ביי איר אילומינירט דורך אַ פעמיניסטישן שטאַנדפּונקט פון היימישן שטוביקן לעבן. זי באַגלייט די פּערזן מיט אַ טיפער מוזיקאַלישקייט און מיט אַ וואַרעמען הומאַניזם. איר באַרימטע פּאָעמע „נאַציאָנאַלי־טעט״ זאָגט עדות, ווי אַזוי זי נעמט אויף אוניווערסאַליזם פון אַ נאַציאָ־נאַלן אַספּעקט, אַקצענטירנדיק, אַז די אייגענע העמד איז אַמנאָ־ענטסטן... עס איז כדאי צו געבן דאָ די צווייטע סטראָפעס פון דעם ליד און זען, ווי אַזוי זי פאַרענדיקט די סטראָפע ביים סאַמע סוף פון ליד:

כ׳האָב דורכגעמאַכט שנאה, ביטערניש,
כ׳זע די וועלט ווי איינע;
כאָטש איך קען מער נישט האַסן,
אָבער מיין זון איז נאָך אַלץ מיין זון.

אַלע מענטשן זיצן ביי גאָטס קיילעכדיקן טיש,
אַלע מענטשן דאַרפן געשפּייזט ווערן;
אָבער דאָס לעבל אין מיין האַנט
דאָס לעבל איז מיין זונס ברויט.

מען קען פון דעם נישט אויסטייטשן, אַז די דיכטערין האָט נישט קיין פאַרשטענדעניש פאַר די נויטן און באַדערפענישן פון אַנדערע. אין איר שאַפן זאָגט זי פּשוט און מענטשלעך אַרויס אירע דער־פאַרונגען און חלומות פון אוניווערסאַליזם און בליקן אויפן רעאַלן לעבן. זי האָט אינטערעס פאַרן מעטאַפיזישן אַספּעקט וואָס איז דורכ־גענומען אינטואיטיוו, אַרומנעמענדיק אין פאַרשידענע וואַריאַציעס דאָס גייסטיקע מיטן מאַטעריעלן עלעמענט. איר פּערזענלעך לעבן איז געווען רייך מיט דערפאַרונגען פון ביידע פאַקטאָרן. אַ קורצער איבערבליק אויף ביאָגראַפישע שטריכן פון איר לעבן, וועט אילו־מינירן פאַרשידענע אַספּעקטן פון איר שעפערישן לעבנסוועג.

מערי גילמאָר איז געבוירן געוואָרן אין 1865. איר קינדהייט

איז דורכגעגאַנגען אין בוש, אונטער דער השפעה פון איר פאָטער, אַ מערקווירדיקער מענטש, פעסטער כאַראַקטער, אַלזייטיק פעיק צו פאַרשידענע מלאכות. די ווירקונג פון זיין פערזענלעכקייט אויף דער אַנטוויקלונג פון דער טאָכטער איז געווען זייער אַ טיפע. זיין ערלעכ־קייט האָט נישט געקענט שלום מאַכן מיט דעם קאָנפאָרמיזם, מיט די מיינונגען און אַרויסזאָגונגען פון זיין צייט. ער איז געווען זייער אינטעליגענט, זעלבסטשטענדיק אין זיין בליק אויפן לעבן, און אָרי־גינעל אין זיין האַלטונג און אויסבליק.

ביי אַלע זיינע פעיקייטן האָט ער מאַטעריעל נישט געהאַט קיין רחבות און די משפּחה האָט געוואַנדערט פון אָרט צו אָרט. בעת אָט די כסדרדיקע וואַנדערונגען האָט די יונגע אויפגייענדיקע דיכטערין, מערי דזשין קעמעראָן, אָנגעזאַמלט און אויפגעהיט אַ שלל מיט בוש־פאָלקלאָר און אימפּרעסיעס. איר שאַרפער אויג פאַר אָבסערוואַציע איז נישט דורכגעגאַנגען אומבאַמערקט פאַר איר פאָטער. ער האָט אָפּגעשאַצט און דערמוטיקט איר פּינקטלעכע אויפמערקזאַמקייט פאַר דעטאַלן, וואָס איז שפּעטער געקומען צום אויסדרוק, ווי אַ כאַראַקטער־ריסטישער שטריך פון איר פּראָזע און פּאָעזיע.

אין דעם פּעריאָד איז זי געקומען אויך אין קאָנטאַקט מיט אַבאָרידזשיניס, מיט וועלכע איר פאָטער איז געווען אין גאָר פריינד־לעכע באַציונגען. דורך איר פאָטערס באַווירקונג און השגחה, האָט זי באַקומען אַ טיפערן אַריינבליק אין זייער לעבנס־שטייגער און אַ גרונטלעכע זאָרג און דרך־ארץ פאַר זיי, וואָס זי האָט שוין אָנגע־האַלטן ביזן סוף פון איר לעבן.

אין אירע פערזן, ווי אין די פּראָזע־אַרבעטן, קענטיקט זיך די אינטעליגענץ און לעבנס־חכמה פון די אַבאָרידזשיניס.

זי איז געוואָרן פּאָליטיש אַקטיוו אין דער אויסטראַלישער לייבאָר־באַוועגונג און שפּעטער, ווען עס האָט זיך געשאַפן אַ „נייע אויסטראַלישע באַוועגונג" אונטער דער אָנפירונג פון וויליאַם ליין, האָט זי זיך מיטבאַטייליקט און איז אַוועק מיט זיין גרופּע קיין פּאַראַגוואַי.

נישט דאָ איז דער אָרט צו רעדן, וואָס איז געשען מיט דער אוטאָפּישער באַוועגונג און איר דורכפאַל.

די יונגע מערי האָט אָנטיילגענומען אין דעם קאָמונע־לעבן פון דער קאָלאָניע אין פּאַראַגוואַי, וווּ זי האָט חתונה געהאַט מיט וויליאַם גילמאָר. נאָכן אויפלייז פון דער קאָלאָניע, איז זי צוריקגעקומען קיין אויסטראַליע, זיך פאַרנומען מיט שרייבערישער טעטיקייט און אין 1908 געוואָרן די רעדאַקטאָרין פאַר דער פרויען־ביילאַגע פון „אויס־טראַלישן אַרבעטער". אויף דעם פּאָסטן איז זי פאַרבליבן 23 יאָר.

דורך די יאָרן האָט זי זייער אַ סך געשריבן. און אירע מלחמה־פּאָעמעס רעפלעקטירן דעם קריג דורך דעם בליק און אויפפאַסונג פון אַ פרוי.

זי האָט אַפּעלירט צום קאָפּ דורכן האַרץ, אַרויסברענגענדיק אירע מיינונגען וועגן סאָציאַלע פּראָבלעמען פון יענער צייט, געשריבן פיל וועגן די פּיאָנערן פון לאַנד און אַרויסגעבראַכט אויך ראָמאַנטישע פאַנטאַזיעס — אַלץ געזען דורך דער פּריזמע פון אַ פרוי.

אָט דעם מעטאָד האָט זי באַנוצט לאַנגע יאָרן, איבערגייענדיק פון לייכטערע צו ערנסטערע זאַכן און צו אַ טיף־הומאַנישער באַהאַנדלונג ביז אַ רעליגיעזער אַקטיוויטעט. שטופּנווייז איז פאָרגעקומען איר אינטעלעקטועלע אַנטוויקלונג, פּאַראַלעל מיט איר דיכטערישער, אויסברייטערנדיק די גאַמע פון איר שאַפן און גלויבן אין כוח פונעם מענטש מיט זיינע יסודותדיקע מעלות. זי האָט געגלויבט אין גוטסקייט, וואָס ראַנגלט זיך מיט שלעכטסקייט און מיט די אַלע איבלען פון מענטש צו מענטש.

איר ליטעראַרישער שאַפן איז ווייט נישט פון איין גוס. פאַראַן ביי איר זייטלעך, וואָס שטייען פעסט אויף די אייגענע פיס — אַן איינצל זייטל קען אַמאָל זיין אַ שלימותדיק קונסט־ווערק! זי האָט אָבער נישט ווייניק שוואַכע זייטלעך. הגם אויך אין זיי קען מען טיילמאָל טרעפן אַ פּאָעטישן אויפבליץ, באַגלייט מיט אינטעלעקטועלער אַנגעלאָדנטער מחשבה, אָבער זיי באַווייזן זיך נישט צו אָפט.

זי האָט דעם אויסטראַלישן מענטש, זיין טעמפּעראַמענט געזען אין אויסשליסלעכע טערמינען: אַ גוטמוטיקן, עקספּאַנסיוו און לאָיאַל. פּשטות פון האַרץ, באַגלייט מיט איראָנישן רעאַליזם. דער אויסטראַלישער טעמפּעראַמענט, וואָס איז אין תוך פּראַגמאַטיש, ווערט נאָר על פּי טעות אָנגענומען פאַר מאַטעריאַליסטיש. זי האָט געגלויבט, אַז דער אויסטראַלישער מענטש איגנאָרירט נישט קיין גייסטיקע ווערטן, אויב זיי זענען פּשוט, דירעקט און צוגענגלעך.

למען אמת דאַרף מען זאָגן, אַז מען לייענט היינט ווייניקער די פריערדיקע שרייבער און פּאָעטן און דאָס איז אויך חל לגבי מערי גילמאָרס ווערק. אָבער גראָד איר לעצט בוך „פערצן מענטשן" האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן אינטערעס ביי פיל לייענער. דאָס וואָס איז פאַרעלטערט אין איר שאַפן, ווערט פאַרדעקט מיט דעם שטויב פון צייט, אָבער דאָס וואָס בלייבט און האָט דויערנדיקע ווערטן, האָט דער דיכטערין געגעבן דעם אָרט, וואָס זי פאַרנעמט אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור, באַגלייט מיט דער חשובער אָנערקענונג, ווי „דאַמע מערי גילמאָר".

# דיכטער און דיכטונג

## (וועגן דער אויסטראַלישער פּאָעזיע)

פונקט ווי אין דער ענגלישער ליטעראַטור, איז אויך אין דער אויסטראַלישער, די פּאָעזיע קינסטלעריש פולער, ווי די פּראָזע. אמת, זי האָט צו פאַרצייכענען אַ לענגערע געשיכטע פון אַנטוויקלונג, אָנ־הייבנדיק פון דער קאָלאָניאַלער תקופה, מיט איר פּליסיקן צושטאַנד פון איר שטייגער־לעבן.

עס איז נאַטירלעך, וואָס די ערשטע דיכטער אויף דעם קאָנטי־נענט, האָבן אין זייער דיכטונג פאַרשפּיגלט די אַנטדעקונג פון אַ ניי לאַנד, זיי האָבן באַזונגען די פּיאָנערן, וואָס האָבן זיך געראַנגלט מיט די מדברדיקע זאַמד־שטורעמס, בוש־פייערן, טריקענישן און פאַר־פליצונגען. זיי האָבן אויסגעפּאַרשט די לאַנדשאַפט, אירע ספּעציפישע פאַרבן, פאָרמען, וואָס זענען געוואָרן די נאַטירלעכע פאַלעטע פאַר זייער פּאָעטישער עקספּרעסיע פון דער אויסערלעכער וועלט און פון די מענטשלעכע עמאָציעס, האָפענונגען און אַנגסטן.

אַליין האָבן זיי זיך געשטיקט מיט דער הייסער אויסטראַלישער לופט פון דעם סוב־טראָפּישן קלימאַט. כאָטש געקומען אין לאַנד פון אייגענעם פרייען ווילן, האָבן זיי קיין גרויס ליבשאַפט נישט געהאַט צום לאַנד — זייער גייסטיקע היים איז געווען ענגלאַנד, און די לאָנ־דאָנער קאַפעע . . .

דאָס האָט אָנגעהאַלטן אַזוי ביז די 80־ער יאָרן פון פאָריקן יאָר־הונדערט, ווען עס האָט אַ זינג געטאָן דער פּאָעט א. ב. פּעטערסאָן (פּסעוודאָנים „באַנדזשאָ") און זיך באַרימט געמאַכט מיט זיין לידער־בוך „דער מאַן פון סנאָו ריווער". ער באַזינגט שוין דאָס זוניקע לאַנד מיט אַ ספּעציפיש־אויסטראַלישן אידיאָם און באַזינגט שוין דעם בוש־מענטש, באַגלייטנדיק דאָס געזאַנג מיט הומאָריסטיש־סאַטירישע עפּיזאָדן. ער האָט אַ סך געזאַנגען וועגן דעם פאַסטאָראַלן גאַלאָפּ־רייטער און זיין שיינעם געיעג־פערדל. זיינע לידער און באַלאַדעס פאַרמאָגן אי לירישע שיינקייט וועגן מענטשלעכע עמאָציעס און אויך וועגן זאַכן, וואָס זענען נאָענט געווען דעם פאָלקס־מענטש. אָט די

בוש־באַלאַדעס האָבן זייער פאַרדינסט, מחמת זיי האָבן אַריינגעבראַכט דעם אויסטראַלישן קאָנטינענט אין דער דיכטונג און זיין פּייזאַזש מיט גרויס טאַלאַנט געצייכנט.

די רייפקייט פון דער אויסטראַלישער דיכטונג איז געקומען מיט עטלעכע צענדליק יאָר שפּעטער, און דער ערשטער גרויסער ליריי־שער פּאָעט פון דעם לאַנד איז בלתי ספק, דזשאָן שאָו נילסאָן. זיין ערשטע פּאָעמע („ווען זענען די מלאכים אַמנאַענטסטן") האָט ער אָנגע־שריבן צו 16 יאָר. אין דער פּאָעמע איז פאַראַן די פרישקייט און יוגנטלעכקייט פון שפּירן די וווּנדער פון לעבן. זיין פּאָעטישער פאַר־מעג איז כסדר געוואַקסן מיט דעם אומאויפהערלעכן זיך וווּנדערן, וואָס אַנטפּלעקט אַ וואַרעמען הומאַניזם און געזאַנג צום לעבן.

אין מיטן פון די 1920־ער יאָרן, האָט אויפן אויסטראַליש־דיכטערישן האָריזאָנט זיך באַוויזן אַזאַ טאַלאַנטירטער פּאָעט, ווי קענעט שלעזאָר, וועלכער האָט אין לאַנד אַ סך חסידים זיינע, און איז ביז זיין טויט געווען אַ רעפּרעזענטאַנטיווע פיגור אין דער אוי־סטראַלישער דיכטונג. ער איז געשטאַנען בראש פון נייע ריכטונגען און אַנטוויקלונגען פון דער מאָדערנער דיכטונג אין דעם לאַנד און איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אין דער פּאָעזיע געשריבן און באַזונגען אורבאַניש די מאָדערנע מעטראָפּאָליע. זיינע פּאָעמעס באַזירן זיך אויף קונסט־ווערק; מוזיק, מאָלעריי, וואָס האָבן זיין דיכטונג געגעבן ברייטע האָריזאָנטן. ער האָט הומאַניזירט די נאַטור, די לאַנד־שאַפטן און אַריינגענומען אין זיין טעמאַטיק סימבאָליש־פאַרקער־פּערטע צושטאַנדן פון דער מענטשלעכער מחשבה; פון צייט, זכרון און געשיכטע.

ער האָט דאָס זייער אימפּרעסיוו פאַרקערפּערט אין זיין פּאָעמע „פינף וויזיעס פון קאַפּיטאַן קוק". זיין חוש פאַר שפּראַך, פאַר דער פּאָעטישער דיקציע, וואָס באַוועגט זיך צווישן ספּעציפיש־אויסטראַלישן און אוניווערסאַלן אַספּעקט — אין די אַלע ביידע, האָט ער מיט פי־נעזיע אינטערפּרעטירט סובטעלקייטן, און די אויסטראַלישע פּאָעזיע, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אויף דער לאַנדשאַפט, אויף חיות און בלומען, האָט אין שלעזאָרן געפונען אַן איבערוועקסלער אויף נייע טראַקטן, וועלכע פירן צו „שטאָט־פּאָעזיע".

איז דאָ אויפן אָרט צו באַמערקן, אַז דאָס לויפן פון דאָרף (און פאַרם) אין שטאָט אַריין איז אין דעם פּעריאָד פילפאַך געשטיגן. במילא, איז דער אורבאַנישער עלעמענט פון סידנעי און מעלבורן טעמאַטיש פאַרשטאַרקט געוואָרן אין דער ליטעראַטור. נישט קיין וווּנדער, וואָס ער ווערט באַטראַכט ווי די פּאָטער־פיגור פון די היינט־

ציטיקע אויסטראַלישע דיכטער, וואָס ציען זייער יניקה פון דער איי־ראָפּעישער קולטור־ירושה.

שלעזאָר האָט אויך געשריבן פיינע באַלערנדיקע עסייען וועגן פּאָעזיע. ער איז נישט געווען קיין אָנהענגער פון אַ מאָראַל־פּאָעזיע, און אין איינעם פון זיינע עסייען שטעלט ער אַוועק די פראגע: — וואָס מאַכט אַ שורה פון גוטער פּאָעזיע אומפאַרגעסלעך? אין זיין ענטפער, זוכט ער די מאַגיק, די עקס־קוואַליטעט, וואָס מאַכט נישט נאָר פאַרגעדענקען, נאָר צווינגט אויך נאָך אַמאָל איבערצולייענען און עס איינשפּייכלערן אין געמיט, אין געדאַנק און זכרון.

אין זיינע עסייען שטעלט ער זיך אַ סך אָפּ אויף דעם ריטעם פון די צוזאַמענגעשטעלטע אותיות, אויף דער מוזיקאַלישקייט פון דער שורה, די אָנווענדונג פון מעטאַפאָר, די שאַרפקייט פון געפיל און די קאָנדענסירטע אימאַזשן. אָבער ועל כולם, גלייבט ער באמונה שלמה אין דער מאַגישער קוואַליטעט, וואָס לאָזט זיך נישט אַנאַליזירן און ראַציאָנעל דערקלערן, אָבער עס עקזיסטירט, און איז די עסענץ פון יעדער עכטער פּאָעזיע.

יעדער פון אונדז וועט זיכער מסכים זיין מיט אים, אַז גוטע פּאָעזיע איז נישט אָפּהענגיק פון צייט; צי עס איז געשריבן געוואָרן היינט, אָדער מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר צוריק, צי גאָר מיט אַ פּאָר טויזנט יאָר צוריק. ער דריקט עס אַזוי אויס: — איך בין נאָך אַלץ פאַרליבט אין דער אַלטער געטין־מאָדע, וואָס הייסט: שיינקייט. זי האָט אפשר היינט מער נישט אַזוי פיל בעלנים אויף זיך ווי אַמאָל... אָבער די היינטיקע פּאָעזיע מיט איר סאָפיסטיצירטער אוממוזיקאַ־לישקייט, וועט פאַרבלייבן נאָר אַ געשיכטלעכער קוריאָז. זי שיינט צו זיין, ווי דעמאָנסטרירן בעטהאָווענס ניינטע סימפאָניע פאַר אַ טויבן מענטש...

קענעט שלעזאָר האָט גלייך מיט זיין ערשטער פּאָעמע „ערד־גייסט" (1926) באַוויזן, אַז ער איז ווייט אַוועק פון די בוש־באַלאַדעס און בוש־פּאָעמעס. אויך אַזוי איז געווען זיין מיטצייטלער, דער פּאָעט ראָבערט פיצדזשעראַלד, וועלכער האָט מיט אַ יאָר שפּעטער (1927) זיך באַוויזן מיט זיין פּאָעמע „דער גרעסטער אַפּאָלאָ".

ביידע פּאָעטן האָבן אין זייער שאַפן באַוויזן, אַז ס'איז גאָר שווער אָפּצוטיילן דאָס נאַציאָנאַלע פונעם אוניווערסאַלן, מחמת דאָס אוניווערסאַלע מוז האָבן וואָרצלען אין דעם נאַציאָנאַל־באַזונדערן, אויב עס וויל נישט זיין פאַרנעפּלט. זיי האָבן זיך אָבער נישט געוואָלט באַגנוגענען מיט אַן אויבערפלעכלעכן אויסטראַליאַניזם, נאָר געפרעגט און געזוכט אונטערן אויבערפלאַך, דאָס סאַמע תוכיקע, דעם טיפערן

אָטעם צו באַנעמען די מיסטעריע פונעם מענטש, זיינע אינערלעכע נשמה־ריסן ביים צוזאַמענברוך פון זיין זיכערקייט.

די אויסטראַלישע פּאָעזיע האָט פריער אַרויסגעוויזן רייפקייט, ווי די פּראָזע. ווייסן מיר, אַז די פּאָעטישע דיקציע, איר לשון איז גע־ווינטלעך אַנדערש פון פּשוטן טעגלעכן גערייד. איר דיקציע איז געוויינטלעך אַ פּאָר גראַד ווייטער פון דעם טעגלעכן רייד־פאָרם אין אַ פּראָזאַישן לשון. די ווערטער וואָס פּאַסן זיך אריין אינעם פּראָצעס פון ריטעם, מעטער, מעטאַפאָר און דאָס גלייכן, דורך וועלכע די גע־וויינטלעכע זאַכן ווערן פאַר אונדז פאַרוואַנדלט אין סימבאָלן און אין פּאָעטיש־עקזאַלטירטע מאָטיוון.

אין זיין עסיי וועגן גוטער פּאָעזיע, האָט שלעזאָר אָפּגעפרעגט די מיינונג פון די, וואָס גלייבן אין „אָרגאַנישער פּאָעזיע", דאָס האָט געמיינט, אַז פּאָעמעס וואַקסן אַרויס, פּונקט ווי אַ פלאַנץ פונעם באָדן, וואָס איז אומאָפּהענגיק אין זיין וווּקס און אַנטוויקלונג. דאָס וואָס דער פּאָעט, הייסט עס, קען נאָר טאָן, איז צו באַוואַסערן אַביסל דעם פלאַנץ און פאַרהיטן אים פון פראָסט.

שלעזאָר האָט געזען אין טעכניק אַ פאָרם פון ראַציאָנעלער קאָנטראָל, וואָס ליגט אין די הענט פון פּאָעט און עס באַשטימט זיין פּאָעטישן מהות. אין זיין דערמאָנטער עסיי שטעלט ער אַזעלכע פראַ־געס דעם פּאָעט, וואָס וויל שאַפן גוטע פּאָעטישע שורות: — דאַרפן זיי זיין וואָר צום לעבן? — פרעגט שלעזאָר. באַלייכטן זיי מאָראַל, קריטיקירן זיי סאָציאַלע עוולות, טראָגן זיי אַן עטישע שליחות? זיי מעגן טאַקע אָנווייזן אויף חסד און אַרויסווייזן פאַרשטענדעניש פאַרן סאָציאַלן קאָמענטאַר און מאָראַלישן צוועק, זיי מעגן לערנען, אינ־פאָרמירן, אַרויסווייזן אַלע חכמות פון שאַרפזין, דאָך, מיט די אַלע גוטע זאַכן, אויב די שורות פאַרמאָגן נישט אָט דעם אומבאַוווּסטן עלע־מענט, וועלכן ער באַצייכנט: עקס, זענען די אַלע מעלות נישט אימ־שטאַנד צו מאַכן איין שורה גוטע פּאָעזיע. זיי האָבן אין זיך אַזוי פיל פּאָעזיע, ווי אַ — וועטער־קאָמוניקאַט...

אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר, האָבן זיך באַוויזן אויפן פּאָעטישן האָריזאָנט פון אויסטראַליע אַ גרופּע פּאָעטן, וואָס האָט זיך עטאַבלירט מיט אַן אינדיווידועלער פּאָעטישער דיקציע, מיט פריש־קייט און וויטאַליטעט אין ריטעם. אָט די גרופּע צו וועלכער עס געהערן אַזעלכע נעמען ווי דזשודיט רייטה, דאַגלעס סטיואַרט, א. ד. האָופּ, מעקאָלעי, נילסאָן, נענסי קיסינג, פרענק מאָרהאוז, רענדאָלף סטאָו, בערנאַרד אָ'דאָוד און פיל אַנדערע, וואָס זוכן נישט קיין פאַר־לייקענונג פון דער פאַרגאַנגענהייט פון דעם לאַנד, נאָר אַ נייע אַנט־וויקלונג פונעם עבר.

אין אופן אַראָפּצוטויכן אין דער פאַרגאַנגענהייט איז, ווי צו קומען אין אַ פרעמד לאַנד און זען ווי די זאַכן זעען אויס אַנדערש, ווי ביי זיך אין לאַנד. אָבער דער באַזוך אין אַ פרעמד לאַנד טאָר בשום אופן נישט זיין, ווי עס קומט פאַר ביי געוויסע טוריסטן, ווו דער פירער („גייד") באַהאַלט אויס פאַר זיי די „סלאַמס", און ווייזט זיי נאָר דאָס שיינע פון פייזאַזש.

ריכטיק זינגט, ערגעץ, דער דיכטער פיצדזשעראַלד, באַמערקנדיק וועגן עבר (אין זיין „גיין צווישן"), אַז „אויב מ'וואָלט געוווסט דעם אמת, וואָלט די פאַרגאַנגענהייט געקענט זיין אַ גאַנץ פיין אָרט צו מאַכן וויזיטן, אָבער דו וואָלסט דאָרט נישט געוואָלט לעבן"...

אין דער אויסטראַלישער פּאָעזיע פון 19טן יאָרהונדערט, איז דאָס לאַנד נישט געוואָרן פאַרשפּיגלט, ווי די הים פאַרן גייסט־מענטש. אפילו ווען עס איז נישט געשטאַנען שוואַרץ אויף ווייס, האָט מען אויך פון די פערזן געהערט אַ ווידערקול, אַ שטימונג פון די אַלטע ביבלישע געוויינען „ביי די טייכן פון בבל זענען מיר געזעסן און געוויינט: געדענקען דיך, אַ ציון..." (געדענקענדיק דאָס ענגלאַנד פון 19טן י"ה).

ערשט ביים סוף פון דעם יאָרהונדערט, האָט זיך באַוויזן אויפן ליטעראַרישן האָריזאָנט (אויך פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן) אַ נייע וויזיע פאַר דעם לאַנד. אָבער די פּאָעטן פון אונדזער צייט זוכן אויס־צוגעפינען דעם טיפסטן אמת וועגן זיך און זייער גורלדיקייט — יעדער פון זיי אויף זיין אינדיווידועלן אופן — מחמת דאָס בעסטע פון דער פּאָעזיע היינט־צו־טאָג איז דאָך שוין נישט די אַנטדעקונג פון לאַנד, נאָר די צופּאַסונג צו אים; דער סינטעז פון אייראָפּעישער קולטור און אויסטראַלישן פאַקט — דורך אויסזוכן אַלגעמיינע גייס־טיקע אמתן וואָס אויף אַ טיפערן אופן באַטייט דאָס: — זיך־אַנטדעקונג און וועלט־אַנטדעקונג. צוריקשמועסנדיק איז דאָך, אין תוך גענומען, פּאָעזיע תמיד געווען אַ רייזע פון אַנטדעקונג דורך דעם פּראָצעס פון שאַפן, און דורך דעם פאַרשטאַרקן דעם בונד פונעם פּאָעטס אינזיך מיט די פאַרשידענע אַספּעקטן פון זיין אויסערלעכער וועלט. טאַקע אָט די אויסערלעכע און אינערלעכע רעאַליטעט־טערמינען פון מענטש־לעכע האָפענונגען און פחדים, אין די פאַרשידענע אַספּעקטן פון דער אויסטראַלישער סביבה, האָבן געצילט צו זוכן און געפינען די נייטיקע עכטע גלייכגעוויכט צווישן מענטש און נאַטור אין זייער האַרמאָנישן צוזאַמענלעבן.

דזשודיט רייטה, איז היינט די אָממיינסטן אָנערקענטסטע אויס־טראַלישע פּאָעטעסע. מען קען אָן איבערטרייבונג זאָגן, אַז זי פאַר־נעמט, מיט איר פּאָעטיש שאַפן, אַן אָרט נישט נאָר אויף דער מזרח־

וואָנט פון דער אויסטראַלישער דיכטונג, נאָר אויך צווישן די לירישע פּאָעטן אין דער וועלט. אירע לידער־ביכער (איבער אַ האַלב טוץ דער־שינענע) רעפּרעזענטירן מיט זיך די בעסטע און אָריגינעלסטע פּאָעזיע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין דעם לאַנד.

צווישן אירע שאַפונגען האָט זי ציקלען לידער, וואָס פאַרשפּיג־לען אַ מין צוריק־באַשאַפונג פון געשעענישן און פּרטים פון דער געשיכטע, דורך וועלכע זי זוכט צו אינטערפּרעטירן גייסטיקע זאַכן און איבערלעבונגען.

גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער טראָגט איר פּאָעמע „אַ פרוי צו אַ מאַן״ — אַן אייגנאַרטיקע עקספּרעסיע פון עמאָציאָנעלע איבערלע־בונגען, וואָס זענען פאַרבונדן מיט שוואַנגערשאַפט. עס איז דער ציקל־פּראָצעס פון אויפבוי פון לעבנס־פאָרמען, פון באַנייאונג און קאָנטי־ניואיטעט, וועלכע שטעלן זיך אַנטקעגן די כוחות פון צעשטערונג.

דזשודיט רייטהס פּאָעזיע איז מער אינטואיטיוו, ווי אינטעלעק־טועל־פילאָזאָפיש, און ווען זי באַזינגט די פרוי־און־מאַן שייכותן, נעמט עס גלייכצייטיק אַרום די פינעזיעס פון די מיסטעריעס אין דער נאַטור, פון אוניווערס. אַזוי אויך ווען זי באַהאַנדלט די דואַליטעט פון צייט און אייביקייט, כאַאָס און האַרמאָניע, באַשאַף און אומקום.

דאָס בעסטע פון איר פּאָעזיע איז וואַרעם און הומאַניש. עס איז אידיאָמאַטיש און מעלאָדיש, מיט אַ שאַרפער עקספּרעסיע פון געפיל און מחשבה פאַר מעטאַפיזישע דערשיינונגען. איר אופן פון פּרעזענ־טירן די מענטשלעכע מיסטעריע, די סאָציאַלע און מאָראַלישע נויטן, וועלכע זי פאַרבינדט מיט עסטעטישע פאָרמען, אָנמערקנדיק די באַ־גרענעצטקייט אין רעאַליטעט־טערמינען, און די שטייגנדיקע דער־גרייכונגען פון מענטשלכען טרוים.

זי פאָלגט נאָך די טראַדיציע פון שלעזאָרן און פיצדזשעראַלדן צו רעקאָרדירן דורך מיטאָס, אַספּעקטן פון מענטשלעכן לעבן. הגם אַ טייל פון איר שאַפן בלייבט לאָקאַליזירט, מיט אַן אינטערעס נאָר פאַר אַ באַשטימטער קלענערער אָדער גרעסערער ספערע, פליסט דער גרעסטער און בעסטער טייל פון איר פּאָעזיע אַריבער נאַציאָנאַלע און רעגיאָנעלע גרענעצן און גייט אריין אין דעם שטראָם פון דער וועלט־ליטעראַטור.

אירע ליבע־געזאַנגען זענען פיל מער, ווי די לײַדנשאַפטן פון מאַן און פרוי. עס איז נישט נאָר דער קרעאַטיווער לעבנס־כוח, וואָס איז גורם דעם געבורט פונעם קינד, פאַרזיכערנדיק דעם המשך פון לעבן, געבנדיק אים אַ זין — די פאַרבינדונג צווישן דורות.

ליבע מיינט אויך, ווען ליכט באַוויזט זיך פון דער פינצטערניש

אַרויס; אויך אין דעם קאָנפליקט צווישן די כוחות פון אויפקום מיט די כוחות פון כאַאָס און פאַרניכטונג. אין איר שטאַרקער פּאָעמע „חצות״ גיט די דיכטערין איר מעטאַפיזישע אויסטייטשונג, וואָס פינצטערניש מיינט פאַר איר. זי שרייבט:

פינצטערניש איז ווי כ׳געפין מיין ראיה,
שאָטנלאָזע ברענענדיקע נאַכט,
דאָ ווו לעבן און טויט באַגעגענען זיך
איז דער פייער פון זיין געגרייט.

אין דער פּאָעמע „דער זינגער און דאָס קינד״ זאָגט דער בלינ־דער זינגער, דזשימי דעלאַני צום קינד:

מיר ביידע, דער זינגער און דאָס וויינענדיקע קינד,
דאַרפן שפּייזן
דעם ווירבלדיקן פאַנטאָם אויפן ווינט פון וועלטס סוף.
נאָר די וואָס קענען אָנבינדן דעם ספּערם פונעם
גאָלדענעם זאָמען —
די טרערן פון אַ קינד, וואָס פאַלן פאַר דעם שטויב
פון דער וועלטס ענדע,
און דאָס געזאַנג פון דעם זינגערס ליבע, ווען דער
וועספּ פון שטויב
האָט בלינד געמאַכט.

אירע פּאָעמעס זענען לירישע רעקאָרדן פון אירע זוכענישן, בעיקר מעטאַפיזישע, סוגעסטירן זיי אַ ברייטערן אַספּעקט פון זיין אין אַן „אומבאַקאַנטן וואַסער״, און זיי דערציילן פון אירע וויזיעס, וועלכע זי זעט בעת די פאַרשידענע פאַזעס פון איר מעטאַפיזישן עולה רגל זיין. זי דערציילט דעם זקן, וועלכער איז געווען אַ באַשטאַנדטייל פון איר קינדהייט:

אַלטער מאַן, זיי לייכט מיט מיר.
דעם אמת, וואָס כ׳גיי דערציילן, איז אַ מין וואַסערגרוב
קיין מאָל נישט אויסגעטרוקנט, אין קיין שום טריקעניש״.

די אויסטראַלישע פּאָעטן באַנוצן נישט צו אָפט זייער דיכטע־רישן מעדיום אָפּצודעקן דעם סאַמע תוך פון זייער איך אינעם אינדי־ווידועלן זינען. מחמת דעם, גיבן זייערע לידער און פּאָעמעס אונדז נאָר פענצטער, אָבער נישט קיין ברייטע טירן צו זייער אינערלעכער וועלט. דאָס וואָס ווערט יאָ אַנטפּלעקט, האָט ווייניק שייכות מיט זיך־

אַנאַליז. עס שטיצט זיך מער אויף ירושה פון די אָבות זייערע, און פון זייער ציבור־לעבן.

דזשודיט רייטה טיילט זיך אויס מיט דער אינטענסיווקייט פון אירע געפילן, וואָס זענען אַממיינסטן פּערזענלעך און אַממיינסטן אוניווערסאַל. איר פּאָעטישע עקספּרעסיע פאַרמאָגט אַ מוזיקאַלישע טיפקייט אין וועלכער עס פאַרבינדן זיך פּשטות און עקאָנאָמיע פון וואָרט. דורך אירע געזאַנגען עפנט זי ברייטע האָריזאָנטן פון פּאָעטישער דערגרייכונג, באַגלייט פון אַ ספּעציפיש־פעמיניסטישן כאַראַקטער. זי איז אַ מייסטערין פון וויזועלן אימאַזש, וואָס רייסט זיך פון די שורות אַרויס און דרינגט אַריין אין לייענערס געמיט. זי הייבט אָן טיילמאָל מיטן אָביעקטיוון און גייט איבער צום סוביעקטיוו־קאָנקרעטן פון אַ פּערזאָן, אַ סצענקע, אַ זאַך, אַ פּערזענלעכע דורכלעבונג.

אויף די פילאָזאָפישע פּאָעטן לויערן תמיד צוויי שטרויכלונגען: רעטאָריק און פּראָזאַישקייט — דורך ביידע ווערט אידיי פאַרוואַנדלט אין אַבסטראַקציע. דזשודיט רייטה האָט זיך אויסגעהיט פון אָט די שטרויכלונגען. ווי אַ פּאָעט און אַ פּרוי, פאָלגט זי נאָך מילטאָנס אָנווייז, אַז „פּאָעזיע דאַרף זיין פּשוט, סענסועל און לײדנשאַפטלעך".

אין איר טעמאַטיק קענטיקט זיך דער מאָטיוו: פינצטערניש, ווי אין איר פּאָעמע „דער גייער אין פינצטערניש", הגם ווייניקער מעטאַפיזיש ווי אין חצות — ווען דער פּאָעט איז אין אַ דערדריקטער שטימונג צוליב דער פינצטערניש פון דער היינטיקער וועלט, אויך צוליב איר האַס און פּחד פאַר מלחמות. אין „גייער" איז עס בעצם נישט אַזוי מעטאַפיזיש ווי סאָציאַל, פּערזענלעך. עס איז פאַרצווייפלונג אין ריטמישע שורות:

„דער גאַנג אין פינצטערניש, די זון איז אַרויס
פון מיין געדאַנק,
קענסט טראָגן דיין האַרץ ווי אַ שטערן, ווי אַ לאָמפּ
אין דיין האַנט.
אָבער וווּ וועל איך זוכן מיין ליכט, און ווי אַזוי וועל איך
געפינען מיין האַרץ
אין דעם פינצטערן לאַנד ? " .

די זעלבע פאַרצווייפלונג קלינגט אָפּ אין איר פּאָעמע „טריקעניש", וווּ זי באַקלאָגט זיך, „די זריעה, וואָס כ'האָב טייער געהאַלטן, גיט נישט קיין געבורט" און „איצט קומען אָן די פינצטערנישן פון דער וועלט". די דיכטערין זוכט אַ רעאַליטעט וואָס מיידט אויס

די שרעק פאַר דער נסיעה („דער רייזנדיקער און דער מלאך״); און אויך פאַר דעם פּחד („צוויי לידער פאַר דער וועלטס סוף״), פון באַמ־בעס אונטערן בוים, ווו קינדער שפּילן זיך. זי זאָגט צום קינד, אַז זי האָט אים אַליין אַרויסגעשיקט שפּילן; און זי מוז אָכטונג געבן

„און כ׳מוז הערן ווי הינטער דעם בלעטער־בוים
טאַנצן די קינדער און זינגען מיט שרעק״.

די שטימונג פון פּערזענלעכער אומזיכערקייט, פון שנאה, מורא, גרויזאַמקייט אין דער וועלט, אין וועלכער מיר לעבן. דער קאָנטראַסט צווישן אייביקן, אַלטן פייער — די אַפירמאַציע פון לעבן — און דעם מענטשנס באַשאַפענעם פייער פון דער וועלטס קאָנפליקטן. אין איר פּאָעמע „אַ פאַרלאַנג צו אַ יאָר״, איז די פּאָעטעסע זיך מודה אין אומזיכערקייט.

דאָך גיי איך אָן פון טאָג צו טאָג, פאַרראַטנדיק
דעם קערן פון ליכט, די טיפקייט פון פינצטערניש —
מיין לשון איז נישט געניי, די נאָטע איז נישט די ריכטיקע,
כ׳בין קיין מאָל נישט זיכער וואָס כ׳זאָג —
אויף דער פּעריפעריע פון אמת.

אין איר פּאָעמע „אַ פרוי צו אַ מאַן״ איז דאָ די רירנדיקע שטים פון דער פרוי, וואָס רעדט, ביז זי ברעכט זיך איין... זי זאָגט צווישן אַנדערן, צו אים, אַז דאָס איז די שאלה און די תשובה. דער באַשעפער און דאָס באַשאַפטע — — —

„... דאָס איז נישט קיין קינד מיט אַ קינדערישן פּנים;
דאָס האָט נישט קיין נאָמען אָנצורופן עס,
דו און איך, האָבן דאָך עס גוט געוווּסט.
דאָס איז אונדזער יעגער און אונדזער יאַגד,
דער דריטער וואָס ליגט אין אונדזער אַרומנעם.

דאָס איז די שטאַרקייט, וואָס דיין אָרעם קען,
דער טויער פון פליש וואָס איז מיין ברוסט,
די פּרעציזע קרישטאָלן פון אונדזערע אויגן.
די פאַרפלאָכטענע, פאַרוויקלטע רויז...
דאָס איז דער בלוטס ווילדבוים וואָס וואַקסט;

אין די סימבאָלישע אימאַזשן מיט זייערע קאָנדענסירטע טאָפּל־באַדייטן פון אויסערלעכן אָביעקט, און דאָס טראַנסצענדענטאַלע פון דער געזעענער רעאַליטעט, אינעם ליכט פונעם אומגעזעענעם אוני־ווערסאַלן. פון אַלץ ווערט ביי איר פּלוצים אַ סימבאָל. אַ פיש־שאָל

— ווייל עס איז געווען אַ קעמערל פון געבורט. דאָס פליש איז מער נישטאָ און דער דורכגאַנג פון לעבן איז „דער ברילאַנטישער טויער פון פינצטערניש אין חושך אריין".

זי ווענדט זיך צום געוועזענעם איינווינער פון דער שאָל, זי אי־דענטיפיצירט זיך מיט אים, ווי אַ טייל פונעם אַלגעמיינעם זיין. די אייביקע זאַכן פון דער ערד, זון, לבנה, ליכט, פינצטערניש, די פּראָ־צעסיע פון די סעזאָנען, ווינטער, זומער, פליסן אַריין אין דעם שטראָם פון אירע אימאַזשן.

זי באַנוצט די קדמונישע סימבאָלן פון מיטאָס און רעליגיע מיט די ריטואַלן, וואָס מענטש האָט נאָכגעפאָלגט דורך לאַנגע דורות. דער דיכטערינס פרישקייט פון פערז, ווי זיין אָריגינאַליטעט, האָט זיין מקור אין איר סענסיביליסטישער פעמיניטעט. די אומבאַוווסטזיניקע לעבנס־קראַפט פון אַ קינדס יצירה און דער אונטערשייד צווישן די ביאָלאָגישע פונקציעס פון מאַן און פרוי, פירט דער דיכטערין צו אַ פעמיניסטישער מעטאַפיזיק אין וועלכער דער געליבטער איז פון ווייניקער באַדייטונג, ווי דאָס קינד. זי באַטאָנט, אַז שיינקייט און־ליבע זענען די המצאות פון ספערם אַריינצונאַרן דעם טויטלעכן וואָרעם. פעמיניסטישע אינטואיציע, אַ במקום דעם מענלעכן אינטעלעקט, ווי אַ מעטאַפיזישער עלעמענט.

איר צוגאַנג פּאַסט זיך ווייט נישט אַריין אין דער היינטצייטיקער „וווּמענס ליבריישן" אויפפאַסונג וועגן דער באַפרייאונג פון דער פרוי, און די פאָרמען וועלכע דאָס האָט אָנגענומען אין אונדזער צייט ...

אין דער הינזיכט, איז דזשודיט רייטה „אַלטמאָדיש" פּונקט ווי עס איז דאָס געווען די פּאָעטעסע מערי גילמאָר און אַנדערע פרויען־דיכטערינס מיט וועלכע אירע פּאָעטישע שורות רופן זיך טיילמאָל איבער. אַזאַ פּאָעמע, ווי אַ „פרוי צום קינד" פאַרשפּיגלט דעם צוגאַנג פון דער דיכטערין, ווען זי זאָגט צום קינד:

געווען ביסטו פינצטערניש, געוואָרעמט מיין פליש
פון דער פינצטערניש איז אַרויס דער זאָמען,
דעמאָלט אַ וועלט האָב איך געמאַכט אין זיך:
די גאַנצע וועלט דו הערסט און זעסט
האָט געהאַנגען מיט טרוימעריש בלוט.

דאָרט האָבן זיך באַוועגט פּילצאָליקע שטערן,
און קאָלירטע פייגל און פיש האָבן זיך באַוועגט;
דאָרט געשווימען זענען גליטשענדיקע קאָנטינענטן ...

✶

איך פֿאַרדאַר און דו רייסט זיך אָפּ פֿון מיר;
דאָך, כאָטש דו טאַנצט אין לעבעדיקן ליכט
איך בין די ערד, איך בין דער וואָרצל,
איך בין דער שטענגל וואָס שפּייזט די פֿרוכט;
דער רינג, וואָס פֿאַראייניקט דיך מיט דער נאַכט.

דאָס לעבן גופֿא זינגט מוזיק דורך אירע אָדערן, אירע פּאָעמעס האָבן אַ דעפֿיניטיוון סכום פֿון אידייען, אַ וועלטבליק פֿון אוניווערס, פֿון דער מענטשלעכער נאַטור און פֿון דער אַרומיקער לאַנדשאַפֿט אין דער אויסטראַלישער סצענע. זי איז אַ פֿינפֿטע גענעראַציע אויסטראַליש־געבוירענע. אירע אבות האָבן געלעבט אויפֿן לאַנד, און זי האָט אין אירע „ניי־ענגלאַנד" פּאָעמעס באַזונגען און הומאַניזירט די היימישע לאַנדשאַפֿט, איר פֿאַסטאָראַלע פּיאָנערישקייט, וועלכע זי האָט געגעבן אַ הערלעכן פּאָעטישן אויסדרוק. זי האָט אויך שוואַכע לידער, און ווי יעדער פּאָעט, אפֿילו דער גרעסטער, שרייבט דאָך אויך שלעכטע לידער. זיין מעלה באַשטייט נאָר, וואָס די שלעכטע לידער דאָמינירן נישט אין זיין שאַפֿן. אָבער אָפּטמאָל ווערן זיי באַעוולט ווען מען גיט איינצלנע פּאָעמעס אין רעפּרעזענטאַנטיווע אַנטאָלאָגיעס — אַ פֿראַגמענט, ווייט נישט תמיד דעם בעסטן אָפּגעקליבענעם— וואָס איז נאָר מסוגל צו פֿאַרבלאָסן דעם פּאָעטס וועלט און זיין געשטאַלט.

דאָך גלויב איך, אַז דאָס לייענען די שוואַכערע לידער פֿון אַ גוטן פּאָעט, גיט אַ מעגלעכקייט צו זען אים אין זיין גאַנצקייט, אין די נצחונות און מפּלות פֿון זיין דיכטערישן שאַפֿן.

אין מיין אָפּהאַנדלונג וועגן דער דיכטערין דזשודיט רייטה, האָב איך געזוכט אַקלימאַטיזירן דעם יידישן לייענער מיט די שאַפֿונגען פֿון איינער פֿון די גרעסטע דיכטערינס, פֿון דעם לאַנד מיט אַ נאָמען אין דער וועלט. איך האָב געפּרוּווט אויסטייטשן און זען זי אין אירע דיכטערישע הויך־פּונקטן. אוודאי זענען פֿאַראַן אין איר שאַפֿן געוויסע מאַנעריזמען, אָבער ווען מען רעכנט זיי אַראָפּ, בלייבט נאָך אַלץ איבער אויפֿן פּאָעטישן וואָגשאָל אַ גרויסע צאָל פּרעכטיקע פּאָעמעס לויט זייער דיכטערישן עפֿעקט און סטרוקטור.

די לידערביכער, וועלכע האָבן איר אַרויסגערוקט אויבן אָן („דער באַוועגלעכער אימאַזש" — 1946; „אַ פּרוי צום מאַן" — 1949; „דער טויערוועג" — 1953; „די צוויי פֿייערן" און אַנדערע ווערק) פֿאַרקערפּערן אַ ליטעראַרישע טראַדיציע פֿון די טאַלאַנטירטסטע און רעפּרעזענטאַנטיווסטע אויסטראַלישע פּאָעטן, ווען מען נעמט מיר האָבן שוין דערמאָנט צוזאַמען מיט דזשודיט רייטה.

פאַראַן ביי איר אַ פּאָעמע וועגן אַ פּרימיטיוון פלאַנץ, וואָס האָט זיך נישט געביטן אין אַ געענדערטער וועלט. דאָס איז נישט אַנווענד־באַר צו דער דיכטערין ווי צו פיל אַנדערע אַנגעזעענע אויסטראַ־לישע און נישט אויסטראַלישע דיכטער.

דזשודיט רייטה איז עמפינדלעך צו צייט, צו עלטער, צו דער־אינערונגען פון עבר, צו מורא פאַר דעם כוח פון צייט מיט זיין שטויב צו פאַרדעקן, באַגראָבן, פאַרניכטן, אָבער אויך צו אַ געבורט אויפסניי. זי האָט טיפע וואָרצלען אין דער אויסטראַלישער טראַדיציע, מיט איר גאַנצן הינטערגרונט. זי איז נישט קיין קינסטלעכער פלאַנץ, נאָר אַן אַרויסגעוואַקסענער פון אַ נאַטירלעכן אייגענעם באָדן. לאָמיר דאָ ציטירן פון איר פּאָעמע „באַוועגלעכער אימאַזש״:

מיר טרעפן און צעשיידן זיך איבער גאָרער וועלט איצט,
מיר, די פאַרלוירענע קאָמפּאַניע,
נעמט זיך ביי די הענט צוזאַמען ביינאַכט, פאַרגעס
די נאַכט איז אונדזער קורצער גליק, שווייגנדיק,
מיר וואָס האָבן אַ סך זאַכן געזוכט, וואָרפנדיק זיי אַלע אַוועק
פאַר דער איינציקער זאַך, נאָר איינס,
געדענקענדיק, אַז דער שמאָלער קבר
וועלן מיר זיין איינזאַם.

(„די קאָמפּאַניע פון געליבטע״).

ווי אַנדערע אויסטראַלישע פּאָעטן, האָט זיך אויך דזשודיט רייטה אומגעקערט אין אירע פּאָעמעס צו איר קינדהייט, יוגנט, צו דעם אָרט וועלכן זי האָט אָמבעסטן געקענט, בכדי אים צוריק צו אַנטדעקן. דאָס האָט איר גוט באַלוינט, און צוזאַמען מיט אַנדערע, טראָגט זי היינט די אחריות פון ליטעראַרישער אַנפירערשאַפט. אין אַ בריוו צו אַ פריינד וועגן איר פּאָעטישן שאַפן, וועגן דער אַלגעמיינער ריכטונג פון אירע ווערק, באַמערקט זי פאָלגנדעס:

„איך באַנוץ נאַטור־סימבאָלן אויסצואַרבעטן מענטשלעכע פּראָב־לעמען (נאַטירלעך מיינע אייגענע) און כ׳פּרוּוו דורכלייכטן זייער שיי־כות צו דער גאַנצער מאָדערנער סיטואַציע — — — וואָס איך וויל אין סך־הכל אויסדריקן איז מיין אייגענע דערפאַרונג, אַז די מאָדערנע „נסיעה אין דער פינצטערניש״ איז — אויב ס׳איז נאָר ערלעך און פולשטענדיק גענומען — אַ רייזע צו א נייער סאָרט ליכט, אַז „לעבן איז דער יסוד פון אמת, און ליבע איז פאַרן לעבן דער דינאַמישער פּרינציפּ״.

ווען מיר, נאַטירלעך, מסכים זיין מיט איר, אַז אַלץ וואָס זי האָט געוואָלט זאָגן, האָט זי עס געזאָגט אין אירע לידער און פּאָע־

מעס, צו וועלכע זי דאַרף נישט צוגעבן קיינע קאָמענטאַרן. און ווי ביי יעדן גוטן פּאָעט, האָט זי אויך טעמעס וועגן קינדהייט, ליבע, נאַטור, לעבן, פאַרגאַנג און געבורט. זי האָט אויך געשריבן וועגן „דער נישט געבוירענער", באַמערקנדיק, אַז נישט אפילו די טרערן זענען געווען אירע און נישט אַפילו דער טויט...

מיין נאָמען איז געווען אַ טונקעלער קלאַנג
וואָס האָט נישט געמאַכט קיין וואָרט,
שרעק אַליין האָט ער געזאָגט
און גאָר נישט געהערט.

נישט וואַכיק נישט שלאָפיק
אויפן געשטעל פון פינצטערניש ליג איך,
הערנדיק מיין אייגענע נישט־שטימע,
וואָס איך בין געווען איך? איך?

(„דער נישט געבוירענער").

אין פיל פון אירע לידער און פּאָעמעס קענטיקט זיך, אַז נאָר אַ פּרוי האָט אַזוי געקענט שרייבן, הגם אַמאָליקע פּאָעטעסעס האָבן זיך נישט צוגערירט צו באַהאַנדלען אַזעלכע טעמעס...

עס איז כדאי צו דערמאָנען אירע פּאָעמעס וואָס באַהאַנדלען „די גרינע וועלט פון אַ קינד" ווי דאָס מוטערלעכע און פעמיניסטישע זאָגן עדות וועגן כאַראַקטער פון איר פּאָעטישער דיקציע, אין וועלכער זי באַנוצט זיך מיט פולע אָדער האַלבע גראַמען, אָדער גאָר מיט דעם ווייסן פערז. איבער אַלעם, איז בולט די פּרעציזקייט און עקאָנאָמיע פון איר פּאָעטישן אויסדרוק.

לאָמיר דאָ אויך דערמאָנען, אַז ביזן צווייטן וועלט־קריג, ווען אוניווערסיטעט־בילדונג איז געווען אַ זעלטענע פּריווילעגיע, האָבן אויסטראַלישע פּאָעטן זעלטן געהאַט אַן אַקאַדעמישן דיפּלאָם. אָבער נאָכן קריג האָבן זיך באַוויזן אויפן ליטעראַרישן האָריזאָנט פּאָעטן מיט אוניווערסיטעט־בילדונג (האָופּ, באַקלעי, מעקאָלעי און פיל אַנ־דערע), די אוניווערסיטעטן זענען פול געוואָרן מיט סטודענטן, לעק־טאָרן, פּראָפעסאָרן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט ליטעראַטור.

מען לערנט אין די אוניווערסיטעטן די אויסטראַלישע ליטעראַ־טור, אויסטראַלישע פּאָעטן גופא, זענען די לעקטאָרן און אין זייערע פּאָעטישע שאַפונגען ברענגען זיי צום אויסדרוק זייער זיך־אַנטדעקונג.

זינט דעם קריג, האָט זיך די ליטעראַרישע פּראָדוקציע ראַשיק פאַרגרעסערט. אין סאַמע ברען פון די קריגס־יאָרן זענען דערשינען אין אויסטראַליע צוויי מאָל אַזוי פיל ביכער — צווישן זיי פיל ביכער־לידער — ווי אין די יאָרן פאַרן קריג.

אויף אַן אַנדער אָרט שטעל איך זיך אָפּ אויף די סיבות, פאַר־וואָס ענגלאַנד האָט בעת דער לעצטער וועלט־מלחמה אויפגעהערט צו זיין פאַר אויסטראַליע, דאָס וואָס זי איז געווען פריער. דער איזאָ־לירטער קאָנטינענט האָט זיך אָפּגעריסן פון דער „מאַמען״ אויך גייס־טיק־קולטורעל און זיך געפילט באַפרייט פון „מאַמעס פאַרטוך״.

אין דער אויסטראַלישער פּראָזע און פּאָעזיע, האָבן אַרויסגע־גלאַנצט נייע נעמען מיט קינסטלערישע צוזאָגן. דזשודיט רייטה געהערט צו דער קליינער צאָל הויך־טאַלאַנטירטע קינסטלערס אין אויסטראַליע מיט אַן אוניווערסאַל ־ אַנערקענטער רעפּו־טאַציע, וועלכע זי האָט זיך כשר פאַרדינט מיט אירע ווערטפולע, בלייבנדיקע פּאָעטישע ווערק.

רעדנדיק וועגן דער פּאָעזיע נאָכן לעצטן קריג, איז אויפן אָרט צו דערמאָנען די שטימונג אין יענער צייט, ווען עס האָט זיך געעפנט דער בלוטיקער פאַרהאַנג פון אייראָפּע — דער צוזאַמענברוך פון אַ ציוויליזאַציע אויסגעוויקט אין בלוט פון טרער און מאָרד פון צענדליקער מיליאָנען מענטשן. די ראָמאַנטיש־סימבאָליסטישע טראַדיציע פון דער ליטעראַטור איז געוואָרן דיסקרעדיטירט, אַזוי זענען אויך וועלט־באַרימטע שרייבערס, וואָס האָבן זיך איינגעשפּאַנט אין דעם וואָגן פון מענטשן־פרעסערישן נאַציזם. דאַן האָבן פּאָעטן אויפגעטרייסלטע פון דעם וואָס איז געשען געזאָגט: — נאָך אוישוויץ קען מער נישט זיין קיין פּאָעזיע . . .

אָבער דאָס לעבן האָט זיך זיינע געזעצן. די וועלט האָט אָנגעהויבן צו ווערן צוריק „נאָרמאַל״ (אויף וויפל עס איז שייך צו באַנוצן דעם טערמין). ראָמאַניסטן און פּאָעטן, עלטערע און יונגע, זענען אַרויסגעקומען מיט נייע שאַפונגען און נייע דערפאַרונגען. אין דער פּאָעזיע האָבן זיך באַוויזן פילאָזאָפן־פּאָעטן, וואָס האָבן זיך געראַנגלט מיט דעם פּראָבלעם פון עקזיסטענץ (אגב, אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור האָט די פילאָזאָפישע פּאָעזיע אַ טראַדיציע: בערנאַרד אָ׳דאָוד, און פאַר אים זענען געווען אַנדערע פילאָזאָפן־פּאָעטן — כאָטש נישט איין מאָל איז דער פילאָזאָף גובר געווען דעם פּאָעט . . .). ווידער די פּאָעטן ווי האָפּ אָדער מעקאָלעי האָבן זייערע אויגן גע־ווענדעט צום ריטואַלן באַטייט פונעם לאַנד, מיטן אַקצענט אויף כאַראַק־טער באַטאָנונג, צו פּערזאָניפיצירן די נשמה־שפּאַנונגען פונעם היינ־טיקן מענטש.

אין אויסטראַליע, ווו דער כאַראַקטער פונעם לאַנד גופא, זיין אייביקייט, איז נישט פאַרקריצט אין קולטורעלע און סאָציאַלע אינסטי־טוציעס, ווערט אייביקייט גיכער רעפּרעזענטירט אין אונדזער פאַנ־טאַזיע דורך בוש און לאַנד־פלאַכן; די גרויסע בערג־פעלדזן און דער

ים, וואָס רינגלען אונדז אַרום און זונדערט אונדז אָפּ פון די איראָ־פּעישע קוואַלן. אַנדערש איז טאַקע ביי די עלטערע קולטורן ווי אייביקייט איז איינגעקריצט אין בנינים מיט קולטור־אייגנשאַפטן.

אָבער צוריקקומענדיק צו אונדזער טעמע וועגן דער אויסטראַ־לישער פּאָעזיע, מיט אירע אייגענע עסטעטישע מאָסן און ריכטונגען, קענטיקט זיך פון איין זייט — דער באַוווסטזיין פון אינטעלעקטועלער פּאַרזיכטיקייט אין הינזיכט פון אידייען, קולטור. דער פּרווו אַנטקעגנ־צושטעלן זיך קאָנפאָרמיזם און קאָנסערוואַטיזם, וואָס האָט אַ פּאַר־דאַכט קעגן יעטוועדן אַוואַנגאַרד פון סאָציאַלן, פּאָליטישן, גייסטיקן אָדער עסטעטישן כאַראַקטער.

פון דער צווייטער זייט — דער וויכוח ווי אַזוי קען מען געווינען אַ פּובליקום פאַר פּאָעזיע אין אויסטראַליע (וואָס ווערט בדרך כלל, זייער ווייניק פאַרקויפט און געליינט, די קליינקייט פון אַ לייענער־עולם איז נאַטירלעך אַ שטאַרקע מניעה פאַר אַ קינסטלער, בפרט פאַר אַ יונגן).

ביי אַ טייל פּאָעטן איז דעריבער דאָ אַן אומווילן צו עקספּערי־מענטירן מיט נייע פאָרמען, ריכטונגען. זוכט מען צו רעדוצירן פאָרמאַ־ליזם און אינטעלעקטואַליזם אין פערז, נישט נאָכפאָלגן די פּרעטענ־ציעלע מאָדעס. יונגע פּאָעטן, וועלכע עס געלונגט שוין יאָ אָפּצו־דרוקן אַ פּאָעמע אויף די זייטן פון אַ ליטעראַרישן זשורנאַל, שיינט עס צו זיין עפּעס ווי אָפּגעריסן, אַ מין גאָאיילט זיך, און אוועקגעשפּאַנט.

אָבער בכלל גענומען, שטייט די אויסטראַלישע פּאָעזיע אויף אַ זייער הויכן ניוואָ. זי איז עקספּערימענטאַל און חידושדיק. טיילמאָל אומגעוויינטלעך אין איר פּאָעטישן אויסדרוק. פאַראַן אין איר זעאונ־גען, וואָס זאָגן עדות, אַז די אויסטראַלישע דיכטערס קענען מער נישט באַטראַכט ווערן פאַר עפּעס פּראָווינציאָנעלע, ווי מ'האָט געקוקט אויף זיי פאַר 1939 (און ווי עס מיינען נאָך אין ווייטע לענדער עד היום געוויסע לייענערס, ווען זיי הערן דעם נאָמען אויסטראַליע).

איך גלויב, אַז די גרעסטע דערגרייכונג פון דער פּאָעזיע אין דעם לאַנד, פון דער אויסטראַלישער ליטעראַטור בכלל (זינט דעם צווייטן וועלט־קריג), איז דאָס פילן זיך פריי צו שאַפן און טאָן דאָס וואָס עס וויל. דאָס אייגענע רוישטאָף פונעם אויסטראַלישן לעבן ווערט רעפלעקטירט פון אַ נאַציאָנאַלן און אוניווערסאַלן אַספּעקט. אויסטראַליע ווערט געזען ווי אַ טייל פון דער וועלט, און מענטשן זענען אומעטום מענטשן, ווו זיי זאָלן נישט לעבן. לאָמיר נעמען אַ פּאָר אילוסטראַציעס פון דעם פּאָעט ראָנאַלד מעקועיגס שאַפונגען. זיי זע־

נען אויסטראַליש און אַזוי אַלגעמיין־מענטשלעך. אָט איז אַ ליד „ליב מיך און פאַרלאָז מיך נישט קיין מאָל״:

ליב מיך, און פאַרלאָז מיך נישט קיין מאָל,
ליב, נאָר זאָלסט מיך קיין מאָל נישט געגאַרן,
און איך וועל דיך תמיד בענטשן
אויב איך קען דיך אויסטאָן:
איך האָב געהערט עס זאָגן אַ געליבטן
צו זיין געליבטער, ווו זיי זענען געלעגן.

ער, כאָטש ער האָט זי אויסגעטאָן,
האָט איר נישט תמיד געבענטשט;
זי, כאָטש זי וואָלט אים נישט פאַרלאָזן
האָט אים אָפט אָפּגענאַרט; דאָך האָבן זיי געלעבט
און ווען זיי זענען געשטאָרבן, זענען זיי געלעגן זייט
ביי זייט...

פון זעלבן פּאָעט אַ פראַגמענט פון „מוזיק אין דער לופט״:

„...ס׳איז געווען מוזיק אין דער לופט
און די לבנה האָט העל געשיינט,
ווען דזשעק האָט זיין מיידל
אין אַ פרייטיק־צו־נאַכטס.

— — — — — — — — — — — — — — — —

זיי זענען אַוועק אין אַ קאַפע;
די זופּ איז געווען קאַלט;
דאָס רינדערנע מאָגער
די פלוימען פול מיט שימל.
ס׳איז געווען מוזיק אין דער לופט
און די לבנה האָט העל געשיינט
ווען זיי האָבן געגעסן מיטאָג
אַ פרייטיק־צו־נאַכטס.

— — — — — — — — — — — — — — — —

זיי האָבן פאַרמאַכט די טיר;
מערי האָט געהאָנגען
לייכט אויף זיינע אָרעמס — — —

פון אַן אַנדער שניט איז אַזאַ פּאָעט ווי דזשעפרי דאַטאָן. ער האָט באַקומען אַ רעפּוטאַציע אין אַ ריי זשאַנערן: פּאָעט, קריטיקער, פאַרלעגער און נאָוועליסט.

זיין ראָמאַן „ענדי" האָט ווייט נישט מצליח געווען. דער סוזשעט איז באַזירט אויף דעם מחברס דערפאַרונגען בעתן לעצטן קריג אין אויסטראַלישן לופט־פלאָט. דער העלד ענדי גייט אַדורך דעם צו־שטאַנד אויסצוגעפינען אַליין ווי ווייט די וועלט איז געוואָרן בעסטיאַליש.

עס שטיצט זיך אויף אַ פליער, אַ יונגער אויסטראַליער, וועל־כער איז נישט געווען מסוגל זיך אַראָפּצולאָזן, דורך די טראַגישע געשעענישן, צו בעסטיאַלישקייט, און ער קומט אום ביים סוף קריג.

דער סוזשעט ליידט פון דעם, וואָס דער מחבר פאַרלירט אויפן וועג זיינע העלדן און עס ווערט גאָר פאַרוואַנדלט אין אַן אַנדער ווערק. דעם מחבר איז גאָר נישט געלונגען די טשאַפּלינישע טראַגיש־קאָמישע מאַסקע פון זיין פּראָזע־ווערק.

אָבער אַלס פּאָעט איז ער סאָפיסטיצירט און סענסיטיוו אין זיין שאַפן. זיין ריטעם און מעטער איז לייכט און דיסציפּלינירט. עס קענ־טיקט זיך אַן אויג וואָס האָט קאָנטראָלירט.

דזשעפרי דאַטאָן עקספּערימענטירט אין זיין פּאָעטיש שאַפן מיט פאָרמען צוגעפּאַסט צו די נייע באַדינגונגען, ווען דער בוש און דאָס הינטערלאַנד, ווי דער אימאַזש פונעם „עקספּלאָרער" האָט אויפגע־הערט צו זיין דער סימן מובהק פון אויסטראַלישקייט.

בכלל זענען זיינע ווערק מער אַדרעסירט צום אויסלענדישן לייע־נער, ווי צום אויסטראַלישן (ער איז אין דער הינזיכט ווייט נישט קיין אויסנאַם צווישן די אויסטראַלישע שרייבערס). ער וויל דעם ווייטן לייענער דערקלערן וואָס עס מיינט דער לעבנס־נוסח פון זיין לאַנד, וואָס עס מיינט צו זיין אַן אויסטראַליער אין 20טן יאָרהונדערט.

לאָמיר דאָ באַמערקן, אַז די טראַדיציע פון דער אויסטראַלישער פּאָעזיע, ווי פון דער געזעלשאַפט בכלל, איז געווען אַן אַנטי־אינטע־לעקטועלע. יעדער פּאָליטישער טוער אין לאַנד, פון דער אַרבעטער־באַוועגונג בפרט, האָט דאָס געשפּירט אויף זיינע פּלייצעס. דעריבער איז פאַר דעם אינטעלעקטואַל־פּאָעט תמיד דאָ באַריערעס אַדורכצו־שפּרינגען. דאַטאָן דער פּאָעט, ווי פיל אַנדערע פון זיין מין, גיט זיך דאָך אונטער זיינע תיכפדיקע דערפאַרונגען, צי זיי זענען סענסועלע, עמאָציאָנעלע אָדער אינטעלעקטועלע.

איך האָב דאָס פריער אילוסטרירט מיט ציטאַטן פון דאָנאַלד מעקועיגס לידער, די לייכטקייט פון זייער טאָן, דאָס נישט זוכן אַן ענדגילטיקן זין, איז אויך אייגן דער פּאָעט ראַטאָן.

ווייסן מיר, אַז פּאָעזיע איז פּילזייטיק, זי קען טאָן אַזוי פיל זאַכן, סיי בנוגע דעם אימאַזש פון מענטש, ווי פון דער נאַטור מיט אירע לאַנדשאַפטן און סעזאָנען. דער מיטאָס פון דער נאַטור און דער מיטאָס פון מענטש האָט אין דער אויסטראַלישער דיכטונג באַקומען אַן אָפּ־שפּיגלונג אין דער מעטאַפיזישער פלאַך, ווי אין דער סענסועלער און ספּיריטועלער וועלט. עס האָט געבראַכט צום אויסדרוק די אַקלימאַ־טיזאַציע פון די חושים, נאָך איידער דער גייסט האָט געפונען זיין געהעריקן פּלאַץ און תיקון.

# נענסי קיסינג

נענסי קיסינג שרייבט אין פאַרשידענע זשאַנערן, זי ווייזט אַרויס אַ באַדייטנדיקע פּאָעטישע קראַפט אין איר טעכנישער קאָמפּעטענץ און זיכערקייט אין אירע פּאָעמעס און איר טעמאַטיק. אין אירע פּערזן איז פאַראַן אַ דערפרישונג און רייפקייט פון אַ פּאָעטישער דיקציע, וואָס איז אי פּאַסטאָראַל און אי פּראָזאַיש. אין אירע פּאָעטישע שאַפּונגען קענטיקט זיך דאָס מיסטעריעזע, וואָס מאַכט דערטרעגלעך דאָס לעבן. איר אָנונג פון די לאַטענטע כוחות, וואָס דאַרפן פונעם אונטערבאַ־ וווסטזיין ערשט קומען צום באַוווסטזיין; פון געפיל און אינסטינקט צום פאַרשטאַנד. איר אינטעליגענץ און אַנטוויקלטער חוש פאַר דעם פּאָעטישן אַראָמאַט קומט צום אויסדרוק אין איר פעיקייט צו נוצן פּאָע־ טישע טעכניק אויף צוויי פלאַכן: צו פאַרקערפּערן און גלייכצייטיק דורך זיי אויסדריקן די היסטעריע פון דער צייט און דעם ענטוזיאַזם און באַוווּנדערונג פאַר דאָס נייע, וואָס אַנפּלעקט זיך אין די רוימען פאַרן פאַרשנדיקן מענטש. אין איינער פון די סטראָפעס זינגט זי:

די פרוי וואָס וועט נאָך היינט ביינאַכט דערשטיקט ווערן,
דאָס הויז וועט פאַרברענט ווערן; דער ערשטער מענטש
אין רוים.
דאָס יינגל וואָס וועט ראַטעווען זיין הונט; דער געווינער
אויף דער לאָטעריע
וועמענס בילעט איז נאָך נישט געדרוקט געוואָרן שיינט
אין אַ געביפּט ליכט
פון פייערן — — מיינס און מיין אייגן
נישטאָ וואָס זאָל אונדז פירן. מען וועט אונדז נישט זען
.(1959—1958)

אין דער פּאָעמע „מיר האָבן דיר עס געזאָגט", ביים אָפּשלוס, באַווייזט די פּאָעטין איר צוגאַנג צו קינדהייט־דערפאַרונג ביז דאָס רייף ווערן, וואָס באַטייט: אַנטדעקן, וואָס מיר וואָלטן געוואָלט אויס־ באַהאַלטן פון קינד. אין פיל פון אירע פּאָעמעס (פון „סקיצבוך אויף דער אויסשטעלונג") קען זיך דוכטן, אז די פּאָעטעסע האָט זיך אומ־

געקערט צו דער טעמאַטיק פון פּאָעמעס פאַר קינדער, בעת פּאַקטיש זענען דאָס פּאָעמעס פאַר דערוואַקסענע דורך אַ מין צוריקאַנטדעקונג. עס איז איר אָבסערוואַציע פון איר אייגענער קינדערשער פרייד, די מוראס, דער ענטוזיאַזם, די רייכע אויספּאַנטאַזירטע אַקטיוויטעטן פון איר אינערלעכן לעבן. עס איז דער צוגאַנג און אויסדרוק פון איר אייגענער פאַרלוירענער קינדהייט, ווען דערפאַרונגען זענען געווען פריש און ניי, און אַזוי וווּנדערלעך.

עס איז אַן אַנגענעמע דערפרישונג אָפּצוגראָבן די „צווייטע קינדהייט" אין אַ ריטמישער שפּראַך. רעפלעקטירן די וויטאַליטעט פון די אימאַזשן און די אימפּרעסיעס פון אַ וויזיט אין זאָאָלאָגישן גאָרטן („לעגענדעס זענען יעדן טאָג") און ביים ים־ברעג („אַ קאַרניוואַל ביים ים־ברעג"). די ענערגיע פון אַ קינדס דירעקטער אַריינגעצויגנקייט אין זיינע תיכּפדיקע דערפאַרונגען. אין שול („רעפלעקסן פון אַ גאַסט־רעדנער"), און איבער די גאַסן פון אַ פּראָווינץ־שטעטל און פאַרשטעט. די דיכטערין דערמאָנט:

זייענדיק אין קאָמפּאַניע מיט מאַרגערען
פון איר האָב איך אַנטדעקט, איך האָב געבאָרגט זכרון
דעראינערונגען פון פאַרגעסענע געשמאַקן
ריחות פון מאכלים, שינאה און פאַראורטייל
אַ פרעמדע לאָגיק און אַ ווילדע אומלאָגיק
איך האָבן אַנטדעקט פּיין.

אין איר נאָכדענקען באַמערקט די מחברין, אַז זי האָט זיך זעלטן אָנגעטראָפן אין איר לעבן מיט אַן אַנטיסעמיטישן פאַל און דאָס שיינט ממש צו זיין אומגלייבלעך פאַר געוויסע אויסטראַלישע יידן, ביי וועלכע אַנטיסעמיטיזם פאַרנעמט אַן אָרט. און זי האָט דאָך קיין מאָל נישט אויסבאַהאַלטן איר יידישקייט, אומעטום, ווו זי האָט געאַרבעט (פּאַב־ריקן, שפּיטעלער, רעגירונגס־דעפּאַרטאַמענטן, ציייטונגס־ביוראָס און אַ קונסט־שול ביים סידנעיער אוניווערסיטעט). זי רעדט מיט ביטול וועגן די וואָס באַהאַלטן אויס זייער שטאַם — „איך וועל עס קיין מאָל נישט טאָן. מיין ירושה, איז פּשוט, ווי מיין נאָז אויפן פּנים".

איז אָנגענעם צו לייענען אָט די שטאָלצע ווערטער פון אַן אויס־טראַלישער דיכטערין, וועלכע האָט הינטער זיך אַ זעקס דורות פון אירע אבות אין ניו־זעלאַנד און אויסטראַליע. זי דערציילט פון אירס אַן עלטער זיידן אין ניו־זעלאַנד, וואָס האָט מיט אַ געוויסן יידן נישט געוואָלט האָבן קיין מגע ומשא דערפאַר וואָס ער האָט זיך פאַרנומען מיט אַ לאָמבאַרד־געשעפט. אין געוויסע טיילן פון אייראָפּע, האָט ער געטענהט, ווו פאַר יידן זענען געווען פאַרשלאָסן אַנדערע באַשעפטי־

קונגען, איז לאַמבאַרדעריי געווען, אפשר, נויטיק צוליב פרנסה, אָבער דערווידער צום הארצן. אין דער נייער וועלט, ווו אַלע פּראָפעסיעס זענען פריי, דאַרפן יידן אויסמיידן צו פאַרנעמען זיך מיט וווכעריי.

און זי איז שטאָלץ מיט איר אור־זיידן, וואָס האָט געוואָלט, יידן זאָלן זיין אַ מוסטער פאַר אַנדערע. האָב איך אין די דאָזיקע ווירדיקע שורות געזען דעם פּאָרטרעט פון נענסי קיסינג, וועלכע זוכט אין דעם ייד דעם מענטש און דעריבער „געוויסע יידן וואָלט איך נישט געוואָלט זען אין מיין הויז, ווי געוויסע נישט־יידן".

איך קען אָבער נישט מסכים זיין מיט איר, הלמאי יידן זענען צו סענסיטיוו צו געוויסע באַצייכענונגען לגבי זיי מצד נישט־יידן. זי ברענגט אַביישפּיל פון אַ פּאָעמע, ווו דער דיכטער באַנוצט אַזאַ אויס־דרוק „רייך ווי אַ ייד". דער שרייבער איז ווייט פון אַנטיסעמיטיזם, טאָ פאַרוואָס דאַרפן יידן זיין אַזוי היפּער־עמפּינדלעך צו אַן עפּיטעט? די סיבה איז אַ גאַנץ פשוטע: די ביישפּילן וואָס זי דערמאָנט פון עפּיטעטן לגבי שאָטלענדער און אַנדערע פעלקער אין דער וועלט קען מען נישט אָנווענדן לגבי יידן, וואָס האָבן אַזוי פיל באַצאָלט מיט יסורים און בלוט פאַר שיילאָק און בייגין עפּיטעטן, אָנגעווענדט נישט לגבי יחידים־יידן נאָר צום גאַנצן פאָלק. און נאָך דער אוישוויץ־תקופה האָבן מיר אוודאי אַ גרונט צו זיין נאָך מער סענסיטיוו און פילן זיך געטראָפן, ווען ליבעראַלע מענטשן וואַרפן אונדז צו אַ נישט־פאַרדינטן עפּיטעט. די דיכטערין, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין 1923, ווייסט זייער גוט וואָס איז געשען אין היטלער־אייראָפּע בעת אירע יוגנטלעכע יאָרן.

כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס איר דערציִונג האָט זי דורכגעמאַכט אין אַן אַנגליקאַנישער („טשוירטש אף אינגלענד") מיידלשול. זי האָט געהאַט דאָרט איין יידישע חברטע פון שטרענג אָרטאָדאָקסישע עלטערן. זיי האָבן געהאַלטן, אַז נענסי קען האָבן אויף זייער טאָכטער אַ שלעכטן איינפלוס, זיי האָבן זיך צעשיידט, ווען זי איז אַלט געווען פופצן יאָר. לעצטנס האָט זי זיך דערוווּסט, אַז די חברטע האָט אַ כינע־זישן מאַן. די שטרענגע פרומקייט פון איר עלטערנס שטוב האָט נישט געקענט פאַרהיטן פון אַ געמישטער חתונה...

דער סידנעיער פּאָרט מיט זיין שיינקייט האָט אין דער אויסטראַ־לישער פּאָעזיע באַקומען אַ קינסטלערישן תיקון ביי פיל פּאָעטן. פאַר יעדן פון זיי איז דער פּאָרט געווען אַן אַרויסרוף („טשאַלענדזש") ווי אַזוי צו אינטערפּרעטירן זיין אייגנטימלעכקייט. נענסי קיסינג איז געקומען מיט איר פּאָעטישער שטים, באַגלייט מיט אַ סאָציאַלן אינ־סטינקט, ווי אַ תשובה אויף אירע פראַגעס. איר פּאָעמע „דריי מענער

אין סידנעי״ פאַרמאָגט אויך אין זיך אַ דראַמאַטישע קוואַליטעט מיט דעם שווערגעוויכט פון דער סצענע. איר דריטער מאַן שיינט צו זיין דער פּראָטאָטיפּ פון דער נייער פּאָעזיע:

ער באַטראַכט זיך אַ פּאַרמעסטער
— ברומט אַ רחמנות און שרייט: איך בין דאָ
מיין איז די נייע שטים, דער אָנהייב
איך בין דער אינטעגראַטאָר פון ים און לאַנד
זיי גיסן זיך צוזאַמען און שמעלצן צונויף מיין מוח און בלוט.
איך זאָג״.

בלויז דורך דער שטאַרקייט פון איר טאָן האַלט זי איר פּאָעמע אַוועק פון פּראָזע. עס איז דער אופן פון איר רעדן, פון איר אימאַ־גינאַטיווער וויזיע צו שפּירן די דערפאַרונגען, וואָס ווערן ביי איר פאַרוואַנדלט אין אַ דערקלערונג און שאלה. ווי אַן עכטע סידנעיערין איז דער אַראָמאַט דאָ ביי איר פון דער גרויסער שטאָט און פון סו־בורבישן לעבן, באַגלייט מיט דער פּשוטער פרייד פון אַ פאַמיליע אין די סוף וואָכנטעג (זע איר דריטן זאַמלבוך לידער).

איר הויפּטראָל איז פון אַן אויסטראַלישער פּאָעטעסע. איר טאַ־לאַנט איז באַזירט אויף דער אורבאַנישער קולטור ביים זוכן דעם ריכ־טיקסטן אידיאָם מיט זיין עלאַסטישקייט פון דער אויסטראַלישער דער־פאַרונג. אַ חוץ פּאָעזיע האָט זי געשאַפן אויך לייכטע סקיצן, אָנגע־נעמע פאַרן אויג און אויער. צוויי פון אירע דערציילונגען („פאַרוואָס די אינדיאַנער?״ און „ווער איז געווען אליסעס בייזע פעע?״) שטעלן אַוועק אין צענטער די פראַגע: וואָס מיינט צו זיין אַן אויסטראַליער?

די מחברין האָט אויפגעכאַפּט די קוואַליטעט פון אַן אַלטן יידישן נזיר אין סידנעי. הינטער זיין איזאָלירטן צושטאַנד געפינט זי אַ סאָציאַלע געשיכטע, וואָס זי פאַלגט נאָך מיט אַ געוויסער אַמוזירנדיקער גוט־מוטיקייט: אַ ייד וואָס לעבט איזאָלירט פון דער געזעלשאַפט פילט זיך אין דער היים, ווען ער לייענט אַ מעשה־ביכל פון אַן אינדישער פאַ־מיליע אויף אַ פאַרם ביים טייך „גווידיר״. עס איז פאַראַן א געוויסע עלאַסטישקייט אין דער נייקייט פון איר פּראָזע־סטיל, באַגלייט מיט אַ לייכטן הומאָר און דינער איראָניע, וואָס איז לאַגאָדנע צום לייענען, אָבער שווער איבערצודערציילן.

די לייכטע סקיצע און דער אימאַזש פון דעם נזיר־ייד געהערט נישט צו די סקאַרבאַווע דערציילונגען מיט טיפן געגומען פון „סטאַק״. די געשיכטע פון דעם מוסולמענישן אינדישן פאַרמער, מענאַ אַבדולאַ מיט זיין ווייב און זיין יונגער פאַמיליע אַרומגערינגלט מיט ליבשאַפט

און מיט נאַציאָנאַלע טראַדיציעס אויפֿן פּאַרם, ווו דער גאָרטן האָט בלומען און פּלאַנצן פֿון קאַשמיר. אין די שילדערונגען פֿון די קינדער, וועלכע לעבן איינזאַם — נישט ווייסנדיק, אַז זיי זענען איינזאַם — און די געשיכטע פֿון זייער געפֿונענעם פֿויגל פּאַפּוגיי „רוסילאַ". און די באַשרייבונגען פֿון זייער צוזאַמענטרעף מיט ווייסע קינדער, וועלכע רופֿן זיי מיט צונעמען... די מחברין מעדיטירט, זי מאַכט פֿאַרגלייכונגען און באַמערקט: "ווי איז צו דעם מענטש, וואָס ווערט געבוירן אָן אַ שטערן"...

אין „פֿאַרוואָס די אינדיאַנער"? גיט זי אַזאַ זאָג: „די אינדיאַנער זענען אַ געשיכטע אין אַ געשיכטע און כ'וועל עס דערציילן אין קעגנוואָרט. אָבער קודם — פֿאַרוואָס מיר? און זי דערציילט, אַז אין דער (יידישער) רעליגיעזער שול האָט זי זיך אויך אָפּטמאָל געוווּנדערט:
— פֿאַרוואָס מיר? און פֿאַרוואָס: „איך אַ פֿאַנטעאיסט, אויב נישט אַ געצנדינערין, אַ פּאָעטעסע פֿון אַלע סאָרטן, אַ צונויפֿזאַמלער פֿון אויסטראַלישן פֿאָלקלאָר פֿון פֿאַרגעסענע ווינקעלעך פֿון אויסטראַלישער געשיכטע; אַ רעצענזענטין פֿון בעלעטריסטישע ביכער; אַ געוועזענע סאָציאַלע ווייסנשאַפֿטלערין פּראָפֿעסיאָנעל אויסגעשולט — פֿאַרוואָס האָב איך, זייענדיק אַ יידישקע, חתונה געהאַט מיט אַ ייד (איר מאַן איז דר. הערצבערג — י. ק.), געבוירן קינדער, וואָס באַזוכן אַ רעליגיעזע שול, און נאָכגעגעבן דעם פֿאַרלאַנג פֿון ראַביי צו לערנען יידישע געשיכטע און עטיק, וועגן וועלכער, איידער איך האָב אָנגעהויבן לערנען, האָב געוווּסט פּונקט אַזוי פֿיל, ווי — גאָרנישט. דריי וואָכן פֿאַרן אָנהייב, האָב איך, ווי אַ ביסל זאַלץ, פֿאַרזוכט סעסיל ראָטה, עזריאל אַבראַהאַמס, דזשעק מייערס און העגרי מילמאַן". זי שילדערט ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען דער ראַביי בעת איר פֿריסטער קינדהייט, זיין ביבליאָטעק־צימער. זי דערמאָנט זיך, אַז זי איז אַלט געווען 5 יאָר, ווען זי האָט געהערט רעדן אָן אַלטן יידישן מאַן וואָס איז געווען דער „ספּיקער" פֿון נ.ס.וו. פּאַרלאַמענט, סער דאַניעל, די גרויסע געזעלשאַפֿטלעכע פֿיגור, וואָס איז אויך געווען דער פֿירער פֿונעם יידישן ישוב, האָט געוויזן וואָס מען קען דערגרייכן אויב מ'פּרוּווט שווער...
זי גיט אַ בילד פֿון ליידי אייזיקס העברעישע לעקציעס און גיט אַזאַ באַמערק מן הצד: אַלע צרות קומען אַרויס פֿון צוויי אומגעזעצלעכע קינדער, וואָס האָבן גורם געווען דער וועלט"... וועמען מיינסטו? האָט מען זי אַ פֿרעג געטאָן — משה רבינו און יעזוס...

זי באַמערקט, אגב, אַז אירער אָן עלטער־עלטער־פֿעטער איז געווען דער ערשטער ייד אין ניו־זעלאַנד. און די מסורה פֿון דער פֿאַמיליע אירער איז, אַז זיי זענען אַנטלאָפֿן בעת דער שפּאַנישער אינקוויזיציע קיין האָלאַנד און פֿון דאָרט קיין ענגלאַנד. בעת די 1840 יאָרן,

צוליב דעם הונגער, אַוועק קיין ניו־זעלאַנד און פון דאָרט קיין אויסטראַליע.

כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס זי דערציילט אין אירע מיניאַטור־בילדלעך וועגן די יידישע און קריסטלעכע מיידלעך, וועגן די פרויען מיט זייער פילאַנטראָפּישער טעטיקייט, וועגן די וואָס האָבן געהערט צו דער „געזעלשאַפט" גערעדט אַ פּערפעקטן ענגליש, פאַרמעגלעך געווען ווי פּראָפעסיאָנאַלן, אָדער אין געשעפטן, און די וואָס האָבן געהערט צום „המון", די יידן פון דער שנײַדער־בראַנזשע, ווערטפולע מענטשן געווען, אָבער רעדן יידיש. „וואָס איז יידיש?" פרעגט איינע פון דער „געזעלשאַפט".

— אַ מין יידישע שפּראַך, אָבער נישט קיין געבילדעטע, אָבער אַלץ איז בעסער ווי אַ געמישטע חתונה . . .

„פאַרוואָס איז בעסער חתונה צו האָבן מיט אַ יידן ?"

— יידן זענען די בעסטע מענער".

„ווען איך וואָלט געווען אַ יינגל ?"

— ביסט נישט קיין יינגל, אָבער יידישע פרויען זענען די בעסטע קוכערס".

אין די געשפּרעכן און מיניאַטור־בילדלעך איז פאַרשפּיגלט אַ שטיק אויסטראַליש־יידישע געשיכטע. מיר זעען די אַבראַהאַמס און די גרינשטיינס (די פרוי — אַ פלאַפּקערקע . . .) און אַלע אַנדערע יידישע פּערסאָנאַזשן פון דער „געזעלשאַפט" וואָס איז באַשטאַנען פון יחידים, וואָס האָבן געהערט און נישט געהערט צום יידישן ישוב.

די דערציילונג „ווער איז געווען אַליסעס בייזע פעע?" גיט אַ בילד פון דעם אויפקום און אונטערגאַנג פון יידישע ישובים אין די פּראָווינץ־שטעט פון אויסטראַליע. אין 1870 האָט דער „סידנעי־יער מאָרנינג העראַלד" באַמערקט, אַז די פאַרלוירענע צען שבטים זענען נישט פאַרשוווּנדן געוואָרן. זיי האָבן זיך באַזעצט אַרום דער פּראָספּערירנדיקער שטאָט גאָלבורין.

אַליס, וואָס איז געווען איינע פון זייערע טעכטער, איז געבוירן געוואָרן אין מיטן פון דעם יאָרהונדערט. און נענסי קיסינג שאַפט אויף דער קאַנווע אַ בילד פון דעם יידישן קליינעם קיבוץ. פון די דזשאָזעפס מיט זייערע דריי קינדער, די סאַלאָמאָנס, די לאַזאַרוסעס, די לעוויס, וועלכע האָבן זיך נישט באַטראַכט, אַז זיי לעבן אין גלות. ס׳רוב פון זיי זענען געווען ענגלישע, דײַטשע און אַ פּאָר פראַנצויזישע יידן. רוסישע און פּוילישע זענען נישט צוגעלאָזט געוואָרן צו דעם אינטימען קרייז. אייניקע זענען באַזונדערס שטאָלץ געווען דערמיט, וואָס זיי זענען געווען געבוירענע אויסטראַליער. זיי האָבן אָפּגעהיט זייער יידישע רעליגיע און האָבן אין דער פּראָווינציעלער פּראָס־

פעריר־נדיקער שטאָט אויסגעבויט אַ שיינע סינאַגאָגע, אויפגעשטעלט שיינע יידישע היימען.

אָבער ביסלעכווייז האָבן די זין פאַרלאָזט די היימען, אַוועק פון גאָלבוירן איבער דער לענג און ברייט פון אויסטראַליע און עס האָט זיך אַוועקגעשטעלט די פראַגע וועגן די טעכטער: — מיט וועמען וועלן זיי חתונה האָבן? קיסינג באַשרייבט די פאַרשידענע טיפּן פון דעם ישוב — זיי זענען טיפּיש פאַרן גאַנצן יידישן קיבוץ אין אויסטראַליע — די מענער און די פרויען, די זין און טעכטער, וואָס זענען אַוועק קיין סידנעי און מעלבורן, שפּעטער ווען זיי קומען זיך צונויף צו פראַוועו אַ מאָל נאָך אַ בר־מצוה אין דער גאָלבוירנער שול, וואָס ווערט וואָס אַמאָל ליידיקער, ביאָלאָגיש, און פון דעם פאַנאַנדערפאָרן זיך. „די צען פאַרלוירענע שבטים האָבן זיך צעשפּרייט" און זיי זענען פאַרלוירן געגאַנגען פאַרן יידישן המשך.

די צענטראַלע פיגור — אַליס — איר קינדהייט, יוגנט און עלטער, איז געשילדערט אין אויסגעברייטערטע שטריכן, פאַרוואָס זי האָט נישט חתונה געהאַט און ווי אַזוי עס איז צוגעגאַנגען מיט איר אויף דער עלטער. די מחברין פאַרגלייכט די אַמאָליקע צייטן מיט די היינטיקע אין באַצוג צו געמישטע חתונות, ווי בכלל לגבי דער האַלטונג פון אַ מיידל. ווען דער אַמעריקאַנער יידישער קאַפּיטאַן, וועמען זי באַגעגנט אין סידנעי בעתן קריג באַמערקט, אַז זיין פרוי בעטי איז נישט יידיש, ענטפערט די אַלטיטשקע אַליס, „מיר האָבן אַמאָל אַזעלכע זאַכן באַטראַכט מיט מער ערנסט. די צייטן האָבן זיך געענדערט".

אין דער דערציילונג איז אָפּגעשפּיגלט די געשיכטע פון פיל אונטערגעגאַנגענע יידישע שטעטלעך און שטעט אין אויסטראַליע, וווּ עס זענען פאַרבליבן נאָר די סינאַגאָגעס פאַרקלאַפּטע און פאַרמאַכטע אויף זיבן שלעסער. געווען יידישע ישובים אין אַזעלכע שטעט ווי דזשילאָנג, באַלאַראַט, האָבאַרט (די הויפּט־שטאָט פון שטאָט טאַסמאַניע) און וואָס איז פון דעם היינט פאַרבליבן — קיין מנין נישט אפילו אויף ראש־השנה און יום־כיפור.

עס גייט נאָך אַן אומעטיקער נאָכקלאַנג ביים פאַרענדיקן די דערציילונג (וואָס פאַרמאָגט אויך אַ דינעם הומאָר און לייכטע איראָניע). און דעם זעלבן גורל האָבן דאָך דורכגעמאַכט ישובים אויך אין אַנדערע לענדער.

נענסי קיסינג האָט אונטער איר רעדאַקציע אַרויסגעגעבן אַ בוך וועגן גאָלדפיבער אויף די אויסטראַלישע גאָלדפעלדער און מיטן 19טן יאָרהונדערט. דאָס בוך איז טאַלאַנטפול רעדאַקטירט מיט אַ פיינעם אינפאָרמאַטיוון היינטערגרונט פון יענער צייט און פון די פערסאָנאַזשן.

די מחברין איז גערעכט, ווען זי שרייבט, אַז „ס'איז דאָ צופיל מאַטעריאַל פאַר איין אַנטאָלאָגיע וועגן די גאָלדפעלדער, עס זאָל פרעטענדירן צו זיין מער ווי אַ מוסטער". עס איז אָבער אַ פיינער מוסטער, און זי טוט גוט, וואָס זי לאָזט די גאָלדגרעבערס און זייערע מיטצייטלערס, באַאָבאַכטערס, רעדן און דערציילן פון דעם באָמבאַס־טישן פעריאָד אין דער אויסטראַלישער געשיכטע. דער קאָלאָניאַלער „עסטאַבלישמענט" איז צעטרייסלט געוואָרן פון דעם ערשטן גרויסן פיבער, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס לאַנד, ביי די ערשטע גאָלד אויסגראָבונגען. די אַרבעטער פון די שטעט זענען אַוועק פון זייערע אַרבעטס־פּלעצער און זיך געלאָזט נאָך דאָס „גרויסע געווינס" אויף די גאָלדפעלדער. דער גאָלדגלאַנץ האָט אויסגעגלייכט אַלעמען: דעם געבילדעטן מיט דעם אַנאַלפאַבעט. מען איז געווען אויף גלייכע טער־מינען אין די האָפענונגען צו געפינען דעם אוצר...

עס זענען דאָ אין דער אַנטאָלאָגיע באַשרייבונגען פון פאַרשידענע פערזאָנען, ווי אַלפרעד האָוויט דער קוויקער, שרייבער און ענטוזי־יאַסט; פון הערלדן לאַסעטער, דזשאָן דונמאָר לענג, און פון פיל אַנדערע, וועלכע די רעדאַקטאָרין האָט צוזאַמענגענומען אין אַ כראָ־נאָלאָגישן סדר דורך אַ בינדנדיקן קאָמענטאַר. עס זענען דאָ שיל־דערונגען פון קאָטאָרזשניקעס, בושרענגערס און כינעזער, סקוואָטערס און פּאַסטוכער, וואָס זענען פון דעם פיבער פאַרכאַפּט געוואָרן און צעשרויפט אַלע מוחות איבערן לאַנד. עס זענען כסדר אָנגעקומען פרישע שיפן מיט אימיגראַנטן, וואָס זענען געלאָפן הין און צוריק איבערן קאָנטינענט צו זוכן גאָלד.

כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס עס שרייבט דער אָפיציר דזשאָן ערסקין וועגן די אַבאָרידזשיניס, אַז כאָטש זיי האָבן געהאָלפן די גאָלדגרעבערס צו בויען זייערע כאַטעס, אָבער קיינער פון זיי האָט נישט אַרויסגעוויזן די תאווה צו גראָבן גאָלד פאַר זיך אַליין, כאָטש זיי האָבן גוט געוווּסט דעם ווערט פון גאָלד. די אַנטדעקונג איז אַרויסגעקומען דורך אַ צופעליקן אַבאָרידזשיני, וועלכער האָט מיט אַ האַק אויסגעהאַקט אַ שטיק קוואַרץ, וואָס האָט געוואויגן דריי הונ־דערט געוויכט. אַ דריטל פון דעם איז געווען סאָלידע גאָלד פאַר וועלכן זיין מייסטער דר. קער האָט באַקומען פיר טויזנט פונט. דער אַבאָרידזשיני (ער האָט נישט געהאַט בכלל קיין רעכט אַלס פּראָספּעק־טאָר) האָט באַקומען פאַר זיין אַרבעט שפּייז און עטלעכע שעפּסן פאַר זיינע קרובים... דער היסטאָרישער טאָג איז געווען דעם 12טן פעב־רואַר 1851 — פון דאַן אָן האָט זיך דער פיבער נישט אָפּגעשטעלט אין אויסטראַליע, מיטן אונטערשייד, וואָס פון גאָלד איז דער פיבער איבערגעגאַנגען צו מינעראַלן, לאַטעריעס און פערדלעך־געיעג...

# עלען מאַרשאַל

## (דער מייסטער פון דער קורצער דערציילונג)

די קונסט פון אַ קורצער דערציילונג איז צו שאַפן אַ מיניאַטור פון אַ נאָוועלע מיט אירע באַזונדערע פאָרמען פון אַ ליטעראַרישן זשאַנער, אָן אַן אַריינפיר און אויספיר, און נישט באַגלייט מיט אַ גאַנצער גאַלעריע געשטאַלטן און טיפן, וואָס מוזן האָבן אַ ברייטערן פלאַץ צו קענען זיך באַוועגן אויף אַ גרעסערן שטח.

דער שרייבער פון דער קורצער דערציילונג פילט זיך פרייער אין דעם זשאַנער, אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך געוויסע פּרינציפּן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט שרייבן אַ נאָוועלע (איך נעם דאָ אָן דעם טערמין „נאָוועלע״, ווי עס ווערט אין ענגליש באַנוצט פאַר אַ גרויס ווערק און ראָמאַן).

אויב דער שרייבער פון דער קורצער דערציילונג איז נישט באַגרענעצט מיט טאַלאַנט (און דאָס איז אַ גאַנץ אָפטע דערשיינונג), קען ער אין דעם זשאַנער גרויסקייט באַווייזן. זייענדיק ווייניקער געצוימט פון פאָרמעלע פּרינציפּן, קען ער מאַנעווורירן מיט גרויסע פרייהייטן צו שרייבן, וואָס און ווי אַזוי אים געפעלט, און פאַרוואַנדלען אַ קורצע דערציילונג אין אַ גרויס קונסטווערק. דאָס האָט אַזוי קלאַסיש באַוויזן דער גרויסער מייסטער פון דער קליינער דערציילונג, אַנטאָן טשעכאָוו.

דער אויסטראַלישער שרייבער עלען מאַרשאַל, דערמאָנט דעם לייענער א סך מאָל אין טשעכאָווס דינקייטן, באַזונדערס אין זיינע בעסערע דערציילונגען, וועמענס׳ קוואַליטעטן רודערן אויף די חושים פונעם לייענער. אין זיין שאַפן איז פאַראַן אַזוי פיל מענטשלעכע וואַרעמקייט און סענסיטיווקייט צום מיטמענטש. אָבער ער פילט זיך אַמבעסטן אין דער געזעלשאַפט פון קינדער. ער רעדט נישט צו זיי, נאָר מיט זיי.

ער איז „ביי זיך אין דער היים״ אויך מיט שטוב־חיות, און אַפילו מיט דעם אויסטראַלישן דינגאָ, וואָס פאַרצוקט שעפּסן, געפינט ער אַ געמיינזאַמען לשון, ווי ער האָט עס באַוויזן אין איינער פון

זיינע בעסטע דערציילונגען („די דריי־פּיסיקע צויג"). ער שילדערט דאָרט דראַמאַטיש דעם גציעג נאָך דער דינגאָ במשך פון לאַנגע חדשים, און די פעיקייט פון דער געיאָגטער חיה אויסצומיידן אַלע כיטרע פּלענער פון דעם יעגער, ביז עס פאַלט אַריין מיט אַ פּוס אי־נעם „טריק"־מעכאַניזם פון דעם יעגער.

אין דער דערציילונג איז דאָ אַזאַ סובטעלקייט אינעם אופן פון דעם נאַראַטיוו. די אָבסערוואַציע פון די אַלע דעטאַלן, איז אַזוי פּרעציז געשילדערט. אַזוי אויך דער ריטמישער אימפּולס פון דעם גאַנצן פאַרלויף, ביז דער אַלטער יעגער טרעפט זיך אויג אויף אויג מיט זיין קרבן — און ס'פאַרשטייען זיך — ביידע...

עס איז עפּעס אין דער דערציילונג פאַראַן אַ פּעסימיסטישער נאָכקלאַנג, וואָס איז גאָר נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר עלען מאַרשאַל, דעם גרויסן אָפּטימיסט, וועלכער גלויבט אַזוי שטאַרק אין לעבן, אין מענטש. דער אַלטער יעגער פון „דינגאָס", וואָס האָט אויף דער עלטער פאַרלוירן יעדע קאָמוניקירונג מיט די מענטשן, מיט וועלכע ער האָט אָפּגעלעבט יאָרן. איצט איז ער פון זיי אַן אָפּגעזונדערטער, אַן איינזאַמער, געפינט ער אַ פאַרבינדונגס־שפּראַך נאָר מיט דער חיה.

עלען מאַרשאַלס ערשטע יאָרן אינעם אויסטראַלישן בוש, זענען געווען די דעצידירנדיקע און די פאַרמירנדיקסטע פון זיין וועג, אויף וועלכן ער האָט זיך פאַרנומען. אין זיין שאַפן דאָמינירט קודם דער אויטאָביאָגראַפישער עלעמענט, דער געראַנגל זיינער קעגן די וויר־קונגען פון דעם אינפאַנטיל־פּאַראַליז, וואָס האָט אים געטראָפן בעת זיין פריסטער קינדהייט. די אויסווירקונג פון זיינע עלטערן, ער זאָל קענען לעבן מיט זיין פיזישן מום מיט אַ פּסיכישער גלייכגעוויכט — אָן דעם געפיל פון זיך־רחמנות פון איין זייט, און בייזקייט אויפן גורל, אויף מענטשן, אויפן לעבן בכלל — פון דער צווייטער זייט.

אין זיינע ווערק זענען פאַראַן געניג שטעלן פון וועלכע מען קען זען די באַדייטונג פון זיין פאָטער אויף אים. די ערלעכקייט, איידל־קייט און פעסטקייט פון פאָטערס כאַראַקטער, האָט באַווירקט דעם זון, ער זאָל זיך פּסיכיש נישט פילן ווי אַ בעל־מום. אין זיינע ווערק, האָט ער טאַקע עס באַהאַנדלט נישט פון פיזישן אַספּעקט, נאָר ווי אַ סאָ־ציאַלן פּראָבלעם פון קענען קאָמוניקירן זיך.

עלען מאַרשאַלס נצחון איבער זיין פיזישן פעלער, מיט אַלע זיינע שוועריקייטן אין לעבן איז אַ פּערזענלעכע געשיכטע, און גלייכ־צייטיק די געשיכטע פון אַלע מענער און פרויען, וועלכע האָבן געקענט בייקומען די שוועריקייטן פון זייער לעבן, פון אַזאַ אָדער אַנדערן כאַראַקטער. ער האָט אויפגענומען אין זיין שאַפן מאָמענטן פון זייערע

לעבנס, ווען עס אַנטפּלעקט זיך עפּעס תוכיקס. ער האָט אָבסערווירט די דראַמע פון גוטס און שלעכטס, און געוויזן גוטסקייט, וואָס ליגט אינעם קערן פון זייער מענטשלעכקייט, הגם אָפט פאַרנעפּלט. אין געוויסע מאָמענטן, טייל מאָל אויך באַווירקט פון די דעמאָנישע עלע־מענטן: שנאה, מורא, קנאה און עגאָיזם־איזאָלאַציע, וואָס דערפירן צו אַ דעהומאַניזאַציע.

עלען מאַרשאַל האָט נישט וויניק שטעלן, וואָס רעקאָרדירן די מענטשלעכע בעסטיע — די פינצטערסטע אייגנשאַפטן פון מענטש, אָבער אויך אַנטפּלעקט אין זיינע העלדן־קרבנות, גוטסקייט, און אַ פּאָטענציעלן הומאַניזם, וואָס איז נישט אָפּגעטיילט פון די קאָנ־פליקטן און סתירות, פון וועלכע דאָס לעבן באַשטייט. נאָר אַ מענטש וואָס האָט אַליין פאַרמאָגט אין זיך אַ סך גוטסקייט האָט אַזוי געקענט שרייבן ווי עלען מאַרשאַל.

דער מענטש און דער קינסטלער זענען אין אים תמיד געגאַנגען געאָרעמט. און פון זיינע ווערק שטראַלט אַרויס דער גלויבן, אַז קונסט אָן גוטסקייט אין איר צענטער, איז אַ דעגראַדירנדיקע קונסט — עס פירט צו קאָנצענטראַציע־לאַגערן, צו דעם מאָראַלישן און אינטעלעק־טועלן טויט פון מענטש. אין זיין שאַפן איז ער אין תוך רעאַליסטיש — אי ווען ער שילדערט די אורבאַנישע אינדוסטריעלע ספערע, די שטאָטישע גאַס, די פאַבריק — אי אין זיינע דערציילונגען פון דאָרף און בוש. אָבער זיין הויפּט־קוואַליטעט ליגט אין דער סענסיטיווקייט אַרומצונעמען דאָס לעבן דורך מענטשן, איינהערן זיך אין זייערע רייד־און פאַסירונגען, און אפילו די קלענסטע אינצידענטן, וואָס שיי־נען, אויבן אויף, צו זיין נישט וויכטיק, אַרויסהייבן זיי פון דער טרי־וויאַליטעט דורך דער פּרעציזקייט פון פיינער אָבסערוואַציע, פון דע־ליקאַטן באַריר, באַגלייט מיט אַ געצוימטן דיאַלאָג. דער לייענער דערפילט אין דעם אַלעם, די נאָכקלאַנגען, וועלכע וויברירן אין זיין געמיט שפּעטער, ווי דער עכאָ פון אַ גלעקל.

ער שרייבט אין פּשוטע ווערטער וועגן פּשוטע מענטשן, וועלכע ער האָט קענען געלערנט אין אויסטראַליע. אָבער דער באַוויז, וואָס זיינע ווערק זענען געוואָרן פאַרעפנטלעכט אין פיר־און־צוואַנציק לענדער, איבערגעזעצט אין אַכצן לשונות, איינשליסלעך כינעזיש, זאָגט זייער אַ סך וועגן זיין שאַפן. ער רעדט אין זיינע ווערק אַזוי מענטשלעך־אינטים צו פאַרשיידענע פעלקער אויף זייערע לשונות, וועגן קאָמפּלעקסן און קאָנפליקטן אינעם לעבן פונעם פּשוטן מענטש, וואָס זענען אוניווערסאַל, הגם זיי זענען איינגעטונקען אין אַ לאָקאַלן קאָלאָריט.

דער מחבר גופא האָט זיך אַזוי אויסגעדריקט וועגן זיינע דער־

ציילונגען: „וואָס איך פּרוּוו טאָן אין מיינע קורצע דערציילונגען, איז זוכן אַריינצודרינגען אין דער וועלט פון אַנדערע מענטשן. עס איז ווי איך וואָלט אַ שיין געטאָן מיט אַ לאַמטערנע אויף אַ זאַך אין אַ פינצ־טערן צימער. ווען דו רוקסט פאַנאַנדער די פאָרהאַנגען און זעסט אויך אַנדערע זאַכן אין צימער, דאַן איז עס אַ נאָוועלע. ווען דו קוקסט אויך אַרויס דורך די פענצטער איבער די פעלדער, דאָס איז שוין אַ גרויסע נאָוועלע — ווי „קריג און פרידן".

ווי אַן אילוסטראַציע פון עלען מאַרשאַלס אַ דערציילונג, וואָס גיט טאַקע אַ באַלייכט אַ געוויינלעכע געשעעניש מיט אַ באַזונדער ליכט, וועל איך דאָ ציטירן אַ פּאָר פּאַראַגראַפן פון זיין דערציילונג „אַ גאַסן־סצענקע אין מיטן טאָג".

אַ מיידל האָט געחלשט אין גאַס. מענטשן, נייגעריקע, זאַמלען זיך אַרום מיט באַדויער און סימפּאַטיע. דאָ קומט דער מחבר מיט זיין בליץ־לעמפּל און באַלייכט די אָבסערווירנדיקע מענטשן. ער צייכנט פון אַנאָנימען געזעמל אַ פּאָר פּנימער, וואָס ווייזן אַרויס אינדיווידו־אַליטעט אין דעם מאָמענט.

דאָס מיידל קומט צו זיך, זעט דעם נייגעריקן המון אַרום זיך, רעגט עס איר אויף: — וואָס האָבן זיי זיך דאָ אַרומגעשטעלט? פון המון רוקט זיך ארויס אַ שאָפער פון אַ משא־אויטאָ און ער פירט זי אוועק אַ היים. ביים אַרויסגיין פון אויטאָ דאַנקט זי אים און באַמערקט: „אַ שוידערלעכע זאַך איז מיט מיר געשען... און די מענטשן, שרעק־לעך, קוקן... האָב איך זיך דערפילט שלעכט. נאָר איר זייט געווען פריינדלעך. איר זייט אַנדערש". דער מאַן האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט: „ווייסטו, איך בין געווען איינער פון די מענטשן"...

עס איז נאָר אַ שפּריץ פון אַ לעבנס־בילד, אַ וויניעט, אַ ביסל שאָטנדיק, אַ שטראַל ליכט אויף איין מאָמענט פון אויפפירונג און דאַכטענישן, וואָס זענען אַזוי מענטשלעך און עכט. און דער גוטער אָבסערוואַטאָר אין דעם שרייבער, פאַרמאָגט אויך דעם בילדערישן אויסדרוק צו קענען פאַרשפּיגלען אין איין קורצער שורה דעם מעמד פון מענטש. ער שילדערט ערגעץ אַ מאַן וועמענס פרוי איז געשטאָרבן, און ער גיט צו: „ווען זי איז געשטאָרבן, האָט ער זיך דערשפּירט אַלט, ווי עס וואָלט פון אים אַראָפּגעפאַלן אַ מאַנטל און ער האָט דער־פילט די קעלט פון ווינט". אַ מעטאַפאָר — און דאָס בילד אין לעבע־דיק פאַר די אויגן.

עלען מאַרשאַל, דער קינסטלער און דער מענטש, האָט נאָך איינגעהאַלטן אין זיך דעם חוש פאַר ווונדער, וואָס רודערן אויף. ער זוכט, ווי בלעיק, צו בענטשן און אַקצעפּטירן דאָס לעבן אין זיין פול־קייט, מיט די איבלען און מיט דעם געראַנגל פאַר הומאַנישע צילן.

שטייענדיק מיטן פּנים צו דער נאַטור — וויזט ער די דינאַמישע שייכות צווישן מענטש און נאַטור — ווי צווישן מענטשלעכע וועזנס בכלל, דער מאַן, די פרוי, דאָס קינד.

זיינע קינדער־דערציילונגען — ס׳רוב קליינע מייסטערווערק — מיט אַזאַ טיפער פאַרשטענדעניש פאַר קינדער־פּסיכאָלאָגיע, קומט אַמבולטסטן צום אויסדרוק אין זיין דערציילונג „דערצייל אונדז וועגן דעם אַינדיק, דזשאָו". עס איז גוט באַוווּסט, ווי שווער ס׳איז צו רעפּ־ראָדוצירן, ווי אַזוי קינדער רעדן. עלען מאַרשאַל האָט עס יאָ באַוויזן צו דערגרייכן, ווייל דאָס קינד איז קיין מאָל נישט אַוועק פון אים („אַ קינד איז דאָך אַ מענטש מיט זיינע אָפענע אויגן").

אין זיין דערציילונג „רוק זיך אָפּ, בהמה" איז דאָ אַ פיינע שיל־דערונג, אויפן הינטערגרונט פון האָנג־קאָנג, וועגן דער אָראָגאַנץ פון די אייראָפּעער לגבי די כינעזער, לגבי די ריקשעס, און אַנדערע מענטשלעכע שלעפּ־פערד. עס איז אַ בילדל וועגן אַ קאָרעספּאָנדענט וואָס פאָרט מיט זיין פרוי און טעכטערל אויפן ווייטן מזרח, ווי אַ שליח פון זיין צייטונג, און ער מאַכט אין זיין טאָג־בוך אַזעלכע נאָטיצן: „באַלד ביי די ערשטע פּאָר שעה פון מיין זיין אין האָנג־קאָנג, האָט אַן ענגלישער באַאַמטער, וועלכער איז געזעסן מיט מיר אויפן עראָ־פּלאַן, אַ זאָג געטאָן צו מיר, ביי אַ גלעזל ביר: „ביסט איצט אויפן מזרח, איך וועל דיר געבן עטלעכע אָנווייזונגען וואָס וועלן, גלויב איך, דיר צו נוצקומען. זאָלסט וויסן, אַז איך האָב אַ גאַנץ לעבן מיי־נעם דורכגעמאַכט אויפן ווייטן מזרח, ווייס איך..." ער האָט אים אָנגעהויבן געבן אַ סעריע עצות וועגן כינעזער „זיי זאָלן דיר אָפּ־טרעטן דעם וועג"... געדענק, אַז דו ביסט אַ ווייסער מענטש און אונדזער פּרעסטיזש דאָ איז זייער וויכטיק".

דער קאָרעספּאָנדענט איז פון זיין האָטעל־צימער אַרויס אין גאַס. עס איז געווען אַ הייסע, דושנע נאַכט. אַ ריקשאַ־מאַן איז צוגעלאָפן צו אים — ער איז געווען צו אַלט פאַר אַ ריקשאַ־מאַן — אפשר דריי־סיק יאָר, — און מיט אַ וואַקלדיקן טריט. ער איז געווען איינגעבויגן, נישט געקענט פאַרגלייכן זיך מיט די יונגערע בחורים, וואָס האָבן אים איבערגעיאָגט.

עס גייט אַוועק דאָ אַ לענגערע שילדערונג פון דער גאַס מיט איר פּערפיום און געשטאַנק. דער לויפנדיקער מענטש, וואָס האָט ווי אַ פערד געטראָגן דעם קאָרעספּאָנדענט אין דער ריקשאַ, איז ביים יאָגן זיך אומגעפאַלן. בלוט האָט געראונען פון זיין מויל און ער איז געלעגן מיט זיין קאָפּ אין רינשטאָק.

די גאַס איז געווען פול מיט דורכגייערס, אָבער קיינער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. געכאַפּט אַ בליק און אַוועקגעגאַנגען. דער

ווייסער מענטש אין לייוונטנעם אַנצוג, האָט גלייך אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. דער קאָרעספּאָנדענט גיט צו: „איך בין איצט געווען אין מזרח...״ מען האָט געזאָגט: „פאַר די מענטשן איז שטאַרבן גאָר נישט״. „זיי שטאַרבן דאָ ווי די פליגן״.

דער מחבר באַמערקט אויך סאַרקאַסטיש, בעת ער באַשרייבט די וואַלגערנדיקע קינדער אין די רינשטאָקן, די אויגן רויטע, רינענדיקע, די פּנימער פול מיט מכות... און דער קאַרדינאַל, וואָס האָט געמאַכט אַ באַזוך אין דער שטאָט האָט געזאָגט: „האָנג־קאָנג איז אַ גאָט־געבענטשטע שטאָט, אינספּירירט דורך דער פּרוכטבאַרקייט פון די אָרעמע״...

פון האָנג־קאָנג ביזן ראַנגון — אַ נאַכט אין ראַנגון: — ביים קאַפע־טישל אין האָטעל, האָט אַן אַמעריקאַנערין אַריינגעלייגט איר איבערגעבליבענעם עסן אין די פאַרזשאַווערטע טעפּלעך פון די מאַ־מעס, וואָס האָבן געטראָגן קינדער — „נישטאָ מער, האָט זי מיט אַ גרימאַסע געזאָגט צו די בעטלערס: גייט אַוועק פון דאַנען, האָט זי צוגעוואָרפן מיט פאַראַכטונג״.

אַ גרופּע בורמעזער זענען זיך צונויפגעקומען אין אַ פּריוואַטער שטוב צו דיסקוטירן וועגן דער פּאַרצייטישער בורמעזישער מוזיק. דער קאָרעספּאָנדענט און עטלעכע אייראָפּעישע טוריסטן זענען געקומען ביידזיין. „די בורמעזער האָבן מיט איבעררעשונג געקוקט צו אונדז, ווען מיר זענען אַריין״, האָט דער קאָרעספּאָנדענט פאַרצייכנט. דער פאָרזיצער איז צוגעגאַנגען צו דער גרופּע און געזאָגט: „ס'איז אָנגענעם צו טרעפן אייראָפּעער, פאַראינטערעסירטע אין דער קולטור פון אונדזער לאַנד. די מענטשן (אין צימער) האָבן אונדז אַרומגערינגלט, יונגערע און עלטערע, נייגעריק צו קענען זיך. ביי די אָפענע פענצטער האָבן מענטשן אַריינגעקוקט...״

עלען מאַרשאַל גיט אַ פאַרביק בילדל פון דעם אָוונט, פון די מענטשן אין שטוב און אין גאַס „אויגן און ציין האָבן געגלאַנצט פון דער פינצטערניש אויסנווייניק״. עס האָט זיך געשאַפן אַ פאַרבינדונג מיט די מענטשן, „וואָס מיר האָבן געטראַכט, אַז זיי זענען אַנדערש״.

זיי האָבן געזונגען אַלטע בורמעזישע לידער. די רעדנער זענען געווען מומחים אין זייער פאַרצייטישן פאָלקלאָר, געווען פאַראינטע־רעסירט עס איבערצוזעצן פאַר די אייראָפּעישע געסט. און די שטיל־קייט פון די צוהערערס, איז געווען „אַ שווייגן וואָס האָט גערעדט אַ לשון, וועלכן מיר האָבן געקענט״. אַן אַלטע פרוי, מיט קנייטשן פון יאָרן, האָט באַגלייט מיט אַ האַרפע, געזונגען אַ ליד אין וועלכן זי האָט אויסגעוויינט דעם מענטשנס עכטן צער.

אַן אַמעריקאַנער טוריסט, האָט אַ קריץ געטאָן צווישן די ציין: „דאָס קוויטשען און וויינען פון דער אַלטער ׳באַבע־יאַכנע׳ מאַכט מיך משוגע — לאָמיר אַרויסגיין פון דאַנען. ער האָט זיך דורכגעשטופּט אַ וועג צום דרויסן. דאָס זינגען האָט זיך גלייך אָפּגעשטעלט און די מענטשן האָבן אין זייערע בליקן אַרויסגעוויזן, דאָס וואָס זיי פילן מיט זייער שווייגן — וואָס באַשולדיקט... אַ פאַרשאָלטענע דערנידערונג פון דעם אַלעם...

דער מחבר ווייזט אַרויס זיין סענסיטיוויקייט צו ראַסן־דיסקרימינאַציעס. די הומאַנישע וואַרעמקייט, וואָס פליסט פון זיין פעדער צום מיטמענטש פון אַלע פעלקער און קאָלירן, האָט זיין שאַפן געמאַכט אַזוי אוניווערסאַל נאָענט. עס איז נישט די פּאָליטישע, נאָר די ריין־מענטשלעכע אַקס, וואָס ציט זיך אין זיינע ווערק און פאַרבינדט דעם אויסטראַלישן פּאָלקס־מענטש מיטן טשעכישן, מיטן יוגאָסלאַווישן, צי כינעזישן.

דער אופן פון זיין נאַראַטיוו און צייכענונג איז באַגלייט מיט ליבשאַפט, מיט חכמה און קענטעניש פון מענטשלעכע פירונגען. זיין טאָלעראַנץ איז צו יעדן מענטש, אָבער ער קען נישט טאָלערירן קיין שום זאַך, וואָס דערנידעריקט דעם מענטשן. צו זיינע מעלות געהערט אויך דאָס קענען אַרויסציען הומאָר פון דער שוואַרצסטער לאַגע, אַפילו ווען עס איז אויף דער נשמה שטאַרק אָנגעזאָלצן...

אין דער דערמאָנטער דערציילונג איז אויך אַריינגעפלאָכטן אַ פיינע צייכענונג פון קינדער־פּסיכאָלאָגיע, ווען אַ קינד ווערט באַליידיקט אין שול און די רעאַגירונג פונעם פאָטער (דער דערמאָנטער קאָרעספּאָנדענט), ווי אַזוי ער קלערט אויף דעם קינד, וואָס עס קומט פאָר אין לעבן דורך דערנידעריקן און באַליידיקן... און ווי אַזוי מען דאַרף עס שטאַרק באַקעמפן.

אַנטשלאָסנקייט און מוט אין לעבן, זענען הויפּט־שטריכן אין אייניקע דערציילונגען זיינע, אין וועלכע ער שילדערט דאָס קענען בייקומען עקסטרעמע פיזישע פעלערן, ווי טויבקייט, בלינדקייט. פאַרלירן אַן אבר, און דאָך באַווייזן צו פירן אַ נאָרמאַלן לעבן. דער בעל־מום געהערט צו די מינדערהייטן, וואָס זענען צוליב אַזאַ אָדער אַנדער סיבה (געבורט אָדער פאַרפאַל) פון באַדינגונגען, געוואָרן איזאָלירט, און געמוזט מאַכן אומגעהויערע אָנשטרענגונגען צו קענען צו לעבן.

„אַריבערשפּאַנען די באַריערע״, געהערט צו די סיטואַציעס, וואָס טרעפן, אין אַ געוויסער מאָס יעדן סענסיטיוון יחיד, דעם יונגעטשקן עלען מאַרשאַל, האָט עס געטראָפן אויף אַ גרויזאַמען אופן יעדן מאָמענט פון זיין לעבן. זיין נצחון איבער זיין פיזישן מום, איז ביי אים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אימאַזש פון דעם געראַנגל פון יעדן

שוצלאָזן מענטשן, וועלכער מוז דורכברעכן די איזאָלירטקייט, די באַריערעס, וואָס באַשרענקען זיין לעבן, עס זאָל דערגרייכן אַן אוני־ווערסאַלן אויסבליק.

די אויטאָ־ביאָגראַפישע ביכער זיינע—דער גרעסטער טייל פון זיין שאַפן, אין קוואַנטיטעט און קוואַליטעט, איז אויטאָביאָגראַפיש — קען־נען געזען ווערן דורך פאַרשידענע אַספּעקטן. זיינע ווערק: „איך קען אַריבערשפּרינגען קאַלוזשעס" (1955); „דאָס איז דער גראָז"; „אין מיין אייגן האַרץ" (1962); „די זענען מיין פאָלק (און) „די זענען מיינע שבטים", זענען פונקט אַזוי טיף־הומאַניש, ווי קינסטלעריש. ער האָט זיך געהיט פאַר סענטימענטאַלקייט, הגם נישט תמיד זיך אויסגעהיט...

עס איז אויך כאַראַקטעריסטיש די שטענדיקע אַרויספאָדערונג („טשאַלענדזש"), וואָס ער שפּירט ביים טרעפן זיך מיט מענטשן, וועלנ־דיק בייקומען, פּסיכיש, זיין פיזישן פעלער. ער ווייזט, אַז דאָס עקזיס־טירט גאָר נישט פאַר אים!

אין זיין דערציילונג „איך קען אַריבערשפּרינגען קאַלוזשעס" פאַרענדיקט ער אַזוי דעם דיאַלאָג מיטן חבר, וועלכער פרעגט אים: „כ'וווּנדער זיך, ווי אַזוי דו קענסט מיט קוליעס אַהין אריבערגיין?" און דזשאָי (זיין אויטאָביאָגראַפישע מאַסקע) רעפלעקטירט אַ ווייל: „קוליעס! האָב איך אויסגערופן, באַזייטיקנדיק דעם אָנמערק מיט פאַראַכטונג, קוליעס זענען גאָר נישט!" ס'איז ווירקלעך נישטאָ קיין ספּערע פון נאָרמאַלן לעבן צו וועלכן ער זוכט נישט קיין נאָרמאַלן צוטריט.

זיין גלויבן אין חברשאַפט („מייטשיפּ"), וואָס שלאָגט אָן וואָרצלען אין דער אויסטראַלישער טראַדיציע פון העברי לאַוּסאָנס וועלט, צוזאַ־מען מיט זיינע אַנדערע קוואַליטעטן, וואָס מיר האָבן אַנאַליזירט פריער, האָבן אַזוי פיל בייגעשטייערט צו עלען מאַרשאַלס גרויסן פּובליקום אין אייגענעם לאַנד, וואָס איז אין אויסטראַליע (אויך ערגעץ אַנדערש?) נישט קיין צו אָפטע דערשיינונג... טאַקע דערפאַר וואָס זיין נישט אַנגעוואָרפענע פשטות דערוואַרעמט, און אַזוי אויך זיין אויפריכטיקייט און לעבנס־אויטענטישקייט...

אפילו אין אַ נישט גאָר־שטאַרק געראָטענעם ווערק זיינעם („ווי שיין זענען דיינע פיס"), געבנדיק אַ שילדערונג פון אַ מעלבור־נער שיך־פאַבריק אין די יאָרן פון דעפּרעסיע, ווי אַזוי אָט די יאָרן האָבן באַווירקט די אַרבעטער — פאַרמאָגט עס אויך אייניקע געלונגענע כאַראַקטער־סקיצן און אַ גוטע פאָרשונג פון דעם רוי־מאַטעריאַל מיט וועלכן דער מחבר זעט אויס צו זיין גוט באַקאַנט. אמת איז, אַז אין זיינע געראָטענע קורצע דערציילונגען פילט ער זיך אַמבעסטן,

ווייל ער איז דאָרט אין זיין עלעמענט, בפרט ביים שילדערן קינדער, ביים אויפכאַפּן זייערע רייד זייער תמימותדיקע אומשולדיקייט, ווי אין דער דערציילונג „דערציייל אונדז וועגן דעם אינדיק, דזשאָי". דער סוזשעט איז מיט אַ נאַראַטאָר און צוויי ייִנגלעך, מיט וועלכע ער שמועסט:

דער נאַראַטאָר האָט באַגעגנט ביים וואַסער צוויי ברידערלעך. דער יונגערער האָט אויסגעזען אַ פיר יאָר אַלט, דער עלטערער צוויי מאָל אַזוי פיל...

אין די ווייטערדיקע שורות, גיב איך אַ פרייע איבערזעצונג פון דער דערציילונג, מיט געוויסע פאַרקירצונגען.

„...די צוויי ייִנגלעך האָבן זיך מיט מיר באַגריסט, בעת מיר האָבן זיך אָנגעקוקט. איך בין זיי געפעלן געוואָרן, האָב איך געטראַכט. דער יונגערער האָט מיר געשטעלט עטלעכע פערזענלעכע פראַגעס, געוואָלט וויסן, וואָס כ'טו דאָ, פאַרוואָס כ'טראָג אַ גרינע העמד, ווו איז מיין מאַמע? איך האָב אים געגעבן די אינפאָרמאַציעס מיט דעם רעספּעקט, וואָס ס'קומט איינעם, וועלכער זוכט וויסן. דאַן האָב איך אים אויסגעפרעגט און זיך דערוווסט וויפל אומגליקן ער האָט שוין געהאַט אין זיין לעבן.

— ווי אַזוי האָסטו באַקומען דעם שניט אין קאָפּ? האָב איך געפרעגט. אויפן שטערן איז ביי אים געווען אַ ראָזער שראַם, וואָס האָט צעטיילט זיינע פּיעגעס.

דאָס קליינע ייִנגל האָט אַ קוק געטאָן אויפן עלטערן ברודער, וואָס האָט געענטפערט פאַר אים. דער קלענערער האָט דאָס אפנים דערוואַרט... בעת דער ברודער האָט גערעדט, האָבן דעם קליינעמס אויגן געשיינט, די ליפּן האָבן זיך אים געעפנט, ווי ביי איינעם וואָס הערט זיך צו צו אַ שפּאַנענדיקער מעשה.

— ער איז אַראָפּגעפאַלן פון אַ בענקעלע, ווען ער איז געווען קליין, האָט דער ברודער געזאָגט. ביים פאַלן האָט זיך זיין קעפּל אָנגעקלאַפּט אין אַ רידל. ס'האָט געבלוטיקט.

— י־אַ־אָ, האָט דאָס קליינע ייִנגל נאָכגעבאָמבלט, מיט אַ געוויסן יראת הכבוד פאַרן בילד. אין זיינע אויגן איז געווען די שפּאַנונג פון דער געפאַר, וואָס ער איז דורכגעגאַנגען. ער האָט געקוקט אויפן וואַסערפלאַך פאַרזונקען אין זיין טראַכטן וועגן רידל און בלוט.

— אַ קו האָט אים איין מאָל אַ קאָפּע געטאָן, האָט דער ברודער געזאָגט.

— אַ קו? האָב איך מיט שטוינונג אויסגערופן!

— יאָ, האָט ער געזאָגט.

— דערציילן ווייטער, דזשאָו, האָט דאָס קליינע ייִנגל מיט אַ שטאַרקער זשעדנעקייט אונטערגעיאָגט. ער איז געשטאַנען לעבן אים און אַריינגעקוקט גלייך אין פּנים.

— ער האָט געוואָלט צוזאַמענבינדן אירע פיס און די קו האָט אים געגעבן אַ קאָפּע אין בויך, האָט דזשאָ אויפגעקלערט.

— אין בויך, האָט דאָס קליינע ייִנגל איבערגעחזרט מיט אַ שטאַר־קער באַטאָנונג און גיך אַ קוק געטאָן אויף מיר, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ...

— ער האָט זיך פּאַדרייט, האָט דזשאָו געזאָגט.

— איך האָב זיך פּאַרדרייט, האָט דאָס קליינע ייִנגעלע פּאַוואָליע נאָכגעזאָגט, נישט זייענדיק זיכער.

— וואָס איז פּאַרדרייט, דזשאָו?

— ער האָט נישט געקענט גוט אָטעמען, האָט דזשאָו צו מיר געזאָגט. ער האָט געסאָפּעט.

— איך האָב אין גאַנצן נישט געקענט אָטעמען, האָט דאָס קליינע ייִנגעלע געזאָגט...

— דאָס האָט נישט געטויגט, האָב איך געזאָגט.

— יאָ, עס איז געווען זייער שלעכט, נישט אמת, דזשאָו? האָט דאָס קליינע ייִנגל געזאָגט.

— יאָ, האָט דזשאָו געזאָגט.

דזשאָו האָט געקוקט אויפן קליינעם ייִנגל, ווי ער וואָלט געזוכט נאָך צייכנס פון צוזאַמענשטויסן.

— אַ לייטער איז איינמאָל אויף אים אַרויפגעפאַלן, האָט ער געזאָגט.

דאָס קליינע ייִנגעלע האָט גיך אַ קוק געטאָן אויף מיין פּנים צו זען וואָס פאַר אַן איינדרוק דאָס האָט געמאַכט אויף מיר. די דער־קלערונג האָט אים שטאַרק באַאיינדרוקט. (...)

איך האָב זיך אויפגעהויבן פון מיין אָרט, צוגעגאַנגען צו זיי, זיך איינגעבויגן... אַ קליינער צייכן איז געווען אויף דער ווייסער הויט פון זיין פּלייצע.

— יאָ, ס'איז דאָרט דאָ, האָב איך געזאָגט, כ'גיי אין געוועט, אַז דו האָסט אַ סך געוויינט, ווען דאָס איז געשען.

דאָס קליינע ייִנגעלע האָט זיך אויסגעדרייט צו דזשאָו: — האָב איך געוויינט, דזשאָו?

— ניין, האָט דזשאָו געזאָגט. (דער עלטערער ברודער דערציילט ווייטער, ווי אַזוי דער יונגערער האָט אַ ציי געטאָן דעם לייטער צו זיך און אויך געגעבן קאָמענטאַרן וועגן די האָקן פון לייטער).

— אוי ! האָט דאָס קליינע ייִנגעלע אַ זאָג געטאָן אַ צעהיצטער. ער האָט געקלאַפּט מיט די הענטלעך, האַלטנדיק זיי צווישן זיינע קני און בעת מעשה געטופּעט מיט די פיס...

— ער האָט זיך גוט צעקלאַפּט, האָט דזשאָו געזאָגט.

— איך בין געוואָרן גוט צעקלאַפּט, האָט דאָס קליינע ייִנגעלע פּאַמעלעך דערקלערט, ווי עס וואָלט פאַר אים אַליין צוערשט זיך אַנטפּלעקט דער פאַקט.

ס'איז געווען אַ פּויזע און דאָס קליינע ייִנגעלע איז געבליבן זיצן פאַרטראַכט.

— ס'איז אַ שיינער טאָג היינט, נישט אמת ? דזשאָו האָט געזוכט נייע קאָנטאַקטן מיט מיר... דאָס קליינע ייִנגעלע איז געשטאַנען לעבן זיין ברודער און מיט געבעט אים אַריינגעקוקט אין די אויגן.

— אין וועלכעס נאָך בין איך געווען, דזשאָו ? האָט ער זיך געבעטן. דזשאָו האָט זיך פאַרטראַכט, געקוקט צו דער ערד, געצופּט זיין גראָבן פינגער.

— ביסט מער אין קיין שום זאַך נישט געווען, האָט ער ענט־גילטיק געזאָגט.

— אָ, דזשאָו, איז דאָס קליין ייִנגעלע געבליבן אומצופרידן פון דער ענטגילטיקער דערקלערונג. ער האָט אויף שנעל זיך איינגע־בויגן, אָפּגעדעקט אַ קני, געזוכט אַ צייכן פון אַ קלאַפּ.

— וואָס איז דאָס דזשאָו, האָט ער אָנגעוויזן אויף אַ שוואַכן צייכן פון זיין קני.

— דאָס איז גאָרנישט, האָט דזשאָו געזאָגט, און געוואָלט אַרויפ־פירן אויף דער טעמע וועגן אויסשפּירן.

— דאָס זעט אויס יאָ עפּעס, האָב איך אַ זאָג געטאָן, קוקנדיק פון דער נאָענט אויפן צייכן.

דזשאָו האָט זיך איינגעבויגן, עס באַטראַכט. דאָס קליינע ייִנגל האָט געקוקט אויף מיר און אויף זיין ברודער, און צוריק, וואַרטנדיק אויף אַ דעציזיע פון עלטערן ברודער, וועלכער האָט עס נעענטער באַטראַכט, געריבן מיט זיינע פינגער דעם צייכן. דאָס קליינע ייִנגעלע האָט נאָכגעפאָלגט יעדער באַוועגונג פון דזשאָוס אויספאָר־שונג מיט אַ דערוואַרטנדיקער אויפמערקזאַמקייט.

— אפשר האָסטו זיך אַמאָל אָפּגעבריט, איך ווייס נישט.

— איך וואָלט טאַקע געוואָלט עס זאָל זיין אָפּגעבריט, האָט דאָס קליינע ייִנגעלע געזאָגט. עס איז געווען אַ געבעט, אַז דזשאָו זאָל זיך יאָ אַנגאַזשירן אין דעם. אָבער דזשאָו האָט זיך געהאַלטן ביים אמת און געזאָגט : — איך קען נישט געדענקען זאָלסט זיך האָבן אָפּגע־בריט. די מאַמע מוז וויסן.

— אפשר קענסטו זיך דערמאָנען פון אַן אַנדער עפּעס שפּאַ־נענדיקער זאַך? האָב איך פאַרגעלייגט.

— יאָ האָט דאָס קליינע ייִנגעלע געזאָגט מיט חשק. ער איז צוגעגאַנגען צו מיר, מיך אָנגענומען פאַר דער האַנט, מיר זאָלן ביידע אָפּוואַרטן דעם רעזולטאַט פון דזשאָיס פאַרטראַכטן זיך (...)

הינטער אונדז האָט זיך דערהערט אַ שוואַכער „האַלאָ". מיר האָבן זיך אויסגעדרייט. אַ קליין מיידעלע איז געלאָפן דורך די פעלדזן... זי האָט געהאַט דינע פּיסלעך און געטראָגן לאַנגע שוואַרצע זאָקן... זיי זענען לויז געווען, האָבן זיך כסדר אַראָפּגעלאָזט. זי האָט זיך איינגעבויגן אַרויפצוציען, אַרונטערשטופּן אונטער דער גומע...

זי האָט אויסגערופן די נעמען פון די ברידער ביים לויפן. אין איר שטים איז געווען אַ נאָטקע, אַז זי טראָגט עפּעס נייעס.

— דער טאַטע איז דאָ אין שטוב, האָט דזשאָו געזאָגט.

דאָס קליינע ייִנגעלע איז געווען בייז צוליב איר אַריינרייסן זיך.

— וואָס וויל זי? — האָט ער געזאָגט אַ פאַרזויערטער.

דאָס קליינע מיידעלע איז צוגעקומען נענטער... זי האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט דער האַנט. — מיר האָבן אַ שוועסטערל, אַ קינד אַ נייס, האָט זי געשריגן.

— אָ, פּע! האָט אויסגעשריגן דאָס קליינע ייִנגעלע.

ער האָט זיך אויסגעדרייט און אָנגערירט דזשאָיס אָרעם — האָסטו אַ טראַכט געטאָן וועגן נאָך עפּעס שפּאַנענדיקס, דזשאָי? זיין פּנים האָט אויפגעלויכטן מיט אַ פּלוצלינגדיקער דערמאָנונג.

— דערצייל אים דזשאָי, ווי אַזוי דער אינדיק האָט מיך געיאָגט, האָט ער אויסגערופן.



איך האָב דורך דער פיינער קינדער־דערציילונג געוואָלט אילוסט־רירן, ווי אַזוי עלען מאַרשאַל האָט געקענט אויף אַזאַ מייסטערהאַפטן אופן נאָכפאָלגן די שמועסן מיט קינדער אין זייער לשון; מיטטראַכטן מיט זיי, מיטלעבן מיט זיי און פאַרשפּיגלען קינדער־פּסיכאָלאָגיע.

ביים לייענען איז מיר געקומען אויפן געדאַנק, וויפל דערוואַק־סענע ווילן, פּונקט ווי דאָס קליינטשיק ייִנגעלע, מען זאָל באַדויערן זייערע אומגליקן, פּאַקטישע, אָדער טעלעסקאָפּיש־פאַרגרעסערטע... מחמת דאָס וועלן זיין אין צענטער פון אויפמערקזאַמקייט, איז נישט נאָר דאָ ביי קליינער קינדער...

# נאָרמאַן לינדזעי

## (דער שרייבער, דער מאָלער און בוך־אילוסטראַטאָר)

נאָרמאַן לינדזעי איז געווען איינער פון די איינפלוסרייכסטע קינסטלערס און שרייבערס אין אויסטראַליע אין דער ערשטער העלפט פון דעם היינטיקן יאָרהונדערט. זיין בוך פאַר קינדער („צויבערקוגל") איז געוואָרן אַ קלאַסיש ווערק נישט נאָר פאַר אויסטראַלישע קינדער, נאָר אויך פאַר קינדער פון פיל אַנדערע לענדער.

אין זיין שאַפן האָט זיך מאַניפעסטירט, שטאַרקער און לעבעדיקער, — ווי ביי וועלכן נישט איז אַנדערן שרייבער אין אויסטראַליע, — די קינדער־יאָרן און יוגנט־יאָרן. יינגלשאַפט און יוגנט־יאָרן, ווערן ביי אים דורכגעלויכטן ווי אַ שטודיע פון אַ פּראָצעס אַרויסגעבראַכט אויף אַן אוממיטלבאַרן אופן. מען דאַרף נישט זוכן אין זיין ליטעראַרישן שאַפן אידייען — ער פאַרנעמט זיך נישט מיט אַזעלכע זאַכן, און אויך נישט מיט אַן אינדיווידואַליזירטער כאַראַקטעריזאַציע — דאָס איז אויך נישט זיין ספּעציאַליטעט. אָבער עס איז דאָ עפּעס אַזאַ בשותפותדיקער שטאַרקער לעבנס־שטראָם, וואָס ער לאָזט דורכגיין איבער זיינע טיפן, און אָט דער שטראָם — אין די בעסערע טיילן פון זיין שאַפן — ווירקט ווי אַ גוטע אָפּפרישונג פון אַ קילן ווינטל נאָך אַ דושנעם טאָג.

ער איז געווען שעפעריש ווי אַ הומאָריסט, סאַטיריסט, און ווי אַ גוטער קאַריקאַטוריסט. זיין סאַטירע אָטעמט מיט אַ שטאַרקער וויטאַליטעט. אין זיין קאָמעדיע איז ער וויציק, אָבער נישט טיף, דעריבער גייט עס נישט אַוועק צו ווייט פון אַ פאַרס. אָבער אין אַלץ וואָס ער האָט געשאַפן האָט ער אַריינגעגעבן זיין ליידנשאַפט פאַר אמת, פאַר פרייהייט און פאַר אַנדערע הומאַנישע ווערטן, אַזוי ווי ער האָט זיי געזען און געשפירט אין זיינע ביינער. דאָס קענטיקט זיך אויך בולט אין זיינע בוך־אילוסטראַציעס.

בכלל האָט ער אין זיין שאַפן אַרויסגעוויזן אַ טיפע נעגאַציע צום קאָנווענציאָנעלן און פּרעטענציעלן. ער איז שטאַרק אין זיין

עקספּרעסיע פון ליבשאַפט און שנאה, אַזוי אויך אין זיין סאַטירישן עלעמענט, מיט זיין פיינעם חוש פאַר הומאָר.

טראַגעדיע איז נישט געווען אויף זיין ריכטליניע פון שעפּע־רישקייט. אפשר דערפאַר, וואָס עכטע טראַגעדיע איז פאַרבונדן מיט גלויבן, מיט אַפירמאַציע פון לעבן, און נאָכן פאַרלירן אָט די וואָ־ליאָרן קומט דאָך די טראַגיק פון פאַרצווייפלונג און יאוש... און דאָס איז אים פרעמד געווען.

נאָרמאַן לינדזעי געהערט צו אַן אויסערגעווינטלעכער טאַלאַנ־טירטער משפחה אין אויסטראַליע. אַלע זיינע ברידער און שוועס־טער זענען באַרימטע קינסטלערס, אַזוי אויך זיינע זין און אַ טאָכטער. דער פאָטער זיינער איז געווען אַ דאָקטער, און די מוטער אַ טאָכטער פון אַ באַוווסטן מיסיאָנער אין די פּאַציפישע אינדזלען. ער איז באַ־וווּסט געווען א״נ רעווערענד טאָמאַס וויליאַמס. געווען איז ער אַ גרוי־סער הומאַניסט, וואָס איז געפאָרן אין די פאַרוואָרפנסטע אינדזלען נישט בלויז צו „ראַטעווען נשמות״, נאָר ברענגען הילף די „נייטיווס״. ער האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט פּלאַסטישער קונסט־טעטיקייט.

נאָרמאַן לינדזעי, זעט אויס, האָט א סך געירשנט פון זיין מוטער און פון איר פאָטער. ער האָט מיט גרויס ענטוזיאַזם געהאָלפן יונגע שרייבערס און קינסטלערס און מיט נישט ווייניקער ענטוזיאַזם אַליין זיך אריינגעוואָרפן אין זיין אַרבעט — שרייבן, צייכענען און מאָלן.

מאָלעריי האָט געמומען ביי אים די בכורה. ער פלעגט זיין אַזוי פאַרטאָן אין דער אַרבעט, אַז ער האָט נישט געזען קיין מענטשן דאַן אַריינקומען און אַרויסגיין פון זיין אַטעליע. ער איז געווען זייער פּרוכטיק אין ראַדירן („עטשינג״), אין פען־צייכענונגען, אין שאַפן סטאַטועט פאַר גאָרטנס און קאַריקאַטורן פאַרן „בולעטין״. צו דעם נאָך אַ סך שרייבן. עס פלעגן ביי אים אָפּט זיין געסט, וואָס פלעגן זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, נאָך זייער אַוועקגיין, פלעגט ער זיך אַוועקזעצן ביי זיין שרייב־מאַשינקע אויפכאַפּנדיק אַ דורכ־גייענדיקע אינספּיראַציע, וואָס ער האָט געוואָלט פאַרפיקסירן.

בעת זיין טיפן עלטער האָט זיך זיין קינסטלערישע פּרוכטיקייט נישט פאַרמינערט. פאַרקערט, זיין פּראָדוקטיוויטעט איז געוואָרן גרע־סער און ער האָט געמאַכט אויסשטעלונגען פון נייע שאַפונגען.

ווען ער האָט געשפּירט, אַז די אינספּיראַציע האָט זיך אָפּגע־קערט פון אים, פלעגט ער אַריינפאַלן אין דעפּרעסיע־שטימונגען, וואָס פלעגן צייטנווייז אויספאַלן ביי אים זייער אָפּטע. דאָך, ווען מען נעמט אין אַכט, וואָס ער האָט אַלץ באַוויזן צו שאַפן אין זיין לאַנגן לעבנס־שפּאַן — 90־91 יאָר — און אין אַזוי פיל פאַרשידענע קונסט־

צווייגן — אין דעם זין איז באמת נישטאָ קיין גלייכן צו אים אין אויסטראַליע.

אויסער זיין אַלזייטיקע באַגאַבטקייט אויף אַזוי פיל קונסט־געביטן, האָט ער אַרויסגעוויזן אַ ליידנשאַפט צו בעלי־חיים. ער האָט אין זיין אַטעליע בכוונה געזוכט אויסצוגעפינען די ליבלינג־שפּייז פון פאַרשידענע מייז, וועלכע זענען געקומען „צו גאַסט". אַזוי אויך וועגן מוראַשקעס און אַפילו וועגן אַ שפּין. זיין אַרבעט האָט געשפּריצט מיט לעבן. אפילו, ווען ער איז געזעסן לייִדיק האָט ער געמוטיקט אַלע פאַרמען פון לעבן אַרום זיך.

אין זיין שאַפן האָט סעקס געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל. עס איז אָבער מער געווען אַ מין געשלעכטלאָזער סעקסואַליזם ביי זיינע „נודס", וואָס איז הימל ווייט פון דער היינטיקער סעקס מגיפה... ער האָט אין פּרויען־קערפּער געזוכט אינדיווידואַליטעט, עפּעס ביי נאָכצו־טראַכטן און איבערשאַפן דורך אינטואיציע אין אַן עסטעטישער פאָרם.

פאַר זיינע אויגן איז פאָרגעקומען די אַנטוויקלונג פון די אוי־סטראַלישע גרויסע קונסט־מאָלערס, וואָס האָבן דערגרייכט באַרימט־קייט ווייט איבער די גרענעצן פונעם לאַנד. און אַזעלכע גרויסע קינסטלער, ווי נאָלאַן, בויד, דאָבער, דרייזדייל (אגב, זענען די לעצטע צוויי אויך געווען גלענצנדיקע צייכנערס) טאַקער, דזשאַסטין, אָ׳ברייען און נאָך אַנדערע הויך־טאַלאַנטירטע קינסטלערס, וועלכע האָבן מיט זייערע שאַפונגען דערגרייכט א הויכע רעפּוטאַציע אין אויסטראַליע און אין דער וועלט (ווי אומעטום, איז אויך אין אויסטראַליע זייער צאָל אַ גאַנץ באַגרענעצטע).

אָבער פון דער גוטער קאָניוקטור, וואָס ס׳איז היינט פאַראַן פאַר מאָלערייען, געניסן פון דעם אויך די איבעריקע... סיי פון דער הויכער נאָכפראַגע און פון די אינפלאַציע־פּרייזן... לאָמיר דער־מאָנען: מיט אַ האַלב יאָרהונדערט צוריק איז אין מעלבורן און אין סידנעי געווען בלויז אַ האַלב טוץ קונסט־גאַלעריעס און אַ פּאָר צענד־ליק מאָלערס, וואָס האָבן מיט זייערע געמעלן געקענט ציען אַן עולם. היינט זענען פאַראַן פיל צענדליקער אָנגעזעענע קונסט־גאַלעריעס און הונדערטער מאָלערס.

עס איז אמת, אַז די מאָלעריי־קונסט, ווי יעדער אַנדער קונסט־צווייג, פאַרגרעסערט אונדזער וויסן און לעבנס־דערפאַרונגען, נאַטיר־לעך, אויב די קינסטלערס האָבן עפּעס פערזענלעכס וואָס צו זאָגן אויפן געביט פון עסטעטיק. אָבער די גוטע קאָניוקטור פאַר מאָלעריי־בילדער — אַ חוץ די וואָס קויפן צוליב עסטעטישן גענוס, אָדער איינצושאַפן זיך אַ שיינע קאָלעקציע פון קונסט־בילדער — ווערן זיי דאָך אין דער היינטיקער צייט געקויפט אויף שפּעקולאַציע, ווי מען

קויפט אַקציעס און הייזער אויף אינוועסטירונגען. אָבער דאָס איז נאָר אַ זייטיקע באַמערקונג.

אומקערנדיק זיך צו די שאַפונגען פון נאָרמאַן לינדזעי, וואָס האָט געזוכט צו דערגרייכן אַ פאַרשטענדעניש מיט זיך אַליין און מיט דער סביבה, דורך וועלכער ער האָט מיט טאַלאַנט אַרויסגעבראַכט קאָמפּלעקסן פון מענטשלעכע דערפאַרונגען. ער האָט צוזאַמען מיט אַנדערע קינסטלערס געזוכט די אויסטראַלישע לאַנדשאַפט, און די נשמה־פייזאַזשן, זיי איבערצושאַפן ווי אַ קונסט־זשאַנער. און זיי, די פייזאַזשן, האָבן זיך אונטערגעגעבן זיין פען, זיין פענדזל און זיינע פאַרבן, אינטואיציע און אינטעלעקט זענען געגאַנגען געאַרעמט אין זיינע שאַפונגען, און ווי באַוווסט, גיט אינטואיציע דעם קינסטלער פליגל צו פליען, בעת אינטעלעקט זענען זיינע אויגן צו זען וווהין צו פליען, און האָט אויך די עובדה צו באַלייכטן דעם וועג.

אינטעלעקטועל האָט ער געזוכט צו אַנטלויפן פון דער פּראָווינ־ציעלער שמאָלקייט פון דער אויסטראַלישער געזעלשאַפט, און דאָס איז געווען אַ ריכטליניע, אַן אמתדיקע אָפּשפּיגלונג פון אַ שטרעמונג אין אויסטראַלישן לעבן אין דעם לעצטן האַלבן יאָרהונדערט.

דאָס וואָס ער האָט געזען אַרום זיך האָט אים נישט באַפרי־דיקט. ער האָט נישט געקענט שלום מאַכן מיט דעם, וואָס אַנדערע האָבן אָנגענומען פאַר גוט און ריכטיק. זיין נאָן־קאָנפאָרמיזם האָט אָנגענומען פאַרשידענע פאָרמען, אָבער אין תוך גענומען, איז דאָס געווען אַן אינדיווידועלער סטיל פון אַ נייער פערצעפּציע פון דער לאָקאַלער סצענע און אירע מענטשן.

ער האָט זיך אויסגעטיילט מיט זיין סטיל און מאַנעריזמען, ווי אַ קינסטלער, וואָס איז באַאיינפלוסט פון געפילן, מחשבות און וויזיע — פון אימפּרעסיעס, וואָס זענען געווען אַנדערש, ווי ביי פיל פון זיינע מיטצייטלערס. אין די פריערדיקע יאָרן, ווען אייראָפּעישע קונסט־מאָלערס האָבן עקספּערימענטירט מיט כל־ערליי סטילן, איז דאָך אין אויסטראַליע דער קאָנסערוואַטיזם געזעסן טיף אין זאַטל. לינדזעי איז געווען דער רעבעל קעגן קאָנסערוואַטיזם.

עס וועט דאָ זיין אויפן ריכטיקן פּלאַץ צו דערמאָנען, אַז אַן אוי־סטראַלישע קולטור איז צו ערשט פּראָקלאַמירט געוואָרן דורך די פייזאַזש־מאָלערס. די עסטעטישע עקספּרעסיע פון דעם א״ג אויסט־ראַליאַניזם, איז קודם געקומען צום אויסדרוק אין די מאָלערייען פון גרונער, הילדער, הייסען, סטריטאָן און אַנדערע. זיי זענען געווען גרויסע בר־מזלס צו האָבן גוטע פּאַטראָנען פאַר זייערע בילדער. אַ דאַנק דעם איז נאָך אין 19טן יאָרהונדערט דערמוטיקט געוואָרן די אַנטוויקלונג פון דער אויסטראַלישער מאָלעריי.

ווידער די שרייבערס — זיי זענען געקומען שפּעטער, און די קאָלאָניאַלע פּאָעטן און ראָמאַניסטן זענען דאָך אין לאַנד געווען פּונקט ווי אויסלענדער. די פּאָעזיע — אַן אַנגליזירטע, דורך דעם עמאָציאָנעלן פאַקט פון שפּירן זיך אין גלות.

אויף דער פראַגע: ווי אַזוי האָבן זיי געזען דאָס לאַנד? איז דער ענטפער: זיי האָבן זי אין גאַנצן נישט געזען! זיי האָבן געזען זיך און די „בייטיווס", וועלכע זענען זיי נישט געווען ·צום האַרצן... דאָס לאַנד גופא האָט נישט געהאַט פאַר זיי קיין פּאָעטישן סובסטאַנץ.

פאַראַן נאָך עד היום אַ געוויסער פּראָצענט שרייבערס אין אויסטראַליע, וועגן וועלכע די פּאָעטעסע דזשודיט רייטה האָט ריכטיק באַמערקט, אַז זיי האָבן נאָך היינט אַ באַציִונג צו אויסטראַליע, ווי די פאַרצייטישע ערשטע קאָלאָניסטן אין לאַנד, פאַר וועלכע דאָס איז געווען „דאָס לאַנד פון גלות און האָפענונג" (אָדער האָפענונגסלאָזיקייט).

עס דערמאָנט זיך מיר, ווי איך האָב געהאַט געטראָפן אין עראָפּלאַן אַ מאַן, אויפן וועג פון מעלבורן קיין סידנעי, אַן אַמעריקאַנעם טוריסט. אין זיין שמועסן מיט מיר, האָט ער א זאָג געטאָן: „איך האָב געהאַט אַ „שאָק", אַז דער אויסטראַליער לעבט נאָך פּסיכיש אַלץ אין דעם פאַרצייטנס פון דער פאַרשיקונגס־קאָלאָניע. אויך אַמעריקע איז עס אַמאָל געווען און האָט שוין לאַנג פאַרגעסן פון דעם, אָבער ביי אייך אין אויסטראַליע קענט איר עס נישט פאַרגעסן. עס האָט נאָך אַלץ ביי אייך אין לאַנד אַ טיפע באַדייטונג אין דעם באַוווסטזיין פון אייערע שרייבערס און קינסטלערס".

מייך ענטפער איז געווען, אַז דער אויסטראַלישער קינסטלער האָט די אויפגאַבע אויסצודריקן אויפסניי, פאַר די אויסטראַליער, דעם כאַראַקטער פון לאַנד און דעם כאַראַקטער פון די מענטשן. די אויסטראַלישע ליטעראַטור איז היינט שטאַרק איינגעוואָרצלט ווי אַ לאָקאַלער פלאַנץ מיט זיין קלימאַט פון אַן היימישער אַטמאָספער. אָבער געשיכטע מיט אַלע אירע באַגלייט דערשיינונגען פון 19טן יאָרהונדערט פאַרפאָלגט נאָך אַלץ דעם אויסטראַלישן קינסטלער אין דער טעמאַטיק פון קונסט־טערמינען.

אָט זעען מיר ווי דאָס לאַנד ראַנגלט זיך נאָך שטאַרק מיט דעם פּראָבלעם פון די אַבאָרידזשיניס און דאָס איז נאָך אַן איבערבלייבעניש פון דער קאָלאָניאַלער ירושה.

דער אַמעריקאַנער טוריסט איז קענטיק געווען אַן ערודיט אין מאָלעריי און ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן וועגן די אויסטראַלישע מאָלערס און צייכנערס, וועגן זייער כוח צו אינטערפּרעטירן, און דערמאָנט, צווישן אַנדערע — לינדזעין.

ער האָט מיר דערציילט אַ געשיכטע, וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן מיט נאָרמאַן לינדזעיס אַן אויסשטעלונג אין לאָנדאָן, אין 1923. די „נשים צדקניות" פון פאַרשידענע פוריטאַנישע פרויען־גרופּעס און געזעלשאַפטן, האָבן נאָך דער דערעפענונג פון דער אויסשטעלונג (מיט די פאַרשיידנאַרטיקע „נודס"־צייכענונגען) געפאָדערט, מ'זאָל לינדזעין אַרעסטירן פאַר פאָרנאָגראַפיע.

מאַכט זיך, אַז די דעמאָלסטיקע ענגלישע „ערשטע לײדי", די קעניגין מערי, איז אויך געקומען זען די אויסשטעלונג. ווען זי האָט געזען די „נודס", האָט זי גענומען אויספרעגן דעם הויפּט־אויפזעער פון דער אויסשטעלונג, ער זאָל איר דערקלערן דעם זין פון די אַלע דעטאַלן אין לינדזעיס צייכענונגען. ער האָט באַקומען אַלע קאָלירן אין פּנים ביים פרווּון אויפקלערן די פאַרשידענע פאַרבן און פּרטים פון די צייכענונגען. דאָס האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון אַנדערע באַזוכער פון דער „געזעלשאַפט", וואָס זענען צוגעקומען נענטער צו הערן די אויפקלערונגען. אָבער די קעניגין, דערזעענדיק די גאַלעריע פרויען־אויגן אויף זיך לעבן די „נודס", האָט זיך אויס־באַהאַלטן הינטער אַ פאָרהאַנג . . .

לינדזעי האָט אויך אין אויסטראַליע אין יענע יאָרן געהאַט „צו זינגען און צו זאָגן" צוליב זיינע צייכענונגען . . . אָבער נישט נאָר וואָס ער האָט זיך פון דעם נישט איבערגענומען, פאַרקערט נאָך, האָט הנאה געהאַט פון זיין ראָל צו זיין אַ ציל־ברעטל פאַר די אַלע צניעות־היטער.

איינע פון זיינע אַקסיאָמעס איז געווען: אַראָפּרייסן מאַסקעס פון די, וואָס קוקן מיט פאַרגלאָצטע אויגן אויף דער מאָראַל פון דער געזעלשאַפט און נעמען אויף זיך די ראָל פון צענזאָרן . . . מאָלערס האָבן זיי נאָך דערלויבט צו מאָלן נאַקעטע מאָדעלקעס. אָבער מאַכן פון זיי אַן אויסשטעלונג? איז געקומען דער באַהעמיקער נאָרמאַן לינדזעי און געפרעגט אַ שאלה: — פאַר וואָס זאָלן פאָעטן נישט האָבן די זעלבע פריווילעגיע ווי מאָלערס, צו שטודירן דער פרוי אין „נוד"?

נישט פרעגנדיק ביי די צענזאָרן, פלעגט ער אַרויסווייזן חסד צו זיינע פריינד פאָעטן, און זיי פאַרבעטן צו זיך אין דער אַטעליע, ווען ער האָט געצייכנט אַ מאָדעלקע.... איינע פון זיי, — „ריטאַ פון די ניינציקער" — באַקאַנט ווי אַ צייכענונג פון זייער אַ שיינער יונגער פרוי (זי איז דאָ אין זיין בוך „אָפּגעקליבענע פּען־צייכענונגען") האָט טאַקע פיל מאָל פאָזירט פאַר אים אין דער אָנוועזנהייט פון לינדזעיס אַ פריינט. דער מאָלער האָט געגלויבט, אַז דער גאַסט (אַ באַקאַנטער פאָעט) וועט אַרויסווייזן די זעלבע קילקייט און גלייכגילט, ווי ער...

אמת, נישט אַלע מאָדעלקעס האָבן מסכים געווען צו האָבן זייטיקע אַנוועזנדיקע בעתן פאָזירן. אין זיינע אויטאָביאָגראַפישע ביכער דער־ציילט לינדזעי אייניקע פיקאַנטע עפּיזאָדן, וואָס האָבן שיער נישט צעשטערט דעם שלום־בית צווישן אַ פּאַרפּאָלק, ווען די פרוי האָט זיך דערוווּסט, אַז איר מאַן איז געווען אין דער אַטעליע און איינער פון די מאָדעלקעס געהאָלפן זיך אויסטאָן... עס האָט געקאָסט לינדזעין אַ סך מי צו איבערצייגן דער פרוי, אַז דער מאַן האָט איר נישט פאַרראַטן.

אָט די קוריאָזן האָבן קורסירט צווישן די מאָלערס און שריי־בערס, וואָס פלעגן זיין די שטאַם־געסט ביי נאָרמאַן לינדזעי.

אינטערעסאַנט איז אויך, וואָס ער דערציילט אין זיין אויטאָביאָ־גראַפישן ראָמאַן („צימערן און הייזער") וועגן די קינסטלער, וואָס האָבן בעסער געוואָלט וווינען אין צימערן ביי יענעם און זיך נישט פאַרדרייען דעם קאָפּ מיט וווינען אין אַ הויז, מיט אַלץ וואָס איז דער־מיט פאַרבונדן. עס איז באַוווּסט געווען לינדזעיס אַטעליע אויף „ברידזש סטריט" נומער 12, וואָס איז געווען דעמאָלט אַ מין קונסט־סאַלאָן פאַר באַהעמיקער און פריינט. איינער פון זיי, אַ רוסישער ייִד, דאַליאַ דיבוש, אַן אַריינגייער צו לינדזעין, האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין אויסטראַלישן טעאַטער, ווי אַ רעזשיסאָר און אַקטיאָר. זיין געשיכטע איז באמת אַן אינטערעסאַנטע.

זיין טאַטע האָט אים צוגערעדט ער זאָל שפּילן אויף דער בינע. ער האָט געזען דעם זונס אַקטיאָרישן טאַלאַנט און געהאַט פאַרשטענ־דעניש פאַר טעאַטער. ער האָט געלאָזט דעם זון זיך לערנען אין דער סטו־דיע פון סטאַניסלאַווסקין, וועלכער האָט געגלויבט, אַז דער אַקטיאָר דאַרף נישט נאָר פאַרשטיין, נאָר אויך דורכלעבן יעדן באַוועג פון דעם כאַ־ראַקטער, וועלכן ער שפּילט אויס. סטאַניסלאַווסקי פלעגט נאָך זעקס מאָנאַטן רעפּעטיציעס ערשט דערלויבן צו מאַכן אַ פאַרשטעלונג.

דאַליאַ דיבוש האָט נאָכן דורכמאַכן סטאַניסלאַווסקיס שול, עמי־גרירט קיין אויסטראַליע. פאַר דעם, לויט דער עצה פון פאָטער, זיך אויסגעלערנט צו מאַכן שאָקאָלאַד, וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גוטע זאַך דאָן צו האָבן פרנסה אין אויסטראַליע. ער האָט זיך איינ־געאָרדנט אַ שאָקאָלאַד־פאַבריק, וואָס האָט שטאַרק פּראָספּערירט און דיבושן געגעבן גענוג פרייע צייט זיך אָפּצוגעבן מיטן טעאַטער. ער האָט אויפגעפירט פּיעסן פון גאָגאָלן און פון טשעכאָוון. די אויפפירונג פון „קאַרשן־גאָרטן" האָט מעלבורן געהאַט לאַנג צו געדענקען. ער האָט מיט די אַקטיאָרן איינגעקנעלט, אַז דאָס אויסשפּילן די „פּויזעס" פון טשעכאָווס אַ פּיעסע, האָט פּונקט אַזוי פיל באַדייטונג, ווי די פּראָזע, ביים שאַפן די שטימונג.

לינדזעי האָט געמאַכט די בינע־דעקאָראַציעס פאַר זיינע אויפ־פירונגען און די קאָסטיומען פאַר די ראָלן. און נאָך זיין אויפפירן די דראַמע „נעד קעללי" איז דאָליאַ דיבוש געווען אַן אַקטער באַזונדער פון לינדזעיס אַטעליע. דיבוש האָט געהאַט שוועריקייטן מיטן ענגלישן לשון און באַזונדערס ביים אַרויסרעדן דעם „דאַבל־יו". ער האָט מחמת דעם אַממיינסטן געשפּילט די ראָלן פון אויסלענדישע כאַראַקטערן, קאָמישע ראָלן, פאַר וועלכע עס איז געווען צוגעפּאַסט זיין שלעכטער אַקצענט, וועגן וועלכן חברה פלעגט אַ סך קיבעצן. דער יידישער מזרח־אייראָפּעישער אימיגראַנט האָט אַ סך בייגעשטייערט פאַר דער אַנט־וויקלונג פון אויסטראַלישן טעאַטער.

יעדער וואָס האָט נאָר געהאַלטן אַ פּען אין האַנט אָדער אַ פּענדזל, האָט געוואָלט באַקענען און זוכן די פריינדשאַפט פון נאָרמאַן לינדזעי. און ס'איז נישט געווען קיין ווונדער: לינדזעי האָט אין זיינע ווערק געשאַפן אַ וועלט, אַן אייגנאַרטיקע לינדזעיִשע וועלט, אויסנוצנדיק יעדן מעדיום. עס איז געווען אין דער מאָדע צו האָבן זיינע אַרבעטן, וואָס האָבן געהאַט אי קינסטלערישע קוואַליטעט, אי אַ קאָנצעפּציע פון אָריגינעלער דעקאָראַטיוויקייט.

די אָנערקענונג פון זיין טאַלאַנט האָט זיך אָנגעהויבן אין 1901. ער איז אַלט געווען ביי צוויי און צוואַנציק יאָר, ווען ער האָט געמאַכט זיינע צייכענונגען צו „דעקאַמעראָן". דער רעדאַקטאָר פון „בולעטין" האָט אים צוגעצויגן ווי אַ מיטאַרבעטער, און ער איז געוואָרן דער קאַריקאַטוריסט פון זשורנאַל. זיין פילזייטיקער טאַלאַנט האָט גלייך צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט. מען האָט דערזען אַ יונגן מענטש מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער באַגאַבטקייט, ענערגיע און זיכערקייט פון זיין פּערזענלעכקייט. ער האָט זיך תיכף אויסגעטיילט מיט זיין גראַפישער קונסט. ווי מיט זיינע ליטעראַרישע אַרבעטן.

ער האָט געשריבן וועגן אַלץ אין דער וועלט, אַרויסגעגעבן אפילו עטלעכע פילאָזאָפישע ביכער, אַרויסגעוויזן ערודיציע אין די גרי־כישע קלאַסיקער, און זיך געפילט אַ בן־בית אין דער וועלט פון געטע, באַלזאַק, אָדער מאָפּאַסאַן. וועגן אַלץ האָט ער גערעדט ווי אַן עקספּערט: וועגן האָמער און יוריפּידעס, פּלאַטאָ און פּעטראַנוס. זיין אויסערגעוויינטלעכער זכרון צו געדענקען, אינטערפּרעטירן און רעדן מיט עקספּערטיז וועגן געשיכטע און פילאָזאָפיע, וועגן מיטאָלאָגיע און מוזיק.

ער האָט זיך געפילט „אין דער היים" ביים רעדן וועגן די זולו־מלחמות אָדער וועגן שיפן, און געדענקט אַלע זייערע נעמען, דאַטעס, ערטער. איינע פון זיינע „האָביס" (צייט־פאַרברענג) איז געווען צו מאַכן שיף־מאָדעלן. אויך אין זיי האָט ער אַרויסגעוויזן זיין טאַלאַנט

און טעכנישע ברילִיאַנטישקייט. זיינע פריינד האָבן אים צוגערעדט און ער האָט שפּעטער אַרויסגעגעבן אַ בוך „נאָרמאַן לינדזעיס שיף מאָדעלן".

לגבי אים קען נאָר דאָס וואָרט זשעני פאַרקערפּערן זיין קראַפט און אָריגינאַליטעט, זיין אוימאויפהערלעכע, שעפערישע ענערגיע אין אַזוי פיל קונסט־זשאַנערן: געמעל, צייכענונג, סקולפּטור, ליטעראַטור, (שרייבער פלעגן גערן אים הערן רעדן, ווי אַזוי צו קאָנסטרואירן אין אַ ראָמאַן, אַקציע און כאַראַקטעריזאַציע; און ווי אַזוי מ'דאַרף אָרגאַניזירן די א"ג בריקן־טיילן).

ער האָט פאַרן אייגענעם פאַרגעניגן געמאַכט גאָרטן־אָרנאַמענטן, סטאַטועס־פיגורן, וואָס זענען ווערטפולע סקולפּטורן. זיינע קונסט־ביכער און רעפּראָדוקציעס האָבן געהאַט אַ גוטן אָפּזאַץ־מאַרק. ס'רוב פון זיינע ווערק זענען צעשפּרייט איבער די קונסט־גאַלעריעס פון גאַנץ אויסטראַליע. ער האָט געשיקט אויך קיין אַמעריקע אַ רייכע קאָלעקציע פון זיינע געמעלן און פעדער־צייכענונגען, פון וועלכע טיילן זענען פאַרברענט געוואָרן בעת אַ פייער־אויסברוך אין דעם צוג, ווו מ'האָט זיי געפירט.

אַ באַזונדער געשיכטע איז זיין טעמע אַטלאַנטיס — דער לעגענ־דאַרער אינדזל אין אַטלאַנטישן אָקעאַן, וועלכן פּלאַטאָ באַשרייבט מיט אַלע פּרטים. דער טרוים פון אַ שיינער ציוויליזאַציע, ווו די קינסט־לער זענען די עליטע, האָט פאַרכאַפּט די פאַנטאַזיע פון נאָרמאַן לינדזעי. ער האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן וועגן אַטלאַנטיס, נישט ווי אַ לעגענדע, נאָר ווי אַ פאַקט פון וועלכן עס איז, לײדער, נישט פאַרבליבן קיין געשיכטלעכע פאַרצייכענונג. יעדן רמז און וויכוח אַרום אַטלאַנטיס האָט ער נאָכגעפאָלגט אויף אַ ליידנשאַפטלעכן אופן, און מחמת עס איז עד היום נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן אויף וויפיל די לעגענדע איז אַ פּראָדוקט פון פּלאַטאָס פאַנטאַזיע, אָדער עס איז טאַקע געווען אַזאַ ציוויליזאַציע אויף דעם אינדזל — וועגן דעם גייט נאָך אָן אַ וויכוח — אָבער נישט פאַר נאָרמאַן לינדזעי, וועלכער האָט פאַר די אויגן געהאַט אַ רעאַלן בילד פון פּלאַטאָס אַטלאַנטיס...

ער האָט בכלל געלעבט מיט דעם באַוווסטזיין, אַז די גאַנצע מענטשלעכע ציוויליזאַציע און די גאַנצע וועלט־ליטעראַטור, אָנהייבנ־דיק פון האָמער ביז זיין צייט און דור, פאַרמאָגט דורך אַלע אונטער־שיידן אַ גלייכצייטיקע קאָנסטרוקציע און סדר, ביים לייגן אַ ציגל נאָך אַ ציגל צו די אייגענע בנינים פון נאַציאָנאַלע קולטורן.

די צענטראַלע טעמאַטיק פון זיין שאַפן איז געווען אַן אוניווער־סאַלע. לדוגמא, זיינע קונסט־געמעלן, ווי די „אַמאַזאָנען פון דאָן זשואַן",

אָדער „כבוד צו באַלזאַקן״ — צו דערמאָנען נאָר אַ פּאָר נעמען פון זיינע הונדערטער עקספּאָנאַטן אין אוניווערסאַלע פאַרבן. ביי אים האָט דער סטימול צו אַ ווערק געקענט אַמאָל זיין צוליב אַ שפּאַס. ער דערציילט טאַקע, אַז זיין בוך (וואָס איז געוואָרן אַ קלאַסיש ווערק) „צויבערקוגל״, האָט ער אָנגעשריבן צוליב אַ שפּאַס, וואָס ער האָט געמאַכט מיט זיינס אַ פּלימעניק, וועלנדיק אים איבערצייגן, אַז קינדער האָבן בעסער ליב געשמאַקע מאכלים, ווי צויבער־מעשיות.

אָבער אין ערנסטע מאָמענטן האָט ער געשאַפן זיינע באַוווּסטע אַנטי־היטלער קאַריקאַטורן צו דעמאָנסטרירן זיין באַציִונג צום נאַצי־רעזשים. פּערזענלעך האָט ער אָבער נישט פאַרטראָגן ערנסטקייט און אָנגעקראָכמאַליעטקייט. פאַרקערט, לייכטקייט און פריילעכקייט איז געלעגן אין זיין בלוט. ער פלעגט דאָס וועלן זען פון זיינע פריינד און פאַרערער, וועלכע האָבן געקלעפּט אַרום אים. אין זיין אויטאָביאָגראַפיש בוך „מיין מאַסקע״ געפינט מען אַ ריי עפּיזאָדן און אינטערעסאַנטע באַשרייבונגען אַרום זיין קאָנצעפּציע פון — חי־געלעבט.

איך האָב פון אָנהייב דערמאָנט זיין טאַלאַנטירטע משפחה. זיין ברודער פּערסי לינדזעי ווערט דורך איניקע קונסט־קריטיקער באַטראַכט פאַר דעם פיינסטן מאָלער פון דער פאַמיליע. נישט לאַנג צוריק איז אין באַלאַראַט (אַ שטאָט לעבן מעלבורן) פאָרגעקומען אַ גרעסערע אויסשטעלונג פון פּערסי לינדזעיס עקספּאָנאַטן, ווי אַן אויסדרוק פון כבוד־אָפּגעבן דער גאַנצער לינדזעי־פאַמיליע. ער האָט מיטגעאַרבעט אין באַוווּסטן זשורנאַל „בולעטין״.

געווען זענען צען קינדער אין דער לינדזעי־פאַמיליע, זענען פינף פון זיי קינסטלערס און שרייבערס, נישט סתם מיט אַ דורכשניטלעכן טאַלאַנט, נאָר מיט אַ נאָמען וויט איבער די גרענעצן פון אויסטראַליע.

אין לאַנד גופא זענען די נעמען נאָרמאַן, לייאָנעל, דאַריל פּערסיוואַל (פאַרקירצט אויף פּערסי) און רובי, עד היום א שם דבר אין פיל קינסטלערישע זשאַנערן. עס זענען נאָר דאָ חלוקי דעות, ווער פון זיי איז מער טאַלאַנטירט אויף דעם אָדער אַנדער געביט פון דער פלאַסטישער קונסט אָדער ליטעראַטור.

ווי ס׳רוב ביי גרויסע טאַלאַנטירטע פאַמיליעס, ווו עס טיילן זיך אויס קינדער מיט זייערע שטאַרקע אינדיווידועלע פּערזענלעכקייטן, איז אויך די לינדזעי פאמיליע געווען צעטיילט צווישן פאַרשידענע קונסט־ריכטונגען און לאַגערן. אַמשטאַרקסטן האָט זיך אויסגעטיילט נאָרמאַן, וואָס האָט זיך אַלעמאָל אָנגעכאַפּט אין נייע טעאָריעס און קאָנצעפּציעס אַזש ביז ספּיריטואַליזם.

אַ געמיינזאַמער שטריך ביי זיי אַלע איז געווען די שטאַרקע

באַרעדעוודיקייט... עס גייען נאָך ביז היינט אַרום קוריאָזן אויף דער טעמע. למשל, ביים עסן אַמאָל צוזאַמען מיט זייער אַ נאָענטן פריינד, ר. ג. מענזעס (אגב, האָט מענזעס, זייענדיק פרעמיער־מיניסטער פון אויסטראַליע, אָנגעשריבן אַ פאָררעדע צו אַ ביאָגראַפיש בוך פון איי־נעם פון די לינדזעי ברידערס), האָבן זיי אַלע גערעדט פאַר אַמאָל. רופט זיך אָפּ לייאָנעל צו מענזעסן: „די צרה מיט נאָרמאַנען איז וואָס ער רעדט צופיל. נאָרמאַן האָט אים נישט פאַרשוויגן (כאָטש עס איז אים אָנגעקומען שווער צו קומען צום וואָרט...) „די צרה פון לייאָ־נעלן, האָט ער צוגעגעבן, באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט אויערן, אָבער עס ווייזט אויס, אַז זיי האָבן נישט די פונקציע צו הערן..."

אין זייערע אויטאָביאָגראַפישע ביכער איז פאַראַן אַ שלל מיט אַנעקדאָטן וועגן די ברידער. אָבער דער אַנעקדאָטאַריום געהערט נישט צו אונדזער טעמע, איך וועל נאָר אָנרופן אייניקע פון זייערע אויטאָ־ביאָגראַפישע ביכער מיט אַזעלכע נעמען: „צייט אָן זייגערס"; „לעבן דערציילט זעלטן"; „קאָמעדיע פון לעבן"; „אַ בלעטערנדיקער בוים"; „אַ פאָרטרעט פון טאַטן". צו דעם נאָר באַמערקן, אַז דעם טיטל „לעבן דערציילט זעלטן" איז גענומען געוואָרן פון באַריס פאַסטערנאַק, וועל־כער האָט געהאַט געשריבן: „עס זענען פאַראַן בלויז געציילטע, אפילו צווישן די דערוואַקסענע, וואָס זאָלן פאַרשטיין דאָס, וואָס פאַרמירט, שאַפט און בינדט זיי צוזאַמען. דאָס לעבן זאָגט זיי זעלטן אונטער, וואָס ער גייט טאָן מיט זיי, מחמת ער האָט צו שטאַרק ליב זיין ציל. ווען ער רעדט שוין יאָ וועגן זיין אַרבעט, איז עס נאָר צו די, וואָס ווינטשן אים דערפאָלג און טוען לויבן זיינע מכשירים". אָט די שורות פון פאַסטערנאַקן האָט דער מחבר גענומען ווי אַ מאָטאָ צו אַן אוי־טאָביאָגראַפיש בוך, וואָס פּראָזשעקטירט די קינדהייט און יוגנט פונעם מחבר.

אַ געמיינזאַמער שטריך ביי די ברידער לינדזעי איז געווען זייער ערודיציע אין קונסט, ליטעראַטור, געשיכטע, פילאָזאָפיע — און אין וואָס נישט? נישט פון שולן האָבן זיי זיך אָנגעזאַפט מיט דעם אַלגע־מיינעם וויסן, נאָר מיט לייענען יעדע פרייע מינוט. זייער לייען־מאַטער־יאַל האָט אַרומגענומען דעם ברייטסטן פעלד: די גריכישע פילאָזאָפיע, די ענגלישע שרייבערס פון 18טן יאָרהונדערט, די פראַנצויזישע שול. דער געבילדעטסטער פון זיי איז געווען לייאָנעל, וועלכער האָט באַ־הערשט אין וואָרט און שריפט אַ ריי שפּראַכן. ער האָט זיך אפילו גענו־מען לערנען כינעזיש, בכדי צו פאַרשטיין די פאַרצייטישע כינעזישע פּאָעזיע. ער איז אָבער געבליבן שטיין ביי פינף הונדערט כינעזישע כאַראַקטערן און עס אויפגעגעבן.

לייאָנעל לינדזעי האָט זיך אַמבעסטן געפילט אין אַן אינטעלעק־

טועלער סביבה, וואָס האָט אים סטימולירט. אָבער דאָס וויכטיקסטע פאַר אים איז געווען, אַז ער האָט נאָר געהאַט מיט וועמען צו רעדן. עס האָט געקענט זיי אַ פּרעמיער־מיניסטער, אַן הויפּט־ריכטער און אפילו דער קצב ביי וועמען ער האָט געקויפט פליש. ער האָט געקענט אָפּשטעלן דעם בעקער אין גאַס און אַוועקלייגן אַ דיסערטאַציע ווי אזוי צו באַקן ברויט, דערביי אַריינוואַרפן אַזאַ פראַזע: — געדענקסט דאָך וואָס פּלאַטאָ האָט געזאָגט וועגן געזעץ?... ער האָט דערביי, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין שום חשבון, טאַקע משמעות אליין געגלויבט, אַז יעדער איינער ווייס וועגן וואָס ער רעדט.

ער פלעגט ביים עסן — הגם ער האָט שטאַרק הנאה געהאַט פון עולם הזה, פון גוט עסן און טרינקען — אָבער צום רעדן איז עס נישט געקומען! פלעגט ער האַלטן אַ גלאָז וויין אין האַנט און אַריבערשפּרינגען פון איין טעמע צו אַ צווייטער, פון די הויכע פלייַנען פון וויסנשאַפט צו דער פּאָליטישער לאַגע אין אייראָפּע, און וועגן דער פראַנצויזישער ליטעראַטור, צי גאָר וועגן פּויפּסט אָדער אָקסן־קאַמפן — דאָס עסן פלעגט דערווייל ווערן קאַלט.

ער איז געווען אַ תמימותדיקער מענטש, אָן א שמץ גאווה, און געגלויבט זיינע אייגענע ווערטער: „איך, רעד וויניק"... ער האָט אַמאָל אויפן וועג קיין סידנעי געטראָפן אַ געוועזענעם ענגלישן אַרמיי אָפיציר, שוין אַן עלטערער מענטש, היפּש טויבלעך. לייאָנעל האָט די גאַנצע צייט אין אים אַריינגערעדט וועגן דער כינעזישער פּאָעזיע, וועגן וואָלטערן, וועגן רעמבראַנדטן און וועגן אַ טוץ נאָך אַנדערע טעמעס, ביז זיי זענען אָנגעקומען קיין סידנעי. ער האָט געדרוקט שטאַרק די האַנט דעם אַלטן אָפיציר, וועלכער האָט גיך אָפּגעצויגן פון זיין קאָמפּאַניאָן, ווי פון אַ פּעסט... נאָך דעם האָט לייאָנעל אַ זאָג געטאָן צו זיין זון: — „איך גלויב ער האָט הנאה געהאַט פון דעם שמועס"... „דער טויבלעכער אָפיציר האָט דאָך נישט געהערט וואָס דו האָסט גערעדט צו אים", האָט דער זון געענטפערט דעם טאַטן. ער האָט דאָך נאָר געעפנט זיין מויל צו זאָגן „יאָ" אָדער „ניין" און דאָס איז אויך נישט געווען אויפן ריכטיקן אָרט..."

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, איז די לינדזעי משפחה איינע פון די אָנגעזעענסטע אין אויסטראַליע. עס איז ווייט נישט קיין אָפּטע דערשיינונג, אַז פון אַ פאַמיליע פון צען קינדער זאָלן פינף אַרויסוואַקסן מיט אַ גרעסערן אָדער קלענערן טאַלאַנט אין אַזוי פיל קינסטלערישע זשאַנערן, ווי מיר זעען עס ביי נאָרמאַן, לייאָנעל, דאַריל, רובי, פּערסיוואַל — צו דערמאָנען בלויז די פינף ברידער פון דער לינדזעי פאַמיליע — אַ חוץ פון די קינדער זייערע און די איבעריקע מיטגלידער

פון דער פאַרצווייגטער לינדזעי משפּחה (וואָס האָט גע׳שמט ווייט איבער אויסטראַליע און אין אויסלאַנד).

אָבער ווי שרייבער מיט אָנערקענונג האָבן באַקומען נאָר די צוויי לינדזעי ברידער: נאָרמאַן און לייאָנעל. נאָרמאַן איז געווען דער פּרוכטיקסטער. ער האָט געשריבן יעדן טאָג, בעיקר ביינאַכט, און געקענט אָנשרייבן אין אַ נאַכט טויזנטער ווערטער. אויב ער האָט נישט געשריבן קיין ראָמאַן אָדער אַ ביאָגראַפיש בוך, האָט ער געשריבן אָפּהאַנדלונגען וועגן בראַונינג אָדער סערוואַנטעס, וועגן קאָנראַד אָדער בוירנס, און וועגן פיל אַנדערע פון זיינע ליטעראַרישע געטער.

ער איז געווען גאַנץ באַשיידן וועגן זיך און זאָגן: „אויב פון מיין פּראָדוקציע וועט בלייבן מיט אַ דויערנדיקן ווערט אפילו נאָר צוויי פּראָצענט וועל איך זיין גליקלעך. דאָס איז אַממיינסטן וואָס יעדער מענטש דאַרף וואָגן צו האָפן״...

אוודאי האָט ער געהאַט זיינע שוואַכקייטן און בלויזן, אָבער פאַר־מאָגט האָט ער פייער אין מוח און פייער אין האַרצן. מיטביידע פייערן איז ער אדורך די אַלע שטורעמס, וואָס האָבן געבושעוועט אַרום זיין שאַפן, מחמת ער איז פון זיין אָנהייב ביזן סוף פאַרבליבן אַ קאָנטראָ־ווערסאַלע פיגור.

קודם איז דאָס געווען די פראַגע פון סעקס. זיין ברודער לייאָנעל האָט געזאָגט וועגן נאָרמאַנען, אַז סעקס האָט ביי אים פאַרנומען אַזאַ אָרט, ווי מאָדעס ביי אַ פרוי. עס איז געווען נישט נאָר די דאָמינאַנטע אין זיינע צייכענונגען, נאָר אויך פון זיין צוגאַנג צום לעבן. דאָס איז געווען די שטאַרקסטע געווער אין זיין האַנט קעגן שמאָלקעפּיקן פּראָ־ווינציאַליזם פון אויסטראַליע אין יענער צייט.

אמת איז, אַז ער האָט נישט אויפגעהערט צו קעמפן אפילו ווען ער האָט שוין געהאַט געוווּנען די שלאַכט. אָבער דאָס פאַרמינערט נישט זיין ראָל און אויסווירקונג אין זיין צייט צו באַפרייען דעם שע־פערישן קינסטלער פון זיינע קאָנווענציאָנעלע קייטן, ער זאָל קענען פריי אויספאָרשן דעם עגאָ פון מענטש און די ראָל פון געשלעכטלעכן אינסטינקט, ווי אַ דאָמינירנדיקער מאָטיוו אין זיינע האַנדלונגען.

אַ סך פון דעם פאַר וואָס ער האָט בשעתו געקעמפט זעט אויס היינט פאַרעלטערט. אָבער מיר דאַרפן דעם קינסטלער זען אין דער ראַם פון אַ פאַרגאַנגענער עפּאָכע און דאַן אים אָפּשאַצן נישט אויפן סמך פון אַן איינצלנעם צווייג פון זיין שאַפן, נאָר פון אַלע צווייגן צוזאַמענגענומען, אַרויסגעוואַקסן אויף איין בוים, געבענטשט מיט פאַר־שידענע פרוכטן, זעלטן ביי איין שטאַם צו טרעפן.

ווען מען נעמט צונויף זיינע אַלע געשאַפענע בילדער, זיינע ראָ־

מאַנען און דערציילונגען, די ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען, ווער רעדט נאָך וועגן זיינע קריטישע צייכענונגען און אילוסטראַציעס צו ווערק; די אַקטועלע קאַריקאַטורן, די שיף־מאָדעלן און די פילאָזאָפישע עסייען — אַלץ צוזאַמען איז אַ שלל פון אַ ראַנגע, וואָס מען באַצייכנט מיטן נאָמען: זשעני. ווען מיר ווען מיר וועלן צו דעם אויך אונטערשטרייכן זיין ראָל אַלס ליטעראַרישער מדריך און אינספּיראַטאָר פון יונגע שרייבער — מחמת אויך דאָס גייט אריין אין חשבון פון זיינע דערגרייכונגען, קענען מיר ערשט באַגרייפן זיין ראַנגע.

עקסצענטרישע כאַראַקטערן אַרויסצוהייבן, איז געווען איינער פון זיינע טאַלאַנטן. ער פלעגט זיי קענען פּרעזענטירן אין איבערצייגנדיקע טערמינען. בכלל איז זיין אופן פון פּאָרטרעטירן מענטשלעכע שוואַכקייטן און אויסטערלישקייטן געווען אַ שם דבר, מחמת ער האָט זיי באַוויזן צו מאַכן פולסירן פול מיט לעבן. דאָס האָט ער אויך געטאָן מיט זיין אייגענער אויסטערלישקייט, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן לגבי פּלאַטאָס לעגענדע וועגן אַטלאַנטיס.

איך האָב שוין וועגן דעם פריער דערמאָנט, אָבער וואָס איך וויל דאָ אונטערשטרייכן איז, וואָס עלטער ער איז געוואָרן, אַלץ מער האָט ער אַליין געגלויבט אין אָט דער אונטערגעגאַנגענער וועלט, וואָס איז פאַרניכטעט געוואָרן דורך עפּעס אַ נוקלעאַרן קאַטאַקליזם מיט אַ 20 טויזנט יאָר צוריק ערגעץ אין צפון ים.

ער האָט געהאַט אין זיך דעם כוח צו איבערצייגן אפילו די סקעפּטיקער, אַז ס׳האָט עקזיסטירט אַזאַ „אַטלאַנטיס״ און די באַווייזן פון דעם ליגן באַגראָבן טיף הונדערטער פוס ערגעץ אין ים, און אַרכעאָלאָגן און ים־טויכער וועלן עס נאָך זיכער אַרויסברענגען אויפן אויבערפלאַך.

אַז ער האָט געלייענט אַלץ, וואָס איז אים נאָר געקומען אונטער דער האַנט וועגן אָט דער פאַרלוירענער וועלט, איז זעלבסט־פאַרשטענדלעך. איך האָב דעם איינדרוק, אַז פאַר אים איז דאָס גאָר נישט געווען קיין פאַרלוירענע וועלט, נאָר אַ מאָדעל פון אַ פּערפעקטער וועלט, אַ וואַרעמע, אַן אַנדערע פון דער וועלט אַרום אים. פּונקט ווי דער אָלימפּ־מאָדעל איז געווען אַנדערש פון דער פאָרשטעלונג וואָס זיין זיידע, וויליאַם, האָט געהאַט וועגן הימל און גן־עדן.

יאָ, ער האָט געמוזט גלויבן אין דעם לעגענדאַרן לאַנד, מחמת ער האָט זיך געגוויטיקט אין דעם טרוים. ער האָט געדאַרפט עס זאָל עקזיסטירן, ווייל ער האָט עס געמוזט האָבן צו זיין עקזיסטענץ פון זיין יוגנט ביז צום קבר אַריין. דעריבער האָט ער זיך אַזוי באַגייסטערט ביים רעדן און שרייבן וועגן אַטלאַנטיס, וואָס איז געווען זיין קולט.

ווען מען לייענט היינט זיינע אויטאָביאָגראַפישע מאַטעריאַלן, קענ־טיקט זיך, וואָס כּאַר אַן אָרט עס האָט ביי אים פאַרנומען די קינד־הייט און יוגנט. עס איז נישט לייכט צו שרייבן וועגן קינדער און יונגע ייִנגלעך, ווען מען איז שוין אַליין אין די טיפע רייפסטע יאָרן. אַז מען לייענט זיינע באַשרייבונגען וועגן ייִנגלעך אין זיין צייט, איז צו באַוווּנדערן זיין זכרון פון יענע יאָרן: די סצענקעס, די קליידונג, דער אופן פון רעדן, פון טראַכטן, פון שפּילן זיך און ווי ער פאַרגעדענקט דאָס אַלץ!

ווען מען לייענט זיין „קוזין פון פידזשי״, די רייכע כּאַראַקטע־ריזאַציע פון דער דאַמקין פאַמיליע, וועלכע האָט זיך צוריק אומגע קערט קיין באַלאַראַט אין די יאָרן פון זיין קינדהייט. אָדער זיין ווערק „וווּנדער דורך אַראַנזשירונגען״, איינע פון זיינע בעסטע ביכער וועגן יוגנט און מיטעלע יאָרן. די שילדערונגען זענען פון סידנעי, פון אַ ווייטערדיקן שטאָט־טייל, ווייניק באַוווינט.

דער מחבר צייכנט אַ מיטליאָריק פאַרפאַלק, די גרעשהעמס מיט זייערע עקסצענטרישקייטן. יעדער פון זיי זוכט אַ ליבע־אַפערע, אַ נייע איבערלעבונג, האָבן אָבער מורא צו פאַרלאָזן די אויסגעוואָרעמטע נעסט, די זיכערע היים פון אַן אויבנאויפיקן „גליקלעכן״ פאַמיליע־לעבן... מיט איראָניע איז געצייכנט די רעזיגנאַציע ביים בלייבן מיטן אַלטן רוטין. אַזוי די הויפּט־כּאַראַקטערן, די גרעשהעמס, און אַזוי אויך די אַנדערע כּאַראַקטערן.

עס איז נויטיק צו באַטאָנען, אַז זיי זענען אַלע באַזירט אויף אויטענטישע טיפּן — מאַן, פרוי אָדער קינד — וועלכע דער מחבר האָט מער ווייניקער גוט געקענט. הגם די אַקציע שפּילט זיך אָפּ צווישןביידע וועלט־מלחמות, ווערט עס דאָך אויפגענומען ווי אַ מאָ־דערנער ראָמאַן. דאָס איז טאַקע דער כּוח פון נאָרמאַן לינדזעי.

ער האָט נישט געקענט פאַרטראָגן קיין שום פּאָזע, די פּרעטענ־ציעלקייט פון אַרויסשטעלן זיך אין אַ גרויסאַרטיקער פּאָזע! ער האָט פאַר דעם נישט געזשאַלעוועט זיין סאַטירישע פאַרב... שטייענדיק אין שלאַכט, האָט ער נישט אויסגעמיטן צו באַקומען קלעפּ, ווי א קאָנט־ראַווערסאַלער מאָלער און שרייבער. ער האָט אָפּגעצאָלט צוריק, און מיט הויכע פּראָצענטער...

ווען מען האָט אָפּגעצייכנט זיין 90טן געבוירן־טאָג (1969) האָט דער ראַדיאָ, די טעלעוויזיע און פּרעסע געמאַכט אים די גרויסע פּוב־ליסיטי. טעלעגראַמעס, טעלעפאָנען, בריוו, מתנות פון אַלע זייטן. אַנשטאָט פיינט צו האָבן, האָט אים דער ערב־רב גאָר שטאַרק ליב באַקומען. אַמאָל האָט דער זעלבער המון געוואָלט זיין בלוט, דעם

„פונט פליש”. איצט האָבן זיי געוואָלט קושן זיינע הענט... בלויז מיט די מקורבים האָט ער פאַרבראַכט ביז זיינע לעצטע טעג. צווישן זיי האָבן אויך געהערט די קוקאַבעריס, וואָס האָבן געגעסן פליש פון זיין האַנט.

ער איז פאַרבליבן זיין גאַנץ לעבן קריטיש צו זיך — קיין שום פּאָרטרעט, וואָס ער האָט געמאַכט האָט אים קיין מאָל נישט צופרידנ־געשטעלט, אַזוי אויך זיינע שרייבערישע ווערק. אָבער אייניקע פון זיינע ביכער האָבן לאַנג־דויערנדיקע ווערטן. אַזאַ בוך ווי דער „צווי־בערקוגל” (1918) ווערט כסדר איבערגעדרוקט. עס איז אויפגעפירט געוואָרן אויף דער בינע ווי אַ מאַריאָנעטן־שפּיל. עס האָט דעם שאַרם פון אַן „אַליס אין וואונדערלאַנד”.

זיין צושטייער צו דער אויסטראַלישער קולטור איז זייער גרויס. ער איז אַ בויער און זוכער פון אַן אויסטראַלישער קולטור־אידענ־טיטעט, וואָס האָט אין אים געהאַט אַן איבערגעגעבענעם זשעני.

# די דילעמע פונעם יידישן עמיגראַנטישן לעבן

## (וועגן יהודה וואַטענס יידישער טעמאַטיק)

צווישן דעם צענדליק ביכער, וואָס יהודה וואַטען האָט פאַר־עפנטלעכט, זענען די וואָגיקסטע, די ווערק, וועלכע פאַרשפּיגלען דעם געראַנגל פון די יידישע אימיגראַנטן אין אויסטראַליע צו פאַרהיימישן דאָס נייע לאַנד. דאָס איז פאַר זיי די שווערסטע דילעמע אין זייער געראַנגל צו אַדאָפּטירן דאָס „ווייטע לאַנד" (דער טיטל פון זיינס אַ בוך) און דאָס לאַנד גופא זאָל וועלן אַדאָפּטירן דעם „פרעמדן זון" (דער טיטל פון זיין גראַטענעם ערשטלינג).

יהודה וואַטען האָט געשריבן אויך אויף אַנדערע טעמעס, מיט אַ קלענערן אָדער גרעסערן דערפאָלג, אָבער די „וויזיט־קאַרטע" מיט וועלכער ער איז אַריין אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור, און דורך וועלכער ער איז באַוווסט געוואָרן, ווי אַ שרייבער מיט אַ פּאָזיציע אין דער ליטעראַטור, איז עד היום פאַרבליבן זיין יידישע טעמאַטיק און די אימיגראַנטישע פּראָבלעמאַטיק פונעם יידישן לעבן אין אויסטראַליע, פון וועלכן ער האָלט זיך, אגב, מער ווי פון דערוויטנס...

ווי ער האָט אַליין דערציילט, איז ער פון פנחס גאָלדהאַרן ע"ה באַאיינפלוסט געוואָרן צו שרייבן און בעלעטריזירן די דעראינערונגען פון זיינע קינדער־יאָרן אין אויסטראַליע, וואָס זענען אויסגעפאַלן בעת די יאָרן פון ערשטן וועלט־קריג. ער האָט אָנגעשריבן זיין ערשטע דערציילונג (1946) און זי אָפּגעדרוקט אין אַן אויסטראַלישער אַנטאָ־לאָגיע („פון ברעג צו ברעג"). דער אָפּרוף האָט אים צוגעגעבן מוט צו שרייבן ווייטער אַ סעריע דערציילונגען וועגן יידישע עמיגראַנטן אין אויסטראַליע, וואָס זענען דערשינען אין בוך־פאָרם אונטערן טיטל „דער פרעמדער זון" (1952). דער גראַטענער ערשטלינג איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן דערשינען אין אַ פּאָפּולערער אויסגאַבע, אין צענדליקער טויזנטער קאָפּיעס, און איז אויך איבערגעזעצט געוואָרן אין פיל שפּראַכן. דער מחבר האָט באַקומען אַ רעפּוטאַציע, ווי דער

ערשטער אויסטראַלישער שרייבער פון מזרח־איראָפּעישער אָפּ־שטאַמונג, וואָס שרייבט אין ענגליש.

זיינע 13 דערציילונגען וועגן יידישן אימיגראַנטישן לעבן האָבן צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט, מחמת זיי זענען געשריבן געוואָרן פון אַן אינעווייניקסטן מענטש, פון אַן אימיגראַנטישער פאַמיליע, אָדער־סער יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין אויסטראַליע פאַרן ערשטן וועלט־קריג. יהודה וואָטען איז אַלט געווען קוים 2 יאָר ביים אָנקומען אין לאַנד (פאַר דעם איז זיין משפּחה געווען אַ צווייי יאָר אין פּאַלעס־טינע — 1911—1913). און אין די דערציילונגען פונעם ערשטלינג־ביכל, איז אַ יינגל דער נאַראַטאָר פון די כאַראַקטעריזאַציעס און פּראָבלעמען מיט וועלכע ער טרעפט זיך אָן, ווי אַן אָבסערוואַטאָר מיט אַ שאַרף אויג, וואָס זעט אַלץ וואָס עס קומט פאָר אַרום אים. דאָס יינגל אַליין פּאַסט זיך גיך אַריין אין דער נייער סביבה. אים קומט עס אָן לייכט. אָבער גאָר אַנדערש גייט עס צו מיט די עלטערן זיינע. זיי לײַדן פון היימבענקשאַפט, ווי פון שפּראַכלעכע און קולטור־רעלע באַריערעס.

ער איז אַן עדות פון די באַמיונגען פון זיינע עלטערן און פון אַלע אַנדערע יידישע אימיגראַנטן צוצופּאַסן זיך צו די נייע דער־פאַרונגען פונעם אויסטראַלישן לעבן, אָבער דער פּראָצעס גייט זייער שווער צו. די מאַמע וואָלט שטאַרק געוואָלט אומקערן זיך צוריק קיין רוסלאַנד. איר געפעלט נישט דאָס נייע לאַנד, זי פאַרשטייט נישט די שפּראַך און די מנהגים. אַלץ וואָס זי זעט איז איר דערווידער, עס איז אַ קעגנזאַץ צו איר פריערדיקן שטייגער־לעבן אין דער אַל־טער היים מיט איר קולטור, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט אינעם ווייטן, נייעם לאַנד.

דער דורשט צו וויסן וואָס עס גייט אָן „דאָרטן" איז די הויפּט־טעמע צווישן די יידישע אימיגראַנטן, וואָס אָטעמען מיט דער נאָס־טאַלגישער לופט פון עקספּאַטריאַנטן, וואָס לעבן אין אויסלאַנד מיט דער לופט פון דער היים. דער סוזשעט נעמט אַרום די יאָרן 1914—1918, די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, וועלכע זענען לחלוטין געווען אַנדערש — אין פיל הינזיכטן — פון די יאָרן פון צווייטן וועלט־קריג מיט דער גרויסער מאַסן־אימיגראַציע נאָכן קריג. צו יענער צייט (פאַרן און נאָכן ערשטן וועלט־קריג) האָבן די נייע אימיגראַנטן נישט אויסגעמאַכט אפילו קיין פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, און די וואָס זענען געקומען פון מזרח־איראָפּע זענען בכלל דורך דער איינגעזעסענער באַפעלקערונג באַטראַכט געוואָרן, ווי אַ מין עקזאָטיש געוויקס, בפרט, אין די קליינע פּראָווינץ־שטעט־

לעך — דער הינטערגרונט אויף וועלכן וואַטען האָט געשילדערט די סוזשעטן און פּראָבלעמען פון די יידישע אימיגראַנטישע משפחות.

דער מחבר האָט די פּראָווינץ־שטעטלעך געדענקט פון זיין קינד־הייט, מחמת זיינע עלטערן האָבן זיך פון אָנהייב באַזעצט אין אַ קליין שטעטל לעבן פּערט. אָט די דערפאַרונגען פון זיינע עלטערן, וועגן וועלכע ער גיט גאַנץ פיינע בעלעטריזירטע כאַראַקטעריזאַציעס, זע־נען באַגלייט מיט הומאַנישער וואַרעמקייט, פּאַטאָס און לייכטער קאָמעדיע. דער מאַמעס אומקאָמפּראָמיסלעכע איינשטעלונגען שטעלן דאָס יינגל זייער אָפט אין פאַרלעגנהייט, אָבער ער באַמיט זיך אָפּ־צושאַצן אירע מאָטיוון — פאַר וואָס זי וויל נישט לערנען די שפּראַך פון לאַנד און די געפאַרן און נסיונות וואָס זי זעט פאַר איר פאַמיליע, פאַר וועלכער זי איז גרייט מקריב צו זיין איר לעבן.

דער אויטאָר וויזט אַרויס פאַרשטענדעניש אי פאַר אירע אַלטע לאָיאַליטעטן, אי פאַר אירע זאָרגן צו טאָן אַלצדינג, וואָס קען נאָר ברענגען נוצן אירע קינדער. דער „טשאַלענדזש", וואָס זי טרעפט אָן אין לאַנד קעגן איר אַלטן שטייגער, איז איר שווערסטער אינער־לעכער געראַנגל מיט זיך און מיט דעם גאַנצן אַרום.

לייכטער קומט עס אָן דעם פאָטער מיט זיין בטחון און אָפּטי־מיזם. ער שטעלט זיך גלייך פון אָנהייב אַוועק מיטן פּנים צום נייעם לאַנד, וועלכן ער באַמיט זיך צו אַדאָפּטירן פריינדלעך, ממש מיט אַ יינגלשער נאַאיוויטעט, זעענדיק זיך און זיינע לאַנדסלייט אין אַ נייער ליכטיקער פּערספּעקטיוו, פול מיט גלויבן, צו האָבן דאָ אַ זיכערע צוקונפט. ער זאָגט צו מרס. זוסמאַן: „מיר געהערן צו אָט דער נייער ערד. עס האָט אונדז אַריינגעצויגן, צי מיר ווייסן יאָ אָדער נישט פון דעם". ער וואַרפט אָפּ קאַטעגאָריש דעם געדאַנק צוריקצופאָרן קיין רוסלאַנד: — פון וואָס גייסטו אַנטלויפן? וואָס וועסטו דערמיט אויפטאָן?...

אינדיווידועל גענומען, זענען די פּראָבלעמען פון יענער פּיאָנע־רישער אימיגראַציע געווען כמעט די זעלבע, ווי פון דער לעצטער יידישער מאַסן־אימיגראַציע, וואָס איז געקומען נאָכן גרויסן אייראָ־פּעישן חורבן. אמת, דער וועג צוריק איז שוין דאָ געווען אַ פאַרברענ־טער, און ס'איז שוין נישט געווען קיין ברירה צוריקצופאָרן „דאָרטן". אָבער די חבלי לידה אינעם נייעם לאַנד האָבן זיך איבערגערופן מיט יענע קדמונישע צייטן, כאָטש די עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון איינ־אָרדענען זיך, זענען אומפאַרגלייכלעך געווען פיל בעסערע נאָכן לעצטן קריג. שוין אָפּגערעדט די הילפס־גרייטקייט פון דער יידישער „וועל־פעיר סאָסייטי", און דאָס אָנקומען אין די גרויסע שטעט פון מעל־

בורן און סידנעי, ווו עס זענען געווען שוין עטאַבלירטע יידישע ישו־בים, מיט איינגעפונדעוועטע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־אינסטי־טוציעס, אין וועלכע די נייע אימיגראַנטן האָבן זיך אַנגעוואָרעמט און צוגעטוליעט.

דאָס אַלץ איז דאָך נישט געווען אין די צייטן, וועלכע עס שיל־דערט אין זיינע ווערק יהודה וואַטען. מען זעט עס פון די סצענקעס און באַשרייבונגען, פון די צייכענונגען פון די מענער און פרויען, וועל־כע דער מחבר האָט פאַרגעדענקט פון זיינע קינדער־יאָרן. די פּאָר־טרעטן פון מר. סמוטקעוויטש, פון דעם אַלטן הירש, פון בעניק, פון אָנקל יצחק. די שוואַרצע מיידל לילי — אַ גאַלעריע טיפּן אַריינ־געפלאָכטן אין דער אַקציע מיט פאַרשידענע סיטואַציעס, האַנדלונגען, מאָטיווירונגען און באַשרייבונגען, וואָס דערמעגלעכן דעם מחבר צו געבן אַ בעלעטריסטיש בילד פון די פּיאָנערישע אימיגראַנטישע משפחות, פון עלטערן און קינדער מיט זייערע קאָנפליקטן און ריסן...

די קינדער האָבן שוין דאָן געלעבט אין צוויי וועלטן: די יידישע וועלט פון די עלטערן, און די אויסטראַלישע וועלט: די שולן, קינ־דער, ביכער, די גאַס — דאָס אַלץ וואָס איז דאָך געווען אַזוי אַנדערש פון דער יידיש־אימיגראַנטישער סביבה.

כדאי צו דערמאָנען, אז דעם מחברס טאַטע האָט זיך פאַרנומען מיט דעם האַנדל פון אויפקויפן פלעשער („באָטל־אָה"!). און דאָס יינגל האָט זיך אָפט מיטגעכאַפּט אויפן טאַטנס וואָגן, געווען זיין איבערזעצער ביים פאַרשטענדיקן זיך אין מסחר.

אויף איינער פון די נסיעות, האָט דער טאַטע זיינער געטראָפן דער אויסטראַלישער דיכטערין, קעטערין סוזאַנא פריטשהאַרד (זע וועגן איר אויף אַן אַנדער אָרט), דאָס יינגל האָט זיך צוגעהערט צו זייער שמועס, דעם טאַטן אַרויסגעהאָלפן ווען ער האָט באַנוצט די נישט ריכטיקע ווערטער. מיר זעען אין בוך אַ ריי נישט יידישע פּערסאָ־נאַזשן, זייערע באַציונגען מיט די יידישע שכנים, מיט די מענער, פרויען, קינדער. דאָס יינגל דער נאַראַטאָר, שילדערט זיי אין סימפּאַ־טישע פאַרבן, מיט פיל וואַרעמקייט.

„דער פרעמדער זון" פאַרמאָגט אַ קוואַליטעט פון אַ סענסיטיוון רעאַליזם. די טיפּן לעבן אויף די בלעטער אין אַ געהעריקער עקס־פּרעסיע פון מענטשלעכער וואַרעמקייט און סימפּאַטיע. עס זענען פאַ־ראַן שורות מיט אַ דינעם הומאָר און מיט פאַרשטענדעניש פאַר דעם אינדיווידואַליזם פונעם טיפּ מיט זיינע שוואַכקייטן און שטאַרקייטן. די נאַציאָנאַלע פאַרב האָט אַן אוניווערסאַלע אָפּשפּיגלונג. ווי מיר זעען עס ביים סוף פון דער דערציילונג „שכנים", ווען בעני

שטעלט זיך אַנטקעגן דעם ווילן פון מר. סמוטקעוויטש:
„ער איז אַרויסגעלאָפן אין גאַס, ווי נאָכצוגיין דעם טאַטן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט נאָכגעפאָלגט די ברייטע פּלייצע און די איינ־געבויגענע פיס, וואָס זענען געוואָרן קלענער פון דערווייטנס“...

עס איז דאָ צאַרטקייט און פילבאַרקייט אויך אין דעם רעוואָלט פון די קינדער קעגן די עלטערן, קעגן זייער דאָמינירן. די שאַרפע קאָנפליקטן צווישן די אימיגראַנטישע עלטערן און זייערע קינדער, שוין געבוירענע און דערצויגענע אין אויסטראַליע, וואָס פאַרקער־פערן פולשטענדיק אַנדערע וועלטן; סאָציאַלע, קולטורעלע. די קינ־דער פאַרלאָזן די וועלט פון זייערע עלטערן, אַרבעטן זיך אַרויף, דער־גרייכן אַ הויכע פּראָספּעריטי, אָבער נישט קיין אינטעלעקטועלע אידעאַלן.

אין יהודה וואַטענס שאַפן איז דאָ אַ געוויסע פאַרצווייפלונג און אויך — אַפירמאַציע. אָבער וואָס עס טיילט זיי אויס איז דער הומאַניזם, וואָס ער באַשרייבט פון די יידישע אימיגראַנטישע היימען. און היים, באַמערקט ערגעץ דער מחבר, איז דאָרט ווו דער פייער ברענט מיט זיין וואַרעמקייט און ליכט. היים איז די באַזע. ער שרייבט דאָס אין שייכות מיט די שרייבער, וואָס גייען זוכן דערפאָלג אין אויסלאַנד, אין ווייטע ערטער, אַז דאָס ליכט וואָס גיט דאָרט אַ שיין אויף זיי, איז נישט מער ווי פון אַ מעטעאָר, וואָס פאַרשווינדט אין חלל.

ער האָט אינטואיטיוו, הגם ער איז נישט און באַטראַכט זיך נישט לגמרי ווי אַ יידישער שרייבער (נאָר ווי אַן אויסטראַלישער פון יידישן אָפּשטאַם), געפונען אין די אימיגראַנטישע יידישע היימען אָט יענעם יידישן פייער, וואָס האָט געוואַרעמט און געליכטיקט. ער האָט אָט די היימען מיט דערפאָלג געשטאַלטיקט אין אַ האַלב צענדליק פון זיינע אַרויסגעגעבענע ביכער.

עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז גראַדע די יידישע טעמאַטיק, די יידישע אימיגראַנטישע טיפן פון די „פרעמדע זין“, וואָס האָבן זיך אַקלימאַטיזירט אין דעם פאַר זיי פרעמדן לאַנד, האָבן צוגעצויגן צו זיך דעם נישט־יידישן לייענער.

זינט עס איז דערשינען זיין בוך „דער פרעמדער זון“, האָט עס באַקומען אַזאַ פאַרשפּרייטונג, וואָס איז געווען די העכסטע זינט הענ־רי לאָוסאָנס צייטן. דאָס בוך איז זיך צעגאַנגען אין אַ 50 טויזנט עקזעמפּלאַרן (ווען עס איז דערשינען אין אַ פּאָפּולערער אויסגאַבע). און דאָס איז נישט דאָס איינציקע ווערק זיינס, מיט יידישע פּערסאָ־נאַזשן, ווי מיר וועלן עס באַלד זען ביים אַנאַליזירן די אַנדערע ווערק זיינע ווי „דאָס ווייטע לאַנד“ אָדער „די אומבויגזאַמע“. טעמאַטיש זענען זיי אַלע צווישן זיך פאַרבונדן ווי אַ טרילאָגיע.

„דאָס ווייטע לאַנד" האָט צוויי הויפּט־העלדן יהושע קופּערשמידט און זיין פרוי שושנה, וואָס זענען געקומען פון פוילן קיין אויסטראַליע, אַ לאַנד פון טאָלעראַנץ און פון גאָר גרויסע מעגלעכקייטן, באַזונדערס פאַר אַזאַ אשת־חיל, ווי שושנה.

יהושע איז אַ ייד אַ תלמיד־חכם; אײדל, קען שפּראַכן און אויך פידל־שפּילן. שושנה, איבערגעגעבן צום מאַן און קינדער, אַן ענער־גישע פרוי, וואָס טויג זיך גוט צום מסחר, בײדע פּאַסן זיך גוט אַריין אין די נייע באַדינגונגען.

די צופּאַסונג, גייט קודם צו מיטן נאָמען. פון קופּערשמידט ווערט קופּער און פון זייערע עכטע יידישע נעמען, ווערן יאַש און סוזאַנאַ. בײדע טיפּן זענען געצייכנט לעבעדיק, שאַרף, אינדיווידועל. עס איז דאָ אַן אינטעגראַלקייט אין דער כאַראַקטעריזאַציע פון דעם אינטע־לעקטועלן יהושע און פון דער ענערגישער אשת־חיל און סוחרטע, שושנה.

אויך די צוויי זין און די טאָכטער זענען אינדיווידועל געשטאַל־טיקט אין זייערע דריי באַזונדערע וועלטן. אַלע טוען זיי אַקצעפּטירן דאָס נייע כנען, סיי אין דער קליינער פּראָווינציעלער מיליע און שפּע־טער אין דער מעטראָפּאָלישער מעלבורן, מיט די סאַבורבס, קראָמען, האָטעלן וואָס האָבן אַ בולטע פאַרב.

דאָך איז נויטיק צו באַמערקן, אַז די אויסטראַלישע ספּעציפיש־קייט קומט נישט אַרויס בולט. די לאַנדשאַפט זעט זיך גאָר ווייניק אַרויס, און די סביבה ווידער, קען אויך זיין פּונקט אַזוי אין אַמע־ריקע, ווי אין ענגלאַנד אָדער אַפריקע. וואָס עס קענטיקט זיך יאָ בולט איז די שווערקייט פון אַדאַפּטאַציע, די זייער שווערע געבורט־ווייען פון אַקלימאַטיזאַציע אין דעם נייעם לאַנד.

די העלדן זענען געשילדערט מיט אינטימיטעט און הומאַנישקייט. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, נישט נוגע ביים קויפן און דינגען זיך מיט די סוחרים. ווען זיי, די סוחרים, פרעגן איר ביים אויסדינגען זיך: מרס. קופּער, האָט איר קיין האַרץ נישט? — וואָס האָט האַרץ צו טאָן מיט מסחר — ענטפערט זי מיט סוחרישער תמימות „מיין האַרץ איז פאַר אַנדערע זאַכן".

אָט טאַקע וועגן די „אַנדערע זאַכן", וואָס מאַטערן די קופּער־שמידטס — זיי גיבן אַריין באַדייטונג אין דעם ווערק. סיי יהושע אין זיין טראַנספאָרמאַציע, וואָס ער מאַכט דורך אין אויסטראַליע, ווען עס פורעמט זיך אויס אַ טיפע פאַרבינדונג צווישן אים מיטן נייעם לאַנד. ער נעמט אויף נייע אידייען און אַסימילירט זיי, מחמת די אַלטע קענען אים מער נישט באַפרידיקן. ווידער שושנה, וואַקסט אויס אין איר כאַראַקטעריזאַציע, ווי אַ פיגור פון אַ יידישער מאַמען, וועלכע

איז מאָנומענטאַל אין איר אויפהאַלטן די היים, וואָס איז פאַר איר אַ נר תמיד.

עס איז דאָ אַזאַ גרויסער קאָנטראַסט צווישן פיליפּ ראָטס ידישע מוטער־געשטאַלט און יהודה וואַטענס. אָבער דער לעצטער איז שטאַרק מגזם זיין פּאַראַלגעמיינערונג, ווען ער האָט ערגעץ אין זיין שרייבן באַמערקט, אַז די אַמעריקאַנער יידן־שרייבערס (נישט די יידישע שריי־בערס!) האָסן זייערע עלטערן, באַזונדערס זייערע מאַמעס, „אַז דאָס איז אָבער זעלטן פאַר נישט־אַמעריקאַנער שרייבערס פון יידישן אָפּשטאַם".

יהודה וואַטען, ווי אַן אַסימילירטער ייד, וועמען עס איז פול־שטענדיק פרעמד די יידישע קולטור און יידישע ליטעראַטור, שרייבט וועגן דער יידישער קולטור, ווי „אַ זאַך פון עבר"... אַזוי אויך זיין באַציונג צו געמישטע חתונות, וועלכע ער מאַכט צו קליינגעלט („חתונה האָבן מיט אַ נישט־ייד — ווי די מורא פאַרן טויט אַליין"...) אָבער דאָס, נאַטירלעך, ווערט אַ נאַציאָנאַלן יידן נישט איבערראַשן צוליב פאַרשטענדלעכע סיבות...

אָט די אַסימילאַטאָרישע טענדענצן קענען דאָך נישט אַוועק־נעמען די פּאָזיטיווע ווערטן פון די הויפּט־פּערסאָנאַזשן אין „דאָס ווייטע לאַנד". די קרעפטיקע כאַראַקטעריזאַציע פון שושנה קופּער־שמידט, די ווערטלעך מיט וועלכע דער מחבר באַווירצט אירע אידיאַ־מען („גאָט האָט ליב די אָרעמע און העלפט די רייכע"), צי אין דעם זאָג וועגן דער מאַמען און טאָכטער: „זי האָט פאַראייניקט אַגרעסיוו־קייט און טאַקט, נאָכגעבנדיק ווען זי האָט געמוזט". ער באַמערקט אויך, אגב, וועגן דעם אויסטראַלישן עסן (מיט „פּאַמפּקין" און געבראָטן שעפּסן־פליייש) און פרעגט: צי דאָס איז טאַקע נישט יידישע? נאָר גויאישע שפּייז?

עס וואַרפט זיך טיילמאָל אין די אויגן, וואָס נישט תמיד הערשט ער איבער זיינע ווערטער. אין געוויסע שורות הערשן זיי איבער אים. אָבער דאָס זענען נאָר פגימות, וואָס קענען נישט צעשטערן די קוואַ־ליטעטן פונעם ווערק. אַזאַ קאַפּיטל ווי „דער טעאַטער" (וועגן אַ יידי־שער פאָרשטעלונג אין מעלבורן), איז זייער רירנדיק און לעבעדיק קאָנסטרואירט. אַ גאָר פיינע שילדערונג איז „אַ וואָגן מיט פלעשער" און אַזוי אויך אַנדערע קאַפּיטלען פון דעם בוך.

די דאָמינירנדיקע געשטאַלט, וואָס טורעמט איבער אַלע אַנדערע איז די פרוי שושנה מיט איר שפּרודלדיקער ענערגיע, מיט ערדיש־קייט און שכל הישר, און ביים סאַמע סוף פון איר לעבן — די שיל־דערונג פון איר פאַטאַלער קראַנקהייט...

אין תוך גענומען איז דאָס בוך — אַ געשיכטע פון גראַנגל און אַסימילאַציע. עס איז די שאַרפע דילעמע פון יידישן קיום, אָבער באַשריבן און געזען דורך אַסימילאַטאָרישע ברילן... וועגן אַסימי־לאַציע ביי אונדז אין לאַנד האָבן אויך געשריבן פנחס גאָלדהאַר און הערץ בערגנער. פאַרשטענדלעך, אַז ביי זיי באַקומט זיך גאָר אַן אַנדער פערספעקטיוו פון אָט דעם גראַנגל אויפצוהאַלטן אין אויסטראַליע אַ יידיש לעבן.

יהודה וואַטען גיט אויך אַ שאַרפע פערספעקטיוו אַ פאַמיליע פון דער יידישער אימיגראַציע אין אויסטראַליע. ער ווייזט פאַרשי־דענע סיטואַציעס אויף אַ דירעקטן אופן, באַזונדערס דאָס שטייגן אויף אַ העכערן סאָציאַלן שטאַפּל. עס שיינט, אַז דער מחבר האָט שטאַרק פיינט שוואַכקייטן און וואַקלדיקייט פון כאַראַקטער. דעריבער האָט ער אין דער שושנה־געשטאַלט אַריינגעגעבן אַזוי פיל אימפּאַנירנדיקע שטריכן. איר גאַנצער וועזן איז באַשטראַלט מיט אַזאַ אינערלעכער שלי־מות, ער קאָנפראָנטירט איר מיט אַנדערע פערסאָנאַזשן מיט זייערע פּראָב־לעמען און קאָנפליקטן, מיט וועלכע עס טרעפן זיך צונויף די מיט־גלידער פון דער משפחה קופערשמידט. עס קענטיקט זיך, אַז צווישן דעם ווערק און „דער פרעמדער זון" איז פאַראַן אַן אינערלעכע קאָנטינואיטעט.

„די אומבויגזאַמע" געהערט צו דער זעלבער טעמאַטיק, ווי „דער פרעמדער זון" און „דאָס ווייטע לאַנד". די הויפּט־כאַראַקטערן זענען ווידער יידישע אימיגראַנטן — די קאַכאַנסקיס. זיי זענען די זעלבע טיפּן, נאָר אַנדערש אין טעמפּעראַמענט פון די מענטשן אין זיין ערשטן בוך, מחמת דאָרטן לעבן זיי מער אין זייער קליינער אָפּגע־גרענעצטער וועלט פון דער אייגענער אימיגראַנטישער סביבה, בעת די קאַכאַנסקיס ווערן גלייך אַריינגעשלידערט און אַריינגעצויגן אין אַלע קאָנפליקטן, וואָס קומען פאָר אין דעם קליינעם שטעטל סטירלינגטאָן.

דאָס קומען אין קאָנטאַקט מיט די אויסטראַלישע תושבים ביים אָנקומען אין לאַנד (1912), האָט זיי נישט אָפּגעזונדערט צו בלייבן אָנגעאַזשירט נאָר אין דעם ענגן, אייגענעם קרייז פון מזרח־אייראָ־פּעישע יידן, אויף וועלכע די אויסטראַליער האָבן לכתחילה געקוקט, ווי אויף אויסטערלישע ברואים.

דזשאָ וואָלט, נאַטירלעך, געדאַרפט באַשווערן דעם פּראָצעס פון צופּאַסונג צום נייעם לאַנד און צו זיינע איינוווינער, צו בלייבן שטיין פון דערווייטנס און נישט ווערן אַריינגעצויגן אין די קאָנפליקטן, פּראָבלעמען און שטרייטן, וואָס זענען דאַן פאָרגעקומען אין דער אויסטראַלישער געזעלשאַפט.

אָבער עס איז די צייט פון היסטעריע, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס לאַנד בעתן ערשטן וועלט־קריג. עס איז דעמאָלט פאַרגעקומען דער גרויסער שטרייט וועגן „קאָנסקריפּשן" (צוואַנג־מיליטער צו שיקן אויף די פראָנטן פון אייראָפּע). דאָס לאַנד איז געוואָרן צעריסן און צעטיילט אויף צוויי מחנות: — אָנהענגער און קעגנער פון „קאָנסקריפּשן".

יהודה וואַטען זייענדיק אַ קליין קינד אין יענער צייט, האָט, נאַטירלעך, נישט געקענט זיין קיין עד ראיה פון די שטרייטן און עקסצעסן, וואָס זענען דאַן פאַרגעקומען אַרום אַט די יידנשאַפטלעכע שטרייט־פּראָבלעמען. אייניקע קריטיקער האָבן אים פאַרגעוואָרפן פּאָ־ליטישע קאָמוניסטישע טענדענצן אין דעם אופן ווי ער שילדערט די אינערלעכע קאָנפליקטן צווישן די שטרייטנדיקע צדדים. מיר זעען ווי די אימיגראַנטן וואָס זענען געקומען צו די אויסטראַלישע ברעגעס, צו געפינען מנוחה פון די איבערלעבענישן אין צאַרישן רוסלאַנד, האָבן זיך פּלוצעם געפונען אין אַ פּאָליטישן שטורעם, וואָס האָט צעטרייסלט דאָס לאַנד.

די קאָכאַנסקיס זענען געוואָרן אַריינגעכאַפּט אין דעם שטורעם, נאָר דאָס קליינע יינגל, מאָזעס, קען נישט באַגרייפן, וואָס די מענטשן קאָכן זיך און וואָס עס קומט בכלל פאַר אַרום אים. דער מחבר האָט אויסער די יידישע טיפּן אויך געשילדערט אויסטראַלישע מענטשן, וואָס האָבן פאַרנומען אַן אָרט אויף דער אויסטראַלישער סצענע אין די אַלע קאָנפליקטן פּראָ און קאָנטראָ „קאָנסקריפּשן".

ער שילדערט דעם לערער גראָגאַן און דעם קאָנסילאָר דזשאָנ־כאָן און נאָך פיל אַנדערע געשטאַלטן, וואָס זוכן צו דאָמינירן די סצענע אַרום די קריגס־פּראָבלעמען און זייערע באַגליט־דערשיינונגען אין לאַנד.

דער מחבר איז געשטאַנען פאַר אַ גרויסן נסיון, דער נאַראַטיוו פון דעם בוך זאָל זיך דין אויסשפּרייטן אויף אַ צו ברייטן פעלד און פאַרלירן די גאַנצקייט. אַ צווייטער פּראָבלעם וואָס איז געשטאַנען פאַר אים, איז אויך געווען דער אויסוואַל: צי וועט זיין די פּאַסיקע פאָרם פאַר אַ ראָמאַן צו שרייבן אין ערשטן פערזאָן, וואָס איז גוט צוגעפּאַסט פאַר אַ קורצער דערציילונג, אָבער פּראָבלעמאַטיש פאַר אַ גרעסער ווערק?

יהודה וואַטען האָט אויסגעקליבן אַן אָביעקטיוון מעטאָד אין דעם בוך. דורך דעם האָט ער נישט פאַרלוירן די אינטימקייט מיט זיינע הויפּט־כאַראַקטערן — די קאָכאַנסקיס און זייער באַזונדערן פּראָבלעם זיך איינצולעבן אין די נייע באַדינגונגען. די שוועריקייטן וואַקסן נאָר

אויס דורך דעם גייסטיקן ריס, וואָס עס האָט זיך געשאַפן צווישן מאַן און ווייב און דורך דער פּאָליטישער היסטעריע פון יענעם פּער־יאָד. חנה קאַכאַנסקי פאַרבלייבט די אומבויגזאַמע. זי האַלט זיך ווייטער ביי איר פעסטע מיינונגען.

פאַר די קאַכאַנסקיס איז דער קריג מעבר לים, ווי דער פּאָליטישער קאָנפליקט אין אויסטראַליע, וועלכן זיי זעען אויף די גאַסן פון סטירלינגטאָן, ווייט נישט קיין ראָמאַנטיק. עס ציט זיי בײדע אַריין אין די זכרונות פון נאָענטן עבר, ווען זיי זענען אַנטלאָפן פון רוסלאַנד צוליב פּאָגראָמען, רדיפות און עקסצעסן. ער, סאָלאָמאָן קאַכאַנסקי, האָט אָבער מאָמענטן, ווען ער פאַלט יאָ אַריין אין אַ חלום־וועלט. ער טרוימט: „עס וואָלט אַזוי גוט געווען איצט צו שטיין לעבן גענעראַל מאַנאַש און באַטראַכטן מיט גרויסע פעלד־גלעזער דעם שלאַכטפעלד, ווי די בילדער פון די אָפיצירן, וואָס ער האָט געזען אין די אילוסטרירטע צייטונגען״.

די כאַראַקטעריזאַציע פון דעם ידישן אימיגראַנט סאָלאָמאָן קאַכאַנסקי און פון זיין ווייב חנה איז געצייכנט מיט קרעפטיקע פאַרבן. פּונקט ווי שושנה קופערשמידט, איז אויך חנה קאַכאַנסקי דער שטאַרקערער כאַראַקטער און זי פאַרנעמט דעם אויבן־אָן אין דעם נאַראַטיוו. זי פאַרבלייבט ערלעך צום מאַן, כאָטש זי פאַראַכטעט אים צוליב זיין נוצלאָזיקייט... ווי אַ טויגעניכטס... אָבער ער איז מער הומאַניש פון איר, במילא מער סימפּאַטיש פאַרן לייענער, חנה, לויט איר כאַראַקטער, שיינט צו זיין מער פון איין גוס. עס פעלט איר די פילפאַרביקייט און פילזייטיקייט וואָס מאַכט אַ מענטש מער אַטראַקטיוו. ביידע העלדן, סאָלאָמאָן און חנה, מאַכן דורך שווערע אַנטוישונגען. עס איז דאָ אַ סצענקע ווי אַזוי סאָלאָמאָן קאַכאַנסקי ראַטעוועט אַ זקנה אויף אַ מיטינג פון די אַנטי־קאָנסקריפּשן אָנהענגערס, בעת זי ווערט אומגעוואָרפן אויף דער ערד דורך שיכורים. געזוכט האָט ער אויסצומידן אַריינמישונג, געדענקענדיק די צרות פון דער אַלטער היים, אָבער זעענדיק, ווי אַזוי אַ שוצלאָזע פרוי ווערט צעטראָטן, קען ער נישט פאַרבלייבן אַ זייטיקער צושויער, ווי עס זענען זיך נוהג אויסטראַליער בעת אַ קאַמף צווישן צוויי פערזאָנען...

יהודה וואָטען שרייבט בטבע קיל, רייף, אַ ביסל איראָניש, זוכנדיק אַ קאָמישן עפעקט אַרויסצורופן. אַמבעסטן איז ער ביים איבערגעבן דערפאַרונגען מיט וועלכע ער איז געווען נאָענט און אינטים באַקאַנט. דאָס קענטיקט זיך זייער בולט אין די אַנאַליזירטע ביכער.

פון די זכרונות, וואָס יהודה וואָטען האָט אַמאָל דערציילט וועגן זיין מאַמען, זעט זיך, אַז ער האָט זיינע פרויען־געשטאַלטן פון דער

יידישער אימיגראַנטישער סביבה געפורעמט לויט דעם מוסטער פון זיין מוטער. דער טאַטע איז שטענדיק געווען פאַרטאָן אין דער שווע־רער מי צו קענען אויסאַרבעטן די בידנע חיונה פאַר דער פאַמיליע. אָבער די מאַמע זיינע האָט געמאַכט גראַנדיעזע פּלענער פאַר אירע דריי קינדער (פאַר אים און פאַר זיינע צוויי שוועסטערס) אַרויסצורייסן זיי פון דער אָרעמאַנסקער אימיגראַנטישער ווירקלעכקייט. זי האָט געטרוימט צו מאַכן פון זיי גרויסע מוזיקער, אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים. אַריינצופירן זיי אין דער אינטעלעקטועלער וועלט, אין וועלכער זי האָט געזען די איינציקע מעגלעכקייט זיי זאָלן קענען שטייגן אויפן העכסטן שטאַפּל פון סאָציאַלן לייטער.

אין זיין משפחה, דערציילט וואַטען, האָט מען נישט גערעדט וועגן כאַראַקטערן, נאָר וועגן דערגרייכונגען: סאָציאַל, עקאָנאָמיש, אינ־טעלעקטועל. אָבער אין געמיט און אין זכרון איז אים דאָך פאַרבליבן די וואַרעמקייט פון דער עלטערנס היים, ווי באַגרענעצט זי איז נישט געווען, איז זי דאָך געווען דער הויפּט־קוואַל! און די מענטשן אירע זענען געשטאַנען הינטער זייערע קינדער דורך קאַלטס און וואַרעמס. אַט דאָס, האָט ער שפּעטער אַריבערגעטראָגן און עס אויסגעברייטערט צו זיין לאַנד, אויסטראַליע, באַטאָנענדיק, אַז: „דיין אייגענע קלענערע וועלט וועט דיך אַזוי שנעל נישט פאַרגעסן, ווי עס טוט די גרויסע וועלט"; אַז מנוחה און שלווה באַקומסטו אין די ראַמען צווישן דיינע נאָענטסטע, וווּ אַלץ אָטעמט מיט פריינדלעכקייט און מיט ליבער וואַרעמקייט.

עס איז נישט צופעליק דער סוף פון זיין בוך „דאָס ווייטע לאַנד", וווּ דער מחבר שילדערט די רו, וואָס יהושע האָט געפונען אין דעם לאַנד, אין זיין צימער מיט די נאָענטסטע: „דער צימער איז געווען פריינדלעך; די זונליכט האָט אים אַזוי איידל געוואַרעמט, נישט גע־שווינדלט אין די אויגן. עס איז דאָ געווען פולשטענדיקע מנוחה"...

עס זענען פאַראַן חלוקי דעות, וועלכע פון זיינע ווערק געהערן צו די אָריגינעלסטע. אייניקע מיינען, אַז דאָס איז „אַ חלק אין מאָרד", אַנדערע גלויבן, אַז דאָס איז „סעזאָן פון יוגנט". מיין מיינונג איז, אַז ער האָט געפונען זיין בעלעטריסטישן תיקון אין די ראָמאַנען נאָר וועגן אימיגראַנטישן לעבן. דאָס מיינט בעיקר: דאָס לעבן פון די פּיאָנערישע משפּחות אין אָנהייב פון דעם יאָרהונדערט, מחמת אין זיינע שילדערונגען פון אַ שפּעטערדיקער עפּאָכע, ווען ער באַהאַנדלט די שוין גוט אַרויפגעאַרבעטע יידישע און איטאַליענישע משפּחות, זייערע סטודענטישע יוגנט און די געמישטע משפּחה־פאַרבינדונגען („נאָר אַזוי פיל און נישט ווייטער"); הגם די פּראָבלעמען זענען מער

היינטצייטיקע און מער אַקטועלע, אָבער דאָס בוך גופא איז ווייניקער אימפּרעסיוו, ווי לאַמיר זאָגן „דער פרעמדער זון". אַזוי אויך זיין בוך „סעזאָן פון יוגנט", כאָטש דער בעסטער טייל איז וועגן די באַציוּנגען פונעם העלד מיט זיינע עלטערן, לאָזט עס דאָך נישט שטאַרק באַאיינדרוקן.

עס זענען גוט באַקאַנט די פּאָליטישע איבערצייגונגען פון יהודה וואַטען. ער האָט צוזאַמען מיט פרענק האַרדי און דזשאַן מאָריסאַן געהערט צו דער א"ג רעאַליסטישער שרייבער־גרופּע, געווען גלייך פון אירע גרינדער (אין אָנהייב די 1950־ער יאָרן). אָבער אין זיין שאַפן קענטיקט זיך דער גלויבן, אַז קיין שום פּאָליטישע רעוואָלוציע וועט נישט לייזן אַלע מענטשלעכע פּראָבלעמען, נישט די אינדיווידועל־עמאָציאָנעלע, אָדער פיזישע קראַנקהייטן, נישט די מיספאַרשטענדענישן און טראַגעדיעס, מחמת לײדן איז עפּעס מענטשלעך־אוניווערסאַל, און וואַרשיינלעך וועלן זיי שטענדיק באַגלייטן דעם מענטש.

וואַטען האָט דאָס בולט אונטערגעשטראָכן אין זיין שרייבן, דערי־בער באַגלייט זיין שאַפן אַ קלענערער אָדער גרעסערער שטראָם פון יאוש, הגם זיינע פּאָליטישע אידייען דאַרפן אים שטויסן צו אַ שטאַרקן גלויבן אין דער רעוואָלוציע, צו איר באַיאָאונג פון לעבן — ווי אַ לייזונג פון אַלע מענטשלעכע צרות.

די פּראָבלעמאַטיק, וועלכע ער באַהאַנדלט אין זיינע ווערק, געהערט צו דעם אוניווערסאַלן שטאָף פון דער ליטעראַטור, צום לעבן פונעם יחיד, פון זיין עמאָציאָנעלן און סאָציאַלן לעבן, ווי פון זיין מחשבה, האַרץ און געפיל.

נישט תמיד האָט דער העלד אַן אויסוואַל אין זיינע האַנדלונגען, אין זיין אחריות וואָס ער פילט ביים מאַכן דעם אויסוואַל און איינגיין אויף געוויסע קאָמפּראָמיסן, וואָס דאָס לעבן צווינגט אים אויף. אָט דאָס איז דער טראַגיזם וואָס דער העלד לעבט דורך ביים דעצידירן זיך אויף געוויסע האַנדלונגען, אַריינגעמענדיק אין חשבון געוויסע פאַקטאָרן, וואָס זענען פאַר אים קלאָר און אויסלאָזנדיק די אומבאַוווּסטע עלעמענטן, וואָס זענען אָפט אַזוי גורלדיק פאַר אים און זיינע נאָענטסטע.

יהודה וואַטען האָט, אין זיינע בעסערע שאַפונגען, פאַרשפּיגלט די אַנגסטן פון מענטשלעכן אויסוואַל, די קאָנפליקטן אין אים גופא, ווי די קאָנפליקטן צווישן מענטשן. צו דעם דאַרף נאָך צוגיין דער קאָנפליקט צווישן מענטש און נאַטור — צוזאַמען איז עס אַ קאָנפליקט אין דריי פלאַכן, אי פון דעם העלדס שטאַרקייט און גרויסקייט,

אי פון דעם פּינטעלע הייליקייט און געטלעכקייט אין וועלכע עס ליגט אויך די שוואַכקייט פון מענטש.

דאָס וועט שוין תמיד פאַרבלייבן דער תמצית פון דער ליטעראַטור, ווי פון יעדן עכטן שרייבער. יהודה וואַטען האָט מיט זיינע מיטלען און פאַרבן עס געזוכט בולט אַרויסצוברענגען אין זיינע ראָמאַנען פונעם אימיגראַנטישן לעבן אין אויסטראַליע, דורך זיי האָט ער זיך פאַרשאַפט טאַקע די פּאָזיציע, וואָס ער פאַרנעמט היינט אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור.

זיין באַליבטער שרייבער, פון דער פראַנצויזישער ליטעראַטור, איז באַלזאַק. ער הערט נישט אויף וועגן אים צו רעדן. אין די שריי־בערישע קרייזן דערציילט מען אַן אַנעקדאָט, אַז פאַר אַן אָפּעראַציע האָט ער צו זיין אַנעסטעטיקער אַזוי לאַנג גערעדט וועגן באַלזאַקן ביזן פאַרלירן דעם באַוווסטזיין. ווי נאָר ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער ווייטער פאַרגעזעצט וועגן באַלזאַקן.

# אַבאָרידזשיניס

## (וועגן עלאַנאָר דאַרק׳ס שאַפן)

קיין ענדגילטיקע באַווייזן פון וואַנען די אויסטראַלישע שטאַם־באַפעלקערונג („אַבאָרידזשיניס״) זענען געקומען קיין אויסטראַליע זענען עד־היום נישט פאַראַן. עס זענען דאָ השערות, אַז זיי זענען געקומען פון ערגעץ אין דרום־מזרח אַזיע און געפינען זיך שוין אויפן אויסטראַלישן קאָנטינענט בערך אַ דרייסיק טויזנט יאָר. עס איז בלתי־ספק, אַז דורך די טויזנטער יאָרן, ביזן טרעפן זיך מיטן ווייסן מענטש, האָבן זיי געלעבט אין האַרמאָניע מיט דער נאַטור און מיט זיך. אָבער די סצענע האָט זיך געענדערט מיטן אָנקום צו די אויסטראַלישע ברעגעס פון קאַפּיטאַן פיליפּ, ווען ער האָט געלאַנדעט אין 1788 מיט זיין ערשטן פלאָט קאָטאָרזשניקעס פון ענגלאַנד.

עס ווערט געשאַצט, אַז אויפן אויסטראַלישן קאָנטינענט האָבן זיך דעמאָלט געפונען בערך אַ דריי הונדערט טויזנט אַבאָרידזשיניס. זיי זענען באַשטאַנען פון אַ פינף הונדערט שבטים, אָפּגעטיילט איינער פון אַנדערן מיט אַזעלכע נאַטירלעכע גרענעצן, ווי פעלדזן און ביימער. געלעבט האָבן זיי ווי נאָמאַדן און יעגער. קאָאָפּעראַציע איז געווען פאַר זיי אַ לעבנס־נויט פאַרן קיום. דאָס האָט געפורעמט די באַציאונגען צווישן די שבטים, ווי אַ יסוד פאַר סאָציאַלער אויפפירונג. דער טאָטעמיזם (טאָטעם — סימבאָל פון חיות און פלאַנצן) — ביי איין שבט אין שייכות מיטן צווייטן איז געווען אַ סאָציאַלער און אויך פון ביידע באַזונדערע געשלעכטער: די מענער האָבן געהאַט איין מין פון זייער טאָטעמיזם און די פרויען — אַ צווייטן.

וואָס די ווייסע קאָלאָניסטן האָבן אָפּגעטאָן מיט די אַבאָרידזשיניס, איז אַ שוואַרצער קאַפּיטל אין דער אויסטראַלישער געשיכטע. די צוזאַמענשטויסן האָבן זיך אָנגעהויבן גלייך פון אָנהייב, ווען די ווייסע האָבן צוגענומען פאַר זיך דעם פרוכטבאַרסטן באָדן, גענומען „דאָס געזעץ אין די אייגענע הענט״ און אויסגעהרגעט גאַנצע ישובים. אָט די „פּאַציפיקאַציע״ פאַרנעמט אַ באַדייטנדיקן אָרט אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. פון די פילצאָליקע אויסטראַלישע שרייבערס,

וואָס האָבן אָפּגעשפּיגלט דאָס לעבן פון די פאַרשיידנאַרטיקע אַבאָרי־דזשינישע ישובים, ווייל איך דאַ נאָר ארויסהייבן צוויי נעמען: עלאַנאָר דאַרק און קסאַוויער הערבערט.



עלאַנאָר דאַרק געהערט צו דער מזרח־וואַנט פון די אויסטראַ־לישע היסטאָרישע ראָמאַניסטן. אין איר באַרימטן ווערק „די צייטלאָזע ערד" קענטיקט זיך אַ לעבעדיקע כאַראַקטעריזאַציע פון די מענטשן אין דעם ווייסן בראשית פון אויסטראַליע. די מחברין האָט גרינטלעך נאָכגעפאָרשט יענע עפּאָכע מיטן אָנקום פונעם ווייסן מענטש אויף דעם קאָנטינענט און זיין צוזאַמענשטויס מיט די אַבאָרידזשיניס. יעדער אויסטראַליער איז מער ווייניקער באַהאַוונט מיט אָט דעם שוואַרצן פלעק אין דער אויסטראַלישער געשיכטע, וואָס האָט אָנגענומען גרויל־פאָרמען פון אַ קאַרדינאַלן געשיכטלעכן פאַרברעכן. די מחברין קוקט דורך די אויגן אי פון דעם ווייסן דעראָבערער אי פון דעם אַבאָרי־דזשיני, וועלכער ווערט פאַרטריבן פון זיין ערד, וואָס איז פאַר אים אַ שטיק הייליקטום. פאַרשטענדלעך, אַז דער אַבאָרידזשיני האָט מיט זיין פרימיטיוון כלי־זין נישט געקענט פאַרטיידיקן זיין נחלה און ער האָט פאַרשפּילט, אַחוץ דעם באָדן, אויך זיין לעבן . . .

אָפיציעל איז אין די ערשטע צייטן פון דער קאָלאָניזאַציע געווען אַ ריכטליניע פון דריי פּרינציפּן לגבי די „נייטיווס": געבן זיי דעם פולן סטאַטוס פון בריטישע בירגער; מאַכן זיי פאַר קריסטן; ציווי־ליזירן זיי מיט אַלע רעכטן און זאָרגן פאַר זייער וווילזיין. אָבער נישט דער לאָנדאָנער „פאַריין־אָפיס" און נישט די קאָלאָניסטן האָבן בדעה געהאַט צו רעאַליזירן אין לעבן די פּרינציפּן. נישט בלויז צוליב שווע־ריקייטן ביים אָנווענדן זיי אין לעבן, נאָר בעיקר דערפאַר, וואָס די קאָלאָניסטן האָבן געוואָלט פּטור ווערן פון די, וועלכן האָבן זיך באַ־טראַכט פאַר די באַלעבאַטים פון דער ערד, במילא אַ שטערונג פאַר דער ווייסער קאָלאָניזאַציע. און בכלל, די פּרוּוון צו „ציוויליזירן" די „ווילדע נייטיווס" האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין גאָר נישט לייכט . . . האָבן די קאָלאָניסטן גלייך אויפגעגעבן אָט די טירחא. און די מאַכט־אָרגאַנען האָבן אומדירעקט סאַנקציאָנירט די האַנדלונגען פון די קאָלאָ־ניסטן מיט דער „פּאַציפיקאַציע" דורך כוח — באשר די אַבאָרי־דזשיניס זענען צו „פּרימיטיוו" צו ווערן ציוויליזירט . . .

עלאַנאָר דאַרק ליידט אַ ביסל פון ראַזן פאַרב און זי באַהאַנדלט די טעמע צו ראָמאַנטיש (זי איז נישט די איינציקע אין דער הינזיכט), אָבער צו איר שבח דאַרף געזאָגט ווערן, אַז זי האָט באַוויזן בעלעט־

ריסטיש צו פאַרשפּיגלען טאַקע אין לעבעדיקע פאַרבן די ראַנגלענישן צווישן די ווייסע און די אַבאָרידזשיניס, אַרויסהייבנדיק אויך די וויזיע פון די גליקלעכערע, בעסערע צייטן פון דער עפּאָכע.

זי האָט אויף איר זייט אַ באַוווסטן פּראָפעסאָר פון אַנטראָפּאָ־לאָגיע אין סידנעיער אוניווערסיטעט, וועלכער האַלט, אַז אירע עטנאָ־לאָגישע כאַראַקטערן שטימען היסטאָריש מיט דערווירקלעכקייט פון דעם קלימאַט אין יענער צייט.

צו די מעלות פון איר ווערק געהערט איר לעבעדיקער סטיל, וואָס גיט אַריין אַ רוח־חיים אין דער היסטאָרישער אַטמאָספער, און אין די כאַראַקטערן. זי מאַכט זיי אויסזען אַזוי רעאַל פאַר אונדזערע אויגן, טאַקע בולט און לעבעדיק אין דער פולער גרויס, ווי מיר וואָלטן זיי געזען דורך אַ טעלעסקאָפּ. קיין שום אַנדערער שרייבער אויף דער טעמע האָט נישט באַוויזן צו ברענגען צו אונדז אַזוי נאָענט די ערשטע אַריינדרינגלער־קאָלאָניסטן, ווי זי האָט עס באַוויזן מיט איר טאַלאַנט און בעלעטריסטישער קראַפט פון אַ הויכער מדרגה. מיין באַמערקונג, אַז זי לייכט דורך די עפּאָכע אַ ביסל צו ראָמאַנ־טיש, פאַרמינערט נישט איר לעבנסוויזיע פון יענעם היסטאָרישן אָנהייב.

עלאַנאָר דאַרק האָט אויף אַ געלונגענעם אופן געשאַפן אַ בעלעט־ריסטישע רעקאָנסטרוקציע פון אַבאָרידזשינישן שטייגער און טראַדי־ציעס מיט דעם גאַנצן קאָמפּליצירטן קאָמפּלעקס פון סאָציאַלער אָרגאַ־ניזירונג, וואָס שליסט איין רעליגיע און קונסט, מיטאָס און גלייבן אין רוחות. זי ווייזט ווי זייער אינטימער וויסן און אָנען פון די נאַ־טור־פּראָצעסן און זייער פעאיקייט אַנצוווענדן אָט דאָס וויסן צו פּראַק־טישע צוועקן, האָט פיל בייגעשטייערט צו זייער עקזיסטענץ מיט אירע אַלע נויטיקייטן און באַדערפענישן

ביז דער „ווייסער אָקופּאַציע“, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אויפן אויסטראַלישן קאָנטינענט מיט קרוב צוויי הונדערט יאָר צוריק, זענען די אַבאָרידזשינישע שבטים געווען — אויף זייער אייגנאַרטיקן אופן — אַ שטאָלץ, ווירדיק פאָלק מיט אַן אייגענער רייכער קולטור און ציוויליזאַציע. אָבער דאָס אַלץ איז געווען פאַרבונדן מיטן לאַנד און באָדן, אויף וועלכן זיי זענען געזעסן, ווען דער ווייסער מענטש האָט אָנגעהויבן צונעמען פון זיי דאָס לאַנד, האָבן זיי אָנגעהויבן פאַרלירן נישט בלויז דעם באָדן אונטער זייערע פיס, נאָר אפילו דער געוועב פון דער אַבאָרידזשינישער געזעלשאַפט איז פאַרניכטעט געוואָרן. זיי זענען געוואָרן פאַרלוירענע מענטשן און זענען אומגעקומען אויך, ווען זיי זענען ניצול געוואָרן פון דער פיזישער פאַרניכטונג.

עלאַנאָר דאַרק און אַ ריי אַנדערע אויסטראַלישע שרייבערס, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט פאָרשן דעם אַבאָרידזשינישן פּראָבלעם, האָבן אָפּגעשפּיגלט אין זייערע ווערק די פילאָזאָפיע און די טאַבוס, די חתונה־געזעצן און לעבנס־צערעמאָניעס, ווי בכלל די גאַנצע סאָציאַלע אָרגאַניזאַציע פון די גרופּירונגען מיט זייער אינטעלעקטועלער פעאיקייט און אייגנאַרטיקער קינסטלערישער עקספּרעסיע, וואָס פאַרנעמט אַזאַ באַדייטנדיק אָרט אין דעם לעבן פון די אַבאָרידזשיניס.

נאָך מיט איבער הונדערט יאָר צוריק האָבן די אַנטראָפּאָלאָגן אויפגעוויזן דעם קאָמפּלעקס פון דער סאָציאַלער אָרגאַניזירונג, וואָס איז אין אַ געוויסן זין גאָר נישט היגטערשטעליק געווען לגבי אונדזערן. נאָך מער: זי האָט אויך געהאַט אַ טיפערע פאַרשטענדעניש פון דער מענטשלעכער פּסיכיק.

די בעלעטריסטישע שילדערונגען פאַרשפּיגלען עטנאָלאָגיש דעם גאַנצן קאָמפּליצירטן געוועב פון סאָציאַלע גרופּן, שבטים, געשלעכט, קרובהשאַפט און באָדנשאַפט, וועלכע בילדן צוזאַמען די גאַנצע קאָמּלעקס־אָרגאַניזאַציע פון פאַרצייטישן אַבאָרידזשינישן לעבן, איידער און נאָך דעם ווי עס איז געקומען אין באַריר מיט דער ווייסער ציווילטיזאַציע און עס איז געשען דאָס אַלץ, וואָס איז געשען . . .

אין די ראַמען פון דער אָפּהאַנדלונג איז נישט מעגלעך גענויער צו באַהאַנדלען די קלאַסיפיקאַציע פון די מיטגלידער פון די פאַרשידענע גרופּעס, ווי: מאַמעס, טאַטעס, פעטערס און אַנדערע משפּחה־מיטגלידער, און ווי אַזוי דאָס איז געוואָרן אויסגעברייטערט אריינצונעמען דעם גאַנצן שבט; און די רינגען צווישן איין שבט און אַ צווייטן אין דעם סיסטעם פון טאָטעמיזם, וואָס רעגולירט, צייטנווייז, מענטש און באָדן, נאַטור און שבט.

עס איז זייער באַלערנדיק די קלאַסיפיקאַציע פון די פאַרשידענע גרופּעס מיטגלידער און זייערע שייכותן מיט נאַטור און לעבן, אוניווערס און מענטש, פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט, וואָס ווערן אינספּירירט דורך זייערע מיטאָלאָגיעס און ריטואַלן. דער כסדרדיקער קאָנטאַקט פון די אַבאָרידזשיניס מיט דעם מיטאָס איז געוויינטלעך פאַרבונדן מיט געוויסע אייגנשאַפטן פון דער לאַנדשאַפט, פון וועלכער דער שבט ציט יניקה פאַר זיין ספּיריטועלן לעבן.

די באַשרייבונגען פון די יונגע מענטשן, וואָס ווערן ביי אַ געוויסן עלטער, נאָך אַ ריי צערעמאָניאַלן, די שומרים פון די מיטאָסן, און פון די ריטואַלן, וואָס באַגלייטן זייער אַקצעפּטאַציע, ווי דערוואַקסענע און דיסציפּלינירטע מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט, זענען נישט בלויז

אינטערעסאַנט, נאָר אויך אַ באַווייז פון זייער אייגנאַרטיקער אַבאָרי־דזשינישער קולטור און סאָציאַלער אָרגאַניזאַציע.

כאַראַקטעריסטיש איז די גרופּע פון די אַבאָרידזשינישע מעדי־צינער און זייערע מעגלעכקייטן ווי היילערס און מאַגיקערס, וואָס זוכן צו געבן דעם חולה אַ פאַרזיכערונג פון געזונט ווערן און אַ ווילן צום לעבן. זיי זענען היילערס דורך גלויבן, און די טראַדיציאָנעלע מעטאָדן וואָס זיי ווענדן אָן, זענען ווירקזאַם דורך סוגעסטיע און היפּ־נאָז. די דאָקטוירים ווערן כאַראַקטעריזירט ווי אויסערגעוויינטלעכע פּערזענלעכקייטן מיט אַ טיפער פאַרשטענדעניש און אַריינדרינגונג אין דער מענטשלעכער פּסיכיק. נאַטירלעך באַנוצן די מאַגיקערס זייע־רע אייגענע טראַדיציאָנעלע מעטאָדן, און ווען זיי זעען, אַז ס׳איז זיי נישט געלונגען אויסצוהיילן, איז עס דערפאַר וואָס מ׳האָט זיי גערופן צו שפּעט, אָדער דער קראַנקער האָט עובר געווען אויף געוויסע וויכטיקע טאַבוס און אַ העכערע מאַגיק האָט איבערגעוויגן און מנצח געווען איבער זייער קראַפט...

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז חתונות צווישן נאָענטע משפּחה־מיטגלידער, אַפילו נישט פון דער זעלבער בלוט־קרובהשאַפט, זענען פאַרבאָטן. און עס איז אויך כדאי אונטערצושטרייכן, אַז היינט, ווען דער מערב־מענטש זוכט איבערצונעמען פון אָריענט די ספּירי־טועלע היילונגס־קראַפט פון מעדיטאַציע און יאָגאַ, האָט דער אַבאָ־רידזשיני שוין לאַנג זיך אויסגעלערנט אָט די נשמה־היילונג, באַנוצנ־דיק די שטילקייט און איינזאַמקייט פון בוש, וואָס האָט אים געגעבן גינסטיקע באַדינגונגען פון מעדיטאַציע. צייטנווייז, פלעגט אויך דער ווייסער מענטש אין אויסטראַלישן בוש זיך פאַרקוקן אויף דעם אַבאָ־רידזשינס „סתם זיצן״ און פּרווון אים נאָכטאָן, זיצן און מעדיטירן...

עלאַנאָר דאַרקס „צייטלאָזע לאַנד״ (1941) איז פאַרבליבן אַ קלאַ־סיש ווערק פונעם אַבאָרידזשינישן לעבן. עס איז אויך געווען אַ נייער צוגאַנג צו דער אויסטראַלישער לאַנדשאַפט און צו דער סטרוקטור פון דער היסטאָרישער נאָוועלע, וואָס שטייט אָפט פאַר אַ שווערער דילעמע: צי זאָל אַ היסטאָרישער ראָמאַן, אין זיין בעלעטריסטישער רעקאָנסטרוקציע פון עבר, לאָזן די פּערסאָנאַזשן רעדן און האַנדלען, פילן און טראַכטן, ווי זיי וואָלטן היינט געלעבט, דאָס הייסט דערנענ־טערן יענעם ווייטן היסטאָרישן פּעריאָד צו אונדזער צייט און אַזוי אַרום אָפּשאַפן די מחיצה צווישן פאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט. מיט אַנדערע ווערטער: אין ליכט פון נעכטן אָנמערקן אויפן היינט און וויזיאָנירן דעם מאָרגן. דאָס איז איין דרך.

אַ צווייטער אופן איז רעפּראָדוצירן דעם פולן קלימאַט פון יענער

קדמונישער תקופה אין איר פולבלוטיקער באַלעבטער אַטמאָספער און לאָזן די פערסאָנאַזשן אַזוי אַקוראַט, ווי מעגלעך, זיין אויטענטיש פאַר־בונדן מיט יענער צייט, מיט אירע פּראָבלעמען, ראַנגלענישן, פילן און דענקען, הגם דאָס איז אַלץ אַזוי לגמרי פרעמד און אויסטערליש פאַר אונדז. און דער עיקר: עס וואַרפט נישט קיין שום ליכט אויף דעם, מיט וואָס מיר לעבן היינט, מחמת זייער לעבן האָט נישט קיין שום שייכות מיט דעם, וואָס מיר לעבן דורך אין אונדזערע זוכע־נישן, בענקענישן, בלאָנדזשענישן און לייזונגען.

עלאַנאָר דאַרק האָט באַוויזן צו סינטעזירן אויף אַ גלענצנדיקן אופןביידע מעטאָדן. זי האָט די העלדן אריינגעשטעלט אין דער ראַם פון זייער קדמונישער עפּאָכע, וואָס איז אַזוי אַנדערשדיק — אין אַלע הינזיכטן — פון אונדזער צייט, גלייכצייטיק פילן מיר אַ היינטצייטיקייט אין דער פּראָבלעמאַטיק, וואָס זי פאַרשפּיגלט אין איר ווערק. דער אידיאָם, די רייד, די אַקציע געהערן טאַקע צו יענער וויטער געשילדערטער צייט, אָבער דער קנויל פון קאָנפליקטן אין דער מענטשלעכער נשמה קענען זייער גוט, אין ליכט פון נעכטן, פאַר־שפּיגלען דעם היינט, זיינע אידייען און פירונגען מיט אַלע באַגלייט־דערשיינונגען געזען דורך אַ טיפערער באַלויכטונג.

די מחברין איז אריינגעדרינגען אין עבר און געגעבן אַ לעבע־דיקע כאַראַקטעריזאַציע פון די מענטשן, און פון געוויסע אַספּעקטן אינעם אויסטראַלישן בראשית מיט זיין איינשטעלונג צו דעם גאַנצן קנויל פּראָבלעמען און דערפאַרונגען. און אפשר דערפאַר וואָס זי איז נישט צוגעשמידט צו די פאַקטן, ווי עס איז דער היסטאָריקער, באַ־וויזט זי צו געבן מיט דער הילף פון פאַנטאַזיע און אינטואיציע אַ טי־פערן בילד, וואָס איז מער נענטער צום אמת, ווי דער געשיכטלעכער. אָט דער כלל גדול אין דער בעלעטריסטישער קונסט באַשטעטיקט זיך בולט אין עלאַנאָר דאַרקס היסטאָרישע ראָמאַנען. מיר זעען דאָס אין איר „צייטלאָזע ערד" און אויך אין איר „שטורעם פון צייט", ווו זי גיט אַ פיינעם פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז פון די ערשטע פאַרשיקטע קאַטאָרזשניקעס. אין דעם ווערק איז אויך דאָ פּסיכאָלאָגישער אריינ־דרינג אינעם מענטשלעכן וועזן און גלייכצייטיק אַ שטיק געשיכטע פון אויסטראַליע, געשטיצט אויף דאָקומענטאַציע.

דער לייענער ווערט באַאיינדרוקט פון איר סטיל, וואָס איז פּרע־ציז און קאָמפּעטענט. עס איז אַ סטיל וואָס איז אינדיווידועל, און קומט גלייך צו דירעקט צום ענין גופא, אָן איבעריקע ווערטער און אָן דער משא פון באַלערנטקייט, מיט וועלכער געוויסע שרייבער באַשווערן זייערע ווערק. צו דעם איז די מחברין באַשאָנקען מיט אַ פילבאַרקייט, צייטנוויז, ווי אַרומגענומען מיט פּאָעזיע. עס קענ־

טיקט זיך בולט איר באהערשן דעם מאטעריאל, וועלכן זי פורעמט און פרעזענטירט מיט אירע אייגנאַרטיקע פינגער־צייכנס.

עלאַנאָר דאַרק טיילט זיך אויס פון אַ פריערדיקן דור אויסטראַ־לישע היסטאָרישע ראָמאַניסטן מיט דעם, וואָס זיי האָבן זיך אַדרע־סירט נאָר צום לייענער מעבר לים, אָדער צו די איבערגעפלאַנצטע ענגלישע אימיגראַנטן אין דעם לאַנד, וואָס האָבן געפילט, אַז זיי לעבן אין גלות... עלאַנאָר דאַרק, צוזאַמען מיט אַ ריי אַנדערע ראָמאַניסטן, זענען געוואָרן אַ ווענד־פונקט נישט בלויז אין דעם אופן פון פאַרשן און בעלעטריזירן קינסטלעריש געשיכטע, נאָר אויך אין גלייבן, אַז ס׳זענען שוין פאַראַן אויסטראַלישע לייענערס פאַר ראָמאַנען, אין וועל־כע די אַקציע, די כאַראַקטערן און דער קלימאַט זענען נישט קיין אימפּאָרטירטע. זיי זענען גרינטלעךביידע: אויסטראַלישע און אוני־ווערסאַלע, ווי עס איז יעדע עכטע נאַציאָנאַלע ליטעראַטור און קולטור.

איר טעמאַטיק נעמט אַרום אי דעם בראשית פון דער אויסטראַ־לישער געשיכטע, אי אויך די אַנטוויקלונג פונעם שטאָטישן און היג־טערשטאָטישן לעבן, פאַרקערפּערט אין כאַראַקטערן, וועלכע זענען שוין טיף פאַרוואָרצלט אין זייער לאַנד און זענען וואַכיק עמאָציאָנעל און אינטעלעקטועל.

די מחברין גופא איז אַן אינטעלעקטואַליסטין און ראָמאַנטיקע־רין. געפיל און מחשבה פאַרנעמען ביי איר אַ גלייכווערטיקן פּלאַץ. אין אירע ערשטע ווערק שפּיגלט זיך אָפּ זייער שאַרף דער געראַנגל צווישן מוח און האַרץ — דאָס האַרץ האָט די אויבערהאַנט. אין די שפּעטערדיקע ווערק זענען אויך די עמאָציעס אינטעלעקטואַליזירט און אידייען זענען אַרומגענומען מיט בלוט פון האַרץ, אויף וויפל זיי קענען בכלל באַטראַכט ווערן ווי סעפּאַרירטע עלעמענטן. הגם אינעם לעבן זענען מחשבה און געפיל געקניפּט און געבונדן, דאָך נעמען רעפלעקסן אָן אַ דאָמינירנדיקע ראָל לגבי די עמאָציעס.

אירע ווערק זענען געשריבן מיט טאַלאַנט. אירע שילדערונגען פון אומגליקלעכע הייראַטן, ליבע־קאָמפּליקאַציעס, ליידנשאַפטן כאַפּן נישט אַריבער די מאָס... די גייסטיקע אַקטיוויטעטן צוימען די העלדן, וועלכע געהערן ס׳רוב צו דער אידייען־וועלט, נישט אָנווערנ־דיק דערביי דעם אינטימען קאָנטאַקט מיט דער חושים־וועלט. אַחוץ געוויסע אויסנאַמען, האָט זי באַוויזן צו אינדיווידואַליזירן די העלדן, די אַקציע, וואָס פליסט נאַטירלעך, אָן אויפגעצוווּנגענקייט. די עמאָ־ציעס האָבן אַ נאַטירלעכן יסוד. עכט־נאַטירלעך זענען אירע באַשריי־בונגען און פאַסירונגען פון דער אויסערלעכער, ווי פון דער אינער־לעכער וועלט.

# „קאַפּריקאָרניאַ" —
## די אַנטוויקלונג פון דער ווייסער ציוויליזאַציע אויף אַבאָרידזשינישער טעריטאָריע

דער אויסטראַלישער שרייבער אַלבערט פּרענציס קסאַוויער הערבערט האָט אין זיין ראָמאַן — „קאַפּריקאָרניאַ" (1938) פאַרשפּיגלט דאָס אַבאָרידזשיני־לעבן און געראַנגל אין דער נאָרטהערן טעריטאָריע פון אויסטראַליע און דעם טראַגישן קאָליר־פּראָבלעם ביי די מולאַטן, וואָס ווערן צעריסן צווישן אייראָפּעישע און אַבאָרידזשינישע קולטורן.

דער מחבר באַהאַנדלט אויף אַ ברייטן אופן די ראַסן־באַציאונגען און די אַנטוויקלונג פון דער ווייסער ציוויליזאַציע צווישן די אַבאָרידזשיניס. ער שילדערט די סאָציאַלע פּראָבלעמאַטיק אויפן באָדן פון ראַסן־פאָראורטיילן אי לגבי די פולבלוטיקע אַבאָרידזשיניס, אי אין באַצוג צו די מולאַטן. דער מחבר האָט באַקומען אַ פּריז פאַר זיין ראָמאַן. הגם עס פאַרמאָגט אַ סך חסרונות, דאָך וואַרפט עס אַ שטאַרק פּראָזשעקטאָריש ליכט אויף די ריסן און קאָנפליקטן צווישן די ראַסן אין דער טעריטאָריע, וואָס האָבן גורם געווען ליידן און אומגליקן פאַר די „נייטיוווס" און אויך אלענאַציע פאַרן יחידישן לעבן.

קסאַוויער הערבערט האָט יאָרן לאַנג געלעבט מיט די אַבאָרידזשיניס, זיך אויסגעלערנט צו רעדן אין זייער לשון, פאַרקערט מיט זיי און אָבסערווירט די רעזולטאַטן פון דער געשאַפענער אומבאַלאַנסירטקייט צווישן מענטש און מענטש גופא. ער איז ארומגעפאָרן אין היגטערלאַנד פון צפון אויסטראַליע און עטלעכע יאָר געווען אַן אויפזעער איבער אַבאָרידזשיניס אין דאַרווין.

דאָס בוך איז אַ גרויסער באַשולדיקונגס־אַקט קעגן ווייסן מענטש און זיין באַציונג צום „נייטיוו" און מישלינג. ער שילדערט דאָס לאַנד פאַר דעם אָנקום פון דער ווייסער ציוויליזאַציע, ווי אַן הינטערגרונט און ראַם פאַר די ענדערונגען, וואָס עס ברענגט אריין דאָס בויען אַ באַן־ליניע, וועלכע ווערט מער ווי אַ קאָמוניקאַציע־מיטל. מחמת די ענדערונגען אין די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע כוחות־פאַרהעלטענישן, וועלכע די באַן־געשעעניש ברענגט אריין אינעם לעבן פון די אַבאָ־

רידזשיניס און מישלינגען, זענען פיל מער ווי פון אַ קאָמוניקאַציע־מיטל.

פון איין זייט איז דאָס ווערק אַ סימבאָל פון פיאָנערישקייט אויף דער „נאָרטהערן טעריטאָריע", הגם באַזירט אויף מאָטיוון פון עקס־פלואַטאַציע, עגאָיזם און גיריקייט. עס גייען דורך פּאַר אונדזערע אויגן אַ גאַלעריע ווייסע קאָלאָניסטן, באַאַמטע מיט דעם גאַנצן קאָמ־פּלעקס פון קאָמפּליצירטע באַציִונגען מיט די פּולבלוטיקע און גע־מישטע ראַסן, באַגלייט מיט דיסקרימינאַציע און אַסימילאַציע פּאָליטיק. פאַראַן אויך שילדערונגען פון פאַרפּלייצונגען און טריקענישן, פון אַלקאָהאָל און קאָרופּציע . . .

מיט ביטערן סאַרקאַזם באַשרייבט דער מחבר ווי אַזוי געוויסע קאָלאָניסטן האָבן פאַרטראַכט אַ מיטל צו „באַפרייען" זיך מיט די אַבאָרידזשיניס, שענקענדיק זיי זעק מיט מעל אויסגעמישט מיט סם . . . אַזוי איז לויט דער באַצייכענונג פון מחבר „ענדלעך פאַרפלאַנצט געוואָרן ציוויליזאַציע".

זיינע שילדערונגען רופן זיך איבער מיט די פון עלאַנאָר דאַרק וועגן דעם פרעמדן כוח, וואָס האָט זיך אריינגעריסן אין דער נאַטיר־לעכער וועלט פון די אַבאָרידזשיניס און צעשטערט די האַרמאָנישע באַציִונגען וואָס זייער געזעלשאַפט האָט דערגרייכט מיט דער ארומי־קער נאַטור.

דאָס בוך פאַרמאָגט אַ קאַליידאָסקאָפּ מיט בילדער, באַזונדערס פון די מולאַטן, וועמענס מצב ער האָט נאָכגעפאָרשט און באַשריבן. ער גיט פיל אַלגעמיינע אימפּרעסיעס פון אינצידענטן — צייטנווייז זענען זיי אויס צו זיין אומוואָרשיינלעכע — וועלכע ער באַפעל־קערט אויף אַ ריי זייטלעך פון בוך, און ער מאַכט זיי דראַמאַטיש.

דורך די איבערבאַפּעלקערטע סצענקעס און פערסאָנאַזשן הייבט דער מחבר ארויס די געשיכטע פון דעם יינגל נאָרמאַן (ביי די „ניי־טיווס" באַשטייט אָט דער נאָמען פון צוויי טיילן „נאָ־נים" — קיין נאָמען. געוויינלעך גיבן זיי אַזאַ נאָמען צו הינט, וועלכע זיי האָבן נישט שטאַרק ליב, אָבער האָבן נישט קיין האַרץ זיי אומצוברענגען).

נאָרמאַן איז געווען אַ פאַרוואָרלאָזט קינד פון געמישטע עלטערן (פון אַן אַבאָרידזשיני מיט אַ ווייסן), וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַדאָפּטירט (צוערשט אומווילן) דורך אַ ברודער פון קינדס פאָטער. נאָרמאַן פאַרברענגט זיינע קינדער־יאָרן אויף דעם פאַרם פון אַדאָפּ־טירער, שפּעטער פאָרט ער אַוועק קיין מעלבורן ווו ער קוואַליפיצירט זיך אַלס שלאָסער, אַנטוויקלט זיין כאַראַקטער און זיינע פעיקייטן. ער קומט צוריק אין דער צפון טעריטאָריע און האָט אויסצושטיין אַ סך באַליידיקונגען . . .

מיט זיין געשיכטע איז אויך פאַרוועבט די לעבנס-געשיכטע פון אַ צווייטן מולאַט, טאַקי, אַ פרוי, וואָס קומט אום און איר טויט איז דער שטאַרקסטער דראַמאַטישער עפּיזאָד פון בוך. אַ שטאַרקע איינדרוקספולע סצענע איז די שילדערונג, ווי אזוי נאַרמאַן גייט אַוועק אין בוש אריין מיט פאַראַכטונג פאַר זיינע באַליידיקערס און דאָרט געפינט ער אויס ווי אזוי טאַקי מיט איר קינד — זיין קינד — זענען געשטאָרבן.

די צייכענונגען פון די ביידע כאַראַקטערן אויף דעם הינטערגרונט פון דער טעריטאָריע, זענען די געלונגענסטע פון דעם ווערק, גוט קאָנסטרואירט און פיין אריינגעפלאָכטן אינעם סוזשעט מיט דעם אומפאַרמיידלעכן אויסגאַנג און סוף. אָבער מען קען דאָס ניט זאָגן וועגן פיל אַנדערע פערסאָנאַזשן, וועלכע זענען געצייכנט בלוטלאָז און באַגלייט מיט אַ פּובליציסטישער פראַזע. דער מחבר זעט אויס צו זיין מער קאָמפּעטענט אין די סאָציאַלע און היסטאָרישע באַדינגונגען, וועלכע ער האָט אריינגענומען אין זיין ווערק, ווי אין די ליטעראַרישע ווערטן, דער סטיל צייכנט זיך אויס מיט אָפּגעלאָזנקייט און צעצויגנקייט, און זאָגט געגנוג עדות וועגן מחבר, אַז ער איז זייער ווייט פון אַ סטיליסט...

אָבער נאָכן אונטערשטרייכן די הויפּט-חסרונות פון זיין ווערק, דאַרף מען אויך צוגעבן, אַז דער מחבר האָט אַרויסגעבראַכט די גרויזאַמע באַהאַנדלונג פון די אַבאָרידזשיניס און מולאַטן אין בעלעטריסטישע פאַרבן. הגם, ער האָט נישט קיין חוש פאַר די געהעריקע וואָרט-פאַרבינדונגען, וואָס זאָלן זיין צוגעפּאַסט פאַר געוויסע סיטואַציעס און אַקציעס, אָבער ער פאַרמאָגט הומאָר און שאַרפע סאַטירע און באַנוצט זיך מיט וויץ און אַלעגאָריע. אמת, דער הומאָר איז לרוב איראָניש און ביטער. און אַזוי פּאַסט ער אויך צו נעמען פון מענטשן און ערטער צו זיין בייסנדיקן הומאָר, אָבער עס שאַפט די אַטמאָספער ארום דער אַקציע און אַרום די פערסאָנאַזשן מיט זייערע אויסגעטראַכטע נעמען, ווי די מיסיאָנערן בליטער און האַלאָוער, דער ריכטער פאַנדראַסעס, די הויפּט-פיגורן אָסקאַר און מאַרק.

מיט סאַרקאַזם איז געצייכנט די אַנטשטייאונג פונעם ישוב לטובת די „נייטיוווס", ווי זאָגט ערגעץ דער מחבר „עס ווענדט זיך ווי אַזוי מען קוקט אויף אַ פּערפעקטער מדרגה פון אַ געזעלשאַפט. מיינט עס נישט, אַז יעדער זאָל זיך פילן גליקלעך? אָדער עס מיינט אונדזער סיסטעם פול מיט זאָרג, זינד און שוויס . . . וועלכע ציווילי-זאַציע אין אַ העכערע?".

עס קומען פאָר צו אָפטע איבערחזרונגען אין דעם בוך וועגן דער האַרמאָנישער באַלאַנסירונג צווישן געזעלשאַפט און נאַטור, וואָס די אַבאָרידזשינישע קולטור האָט דערגרייכט און די ווייסע ציווילי-

זאַציע האָט עס צעשטערט און באַאומרואיקט.... אין דער קאַנווע זענען אויך פאַרוועבט איבערמאָסיק די אונטערשיידן פון עסטעטי־שער און סענסועלער פרייד, די צאַרטקייט פון קינדהייט און יוגנט מיט זייער סענסיביליטעט און קלאָרן בליק אויף דער וועלט; די אימפולסן פון פאַמיליע־וואַרעמקייט און דאָס פאַרקערטע...

איינדרוקספול איז די שילדערונג פון דעם העלדס ארומוואַנדערן אין בוש, ווען ער טראַכט וועגן דעם פענאָמען פון זיין עקזיסטענץ ווי אַ מענטשלעך וועזן, און די עקזיסטענץ פון דער מענטשהייט — די ספקות וואָס זענען אים באַפאַלן אין זיין אמונה „צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן האָט ער באַוווסטזיניק אַנגעהויבן צווייפלען אין דער קאָנווענציאָנעלער עקזיסטענץ פון דער געטלעכקייט אין וועלכער מען האָט אים דערצויגן צו גלייבן, צו וווּנדערן זיך איבער דעם — עפּעס וואָס ער האָט געקענט זען אין די שטערן... ער האָט איינגעהאַלטן זיין גוטן געמיט־צושטאַנד ביזן אָנקומען אין „טאטלאק פּול". אָט דאָס אָרט האָט ער דערגרייכט ערשט אויפן פינפטן טאָג, אָנקומענדיק אהין נאָכמיטאָג מיט ליבע פאַר דער מענטשהייט. אין צוויי שעה שפּעטער איז ער אַוועק פון דאָרטן שעלטנדיק דעם אוניווערס...."

ווייזט דער מחבר ווי אזוי „נאָ־נים" איז אויפגענומען געוואָרן דורך בעקהאוז און דאניקען, די באַלעבאַטים, וואָס האָבן אים אויס־געפּרעגט אויף אַ גראָבן אופן, ווי ער וואָלט אַ נעגער געווען... זיי האָבן אים נישט פאַרבעטן צום עסן, נאָר ארויסגעשיקט צו אים אויף דער וועראַנדע עפּעס אויף אַ בלעכענעם טעלער... פון אָנהייב איז ער געווען פאַרווּנדערט. נאָך אַ ווייל זיצן איז ער אַוועק אָן עסן. זיין טעלער איז פול געווען מיט מוראַזשקעס...

פון יענער צייט ווען קסאַוויער הערבערט האָט ארויסגעגעבן זיין בוך „קאַפּריקאָרניאַ" (1938) ביז היינט, האָט זיך פיל געענדערט אין דער באַהאַנדלונג פון די אַבאָרידזשיניס. אָבער דער פּראָבלעם איז זייער אַ שווערער אַפילו פאַר די, וואָס האָבן דעם בעסטן ווילן צו העלפן זיי. אין די 1930־ער יאָרן איז די רעגירונגס־פּאָליטיק געווען צו אַסי־מילירן זיי מיט דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, אָבער דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן, ווייל זיי ווילן גאָר נישט זיך אויסמישן מיט דער ווייסער באַפעלקערונג און אויפגעבן זייער לשון, פּאָעזיע, מוזיק, טענץ, רעליגיע, פאַרן פרייז צו באַקומען פולע בירגערשאַפט (צי דערמאָנט עס נישט אין דעם „פּרייז", וואָס מען האָט אין 19טן יאָרהונדערט געפאָדערט פאַר דער עמאַנציפּאַציע פון די יידן אין דייטשלאַנד?).

דער פּראָבלעם איז זייער קאָמפּליצירט, מחמת עס זענען פאַראַן פאַרשידענע קאַטעגאָריעס אַבאָרידזשיניס אין אויסטראַליע. קודם, די פולבלוטיקע. זיי לעבן ס'רוב אין די צענטראַל־מערבדיקע געביטן פון

דעם קאָנטינענט אין אַרנהעם לאַנד, און זענען שטופנווייז באַזעצט געוואָרן אין רעגירונגס אָדער מיסיאָנערישע סטאַציעס, הגם עס איז זיי שווער צו באַפרייען זיך פון זייער נאָמאַדישן לעבנס־שטייגער און איבערגיין צו אַן אַרבעטס־סיסטעם אין די גרובנס. דער יונגער דור איז מער צוגעפּאַסט צו דעם ווי דער עלטערער.

אין צפון און מערב־אויסטראַליע קומט אויס די יונגע אַבאָ־רידזשיניס צו פאָרן פון איין שבט־טעריטאָריע צו אַ צווייטער צו באַ־קומען אַרבעט אין די גרובנס. צווישן איין באַשעפטיקונג און אַ צוויי־טער קומען זיי צוריק צום שבט. אין דער מאָדערנער אינדוסטריע האָט מען זיי קיין מאָל נישט אריינגעלאָזט, מחמת עס הערשן נאָך אַלץ פאַראורטיילן לגבי זייער אינטעליגענץ.

נישט איין מאָל קומט אויס צו הערן די מיינונג און באַציונג לגבי די אַבאָרידזשיניס, ווי צו אַן אינפעריאָריטי ראַסע, נישט חלילה צוליב דער שולד פון די ווייסע, נאָר מחמת זיי זענען „נידעריקער אין דער עוואָלוציע סקאַלע". דער אויספיר: דער פרימיטיווער וועט שטענדיק פאַרבלייבן נידעריקער ווי דער ציוויליזירטער...

אַזלעכע ראַסיסטן ווילן זיך מאַכן פאַרגעסן, אַז די אַבאָרידזשיניס פאַרמאָגן אַ סאָפיסטיצירטע אייגענע קולטור, וואָס האָט זיי געגעבן אַ צופרידענעם זעלבסטשטענדיקן לעבן, ביז דער ווייסער האָט עס צעשטערט.

וואָס שייך ציוויליזירטקייט און טעכנאָלאָגיע, איז באַקאַנט, אַז די אינדיאָנעזער האָבן געלערנט די אַבאָרידזשיניס צו באַנוצן שטיין, ווי אַ בוי־מאַטעריאַל, נוצן שטאָל, וועבן שטאָפן, קולטיווירן רייז. אָבער נאָכן אַוועקגיין פון די אינדיאָנעזער פון אַרנהעם־לאַנד, האָבן די אַבאָרידזשיניס אויפגעהערט עס צו טאָן.

ווידער דער אונטערשייד פון זייערע קולטור־טראַדיציעס און מינהגים מיט די פון אַנדערע פעלקער, איז פונקט ווי מיט דער „טרעפיק". אין געוויסע לענדער פאָרט מען לינקס, אין אַנדערע רעכטס. איז דען פאַראַן עפּעס אַ העכערקייט פון פאָרן רעכטס אָדער לינקס? צו דעם קען מען דאָך אויפווייזן, אַז זיי, די אַבאָרידזשיניס, האָבן איינגעהיט אייגנשאַפטן און אינסטינקטן, וואָס דער ווייסער מענטש האָט פאַרלוירן אין זיין עוואָלוציע און טעכנאָלאָגישער אַנטוויקלונג.

די אַבאָרידזשינישע יוגנט, וואָס קומט אין נעענטערן קאָנטאַקט מיטן ווייסן מענטש, ווערט באַווירקט פון דעם געדאַנק אַוועקצוּוואַרפן טראַדיציעס און זיך צופּאַסן צו דער מאָדערנער אינדוסטריאַליזירטער ציוויליזאַציע. אַ טייל ווערט טאַקע ביסלעכווייז אָפּגעפרעמדט פון שבט, קליידט זיך אַנדערש, רויכערט, טרינקט, הערט „פּאָפּ"־מוזיק. ביי זיי שאַפט זיך אַ תהום צווישן יונג און אַלט פון זייער קלאַן.

האָבן מיר דאָ ווידער אַן אַנאַלאָגיע מיט אונדזער ידיש לעבן, מחמת ביי די אַבאָרידזשיניס שטייט דאָך אויך דער פּראָבלעם: צי וועט מיט דעם אַוועקגיין פון אַלטן דור אָפּשטאַרבן די אַבאָרידזשינישע קולטור? שוין דאָס אַוועקשטעלן די פראַגע, אַז וואָס נענטער די אַבאָ־רידזשיניס קומען צו צום איינראָפּעישן לעבנסשטייגער אַלץ מער ווערן זיי דערווייטערט פון זייער טראַדיציאָנעלן לעבנס־באַנעם וויזט, אַז דער פּראָבלעם פון אַסימילאַציע מאַטערט פאַרשידענע פעלקער און ראַסן און גראָד די אַבאָרידזשינישע אינטעליגענץ באַקעמפט מיט דער גאַנ־צער שאַרפקייט די אַסימילאַציע־לייזונג, וואָס האָט סיי ווי באַנקראָ־טירט אויף דער גאַנצער ליניע. דאָס פירט אונדז אויך צום פּראָבלעם פון „געמישטע חתונות" — דער פּראָבלעם פון די מולאַטן אין אויסטראַליע.

קריסטינאַ טשאַרלעם איז אַ מולאַטקע, 18 יאָר אַלט. זי איז אויפגעבראַכט געוואָרן אין אַן אַבאָרידזשינישן רעזערוואַט. פון דאָרטן איז זי אַוועק אַרבעטן אין סידנעי אויף אַ מלוכהשן פּאָסטן און האָט שוועריקייטן זיך אריינצופּאַסן אין אורבאַנישן לעבן. זי אידענטיפי־צירט זיך פולשטענדיק מיט דער אַבאָרידזשינישער ראַסע און איר קולטור. זי און פיל אַנדערע אירס גלייכן רעדן פאַר זייער פאָלק באַ־טאָנענדיק: „אויסערלעך זעען מיר אויס האַלב ווייס, אָבער אינע־וויניק — פסיכיש, זענען מיר אַלע פולשטענדיק שוואַרץ".

עס קומען פאָר טראַגעדיעס מיט די וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע טראַדיציעס, ווען זיי זענען פון די רעזערוואַטן אַוועק אַרבעטן אין שטאָט, און קענען זיך נישט אריינפּאַסן אינעם איירָאפּעישן לעבנס־שטייגער. זיי האָבן פּראָבלעמען מיט געפינען וווינונגען, און אויך פּאָסטנס, הגם אין אויסטראַליע אַרבעטן, בערך אַ 65 אָרגאַניזאַציעס צו העלפן די אַבאָרידזשיניס, די פולבלוטיקע און געמישטע.

דער פּראָבלעם פון בילדונג איז זייער אַ שאַרפער. סך־הכל זענען פאַראַן פיר אַבאָרידזשיניס מיט אוניווערסיטעט בילדונג. דזשאָן מאָריאַרטי איז איינער פון זיי, ער איז אַ העלפט אירלענדיש און אַ העלפט אַבאָרידזשיניש און געהערט צו דעם אויפשפּראָץ פון דער יונגער אינטעליגענץ, וואָס ציט די אויפמערקזאַמקייט צו אַ ברייַ־טערן ספּעקטרום פון אַבאָרידזשינישן דענקען.

דזשאָן מאָריאַרטי האָט זיך ספּעציאַליזירט אין אַבאָרידזשינישע ענינים און אין שייכות מיט זיי געמאַכט אַ וועלט־טור צו שטודירן פּראָבלעמען פון מינדערהייטן און עטנישע גרופּן אין אַמעריקע און אַנדערע לענדער. צוריקקומענדיק האָט ער דערקלערט, אַז „אויסטראַ־ליע קען זיך אַ סך לערנען פון אַמעריקאַנער פעלערן".

קליין איז דערווייל די צאָל פון דער אַבאָרידזשינישער אינטע־ליגענץ צוליב דעם מאַנגל אין בילדונג (זיי הויבן אָן שפּעטער ווי די ווייסע צו גיין אין שול און פאַרלאָזן זי אויף אַ נידעריקער שטופע). במילא זענען זיי וויניקער צוגעגרייט אי צו דער אַגרי־קולטור ווירט־שאַפט און אויך צו דער אינדוסטריעלער עקאָנאָמיע. די פּראָבלעמען זענען: געזונט (אינפאַנט־שטערבלעכקייט ביי די אַבאָרידזשיניס גע־הערט צו די העכסטע אין דער וועלט). דערציִונג, אַרבעט, וווינונגען און אַ באַזונדערע נאַציאָנאַלע אידענטיטעט; פּראַקטיצירן אייגענע קולטור און זעלבסט־באַשטימונג, צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען פון מאָדערנעם לעבן, ווי אַן אינטעגראַלער טייל פונעם קיבוץ און פון גלייכע רעכט מיט אַלע אויסטראַליער. אין דער ריכטונג גייט אָן די אַרבעט און דער קאַמף פון דער יונגער אַבאָרידזשינישער אינטעלי־גענץ, וואָס באַשטייט ס'רוב פון מולאַטן.

קולטור־פּלוראַליזם איז איינע פון די וויכטיקסטע לאָזונגען, וואָס שטייען היינט אויפן סדר־היום אין אויסטראַליע, ווי אין אמע־ריקע. אין דער בעלעטריסטיק און אין דער אויסטראַלישער פּובלי־ציסטיק ווערט אָפּגעשפּיגלט די אידיי פון פאַרשטענדעניש צווישן די ראַסן, פון רעספּעקטירן און אַריינגעמען אין חשבון די פאַרשידנ־אַרטיקע קולטורן און זייער געשיכטע.

די אַבאָרידזשיניס האָבן אָבער אַ באַזונדערן חשבון מיטן אוי־סטראַלישן פאָלק אין באַצוג צו זייער לאַנד־רעכט, וואָס איז היינט אויך פאַרבונדן מיט די מינעראַלן־אוצרות. זיי פאָדערן לאַנד־באַזיץ אָדער קאָמפּענסאַציע. „אין גיכן וועט שוין נישט זיין קיין לאַנד אויף וועלכן מיר וועלן האָבן רעכט, ווייל מיר וועלן שוין דאָרט מער נישט וווינען", האָט נישט לאַנג צוריק דערקלערט דער דער־מאָנטער דזשאָן מאַריאַרטי. שוין אָפּגערעדט פון דעם נישט איינגע־געבענעם פּרוּוו צו שאַפן דאָ אויך א מין „בלעק פּאַוער" מיט דעם געשריי „מיר ווילן אונדזער ערד און עשירות, וואָס האָנקי האָט אַוועקגערויבט פון אונדז" („האָנקי" איז אַ „סלענג" פאַרן ראַסיסטישן ווייסן מענטש).

למען האמת דאַרף מען צוגעבן, אַז די אויסטראַלישע רעגירונג און געזעלשאַפט האָבן אונטערגענומען אַ סאָלידע איניציאַטיוו צו רעכטמאַכן די עוולות, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן אין דער פאַר־גאַנגענהייט. עס איז אויך אָפּגעוואָרפן געוואָרן די באַנקראָטירטע אַסימילאַציע־פּאָליטיק, געבנדיק די אַבאָרידזשיניס אַ פרייע מעגלעכ־קייט צו פלעגן זייער קולטור, וואָס ווערט געשטיצט, רעספּעקטירט און געמוטיקט דורך דער פעדעראַלער רעגירונג און געזעלשאַפט.

# „אָרעמער מענטש מיין לאַנד"

אונטער דעם דאָזיקן טיטל האָט קסאַוויער הערבערט פאַרעפנט־לעכט דאָס גרעסטע בוך וואָס עס איז ווען געשריבן געוואָרן אין דער ענגלישער שפּראַך. עס האָט 1472 זייטן און 850.000 ווערטער. עס איז אַ גרויס מאַסיוו ווערק נישט בלויז אין כמות, נאָר ווי אַ גאַנצע עפּיק פון דער אויסטראַלישער און אינטערנאַציאָנאַלער סצענע במשך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט מיט דעם הינטערגרונט פון דער „נאָרט־טערן"־טעריטאָריע אין אויסטראַליע, וועגן וועלכער ער האָט זיך מיט אַ דריטל יאָרהונדערט צוריק קונה שם געווען מיט זיין ווערק קאַפּריקאָרניאַ.

איך בין ביי דער מיינונג, אַז מיט אָט דעם ווערק וועט שוין אויף תמיד בלייבן פאַרבונדן דער נאָמען פון קסאַוויער הערבערט, מחמת קאַפּריקאָרניאַ איז טאַקע דאָס וויטאַל־גרויסע, צאָרנדיק ווערק פונעם מחבר, וואָס לאָזט זיך נישט פאַרגלייכן מיט זיין לעצטן בוך, הגם עס האָט באַוויזן אַרויסצורופן אַ סך לויבגעזאַנגען מצד איניקע רעצענ־זענטן, וואָס האָבן דאָס לעצטע בוך באַצייכנט, שיער נישט, ווי די אויסטראַלישע מאַרקע פון אַזאַ ווערק ווי קריג און פרידן.

גיי איך דאָ נישט אַריין אין דעם פאַרגלייך צווישן טאָלסטאָין און הערבערטן, נאָר אויך אין קענען פאַרגלייכן די קוואַליטעט פון דעם זעלבן מחברס צוויי ווערק, ווי קאַפּריקאָרניאַ און אָרעמער מענטש מיין לאַנד.

קאַפּריקאָרניאַ וועט פאַרבלייבן ווי איינע פון די גרעסטע ראָמאַ־נען אין דער שטאַרקער קוואַליטעט פון דער טעקסטור (וואָס איז אַגב גאַנץ שאַרסטקע), מחמת עס פאַרשפּיגלט אַ טעריטאָריע פון אַ לאַנד, פון אַ געזעלשאַפט, וואָס האָט באַוויזן צו שאַפן איר אייגענעם לעבנס־נוסח מיט זיין פּאַראַדאָקסאַלער פאַרשיידנאַרטיקייט, וועגן וועלכער עס זענען געמאַכט געוואָרן אַזוי פיל ליטעראַרישע עקספּערימענטן, אָבער אָן דעם קינסטלערישן דערפאָלג וואָס עס האָט דערגרייכט קסאַוויער הערבערט.

עס איז נישט קיין סובטעל ווערק פאַר דעם פיינשמעקער פון

ליטעראַטור. אַזאַ איינער וועט געפינען געגוג פעלערן אין אַט דער בעלעטריסטישער שאַפונג און איר טעכניק, וואָס זאָל אָפּשפּיגלען אַ ראַפינירטע סענסיוויטעט און אַ גאַנצן לעבנסזין אין פאָרם פון אַ ראָמאַן.

עס טראָגט אויך אין זיך דעם דאָמינירנדיקן רעאַליסטישן חותם פון דער ריכטונג אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור, וואָס האָט געהערשט אין דער ערשטער העלפט פון דעם יאָרהונדערט. הערבערט האָט עס טאַקע אַדאַפּטירט מיט זיין אינדיווידועלן נאַטירלעכן טעמפּעראַמענט, אָבער ער האָט אין דעם ווערק אריינגעגעבן אַזאַ כוח און דערגרייכט עפּעס אַזוינס, וואָס קיין אַנדער אויסטראַלישער שרייבער האָט ביי דער זעלבער טעמע נישט באַוויזן צו דערגרייכן. דעריבער פאַרנעמט „קאַפּריקאָרניאַ" אַזאַ מזרח־אָרט אין דער היגער ליטעראַטור, אַ כשר־פאַרדינטן פּלאַץ, וואָס קיינער האָט ביז היינט נאָך נישט באַוויזן עס פון אים צונעמען.

קומען מיר אָבער צוריק צו זיין לעצטן גרויסן ווערק און וועלן פּרוּוון אַנאַליזירן זיינע קוואַליטעטן.

ווען מען שטעלט זיך די פראַגע: איז דען טאַקע געווען נויטיק אָנצושרייבן אַזאַ גרויס בוך? צי האָט דער מחבר נישט געקענט רעדוצירן די צאָל כאַראַקטערן און געשעענישן? איך בין נישט מסכים מיט די וואָס האַלטן, אַז יעדער כאַראַקטער און עפּיזאָד איז דאָ אַן אָרגאַנישער באַשטאַנדטייל פון אַ גראַנדיעזן פּלאַן, פון אַ גיגאַנטישן בנין, ווו יעדער ציגל האָט זיך זיין אָרט. אמת איז, דער מחבר האָט באַוויזן צו שאַפן די אילוזיע, אַז יעדער איינצלנער דעטאַל גיט צו פאַרב צו דער מאָזאַיק פון דער קאַנווע אויף וועלכער ער האָט געאַרבעט בערך אַ צענדליק יאָר. און עס נעמט אַרום אויך די זעלבע טעריטאָריע, וועלכע מיר קענען פון „קאַפּריקאָרניאַ". די צייט איז: פאַרן און שוין נאָכן צווייטן וועלט־קריג.

עס איז די זעלבע שוין־אונדז־באַקאַנטע „נאָרטהערן" לאַנד, ווו עס שפּילן זיך אָפּ ס׳רוב פון די געשעענישן, אייניקע עקסקורסיעס מאַכט דער מחבר מיט זיינע פּערסאָנאַזשן אין די דרומדיקע הויפּט־שטעט פון סידני און מעלבורן, וועלכע דעקאָרירן דעם נאַראַטיוו. עס הייבט זיך אָן אין דעם פּעריאָד, ווען עדוואַרד דער 8־טער איז אַרויף אויפן טראָן; די האַסטיקע געענדערטע געשעענישן וואָס האָבן נאָכגעפאָלגט ביז דעם קריג אין פּאַציפיק און די קאַמפן ביים קאָראַל ים. אַ קורצער עפּילאָג קומט אויך פאָר אין די 1950־ער יאָרן.

דאָס בוך איז איינגעטיילט אין דריי באַזונדערע אָפּטיילן. אין יעדן טייל — זיין באַזונדער טעמפּאָ, שטימונג, אַקצענט און אויס־

בליק. די אַקציע שטייגט אין איבערגאַנג פון צייט פון איין טייל צום צווייטן. דאָס שטייגן אין טעמפּאָ איז פאַרבונדן מיט דער אוממיטל־באַרקייט פון נאַראַטיוו. עס איז אונטערגעוואָרפן די איינהייטלעכקייט און שלימות פון מחברס וויזיע פון כאַראַקטער, געשעעניש, מאָטי־ווירונג און פּסיכאָלאָגישער אַנאַליז.

ווי אין זיינע פריערדיקע ראָמאַנען, פאַרשטעלט זיך דאָ אויך דער מחבר אין איינעם פון זיינע העלדן. אין דעם בוך האָט ער אַדאַפּטירט די בעלעטריסטישע מאַסקע פון דזשערעמי דעלאַסי. ער איז אַ כל־בו — אַ וועטערינאַר־דאָקטער, אַ פאַרמאַציסט, אַן אייגנ־טימער פון אַ פאַרם, און איבער אַלץ — אַן אויטאָדידאַקט. אַן אידע־אַליזירטע פיגור, וועמענס לעבן און מיינונגען פאַרנעמען אַזאַ גרויסן פּלאַץ אין דעם גרויסן ווערק.

וויכטיק איז דער פאַקט וואָס ער, דעלאַסי, איז פאַרהייראַט צו אַ מולאַטקע. זיין פאַרם איז דעריבער אַ מקום־מקלט פאַר אַבאָרי־דזשיניס און אויך פאַר ידישע פּליטים פון דייטשלאַנד. דזשערעמי דעלאַסי איז פול מיט פאַראַדאָקסן. ער איז אַ מין אַנטי־מיליטאַריס־טישער מיליטאַריסט, מחמת דורך מלחמה וועט מען דערגרייכן די עכטע פאַלקישקייט... ער איז אַן עליטע־מענטש און אַ פאָלקס־מענטש, אָבער ער חוזקט אָפּ פון די ברייטע מאַסן הלמאי עס פעלט זיי די אידענטישקייט פון אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער (אַזוי ווי ער פאַסט עס אויף ווי אַן אויסטראַליער). ער איז אַ מין אַנטי־ראַסיסטישער ראַסיסט, אָבער ער פאַראַכטעט די אויטאָריטעט פון „עסטאַבלישמענט״, בכלל איז ער אַן אומאָפּהענגיקער מענטש פאַרליבט אין זיין אויטאָדידאַקטישקייט.

אַלץ ווייסט ער, באַזונדערס האָלט ער שטאַרק פון זיין ספּעציאַ־ליטעט אין עטימאָלאָגיע — אָט דעם צווייג פון לינגוויסטישער וויסנ־שאַפט באַטראַכט ער פאַר זיין פאַראַפּיע. ער ווערט באַוווּנדערט פאַר זיינע קענטענישן צו דערקלערן די פאָרמאַציע פון ווערטער, זייער זין און אָפּשטאַם, די בייגונגען פון דעם אָדער אַנדערן וואָרט. מען האַלט אים פאַר אַ „גייענדיקע ענציקלאָפּעדיע״ סיי אויפן עטימאָלאָגישן געביט און אויך אויף אַנדערע געביטן פון קולטן און רעליגיעס (אגב ווערט ער באַצויבערט פון יודאַאיזם, אָבער ווי אַ רעזולטאַט פון טרעפן זיך מיט אַן אַטראַקטיווער ידישער פּליטה).

פרויען יאָגן זיך נאָך אים נאָך, ווי האָבן פון אים קינדער. ער איז אַנגעזען אויך ביי דער מיליטערישער אָנפירונג פון דער טערי־טאָריע און דער בריטישער גענעראַל וויל אים באַשטימען אָנצופירן מיט דער פאַרטיידיקונג פון דעם צפון־ראַיאָן. אַפילו דער אַלטער

„זילבערנער צונג", דער פּרעמיער־מיניסטער (מענזעס ?) האַלט פון אים אַ וועלט. אין דער קאָמפּאַניע פעלט אויך נישט אַ רעכטע נאַציאָנאַליסטישע גרופּע מיט איר פּאַטריאָטיזם. מיט איין וואָרט: עס לאָזט זיך לייכט דערקענען די מאָדעלן פון די אַלע פּאָליטישע קאַריקאַטורן.

דאַרף איך נאָך דערמאָנען, אַז דער פאָרם איז אויך אַ מקום־מקלט פאַר חיות — און מיר האָבן פאַר זיך, מער וויניקער, אַ בילד אַרום דער מאַסקע פון דזשערעמי דעלאַסי.

אַרעמער מענטש מיין לאַנד, איז געשריבן, ווי אין הערבערטס פריערדיקע ביכער, אין אַ רעאַליסטישער שטימונג. עס איז אַ ראָמאַן וואָס אינפאָרמירט א סך וועגן זיינע כאַראַקטערן, זייער לעבנס־שטייגער פון אַ געמישטער געזעלשאַפט אויף דער באַשטימטער טעריטאָריע. דער מחבר האָט טאַקע אויך אַריינגעגעבן אַ סך „לאָקאַלע פאַרב" אין די שילדערונגען און אין דער טעמאַטיק, אָבער די הויפּט־טעמע איז: אויסטראַליע, איר נאָענטע פאַרגאַנגענהייט, איר היינט (פון די באַשריבענע יאָרן) און די וואַרשיינלעכע צוקונפט.

פּונקט ווי אין קאַפּריקאָרניאַ ווערן די אָפּהאַנדלונגען פון נאַראַטיוון נוסח אויסגעברייטערט אויף גרעסערע סימבאָלישע אָנדייטונגען. זיי ווערן באַגלייט פון לירישע באַטאָנונגען און פון פּייזאַזשן מיט שאַרפע דראַמאַטישע סצענעס. דער מחבר זוכט אַריינצונעמען אַלץ, וואָס קען ביישטייערן צו זיין לעבנס־פילאָזאָפיע. ער האָט דעריבער אויסגעקליבן פאַר זיין לעבנס־בליק אַ לויזע ברייטע סטרוקטור, אין וועלכער ער זאָל קענען אַריינגעמען אַלע זיינע אָנגעמערקטע זאַכן, אַזוי ווי זיי געשען אין נאַראַטיוו. פּונקט ווי אין קאַפּריקאָרניאַ, קענטיקט זיך אויך אין דעם ווערק זיין טאַלאַנט פאַרן קאָמישן און קאַריקאַטור־פאָרם, טיילמאָל אַ מין חוזק־באַציונג, באַגלייט מיט המצאות פון אינצידענטן. עס איז אויך פאַראַן אַ מין ביטערע סאַטירע ביים זוכן יושר אין אַ וועלט, וווּ דאָס פעלט אויס אויף טריט און שריט. אָבער דאָס שטערט אים נישט צו זוכן די סיבות פון דעם „נאַטירלעכן" אומיושר, וואָס דער מחבר דעמאָנסטרירט דורך זיינע העלדן אין דעם גאַנג פון זיינע צאָלרייכע באַשרייבונגען.

דער טיטל פון לעצטן בוך איז אַן אַבאָרידזשינישער אויסגעשריי פון ווייטיק, פון גלות — „פאַר מיין לאַנד וואָס ווייגט אין מיר". עס איז אויך דעם מחברס אַן אויסגעשריי (פאַר אויסטראַליע), אין וועלכן ער רופט אויס, אַז איינער דאַרף פריער האָסן אידער ער לערנט זיך אויס ליב צו האָבן. דאָס בוך פאַרמאָגט אַ סך האָס אין דעם סאַטירישן עלעמענט פון דעם וויסנס אויפפירונג אין דעם לאַנד, אָבער

אויך אַ סך ליבשאַפט און לײדנשאַפט פאַרן אויסטראַלישן לאַנד. און קײן שום אַנדער װײסער מענטש האָט נישט אַזױ לײדנשאַפטלעך געשריבן, װי הערבערט, װעגן דעם פּיזישן פענאָמען פון דעם לאַנדס שײנקײט, פון זײן נוצלעכקײט אױפצוהאַלטן מענטשלעך לעבן, שטענ־דיק אין דינסט פון מענטש אַלע נאַטירלעכע רײכטימער.

זײן פאַרדרוס איז, װאָס ס׳רוב אױסטראַליער פאַרשטײען נישט אָפּצושאַצן דעם קאָנטינענט און אים אַנגעװאָרפן אַ ציװיליזאַציע װאָס איז אים לחלוטין פרעמד. אַן אױסנאַם איז דזשערעמי דעלאַסי, — דער זײדע פון פרינדי. דזשערעמי איז װײס, פרינדי איז קאָלירט. די פאַרבינדונג װאָס אַנטװיקלט זיך צװישן זײ, איז שטאַרקער פון דער בלוט־קרובהשאַפט. עס פאַראײניקט זײ די קולטור פון אַבאָרידזשי־נישן פאָלק און די סאָציאַלע הילף, װאָס דזשערעמי ברענגט פאַר די אומגליקלעכע. אין די װײסע זעט ער אַ פאַסקודנע ראַסע, װאָס האָט אַרױסגעשטױסן און באַרױבט „אַן אַלט, שטאָלץ קולטור־פאָלק״. מיר זענען געבליבן צופרידן צו בלײבן אַ ראַסע פון נישט אַנװעזנדיקע באַלעבאַטים אױפן לאַנד — צוערשט בריטישע; שפּעטער — אַמע־ריקאַנער.

קסאַװיער הערבערט מיט זײן עקספּערטיז פון די אַבאָרידזשינישע שבטים, װעלכע ער האָט אַזױ קענען געלערנט זײן גאַנץ באַװוסט־זיניקן לעבן, זײן אַנונג פון זײער קולטור, האָט אים געגעבן די מעג־לעכקײט צו שאַפן אױסערגעװײנטלעכע כאַראַקטערן, באַשרײבן זײ אױפן הינטערגרונט פון זײער פּיזישער סביבה, װאָס האָט פאַר זײ אַ רעליגיעזן קולט, פאַרבונדן מיט דער מיטאָלאָגיע.

ער באַשרײבט אַלי, גאַממון און איגולגול, די זון און די לבנה זענען די יסודותדיקע סימבאָלן, די הױפּט־אַרטעריעס, װעלכע זענען פאַרבונדן מיט אַנדערע פּרינציפּיעלע עלעמענטן פון באַשאַף, פון מיטאָס, װאָס איז צענטראַליזירט אין קונאַפּיפּי (באַװוסט אױך אַלס קוראַװאַדי); די מוטער־ערד — די אַממײנסטן אַנגעזעענע פיגור פון אַט דער מיטאָלאָגיע מיטן נאָמען טשאַמאַלאַ; דער רעגנבױגן־שלאַנג דער קוואַל און סימבאָל פון טײוול — דער לעצטער איז, אין קסאַ־װיער הערבערטס װערסיע פון די אַבאָרידזשינישע מנהגים און גלױ־בונגען, אױך אײנגעקװאַרטירט אין די געמאָלענע גאַלעריעס פון זײנע העלדן דזשאָרדזש און פרינדי אַרום דעם קולט טשאַמאַלאַ. זײ בײדע ריזיקירן אין דעם הײליקן און מוראדיקן באַדן, װען דער שױן איני־צירטער דזשאָרדזש נעמט פרינדין, װאָס איז נאָך דערװײל אױף פּראָבע (פאַרן װערן אַקצעפּטירט אַרײנגענומען צו װערן אונטער די פליגל פון די דערװאַקסענע אין שבט־לעבן ביז זײן איניצירונג)

אַריינצוגיין אין די אמונהדיקע פילאָזאָפישע לערעס פון דעם שבט און קולט צו וועלכן זיי געהערן. פרינדין ווערט פאַרגעשטעלט די גע־היימע טאָטעם־פיגור פון איניצירונג, די פיגור פון טרוים־צייט.

דעם מחברס רעספעקט פאַר דער מאַגיק פון שבטים־קולט, פאַר דאָס איראַציאָנעלע אין דער אַבאָרידזשינישער וועלט און פאַרן הייליקן געבאָט — געהערט צו די לעבעדיקסטע בילדער אין בוך. די באַשריי־בונג פון דעם מעדיצינער באָבווירידירי (באָב), ווען ער ווערט בעת דער קרוינונג פון עדוואַרד דעם 8טן באַפרייט פון טורמע (דורך דער פראָקלאַמירטער אַמנעסטיע), איז איינע פון די שטימונגספולע און עיקרדיקע עפּיזאָדן פון דער אַקציע. באָבס איינפלוס לייגט אַ שאָטן איבערן מולאַט פרינדי.

די כאַראַקטעריזאַציע פון פרינדין הייבט זיך אָן גלייך אין אָנהייב בוך, ווען דאָס שיינע פיזיש־אַנטוויקלט יינגל איז נאָר 8 יאָר אַלט. ער איז סענסיטיוו צו די קלאַנגען פון מוזיק און ווען די אַקציע אַנטוויקלט זיך איז אָט דאָס יינגל שוין אין צענטער פון אַן האַלב טויץ קולטורן און לעבנס־סטילן, וועלכע ראַנגלען זיך פאַר זיין נשמה. ער ווערט איניצירט פאָרמעל (און נישט פאָרמעל) אין עטלעכע רעלי־גיעס (הינדויזם, קאַטאָליציזם, יודאַיזם) און באַגעגנט אויף זיין לעבנס־וועג קאָמוניסטן, פּאָליציאַנטן, ביוראָקראַטן און „סקוואָטערס".

ער איז איינער פון אַ רייכער גאַלעריע העלדן און טיפּן, מיט אַ ליסטע, וואָס קאַטאַלאָגירט אַ 70 הויפּט־כאַראַקטערן, פון וועלכע פרינדי איז נאָר איינער פון די מוסטערן. אָט די רייכע פּאָרטרעטור פון דעם מחבר האָט שוין צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט אין קאַפּריקאָרניאַ, אָבער דאָ האָבן מיר דאָך מער ווי כפל כפלים מיט אַ גאַ־לעריע פּערסאָנאַזשן. לאָמיר אָנרופן נאָך אַ פּאָר נעמען — אַ חוץ די פריער־דערמאָנטע—ווי דער אייזל־פירער, בילי; דער פליענדיקער דאָק־טער, פעליקס פּאָקס; דזשעק טינבאַל (דער לאָקאָמאָטיוו־פירער). אָבער די צענטראַלע אַקס פון סוזשעט פירט, דורך אַזעלכע כאַראַקטערן, ווי דזשערעמי דעלאַסי און זיין אייניקל פרינדי; ווי רבקה, דאָס יידישע שיינע מיידל, די פליטה פון נאַצי־דייטשלאַנד. און דער אַבאָרידזשי־נישער מעדיצינער, באָמווירידירי.

צוגלייך מיט דעם מחברס טאַלאַנט אַרויסצוברענגען אַזאַ מחנה פון ענערגישע (אָפּט אויך קאָמישע) טיפּן, איז זיין כוח נישט אָפּגע־שוואַכט געוואָרן אויך צו אינדיווידועלע סצענעס, אומפאַרגעסלעכע לויט דעם איינדרוק, וואָס זיי לאָזן איבער אויפן לייענער. מיר וועלן, לדוגמא, דערמאָנען די סצענקע פון דערטרונקען ווערן פון סערדזשענט קאָכון אָדער די ריטועלע שחיטה מיט איר גאַנצער שוידערלעכקייט, וואָס איז דער קלימאַקס פון סוזשעט.

ליבע און תאווה, פרייער ווילן און דעטערמיניזם, רעליגיע און ראַציאָנאַליזם, מאַגיק און סקעפּטיק — אָט די אַלע פּאַראַדאָקסן, מיט זייערע קעגנזײַצלעכע אייגנשאַפטן, האָט דער מחבר באַוויזן צו פאַר־קערפּערן אין אָט דעם גרויסן בוך. און געטאָן האָט ער עס ווי אַ שעפעריש קינסטלער, פאַר וועלכן דערציילונג און געשיכטע גייען האַנט ביי האַנט ווי אַ זיווג פון פרייד און גאַנצקייט.

„דער גייסט פון לאַנד" איז דורכן מחבר פאַרשפּיגלט געוואָרן אויף אַן אופן, ווו יעדער אינטש פון דער אויסטראַלישער ווילדערניש איז נישט געבויט אויף עפּעס אַ ראָמאַנטישער מיסטיפיקאַציע, נאָר אויף אַ דעטאַליזירטן וויסן פון דעם באָדן.

אין תוך גענומען, איז ביי הערבערטן פאַראַן אַ ליידנשאַפטלעכע ליבשאַפט און אַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַרן אויסטראַלישן לאַנד. אָבער עס דאָמינירט די טעמע פון דער אַבאָרידזשינישקייט, וואָס איז דער יסוד און האַרץ פון דעם ווערק. דער קאָמפּלעקס פון דער אַבאָ־רידזשינישער קולטור און פון שבט־לעבן גייט דורך ווי אַ רויטער שנור איבערן גאַנצן בוך. די היסטאָרישע פּראָבלעמען פון 30—40 יאָר צוריק זענען פאַרן מחבר פול מיט היינטצייטיקער באַדייטונג. דורך דעם שאַפט זיך טייל מאָל דער איינדרוק, אַז ס'איז פאַראַן עפּעס אַן אומזיכערקייט אין דעם ראָמאַן צווישן דעם היסטאָרישן און היינטצייטיקן.

דער מחבר פלאָנטערט זיך אויך אַ ביסל אַרום די פּראָבלעמען פון „בלוט" אָדער „ראַסע". שוין אין „קאַפּריקאָרניאַ" זענען געווען אָנדייטונגען פון ענלעכע פלאָנטערנישן, אָבער אין דעם לעצטן ווערק פאַרציט עס אַ טיפערן נעפּל, ווען דעלאָסי שאַפט זיך אַן אייגענע אידעאַלע קולטור־אידעאָלאָגיע צונויפפאָרנדיק די מינהגים, וואָס עס האָט אַריינגעבראַכט דאָס יידישע מיידל, מיט די מינהגים, וועלכע ער אַדאַפּטירט פון די אַבאָרידזשיניס.

זיין אייניקל פרינדי, דאָס אַבאָרידזשיניש יינגל, וועלכער האָט אַבסאָרבירט דעם קולטור־אַמאַלגאַם פון זיין זיידן דעלאָסי, זעט אויס, לויט זיין אינטעליגענץ, צו זיין דעם מחברס פּראָטאָטיפּ, איינער פון די ערשטע „רעאַלע" אויסטראַליער פון דער צוקונפט. עס דערגייט ביי אים צו אַזאַ אַבסורדאַלן עקסטרעם, אַז דער אַבאָרידזשינישער דיאַלעקט אין ענגליש ווערט אַרויסגערוקט דורך דעלאָסין און אַנדערע פּערסאָנאַזשן פון דעם ראָמאַן, ווי אַן אַלטערנאַטיוו! דער דיאַלעקט זאָל זיין פאַרטראָטן ווי אַ מער „עכטערע" שפּראַך און קולטור, ווי עס איז די ענגלישע...

אַגב, איז דאָ נויטיק צו באַמערקן, אַז די אויסטראַליער ווערן

דורך די אַבאָרידזשינים באַצייכנט מיטן טערמין „בליאַדי נאַטשינס", דאָס מיינט, אַז עס פעלט זיי אַן אייגענע קולטור.

מען קען זאָגן, אַז אין דעם בוך איז נישטאָ קיין יחיד, גרופּע אָדער קלאַס, וואָס זאָל אויסמיידן דעם צאָרן פון מחבר: פּראָטעסטאַנטן, קאַטאָליקן און יידן; ווייסע און שוואַרצע, קאָמוניסטן, סאָציאַליסטן און קאַפּיטאַליסטן; זעלנער און פּאָליטיקער, גלחים און פּאָליציאַנטן — יעדער איינער פון די דערמאָנטע קען געפינען אויף די זייטלעך אַנגרייפערישע אַרויסזאָגונגען קעגן יחידים און גרופּעס. ווי דאָס וואָלט געווען די כוונה פון מחבר צו פּאָלעמיזירן — אָדער פּראָוואָצירן — דעם און יענעם ער זאָל זיך פילן געטראָפן, ווי אַ צד, (צוליב די אָדער אַנדערע באַמערקונגען פון מחבר). דער צוזאַמענשטויס פון פּערסאָנאַזשן דורך זייער עטנישן הינטערגרונט אָדער אינדיווידועלן טעמפּעראַמענט, צי גאָר צוליב שאַטירונגען פון רעליגיע — יעדער פון זיי באַקומט אַ „גאַב" צו קענען זיך פילן געטראָפן און וועלן רעאַגירן...

נישט איין מאָל שאַפט זיך דער איינדרוק, אַז קסאַווער הערבערט האָט גענומען צופיל אויף זיך, אין זיין פּאַרמעסטן זיך אַריינצונעמען אַזוי פיל געשיכטע פון אויסטראַלישן לעבן אין איין בוך. און דערצו זיין פּרווו אָט די געשיכטע אַרומצורעמען מיט דעם קאָנטעקסט פון דער וועלט־געשיכטע אין דער עפּאָכע וועלכער ער באַשרייבט. דער אופן ווי אַזוי זיין דעלאַסי דעפינירט דעם אויסטראַלישן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער אויף אַ סצענע, ווו עס נעמען אַן אַנטייל פיל אַקטיאָרן, און זיי שפּילן אויס פאַרשיידענע ראָלן, גרעסערע און קלענערע אין דער געשיכטע פונעם לאַנד.

זיכער האָט דאָס בוך אַ שליחות. ווי דער מחבר וואָלט געזאָגט:
— זעט וואָס פאַר אַ תל די אויסטראַליער האָבן געמאַכט פון אָט דעם דרומדיקן לאַנד, וואָס האָט געקענט ווערן דער העכסטער ציוויליזירטער ישוב און זיי האָבן עס פאַרטאַכליעוועט.

די דעדיקאַציע זיינע „פאַר מיין אָרעם פאַרניכטעט לאַנד" זאָגט, דוכט זיך, שוין אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט אַרויסברענגען וועגן דער ווייסער ציוויליזאַציע אין אויסטראַליע. ער ווייזט אָן ווער עס זענען די הויפּט־שולדיקע — און קודם־כל טאַקע די אויסטראַליער גופא. זיין פאַראורטיילן די מאַכט־אָרגאַנען און זייער אויטאָריטעט — די אויטאָריטאַרישע פּערזאָן גייט אַדורך פון היטלערן ביז סטאַלינען און ביז דעם נידעריקסטן אויסטראַלישן פּאָליציאַנט.

דער אמת איז אָבער, אז דער מחבר האָט צופיל פאַראיינפאַכט די קאָמפּלעקסן און פּערסאָנאַזשן פון דער פאַרגאַנגענהייט. אַלע זענען

ביי אים פֿאַראורטיילט, און זיי פֿאַרדינען ביי אים פֿאַראַכטונג פֿאַר דער מיאוסער ראַל, וואָס זיי האָבן געשפּילט אויף דער אויסטראַלישער סצענע. ער טיילט נאָר אויס רבקהן, ווי אַ מוסטערהאַפטע פּערזענלעכ־קייט, וואָס רופֿט אַרויס צו זיך דרך־ארץ. אָבער זי ווערט אויסגע־טיילט נישט ווי אַ ידישע, נאָר ווי אַ פּערזאָן, מחמת די ייִדן זענען אויך, פּונקט ווי אַלע אַנדערע ווייסע אייראָפּעער, פֿרעמדע אין אויס־טראַליע. פּונקט אַזוי ווי די ענגלענדער און די אַנדערע נאַציאָנאַ־ליטעטן, וואָס באַוווינען דאָס לאַנד. און פּונקט ווי „קאַפּריקאָרניאַ״ איז אויך זיין לעצט בוך געדיכט מיט גוואַלדטאַט און טויט, באַגלייט מיט שוידערלעכקייטן, טראַגיזם און קאָמיזם. קאַפּיטל נאָך קאַפּיטל איז אָנגעפּיקעוועט מיט טראַגיש־קאָמישער אַקציע, וועלכע דער מחבר האָט צוגעשטעלט מיט אַ ברייטער האַנט...

עס איז אויסער יעדן ספק דער טאַלאַנט פֿון הערבערטן, ווי אַ דערציילער. זיין כוח אין דעם זשאַנער קען מען נישט פֿאַרלייקענען. עס פֿעלט אים נאָר אַ בעלעטריסטישע דיסציפּלין צו צוימען זיין דער־ציילערישע תאווה ביים אַרויסברענגען זיין אורטייל איבער אַ האַלב יאָרהונדערט סאָציאַלער, עקאָנאָמישער און פּאָליטישער געשיכטע פֿונעם לאַנד און אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע. דער מחבר האָט פֿאַרוואָרפֿן זיין נעץ און אין איר אַריינגענומען מער וויפֿל ער האָט געקאָנט אַרויסהייבן און אַרויספֿישן אויף אַ קינסטלעריש־דיסציפּלינירטן אופֿן.

דאָס גרויסע ווערק איז באַפּעלקערט מיט אַ סך טיפּן, אָבער איבער זיי אַלע טורעמט דעלאַסי מיט זיין אומאָפּהענגיקייט פֿון געדאַנק און פֿילאָזאָפֿישער איינשטעלונג איבער די קאַטאַלאָגירטע געשעענישן צווישן ווייסע, שוואַרצע און אומגליקלעכע קאָלירטע (מולאַטן). זייער דעגראַדאַציע און דערנידערונג דורך די ווייסע אַריינדרינגערס גייט נאָך ווי אַ שאָטן דעם מחבר, וועלכער קוקט רעטראָספּעקטיוו אויף די באַדינגונגען פֿון די 1930־ער און 1940־ער יאָרן. ער זעט אין זיי אי די סיבה און אי דעם סימבאָל פֿון אויסטראַליע און אויסטראַ־ליער אין די 1970־ער יאָרן. די טראַגישע פֿאַרניכטונג פֿון דזשערעמי דעלאַסי, וועלכער איז אין יעדן פּרט אַ דערגאַנצונג צו דעם פּאָרטרעט פֿון פֿרינדין, וועלכער דאַרף פֿאַרקערפּערן, פּאָטענציעל, דאָס בעסטע פֿון אַנדערן אויסטראַליע.

נישט קיין וווּנדער, וואָס די געזעלשאַפֿט קען נישט טאָלערירן אַזאַ מענטש ווי דעלאַסי און זי מוז אים פֿאַרניכטן דורך אַלע אירע מיטלען, ווי עס איז געשען מיט אונדזער העלד.

✶

אין „אָרעמער מענטש מיין לאַנד" קענטיקט זיך דער גרויסער דערציילער, דער פּאָלעמיקער און דער שעפערישער בעלעטריסט. איך בין אָבער נישט מסכים מיט דער מיינונג פון מחבר, אַז אין „קאַפּריקאָרניאַ" האָט ער דורכגעמאַכט זיינע לערניאָרן, דורך וועלכע ער האָט זיך צוגעגרייט צו זיין איצטיקן גרויסן ראָמאַן. מיט אַ צייט צוריק האָט ער באַמערקט, אַז „יעדער שוטה קען אָנשרייבן איין גוט בוך", ער גיט אָבער צו, „אָנשטאָט אָנצושרייבן מיין ערשטן גוטן בוך, האָב איך אָנגעשריבן דעם לעצטן". איך האַלט, אַז „קאַפּרי־קאָרניאַ" וועט פאַרבלייבן זיין בעסטער בוך, כאָטש ער האָט אָנגע־שריבן נאָך אַנדערע ווערק („זעלנערס פרויען", „גרעסער ווי לעבן", „זיבן עמוסעס" און זיין נישט־געדרוקטע עסיי־אויטאָביאָגראַפיע „די קליינע אלמנה").

וועגן זיינע אַלע פריערדיקע ווערק, האַלט הערבערט, אַז זיי זענען געווען נאָר די יאָרן וען ער האָט זיך געלערנט דאָס פאַך פון שרייבן, צו קענען ווערן אַ ראָמאַניסט און אָנשרייבן אַזאַ גיגאַנטיש בוך ווי „אָרעמער מענטש מיין לאַנד". איצט, גלויבט ער, האָט ער דערגרייכט די העכסטע שטופע פון זיין טאַלאַנט. ווען מען נעמט אין אַכט, אַז ער איז איצט שוין 74 יאָר אַלט, קען מען מסכים זיין מיטן מחבר, אַז זיין גאַנץ ליטעראַריש לעבן איז דאָ אין דעם לעצטן בוך. עטלעכע פּרטים וועגן זיין ביאָגראַפיע:

ער איז געבוירן געוואָרן אין פּאָרט העדלאַנד און ער איז אין זיין נע־ונד לעבן געווען פיל זאַכן: אַן אַפּטייקער, אַ פּי־טרייבער, אַ טויכער אין די ים־טיפענישן און אַן אויפזעער אין אַן אַבאָרי־דזשינישן רעזערוו אין דער „נאָרטהערן" טעריטאָריע. אויסער דעם איז ער נאָך געווען אַן אַרבעטער אין אַ טאַרטאַק, אַ זעלנער, אַ פליער און נאַטירלעך אַ שרייבער, וואָס האָט פיל דורכגעמאַכט אין זיין לעבן. ער באַמערקט אַזוי וועגן זיין עלטער: „ווען איך וועל פילן, אַז דער סוף איז נאָענט, וועל איך, פּונקט, ווי די אַבאָרידזשיניס, אַוועקגיין אין בוש און דאָרטן שטאַרבן... זיין פרוי, סידי, איז אַ ייִדישע (מחמת „איך וואָלט נישט געקענט חתונה האָבן מיט אַן אויסטראַליע־ריך"). ער וווינט שוין מיט איר, 45 יאָר, זייער ווייט פון די מעטראָ־פּאָליעס, סידנעי און מעלבורן. לכבוד זיין איצטיקן בוך האָט זי זיך באַוויזן אין דער עפנטלעכקייט און די פּרעסע האָט איר געווידמעט עטלעכע שורות.

זי איז געבוירן געוואָרן אין לאָנדאָן, געקומען קיין אויסטראַליע צו איר ערשטן מאַן, מיט וועלכן זי איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען און זיך אומגעקערט צוריק קיין ענגלאַנד. אויף דער שיף האָט זי זיך באַקענט מיט אַ „ווילדן" אויסטראַלישן בושמענטש, דער כעמיקער קסאַווער

הערבערט. ער האָט דאַן אָנגעהויבן שרייבן זיין ערשטן בוך אויף וועלכן קיין שום פאַרלאַג האָט זיך אפילו נישט געוואָלט אומקוקן.

ער האָט דעם מאַנוסקריפּט באַגראָבן אין אַ שופלאָד און אַפילו געדאַרפט פאַרזעצן זיין שרייב־מאַשינקע, מחמת ער האָט נישט געהאַט מיט וואָס איבערצולעבן אַ טאָג. ער האָט אין יענער צייט צוריק זיך געטראָפן מיט סיידין. זי האָט געגלויבט אין זיין שרייבערישן טאַלאַנט, געדונגען פאַר אים אַ בוידעם־שטיבל און אים אַוועקגעזעצט ער זאָל דאָרט זיצן און שרייבן. דאָס איז געווען זיין בוך „קאַפּריקאָרניאַ" — טאַקע איר געווידמעט. ער נוצט נאָך, זאָגט ער, עד־היום די זעלבע שרייב־מאַשינקע, וועלכע זי האָט דאַן אויסגעלייזט פון לאָמבאַרד...

געקומען צוריק אַליין קיין אויסטראַליע און אָנגעהויבן שרייבן קורצע דערציילונגען צו פאַרדינען אויף איר שיף־בילעט. אין די 1930־ער יאָרן איז זי צוריקגעקומען קיין אויסטראַליע און זיך באַזעצט מיט קסאַוויער הערבערטן אויפן ווייטן צפון. ווען ער האָט פאַרענדיקט זיין „קאַפּריקאָרניאַ" האָט ער זיך גלייך אַרויסגערוקט אויפן פאָדערגרונט פון דער אויסטראַלישער פּראָזע־קונסט.

די לעצטע 25 יאָר וווינען זיי אין אַ דאָרף, רעדליטש, לעבן קעינס, אין אַ הילצערנער כאַטע מיט אַ בלעכענעם דאַך, און זי באַרימט זיך, אַז זי טראָגט נאָך אַלץ דעם זעלבן מאַנטל, וואָס דער מאַן האָט איר געקויפט אין 1940.

זיי האָבן נישט קיין קינדער, און דאָס לעבן אין אָט דעם פאַרוואָרפענעם עק פון אויסטראַליע איז געווען אויסגעפילט מיט טיפער איינזאַמקייט פאַר דער געוועזענער „קאָקנעי"־מיידל פון יידישע אימיגראַנטישע עלטערן אין לאָנדאָן.

די צייטונגען האָבן געשריבן, אַז הערבערט האָט אַ דאַנק זיין פרוי „אַדאָפּטירט" דאָס יידישע פאָלק און אַז זי היט אָפּ אין שטוב יידישע טראַדיציעס, אָבער פון זיין באַהאַנדלטן ווערק זעט זיך נאָר בולט, אַז ער האַלט אַ וועלט פון איין יידיש מיידל (די פריער־דערמאָנטע פליטה, וועלכע ער באַשרייבט מיט אַ סך וואַרעמקייט). זיין ערשטע ליבע איז פאַר די אַבאָרידזשיניס און זייערע מולאַטן. ער איז שטאַרק איבערגענומען מיט זייער גורל און געראַנגל צוליב דעם גאַנצן סיסטעם פון דער ווייסער ציוויליזאַציע.

דעריבער דער טראַגישער אויסגאַנג פון זיינע הויפּט־העלדן — דעם זיידן מיטן איניקל, וועמענס לעבנס עס ווערן אונטערגעשניטן דורך זייערע באַדינגונגען.

# די ווירקונג פון „פּירל האַרבאָר״ אויף דער אויסטראַלישער ליטעראַטור

אַמעריקעס אַריינטריט אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, נאָכן יאַפּאַנישן אָנפאַל אויף פּירל־האַרבאָר, האָט געבראַכט גרויסע ענדערונגען אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. פאַרן קריג איז דאָך גרויס־בריטאַניע געווען די וועלט־מאַכט אין האַנדל, ווי אין קולטור. אויסטראַליע (באַצייכנט פון ענגלענדער, ווי „אַן אָריגינעלע פּראָווינץ״) האָט זיך געפילט באַשיצט און אָפּהענגיק פון מעכטיקן ענגלאַנד, נישט בלויז מיליטעריש און קאָמערציאָנעל, נאָר אויך גייסטיק־קולטורעל. נישט קיין וווּנדער, וואָס אויסטראַלישע שרייבערס האָבן זיך געריסן קיין ענגלאַנד, און די געציילטע, וועלכע האָבן דאָס באַוויזן צו דער־גרייכן, האָבן גאָר נישט געהאַט בדעה זיך אומצוקערן צוריק אין אַזאַ „סוב־פּראָווינץ״ ווי אויסטראַליע.

איז געשען, דאָס אַלץ וואָס איז געשען בעתן קריג מיט יאַפּאַן. די שוידערלעכע מפּלות פונעם בריטישן פלאָט, די יאַפּאַנישע אינ־וואַזיע פון סינגאַפּור, פון ניו־גינעע. די מאַפּע פון דער וועלט האָט זיך ראַשיק אַזוי ראַדיקאַל געענדערט אַרום אויסטראַליע.

עס זענען אָנגעקומען אין דעם לאַנד צענדליקער טויזנטער ענג־ליש־רעדנדיקע זעלנער, מאַטראָסן, פליער, צווישן זיי — פּאָעטן, שרייבערס, ווי קאַרל שאַפּיראָ, הערי ראָסקאָלענקאָ — אָנצורופן נאָר אַ פּאָר נעמען פון די פיל, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אַן אינטערעס צו דעם, וואָס איז ליטעראַריש־קולטורעל אָנגעגאַנגען דאָן אין אויסטראַ־ליע. זיי האָבן געקויפט די אויסטראַלישע ראָמאַנען און לידער־ביכער — דאַן, נאָך ווייניק אין צאָל. מעגלעך, אַ ביסל צוליב קוריאָזיטעט, טיילווייז אויך פון אַ ריכטיקן פאַרלאַנג אויסצוגעפינען, וואָס עס ווערט געשאַפן אין דעם לאַנד אויפן ליטעראַרישן און גייסטיקן געביט.

דאָס איז, וואַרשיינלעך, איינע פון די סיבות פון דער פּלוצלינג־דיקער פאַרגרעסערטער ביכער־פּראָדוקציע אין יענער צייט, גאָר נישט

קיין פאַרגלייך צו דעם מצב אין לאַנד אין די יאָרן נאָכן ערשטן וועלט־קריג.

כדאַי דאָ צו דערציילן, אַז אין די 1920־ער יאָרן, האָט געווילט אין אויסטראַליע דער אַמעריקאַנער קריטיקער האַרטלעי גראַטען. ווען ער האָט זיך בעת זיין באַזוך נענטער באַקענט מיט דער אויסטראַלי־שער ליטעראַרישער סצענע, האָט ער אַזוי געשריבן: — די לייע־נערס אין דעם לאַנד האַלטן מער פון אַ דריטראַנגיקן אַמעריקאַנעם אָדער ענגלישן בוך, ווי פון אַן ערשט־קלאַסיק אויסטראַליש ווערק". די אָפּשאַצונג איז דאַן געווען אַבסאָלוט ריכטיק.

פון יענער צייט ביז היינט, האָט זיך אָט די באַציונג קאַרדינאַל געביטן (הגם ביי אַ צאָל לייענער איז נאָך עד היום פאַרבליבן אַ סנאָ־בישע באַציונג צו אימפּאָרטירטע סחורה — אויך גייסטיקע — מעג עס אפילו זיין פון אַן ערגערער קוואַליטעט ווי די לאָקאַלע). עס איז ציפעריש באַוויזן, אַז אויסטראַליער לייענען היינט אַ סך מער ביכער פון היגע שרייבערס, ווי ווען עס איז פריער, מחמת עס איז פאַראַן די באַדערפעניש צו לייענען און געניסן פון היימישער שעפערישקייט.

ווידער די אויסטראַלישע שרייבערס האָבן אויפן לאָקאַלן הינ־טערגרונט אַנטדעקט אוניווערסאַלע ווערטן. עס האָבן זיך אויך געענ־דערט די ליטעראַרישע טענדענצן: פון רעאַליזם אויף ראָמאַנטיזם. מען דאַרף דאָ דערמאָנען, אַז סוף 19טן און אָנהייב 20טן יאָרהונדערט, האָט דער נאַטוראַליזם, מיט זיין צוטרוי און האָפענונג אויף דער צוקונפט, דאָמינירט אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. די דיסאַי־לוזיע איז געקומען בעת די ביידע וועלט־מלחמות און נאָך זייערע קאַטאַקליזמען, וואָס האָבן אַרויסגערופן ספקות און שטאַרק אונטער־געגראָבן דעם אָפּטימיזם פון ניינצנטן יאָרהונדערט.

וואָס שייך דער אַנטוויקלונג פון דער אויסטראַלישער ליטעראַ־טור, האָט דאָס פּראָווינציאַנעלע פון איר פריערדיקן מהות אָפּגע־טראָטן פאַר קאָסמאָפּאָליטישע טענדענצן. עס האָט זיך אויך געענ־דערט די ליטעראַרישע דיקציע פון די טיפּישע אַספּעקטן פון נאַציאָ־נאַלן כאַראַקטער. דער אַקצענט ווערט איצט מער געלייגט אויף דער אינדיווידועלער באַהאַנדלונג פון די פּערסאָנאַזשן און זייער לעבנס־אופן. עס איז דאָ היינט דער באַוווסטזיין ביי די שרייבערס, אַז זיי שאַפן ווי אויסטראַליער און דערציילן פון זייער אייגן לאַנד, פון דעם לעבן, אין וועלכן די לייענער קענען דערקענען זייער אייגענער דערפאַרונג.

אין די בעסערע ווערק קענטיקט זיך מער רייפקייט, מער פּאָע־טישע און טעכנישע קאָמפּעטענטקייט — זיכערקייט אין דער טעמאַ־טיק און מער מייסטערשאַפט אין פאָרם — אָבער דאָס קומט צום אויס־

דרוק נאָר אין די קינסטלעריש־רייפע שאַפונגען, און זיי באַווייזן זיך נישט צו אָפט אין דער ליטעראַטור.

עס איז אויך פאַרשווונדן דער איזאָלאַציע־געפיל — אַ דאַנק דער אַנטוויקלונג פון דזשעט־קאָמוניקאַציע — די ווייטע מרחקים האָבן פאַרלוירן זייערע דיסטאַנצן אויך אינעם גייסטיקן לעבן. ווען מיר וועלן נאָך צוגעבן צום בילד די הויך־אַנטוויקלטע אינדוסטריאַליזאַציע און די גרויסע מאַסן־אימיגראַציע — נאָכן לעצטן קריג — אַלץ צוזאַמען האָבן צעוואָרפן די לאַנג־דורותדיקע באַריערע פון דער פסיכאָלאָגישער איזאָלירטקייט פון דעם לאַנד.

עס איז אַ טעות צו טראַכטן, אַז דער אויסטראַלישער שרייבער איז דורך די ענדערונגען געוואָרן ווייניקער פאַרבונדן מיט זיין לאַנד. אין די היינטצייטיקע ווערק ווערט אַלץ ווייניקער אַקצענטירט די גרויסע וועלט אויף אירע טערמינען. דער טראָפּ ווערט איצט אויך אין דעם לאַנד געלייגט מער אויף דער אַלענאַציע פונעם מענטש, וועלכער געפינט נישט פאַר זיך קיין אָרט אין דער וועלט פון טעכנאָקראַטיע. צווישן אים און דער געזעלשאַפט איז דאָ אַ תהום.

אין די בעסערע קינסטלערישע ווערק, קענטיקט זיך בולטער היינט דער סימבאָלישער עלעמענט אין די שילדערונגען און כאַראַקטעריזאַציעס, וועלכע זענען טיילמאָל אַ רעפלעקס פון עפּעס גרעסערס פון דעם, וואָס איז באַשריבן אויף די זייטלעך פון זייערע ווערק. אויך אין דעם זין גייען זיי אין די פוס־טריט פון די פּראָזע־קינסטלער אין אַנדערע לענדער.

# מאָריס וועסט

## (איינער פון די דערפאָלגרייכסטע שרייבערס)

עס זייז דאָ אַ גרופּע אויסטראַלישע שרייבער, וואָס האָבן דער־גרייכט אַ גרויסן דערפאָלג אויפן אינטערנאַציאָנאַלן ביכער־מאַרק. איינער פון זיי — קאַרטער בראַון (עלען יאַיטס) גייט בראש פון דער גרופּע. מען שמועסט, אַז במשך פון אַן אַנדערטהאַלבן צענדליק יאָר, זאָל ער האָבן פאַרקויפט אַ 40 מיליאָן קאָפּיעס פון זיינע ביכער, וואָס זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין פיל שפּראַכן. מיר וועלן דערמאָנען אויך די שרייבער: דזשאָן קליר, ד׳אַרקי נילאַנד, ראַסל ברעדאָן און אויך מאָריס וועסט. זיין — מאָריס וועסטס — שאַפן האָט באַקומען אַ גרויסן מאַסן־אַפּיל אין אַ ריי לענדער. ס׳איז דעריבער כדאי זיך אָפּצושטעלן און געבן וועגן אים אַ געוויסע פען־צייכענונג.

מען שטעלט די פראַגע: מיט וואָס האָט ער זיך אַזוי קונה שם געווען איבער דער וועלט? דער ענטפער: זיין טאַלאַנט ליגט אין קענען פּרעזענטירן אַקטועלע, ממש „הייסע" סיטואַציעס און פּראָב־לעמען אין אַ בעלעטריזירטער פאָרם, וואָס ציט אַריין דעם מאַסן־לייענער אויף אַ מיליאָניקן פאַרנעם. ער איז עפּעס ווי אַ ליטעראַ־רישער סייסמאָגראַף, וואָס כאַפּט אויף די צאַפּלדיקע געשעענישן פון דער וועלט אויף „דער הייסער מינוט" און מאָמענטאַל באַווייזט זיך אַ ווערק, וואָס שילדערט די געשעעניש נאָך אידער זי האָט זיך באַוויזן אָפּצוקילן. דאָס האָט ער באַוויזן נישט איין מאָל, נאָר מיט אַ ריי ווערק.

זיין ערשטלינג „קינדער פון דער זון" איז דערשינען אין ענג־לאַנד אין די 1950־ער יאָרן. ער האָט דאַן יאָרן געלעבט אין איטאַליע און זיך אָנגעטראָפן מיט די פּראָבלעמען פון די אָרטיקע שוידער־לעכע „סלאָם"־באַדינגונגען. אין דעם בוך שילדערט ער דאָס לעבן פון די אָרעמע יינגלעך אין נעאַפּאָל, וואָס ער האָט אָפּנים זייער גוט געקענט און עס קרעפטיק באַשריבן. אַגב, איז אַ האַלב צענדליק פון זיינע ווערק פאַרבונדן מיט איטאַליע, מיט אָרטיקע פּראָבלעמען.

עס איז דעם געראָטענעם ערשטלינג אָנגעקומען גאַנץ שווער

ביז ער האָט דערזען די ליכטיקע שיין... פינף פאַרלאַגן אין אַמע־ריקע האָבן גלייך אָפּגעוואָרפן און אויך אין ענגלאַנד איז עס דערשי־נען נאָר אין אַ פּאָר טויזנט עקזעמפּלאַרן. עס האָט אָבער גלייך אָנגע־שלאָגן דעם מאַרק, ווי אַ גוט־פאַרקויפטער בוך מיט אַ נייער אויפ־לאַגע און פאַרשפּרייטונג פון אַ 25 טויזנט עקזעמפּלאַרן. דאָס איז געווען זיין אָנהייב „מיטן רעכטן פוס" און דער גרויסער דערפאָלג זיינער איז געקומען מיט זיין בוך „דעם טייוולס אַדוואָקאַט".

מאָריס וועסט איז אַליין געווען במשך פון אַ צוועלף יאָר אַ „קריסטלעכער ברודער", אַ בן־בית אין דער קריסטלעכער וועלט מיט אירע פּראָבלעמען, אינטריגעס, איינפלוסן און קאַמפן, דעריבער האָט ער אין דעם בוך, ווי אויך אין דעם שפּעטערדיקן „בעסט־סע־לער", וואָס איז דערשינען א"נ „אין די שיך פון דעם פישערמאַן", דערגרייכט אַן אינטערנאַציאָנאַלן דערפאָלג. דאָס בוך איז פונקט דער־שינען, ווען עס איז געשטאָרבן דער פּויפּסט. און ווייל ער האָט אין בוך באַהאַנדלט אַזאַ הייסע צאַפּלדיקע טעמאַטיק מיט דער גאַנצער פּראָ־צעדור און מיט די הינטער־קוליסן ביים אויסוויילן א נייעם פּויפּסט, דאָס אַלץ האָט צוגעהאָלפן עס זאָל פאַרקויפט ווערן אין אַ פיר מיליאָן עקזעמפּלאַרן (שוין אָפּגערעדט פון פילם־דערפאָלג שפּעטער).

זיין בוך „דער טורעם פון בבל", וואָס האָט בעלעטריזירט די געשפּאַנטע באַציאונגען צווישן ישראל און די אַראַבישע לענדער, באַגלייט מיט שפּיאָנאַזש־אַקטן פון אויטענטישע געשעענישן, איז אויך דערשינען אויף „דער הייסער מינוט (אין 1967).

מען מוז צוגעבן, אַז דער מחבר האָט אין אַלע פאַלן באַוויזן גרינטלעך אויסצופאָרשן די באַדינגונגען און אויך דעם הינטערגרונט פון די געשעענישן נאָך איידער ער איז צוגעטרעטן צום בעלעטרי־זירטן סוזשעט, אפשר נאָך איידער ער האָט אים פאַרטראַכט, ווי א סי־פּור המעשה פאַר אַ בוך. אַז מען לייענט זיינע ביכער זעט מען, אַז ער איז גוט באַהאַוונט אין די קאָמפּלעקסן אַרום די געשעענישן און פּראָבלעמען, וועלכע ער פאַרשפּיגלט און געשטאַלטיקט דורך זיינע העלדן.

ווען ער שילדערט, למשל, דעם וואַטיקאַן ביים פּראָקלאַמירן אַ נייעם פּויפּסט, קען ער נישט בלויז אויסגעבונדן די ראָל פון וואַטי־קאַן אין דער וועלט־פּאָליטיק, נאָר ער קען אויך אַלע שרייפּעלעך פון דער „מאַשין", ווי אַזוי זי אַרבעט, אירע אינטערווענצן אין פאַר־שידענע אינסטאַנצן, די איינפלוסן פון די קאַרדינאַלן אין פאַרשיי־דענע לענדער און זייער ראָל אין וואַטיקאַן ביים באַשטימען די אַקציעס פון דער קאַטוילישער וועלט מיט איר וואָג און איינפלוס...

דער מחבר האָט גערן צו פּסיכאָלאָגירן, טיילווייז סאָפיסטיצירט און פאַרטיפט, טיילמאָל ווי אין אַ סענסאַציאָנעלער מעלאָדראַמע, וואָס נעמט אויסביים ברייטן לייענער־עולם — מעסטנדיק מיט זיין וועלט־רעפּוטאַציע, באַגלייט מיט דעם „באָנוס” פון איבער אַ צען מיליאָן פאַרקויפטע ביכער, נאָך דעם די פילמען.



אויך אין טעאַטער האָט ער זיך אַרויסגעהויבן, ווען עס איז געשפּילט געוואָרן, מיט דערפאָלג, זיין דראַמע „דער הערעטיקער”. עס איז די דראַמע פון דזשאָרדאַנאָ ברונאָ, וואָס האָט אין זיך אַלצייטיקע עלעמענטן פון דעם העלד־מאַרטירער, פון דעם וואָס שטעלט זיך אַנטקעגן דעם כוח פון מאַכט מיט זיין גייסטיקער גבורה און מיט דעם גלויבן אין זיין אמת, פאַר וועלכן ער איז מקריב זיין לעבן.

עס איז אויפן אָרט דאָ צו דערמאָנען, אַז דער משפּט איבער דזשאָרדאַנאָ ברונאָ האָט זיך געצויגן אַ ניין יאָר (1591—1600) און דורך די אַלע יאָרן איז געווען דער דרוק פון דער אינקוויזיציע־מאַשין — מיט אַלע אירע שרייפּעלעך און מאַכינאַציעס, פון וועלכע די סטאַלין־פּראָצעסן האָבן א סך קאָפּירט — דער באַשולדיקטער זאָל זיך מודה זיין, אַז ער האָט געגרייזט און זאָל צוריקציען זיינע „אַפּיקורסישע באַהויפּטונגען”, אַז די ערד איז נאָר א טייל פון דעם אוניווערס, ווי אויך זיין נישט וועלן גלייבן אין יעזוסעס געבורט פון „בתולהשאַפט”... און אין אַנדערע ניסים זיינע. און אוודאי דאַרף ער זיך מודה זיין אין זיין פאַלשער שטעלונג צו דער קירכע אַרום זינד, תאווה, פאַרגעניגנס — בכלל זיין גאַנצער אַרויסטריט קעגן דער קירכלעכער דאָגמע, וואָס איז די שווערסטע הערעזיע און זינד פון אַ קריסט.

מאָריס וועסט האָט געזוכט צו דראַמאַטיזירן די אַגאָניע פונעם יחיד, ווען זיין פּערזענלעכע אמונה איז אין אָפּאָזיציע צו דער אינסטיטוציאָנעלער פּאָליטישער אָדער קירכלעכער דאָגמע. דיליידן וואָס דער יחיד מוז נעמען אויף זיך, ווען ער שטעלט זיך אַנטקעגן דער מאַכט פון דער עפנטלעכער מיינונג, אָנגעפירט און אויפגעשרויפט דורך דער „עסטאַבלישמענט” פונעם פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. און ווער זאָל דאָ זיין דער פאַרשפּילטער און ווער דער געווינער? דאָס אייגנטלעך פרעגט דאָך ברונאָן דער הויפּט־אינקוויזיטאָר אין דער דראַמע: „ווער זאָל געווינען, דער פּויפּסט אָדער ביליגאַאַט?”

דער מחבר, וואָס קען פון אינעווייניק זייער גוט די מאַכט פון דער קירכלעכער היעראַרכיע, איז אויף דער זייט פונעם מאַרטי־

רער, וועלכער איז ערדיש, אינדיווידואַליסטיש אין זיין כאַראַקטער און נאָן־קאָנפאָרמיסטיש אין זיין אני־מאמין. ער ווייסט די קאָנסעקווענצן און איז גרייט צו צאָלן דעם שווערסטן פּרייז פאַר זיין אמת. ברונאָס ריס מיט דער קירכע קאָסט אים, נאָך פאַרן משפּט, אַ שטיק געזונט, מחמת ביים רייסן שטיקער פון הארץ פון רוים, רייסט ער מיט דעם אויך אויף זיין אייגן האַרץ... דזשאָרדאַנאָ ברונאָ מאַכט דורך די טראַגישע אינערלעכע ריסן, וואָס עס האָט אַדורכגעמאַכט אַ גלויביקער, ווען ער האָט אַנטפּלעקט שפּאַלטן אין די פעסטע מויערן פון זיין פריערדיקער וועלט (ה. ד. נאַמבערג האָט אויך וועגן דעם דערציילט, ווען ער האָט פאַרלוירן זיין רעליגיעזן גלויבן).

דער מחבר לאָזט זיינע העלדן אַ ביסל צו פיל פּסיכאָלאָגירן און מעדיטירן איבער דער אַלכעמיע צו פאַרוואַנדלען פּיין אין רחמנות. בכלל מעדיטירט דער מחבר אין אַלע זיינע ווערק וועגן דעם זין פון פּיין און ליידן אויף דער וועלט — מיר וועלן צו דעם זיך אומקערן ביים באַהאַנדלען ברייטער „אין די שיך פון פישערמאַן”. אָבער אין דער דראַמע איז די טעמע אויסגעברייטערט און אַקטואַליזירט צו היינטיקע דילעמעס, אַרום פּראָטעסטן, גרויסע מאַנאָפּאָלן, עפּנטלעכע אומרוען און אַנדערע פּאָליטישע מאָמענטן און דילעמעס. ער שטעלט אויך אַוועק די פראַגע: צי קען אַ מענטש אַנטלויפן פון זיין גורל?



אָבער איבער אַלע פראַגן און טעמעס, וועלכע מאָריס וועסט באַהאַנדלט אין זיינע ביכער, פאַרנעמט אַ צענטראַלן אָרט די מאַכט פון דער קירכע מיט אירע פּאַראַדאָקסן און דילעמעס. צום בולטסטן איז דאָס ארויסגעבראַכט אין דעם ווערק „אין די שיך פון דעם פישערמאַן”.

די פּאַראַדאָקסן: דער גרינדער איז געווען אַ סטאָליאַר פון נצרת. ער האָט נישט געהאַט קיין פּלאַץ אַוועקצולייגן דעם קאָפּ, און היינט איז די קירכע אַרומגערינגלט מיט אַזאַ רייכטום און פּאָמפּע, וואָס זעט אויס אין ליכט פון דער הונגעריקער וועלט, ווי אַ גוואַלטיקע פאַרשווענדערישקייט, און די גרעסטע סתירה צו דער פריידיקונג־פילאָזאָפיע פון דעם גרינדער פון קריסטנטום.

דער מחבר באַהאַנדלט דעם מאַכט־אַספּעקט פון דער קירכע און איר השפּעה פון דעם קוק־ווינקל — אומשטערבלעכקייט. ער גיט אַזאַ הנחה: אומעטום אין דער יצירה איז דער געשריי נאָך לעבן. נאָר דער מענטש ווייסט פון דער אומפאַרמיידלעכקייט פון טויט, זוכט ער אומשטערבלעכקייט אין אַנדערע פאָרמען. די וועלטלעכע נאַציאָ־

נאַליסטן האָבן אים געגעבן אַ פאַרזיכערונג אין אַ פיזישער לאָקאַלער אויסברייטערונג פון זיין „איך״; דורך דעם קורצן לעבנסשפּאַן, די אומשטערבלעכקייט — פון אַן אייגן לאַנד, אַ פאָן, אַ מלוכה, מיט איר גאַנצער פּאָמפּע.

די מאַרקסיסטן האָבן אים צוגעזאָגט די אידעאַלע מענטשלעכע געזעלשאַפט פון אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליזם; די דעמאָקראַטן — פרייהייט דורכן שטים־צעטל, אַז ער וועט אַפילו דאַרפן שטאַרבן עס צו פאַרטיידיקן קעגן די שונאים פון דעמאָקראַטיע; די רעליגיע האָט אים פאַרזיכערט השארת הנפש, און די קירכע איז אינסטרו־מענטאַל אין דעם אומשטערבלעכקייט־צוזאָג אין איר ספערע...

אָבער דאָס זענען נאָר אַגב־אורחאדיקע אַרויסזאָגונגען אין בוך, מחמת דער עיקר פונעם סוזשעט איז די גרויסע מאַכט פון וואַטי־קאַן, וואָס איז די אַבסאָלוטסטע, ווייל ער האָט נישט קיין נאַציאָנאַלע גרענעצן. אָבער ער איז ווידער אָפּהענגיק פון נאַציאָנאַלע אינטריגעס, פון פּאַרטייאישן דרוק און איינפלוסן אין פיל לענדער.

דאָס איז די אַלגעמיינע ראַם פאַר די ראָלן פון די פאַרשידענע הויכע פּערסאָנאַזשן, וועלכע דער מחבר האָט אריינגעוועבט אין דער קאַנווע פון סוזשעט. צו ערשט די הויפּט־ראָלן: פון פּאַנטיף (קיריל) און פון די קאַרדינאַלן (רינאַלדי און טלעמאַנד). עס איז אויך דאָ אויף דער הויפּט־סצענע דער „שומר החומות״, קאַרדינאַל לעאָני, וואָס היט אָפּ די מויערן פון דער קירכע, עס זאָל חלילה זיך דאָרט קיין שפּאַ־רונקע נישט מאַכן... אין דער קאַנווע זענען נאָך אַריינגעוועבט מיניסטאָרן, אויסלענדישע קאָרעספּאָנדענטן, אויך באָלשעוויקעס און אַנדערע טיפּן.

ווי דערמאָנט, איז דער מחבר אויסגעבונדן מיט אַלע ספּרוזשי־נעס פון דער העכערער קירכלעכער מאַשין, וועלכער ער באַהאַנדלט ווי אַ פּיראַמידע, סאַמע אויבן — דער פּאַנטיף, לויטן מחבר — דער אַבסאָלוטער און דער באַגרענעצטער; דער רייכסטער אין איינקונפט און דער אָרעמסטער אין פּערזענלעכער אַריינדרינגונג...

מיט אַ שטאַרקער סאַטירישער פאַרב מאָלט דער מחבר דעם פאַרטרעטער פון גאָט אויף דער ערד, וואָס איז „פאַרזיכערט מיט אַ געטלעכער גאַראַנטיע קעגן פעלערן״, און אליין איז ער ווייניקער פאַרזיכערט פון רעטונג, ווי דער לעצטער פון זיינע אָנהענגער. אויב ער זאָגט, אַז ער שטייט נישט פאַר דעם נסיון פון אויטאָקראַטיע און אַמביציע, איז ער אַ ליגנער. אויב ער גייט נישט אַמאָל מיט שרעק, און איז נישט מתפלל אין דער פינצטערניש — איז ער אַ שוטה. ער האַלט טאַקע דעם שליסל פון קעניגרייך, אָבער ער איז אַליין מחוץ אים...

מאָריס וועסט איז נישט קיין הערעטיקער. ער זאָגט דורך זיינס אַ העלד: „איך וויל פאָרן צוריק צו גאָט דורך דעם מענטש". דאָס מיינט: דורך דינען דעם מענטש, וועלן מיר דינען צו גאָט, און דאָס דאַרף זיין דער וועג פון דער קירכע. זיין באַשולדיקונג קעגן איר איז, וואָס זי האָט פאַרלוירן דעם קאָנטאַקט מיטן לעבעדיקן מענטש, מיט זיין טראַכטן, פילן און גלויבן, און אַז די קירכלעכע גדולים באַהאַנדלען נשמה־זאַכן, ווי בוכהאַלטעריע פּאָזיציעס... דער קלער בלוטיקט נישט אין דער טראַגעדיע פון זיין פאָלק. די אַגאָניע, דער געוויין, דער געשריי פון קינדער אין דער נאַכט, דרינגט נישט אַדורך די ווענט פון דער קירכע.

דער מחבר מעדיטירט וועגן הערשער און... געשיכטע. די ערשטע זעען אין געשיכטע נאָר גרויסע פּאַראַלגעמיינערונגען, אָנשטאָט איינצוזען, אַז זי איז די סומע פון מיליאָנען קליינע איינצלהייטן. צוויי מענטשן קומען נישט צו גאָט אויפן זעלבן וועג, ווייניק דערגרייכן אים אָן בלאָנדזשענישן און פאַלן... און דאָס באַציט זיך אַפילו צו די צדיקים (דערמאָנט זיך ש. אַנסקיס אַריינפיר־ווערטער אין „דיבוק"...).

דער מחבר זוכט גאָט און ער ווייסט, אַז דער וועג צו אים איז פול מיט באַריערעס, וועלכע מען קען נישט דורכגיין מיט איין שפּרונג. דאָס וויכטיקסטע אָבער איז — די ריכטונג, אין וועלכער דער מענטש גייט. אויב ער קאָנצענטרירט זיין בליק נאָר אויף זיך אַליין — איז עס אַ קורס צו זעלבסטמאָרד. אָבער אויב ער גייט פון זיך — קען ער לסוף קומען צו גאָט. דינען אים דורך די פּשוטסטע זאַכן, געטאָן מיט ליבשאַפט און רחמים. אָט די זאַכן ווערן אָבער א סך מאָל נישט געטאָן אָדער נישט פאַרענדיקט, מער צוליב רוטין ווי צוליב מאַנגל אין גוטן ווילן.

נישט שייך זיך אָפּצושטעלן אויף די פילצאָליקע מחשבות און מעדיטירונגען, וואָס דער מחבר זאָגט ארויס דורכן מויל פון זיינע פּערסאָנאַזשן, וואָס זענען פאַר זיך אינטערעסאַנט, דאָך זענען זיי אָבער אָפּגעוויגן פון עצם הויפּט־טראַקט. עס פעלט אין דעם ווערק די שלימות און דער צעמענט פון אינערלעכער געשלאָסנקייט. אמת, דער מחבר האָט אַ ריכטליניע, אָבער ער פאַרט אָפּט אַראָפּ אויף פיל זייטיקע סטעזשקעס פון פילאָזאָפישן כאַראַקטער, אָדער פון אַ טראַנסצענדענטאַלן הויכפּונקט. ערשט ווען ער קומט צוריק צו די טראַנספאָרמאַציעס, וואָס די קירכע האָט דורכגעמאַכט פון איר אַנטשטייאונג ביז היינט צו טאָג, איז ער צוריק אויף דעם הויפּט־טראַקט.

זאָגט ביי אים דער פּויפּסט קיריל: „דער מייסטער איז געקומען קיין ירושלים, רייטנדיק אויף אַן אייזל און איך דאַרף געטראָגן

ווערן אויף די אַקסלען פון דעם (קירכלעכן) אַדל, און מיט דער פּאָמפּע פון אַ רוימישן אימפּעראַטאָר". ער זאָגט נאָך א פּיל שטאַר־קערן אמת: „איבער דער גאַנצער וועלט גייען אַרום באָרוועסע מענטשן און איך דאַרף געקרוינט ווערן מיט גאָלד, מיין טריומף־צוג איז אילומינירט מיט אַ מיליאָן ליכטער, שעם איך זיך דערמיט, וואָס איך, דער נאָכפאָלגער פון דעם סטאָליאַר, ווער באַהאַנדלט ווי א מלך".

מאָריס וועסט מעדיטירט אויך וועגן דער אַדמיניסטראַטיווער טעטיקייט פון וואַטיקאַן, ער דערמאָנט די אויסגאַבן פאַר די מיסיאָנערן... די גלחים וואָס שטעמפּלען דאָקומענטן, ווי אַלע געוויינלעכע באַאַמ־טע, מיט אַ צייט־זייגער, און בכלל די אינערציע פון דער קירכע, ווען מ׳ענס גאַנצע אַרבעט איז ווייט אַוועק פון דעם מענטש, וועלכער האָט די טעטיקייט אָנגעהויבן... צוליב דעם — דער טיפער קריזיס, וואָס די קירכע לעבט דורך. דער וואַטיקאַן איז אַ גרויסמאַכט איבער הונדערטער מיליאָנען מענטשן, און קיין מענטש בלייבט נישט דער זעלבער דורך זיין דערפאַרונג פון מאַכט; ווען מען עס דערפירט צו טיראַניע, אַנדערע — צו פּערווערסיע, אָדער צו ווערן קאָרומפּירט דורך חניפה און פּריווילעגיעס, וועלכע מען באַקומט, אָדער מען נעמט זיך אַליין...

דעריבער האָבן פיל גלויביקע אָנגעהויבן אַזוי שטאַרק צו צוויי־פלען אין דעם, וואָס זיי האָבן אַזוי הייליק געגלויבט... פון איין זייט פילן זיי, אַז מען קען נישט אַרויסוואַרפן דורכן פענצטער 2000 יאָר טראַדיציע, און די דאָגמע, וואָס האָט געשטעלט זיך פאַר אַ ציל מענטשן זאָלן גלויבן, פילן, טראַכטן און אויף איין און דעם זעלבן אופן וועגן דער ערד און הימל...

פון דער צווייטער זייט איז זיי באַפאַלן אַ פאַרצווייפלונג אין דעם אַלעם, וואָס זיי האָבן געהאַלטן, אַז דאָס איז אין דער קירכע פונדאַ־מענטאַל און פּערמאַנענט. זיי האָבן אָנגעהויבן שטעלן זיך קשיות: האָט טאַקע די געטלעכע השגחה דאָס אַלץ געמאַכט און באַפוילן דעם מענטש, ער זאָל דאָס אַלץ אַקצעפּטירן מיט די אַלע אומגערעכטיקייטן און באַגרענעצונגען?

די פראַגן פון די העלדן זענען פון אַ ברייטערן כאַראַקטער. למשל, וועגן זינד — איז דאָס אַ מיסברויך פון נאַטירלעכן אינ־סטינקט? און וועגן דער טעאַטראַלישקייט אין דער קירכע: עפּעס פילן זיי, אַז אַ פּאָטער רעדט צום זון פּשוט און פריי פון האַרצן, און נישט דורך אַ מין אַקטיאָרישער מאַסקע... די פּראָטאַגאָניסטן האָבן נישט קיין זעלישע מנוחה. זאָגט רות לעווין: „מיר זענען אַלע אין אַ תפיסה, אויף אַזאַ אָדער אַנדערן אופן". אַן אַנדערער באַמערקט: —

יעדער פון אונדז טראָגט זיין קרייץ, געמאַכט און צוגעפּאַסט צו זיינע אומווילּיקע פּלייצעס . . . און דער קרייץ טיילט זיך צווישן דער אמונה, וואָס אַ מענטש פאַרמאָגט, זיין געהאָרכזאַמקייט צו דער דאָגמאַטישקייט, וואָס דערלאָזט נישט קיינע ספקות, און די וואָס צווייפלען און דער־גייען צו אַפּיקורסות.

בכדי צו ווייזן, אַז דער הערעטיקער איז אַ מענטש אויף אַ מדרגה, ציטירט דער מחבר אַ זאָג פון הייליקן אויגוסטינאָ: „עס נעמט אַ גרויסן מוח צו ווערן אַ הערעטיקער”. זאָגט ווידער אַ העלד וועגן די אינערלעכע קאָנפליקטן אין דער נשמה, וואָס גיבן נישט קיין מנוחה, מחמת מען איז טאָג־טעגלעך אין דעם אַריינגעצויגן: „ביסט נישט געבוירן געוואָרן פאַר פרידן”.

אין דעם ווערק זענען פאַראַן אַ סך מחשבות און מיינונגען וועגן ליבע און פּיין, וועגן ווערטן, וואָס נעמען אָן פאַרשידענע פאָרמען, וועגן קינדער, ווי אַ געוויסער אופן פון באַזיץ, וואָס ענדערט זיך, ווען זיי וואַקסן אויס, און דער צוזאַמענבונד מיט זיי ווערט לויזער. די עלטערן דערשפּירן, אַז זיי האָבן זיי נישט מער אין באַזיץ ווי אַמאָל. גיט עס איין העלד, ווי אַ ביישפּיל מיט אַ בלום: — רייסט זי אַרויס, טוסט זי אַריין אין אַ וואַזע, אין אַ ווייל אַרום הייבט זי אָן וועלקן. ווערט דאָך דאָן זיכער שוין אומוויכטיק, וואָס דו פאַרמאָגסט אַ בלום. אָבער אַזאַ פאַרגלייך לגבי קינדער, וואָס וואַקסן אויס און גייען אוועק פון די עלטערן, מיט אַן אַרויסגעריסענער בלום, איז זיכער צו דראַסטיש! פאַרצייכן איך עס צו אילוסטרירן דעם מחברס זיג־זאַגישע מעדיטאַציעס, וועלכע ער האָט אַריינגעפּאַקט אין דעם ווערק.

מאָריס וועסט האָט אָנגעלאָדן זיין ווערק „אין שיך פון דעם פּי־שערמאַן” מיט פיל דיסערטאַציעס וועגן דער קירכע, פּאָליטיק, ליבע, פּיין און אויך וועגן דער מיסטעריע פון דער גאַנצער יצירה. אַ די־סערטאַציע אונטערן טיטול „דער מענטש אין דער צייט” באַהאַנדלט דעם מענטש פון עבר, פון היינט און פון דער צוקונפט. ער שאַצט אים פון פאַרשידענע אַספּעקטן, ווי אַזוי ער עקזיסטירט אין דעם איצטיקן מאָמענט און אין זיין אוראַלטער פאַרגאַנגענהייט, וואָס גייט צוריק ביז צו אַ פּונקט, וועלכער פאַרלירט זיך אין אַ נעפּל; און ער קומט צוריק צו דעם מענטש פון דער צוקונפט, דורך אַלע מעגלעכע קאָנ־צעפּציעס און אויסזיכטן, לויט זיין קוק.

ווען מען קוקט, שרייבט ער, אויפן מענטש לויט דער סקאַלע פון פּראָפּאָרציע, געפינסטו אים — פון איין זייט — אַ קאַרליקל אין אַן אוניווערס, וואָס האָט נישט קיין גרענעץ. פון דער צווייטער זייט, ווען דו קוקסט אויף אים דורך דער פּריזמע פון צאָלן, איז ווי די

וואָלסט געציילט דעם זאַמד אויפֿן ים. מעסט מען אים לויט אַן אַנדע־רער סקאַלע, געפֿינט מען אים, טיילווייז, אין קאָנטראָל פֿון אַ ריזיקן פֿאַרברעכן, אין וועלכן ער לעבט . . .

דער מחבר שטעלט זיך זייער פֿיל אָפּ אויף די וויסנשאַפֿטלעכע היפּאָטעזעס וועגן די אוראַלטע, קדמונישע צייטן, ווען עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע ביאָטישע פֿאָרמען אויפֿן ערד־פּלאַנעט, און די פּרימיטיווע לעבנס־פֿאָרמען האָבן זיך, ווי א נעץ, אויסגעשפּרייט איבערן אויבערפֿלאַך פֿון זיך־שפּינענדיקן גלאָבוס. זיי האָבן אָנגע־הויבן זיך פֿאַראייניקן און טיילן זיך אין פֿיל קאָמבינאַציעס פֿון פֿאָר־מען. דאָ קומט דער מחבר צום עוואָלוציע־פּראָצעס. די וואָס האָבן געקענט אויסהאַלטן די ענדערונגען און זיך צופּאַסן צו דער נייער אומגעבונג — זענען געבליבן.

אָבער די עוואָלוציע פֿון מענטש האָט אָנגענומען אויך אַנדערע פֿאָרמען. ווייניקער ברוטאַלע אין קאָנקורענץ פֿאַרן לעבן און דורך דעם איז דער מענטש אַרויסגעקומען ווי אַ פֿענאָמען אין אַ געענ־דערטן אוניווערס. די רעפּראָדוקציע פֿון פּרימיטיווערע לעבנס־פֿאָר־מען, וואָס האָבן זיך פֿאַרפֿילפֿאַכט, זיך פֿאַראייניקט און איבערגרו־פּירט זיך צו אַ געוויסער סטאַביליטעט, פּערמאַנענץ — און דער לעבנס־בוים וואַקסט הויך. צווייגן שטאַרבן אָפּ, צווייגן הערן אויף וואַקסן. אָבער עס גייט ווייטער אָן דער אָנגריף פֿון וווּקס צו דער הויך, אין דער ריכטונג פֿון אַ גרעסערן מוח און אַ קאָמפּלעקס־אָרגאַניזם, און דער צום אַממערסטן עלאַסטישער מעכאַניזם זוכט לעבן בלייבן.

אָט דער עוואָלוציע־פּראָצעס, דורך המשך, גאַנצקייט, איינהייט — איז געבראָכן געוואָרן אין געוויסע ערטער. מיר ווייסן נישט, ווען לעבן האָט זיך אָנגעהויבן, אין וועלכער צייט. מיר זענען מענטשן — שוין אין מערצאָל! מיר ווייסן נישט פֿון וויסנשאַפֿטלעכן שטאַנד־פּונקט, צי עס איז געווען אַן ערשטע פּאָרל, אָדער עס זענען שטענ־דיק געווען אַ סך. נישטאָ קיין שום רעקאָרד פֿון איין פּאָרל. אין אַ געוויסן מאָמענט פֿון געשיכטע — איז דאָ דער מענטש און מיט אים — באַוווּסטזיין ווי אַ פֿענאָמען, וואָס ווייסט, אַז ער ווייסט.



איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אויף פֿאַרשיידנאַרטיקע עלעמענטן פֿון דעם ווערק, וואָס זענען אין טעמאַטיק און פֿייזאַזש נישט ווי געהע־ריק צונויפֿגעוואַקסן. דאָך איז יעדער באַזונדערער עלעמענט לעבע־

דיק באַשריבן, אינפאָרמאַטיוו, באַלערנדיק, טיילווייז — שפּאַנענדיק, טיילמאָל סענסאַציאָנעל און מעלאָדראַמאַטיש. אָבער אַלץ צוזאַמען אָפּגעקאָכט אין איין טעפּל און דערלאַנגט ווי אַ „הייסע" בולבע, האָט אָנגעשלאָגן און צוגעצויגן מיליאָנען לייענער איבער דער וועלט.

איך האָב דערמאָנט פון אָנהייב מאָריס וועסטס באַזונדערן טאַלאַנט צו קענען גלייך זיין מיט אַ נייעם בוך, ווען אַ וועלט־געשעעניש, וואָס איז נאָך אין אַ צאַפּלדיקן צושטאַנד. אַזוי איז געשען מיט איינעקע פון די ווערק, וועלכע איך האָב אַנאַליזירט אויבן און אַזוי אויך מיט אַזאַ ווערק, ווי „דער אַמבאַסאַדאָר", וואָס איז פּונקט דערשינען נאָכן גוואַלט־טויט פון מלוכה־ראש דיעם אין וויעטנאַם.

ווי אין זיינע אַנדערע ווערק, ווו ער האָט פריער גוט נאָכגעפאָרשט דעם רוי־מאַטעריאַל ביים צוגרייטן דאָס בוך, האָט ער אויך דאָ געפאָרשט בודיזם און זיינע איינפלוסן אין דעם טייל וועלט, ווו עס האָט זיך אָפּגעשפּילט די גרויסע טראַגישע דראַמע פון וויעטנאַם.

פיל נייעס־רעפּאָרטערן און זשורנאַליסטן האָבן אין ביכער אויך געפּרוווט באַלייכטן יענע געשעענישן. אָבער זיי האָבן עס נישט געקענט מאַכן מיט דעם טאַלאַנט און נישט געקענט אילומינירן סיטואַציעס און געשעענישן — טיילווייז פאַקטועלע, אָבער בעיקר צוגעטראַכטע און בעלעטריזירטע, ווי עס האָט באַוויזן מאָריס וועסט. דעריבער געהערט ער צו די דערפאָלגרייכסטע אויסטראַלישע שרייבער אויפן וועלט־מאַרק פון ביכער.

זיינע לעצטע צוויי ביכער זענען „סאַלאַמאַנדער" און „האַרלעקין". אין „סאַלאַמאַנדער" שילדערט ער דעם פּרווו צו מאַכן אַ נעאָ־פאַשיסטישע איבערקערעניש אין איטאַליע און וועלכער עס זענען אַריינגעמישט הויכע פּערזענלעכקייטן, די געוועזענע אָנפירערס פון מלוכהשן שפּיאָנאַזש־אַפּאַראַט און נאָך אַנדערע גדולים. פאַראַן דאָרט אויך אַ ריי ידישע מאָמענטן, אָבער אַ וויכטיקן פּלאַץ פאַרנעמט אין דעם ווערק „די שטים פון בלוט", דער אַטאַוויזם, וועגן וועלכן דער מחבר שטעלט זיך גאָר אַ סך אָפּ. ער זאָגט אויף איין אָרט: „מיר זענען אַלע געפאַנגען ביי אונדזערע גענעס און אונדזער געשיכטע".

צוליב זוכן די וואָרצלען פון זיינע אירלענדישע אבות, איז ער אוועק פון אויסטראַליע קיין איראָפּע און ער גלויבט באמונה שלימה, ווי ער האָט דערקלערט אין אַן אינטערוויו לעצטנס, אַז „אַטאַוויזם איז דער שטאַרקסטער, הגם דער נאָד־אַמוויניקסטנס אָנערקענטער כוח און איינפלוס אויף אונדזער לעבן. וואָס פריער מיר וועלן אָנערקענען אָט דעם ריזיקן כוח אויף אונדזער לעבנס־גאַנג, אַלץ גיכער און בעסער וועלן מיר קענען אַנטוויקלען דעם גויטיקן קאָנטראַ־באַלאַנס, אונדזערע רעאַקציעס צו אַנדערע מענטשן".

זיין גאָר לעצטן בוך ווידמעט מאָריס וועסט די טונקעלע גע־שעפטן און באַנק־אַפערעס אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב. אין „האַרלעקין" שילדערט ער די פּרוּוון פון אַ קאָמפּיוטער־קאָמפּאַני און אירע מאַניפּולאַציעס אויפן אינטערנאַציאָנאַלן געלט־מאַרק. ווי אין אַלע זיינע ווערק, איז דאָ אויך פאַראַן אַ געמיש פון פאַקטן און „פיקשן", באַגלייט מיט אַ געוויסן מאָראַלישן צוועק. מאָריס וועסט האַלט, אַז ער איז ממשיך די טראַדיציע פון עמיל זאָלאַ, וואָס איז אויף זיין אופן אויך געווען אַ מאָראַליסט. ער האָט איבערגעזעצט די דילעמעס פון זיין צייט און זיינע פּערזענלעכע דילעמעס אין אַ ראָ־מאַן־פאָרם, און דאָס זוכט אויך מאָריס וועסט צו טאָן דורך זיינע ווערק.

וואָס האָט ער געזוכט אָבער אין זיין לעצטן בוך? אין „האַרלעקין" זוכט ער אויפצווייזן די ראָל פון די קאָמפּיוטערס, ווי אַן אינוואַזיע אויף דעם לעבן פון יחיד. שוין דער פאַקט גופא, וואָס פרעמדע מענטשן קענען צונויפנעמען און צוריק אַרויסבאַקומען אינפאָרמאַציעס וועגן אונדז — ריכטיקע אָדער פאַלשע — דערמיט אַליין דאָמינירן זיי איבער אונדזערע לעבנס. דאָס איז נאָר איין זייט פון דער מטבע.

די צווייטע זייט איז, וואָס טעראָר און קאָמפּיוטערס גייען צוזאַ־מען. ער נעמט אַלס ביישפּיל דעם אורבאַנישן קאָמפּיוטער קאָנטראָל. וואָס באַטייט: פּאָליציי־קאָנטראָל. זיי ציען אַרויס דיין נאָמען פון אַ קאָמפּיוטער, ציען דיר אַראָפּ פון גאַס, ציען דיר אריין אין טורמע. ער דערמאָנט דרום־אַפריקע און ענלעכע סיסטעמען.

אין אַן אינטערוויו מיט אַ וויכטיקן שווייצאַרישן באַנקיר, דער־ציילט ער דעם פאָלגנדיקן דיאַלאָג:

וועסט: — די קאָנטעס וואָס קומען אַריין אין דיין באַנק. קענ־סטו דערקענען די געלטער, וואָס זענען דירעקט פאַרבונדן מיט טע־ראָריסטישע אַקטיוויטעטן? קענסטו זיי אידענטיפיצירן?

באַנקיר: — יאָ... די געלטער קומען אָבער דורך די געהע־ריקע קאַנאַלן און גייען דורך דער געוויינטלעכער פּראָצעדור פון דעם באַנק־סיסטעם און ווערן אויסגעצאָלט אין הסכם מיט די פאַרלאַנגען.

וועסט: — אָבער די געלטער גייען פאַר טעראָריסטישע אַקטן. וואָס טוסטו וועגן דעם?

באַנקיר: — גאָר נישט. די געלטער געהערן צו די, וואָס דעפּאָ־זיטירן זיי און זענען אונדזערע קליענטן. אונדזער אויפגאַבע איז אָפּצוהיטן זייער געלט. דאָס איז אונדזער חוב.

וועסט: — נעמט איר אַראָפּ די פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו וויסן

אויף וואָס פאַר אַ צוועק די געלטער זענען באַשטימט? איז אייער געוויסן אין אָרדענונג? שפּירט איר, אַז — — — —

באַנקיר: — אָפיציעל ווייס איך גאָר נישט. טראָג איך נישט קיין אחריות צו וויסן אויף וואָס, — — — און דאָס טוען מיר אַלע. מיר זאָגן: איך ווייס און ווייסט נישט, און דאָס וואָס איך ווייסט נישט שאַדט מיר נישט, כאָטש עס קען ,ווי טאָן עמעצן אַנדערש . . . אַפילו איך וואָלט יאָ געפּרוווט עפּעס טאָן, וואָלט איך עס אויך נישט געקענט. זיי וועלן אַריינטראָגן דאָס געלט אין אַן אַנדער באַנק, אין אַן אַנדער אָרט . . . און דאָס איז היינט אַן אוניווערסאַלע דילעמע.

האַרלעקין, דער שווייצאַרישער באַנקיר־טיפּ פון מאָריס וועסטס לעצטן בוך באַהאַנדלט נישט נאָר די דילעמע פון געלט. פון וואַנען עס קומט? און ווער זענען די דעפּאָזיטאָרן? דאָס ווערק וואַרפט אַ שיין בלויז אויף איין אַפּשניט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער טונקעלער מאַניפּולאַציע וועלט: די קאָמפּיוטערס. די העסלעכע קאָמבינאַציעס און אינטריגעס פון די באָסעס — אויסקלייבן וועמען צו פאַרקויפן פאַר אַ גוטן פּרייז, צו דעם אָדער אַנדערן, די סחורה . . .

אין צענטער פון בוך איז פאַרשפּיגלט דער אכזריותדיקער משא־ומתן און געראַנגל פאַר דער קאָנטראָל פון אַ שווייצאַרישער באַנק, ווער עס זאָל באַשטימט ווערן פאַר דעם באָס און ווער פאַר דער קאָמ־פּיוטער קאָמפּאַניע, דאָס ווערט באַגלייט מיט די אַלע מאַכינאַציעס און ספּרוזשינעס פון די הערשער.

אָבער אַרום דעם אַלעם אַנטפּלעקט זיך דער קלעם אין וועלכן מיר געפינען זיך אין דער היינטיקער וועלט. דער אויספיר פון מחבר האָט מער פראַגן ווי ענטפערס. ווען ער שטעלט אַוועק די פראַגע: — ווי אַזוי זאָלן מיר רעאַגירן אויף דעם היינטצייטיקן טעראָר? מיט וואָס פאַר אַ מיטלען? זאָלן מיר עס טאָן מיט געווער אין די הענט? זאָלן מיר ענטפערן מיט אַ קאָנטראָ־טעראָר? איז שוין טאַקע פאַר אונדז נישט געבליבן קיין אַנדער ברירה? און וואָס וועלן דאַן זיין די קאָנ־סעקווענצן?

איך פאַרשפּאָר צו באַמערקן, אַז ביים לייענען אָט די פראַגן האָבן מיר פאַר די אויגן די טעראָריסטישע אָנפאַלן פון אונדזערע לעצטע און פריערדיקע צייטן און ווי אַזוי די וועלט האָט רעאַגירט אויף זיי . . .

מאָריס וועסט דערמאָנט, אַז זיין געשפּרעך מיטן שווייצאַרישן באַנקיר האָט ער געהאַט נאָך דער שחיטה, וואָס די טעראָריסטן האָבן דורכגעפירט אין מינכען. ער רופט נישט אָן די פ.ל.אָ. אָבער עס איז דאָך קלאָר, אַז ער רעדט דאָ וועגן דעם טראַגישן קנויל פון מיטל־

מזרח און דעם קלעם אין וועלכן עס געפינט זיך היינט ישראל. אָבער דאָס אַלץ געפינט זיך נישט אין דער דירעקטער באַהאַנדלונג פון סוזשעט און אפילו נישט אין די פראַגעס, וואָס זענען אומדירעקט אַזוי געקניפּט און געבונדן מיט דעם אַראַבישן טעראָר אויף די ישראל־ישובים, און אויף די פאַרכאַפּטע עראָפּלאַנען . . .

מאָריס וועסט איז ביי זיינע קרוב 60 יאָר זייער פּראָדוקטיוו. יעדע כמעט 18 חדשים קומט ער אַרויס מיט אַ ניי בוך, וואָס איז צאַפּלדיק אַקטועל און ווערט גלייך אַ „בעסט סעלער". דער נאָמען זיינער גייט פאָרויס, נאָך איידער דאָס ווערק דערזעט די ליכטיקע שיין. ווען אַ קאָרעספּאָנדענט האָט אים געפרעגט מיט וואָס דערקלערט זיך זיין אוניווערסאַלער אַפּיל צו אַזוי פיל לייענערס פון פאַרשידענע פעלקער, האָט ער אָנגעגעבן צוויי מאָטיוון. ער האָט זיי אַזוי מאָטי־ווירט: „מיין כוונה איז צו רעדן צו וויפל מענטשן עס איז נאָר מעג־לעך. אָבער אויב דו ווילסט מען זאָל זיך צוהערן צו דיר און וועלן דיך פאַרשטיין, דאַרפסטו קענען מאַכן אַ באַוווסטזיניקע אָנשטרענגונג צו געפינען דעם סימבאָל וואָס איז אָנגענומען און בשותפותדיק פאַר יעדן איינעם".

ער האָט געגעבן אַזאַ ביישפּיל: קושן זיך, איז דער אָנגענומענ־סטער אופן פון אויסדריקן ליבשאַפט, נאָענטקייט, אינטימקייט פאַר ס'רוב מענטשן. אָבער אין יאַפּאַן איז אַן עפנטלעכער קוש אַן אויס־געלאַסענער זשעסט — ווי מען וואָלט זיך עפנטלעך אויסגעטאָן . . . „ווען איך האָב געוואָלט באַשרייבן ליבשאַפט, האָב איך דעריבער געדאַרפט אויסגעפינען אַ סימבאָל, וואָס איז אָנגענומען ביי יעדן איינעם, און דאָס איז, לויט מיין מיינונג די פליכט פון אַ שרייבער". ער האָט אָבער גלייך צוגעגעבן, אַז די וויכטיקסטע סיבה פון זיין פּאָ־פּולערקייט איז, וואָס ער איז אַ גוטער מעשה־דערציילער. „איך בין זיך מודה אומפאַרשעמט, אַז איך בין עס, האָט ער מיט אַ שמייכל אונטערגעשטראָכן, „איך ווייס וואָס עס מאַכט א גוטע געשיכטע און ווייס ווי אַזוי עס צו דערציילן".

אַ גרויסן קפיצת הדרך האָט מאָריס וועסט דורכגעמאַכט זינט יענע יאָרן (די 20ער און 30ער), ווען ער איז געווען, ווי ער באַצייכנט עס, אין דעם „קולטור־געטאָ פון קאַטוילישן מעלבורן". געבוירן אין אַן אַרבעטער־משפּחה פון אירלענדישן אָפּשטאַם, איז ער אַריינגע־צויגן געוואָרן אין אַ „קריסטלעכן ברודער־סעמינאַר", ווו ער האָט אויך גענומען זיינע דערוויילעקע שבועות, און געוואָרן אַ לערער אין דעם סעמינאַר. ער האָט זיך אָבער צוריקגעצויגן און ביי 24 יאָר פאַרלאָזט דאָס מאָנאַסטירישע לעבן. פון דאַן אַן קענטיקט זיך אין

אַלע זיינע ווערק אַ קריטישער צוגאַנג צו דאָגמאַטישע דעפיניציעס. אָבער קאַטוילישע פּראָבלעמען און רעליגיעזע פראַגן בכלל פאַר־נעמען אַ באַדייטנדיקן אָרט אין זיינע ווערק. ער איז נישט קיין אויסנאַם אין דעם פרט. אין די קאַטוילישע לענדער זענען פאַראַן גרו־פעס שרייבערס, וואָס ראַנגלען זיך מיט זייער קאַטוילישער דער־ציִונג. אויך אין אויסטראַליע, איז פאַראַן אַ היפּשע גרופּע, וואָס האָט אַ קאַטוילישן אָפּשטאַם און דאָס האָט געלייגט אַ חותם אויף זייערע ווערק. מאָריס וועסט איז איינער פון זיי און ער האָט אַ סך צו דער־ציילן, און דער לייכטסטער אופן ביי אים איז צו נעמען זיך שרייבן אַ בוך . . .

# אַ גאַסט אויף אַ ווייל...

איז געקומען צו פאַרן אויף אַ קורצן באַזוך אין אויסטראַליע דער באַרימטער ענגלישער שרייבער ד. ה. לאָורענץ. האָט ער וועגן אויסטראַליע אָנגעשריבן אַ בוך „קאַנגאַרו", וואָס האָט פיל מעלות, אָבער אויך נישט ווייניק חסרונות. מייסטערהאַפט איז זיין באַשרייבונג פון דער אויסטראַלישער לאַנדשאַפט, פון ים, באַרג, בושלאַנד, פייגל, חיות און געוויקסן. זיין בריליאַנטישע אָבסערוואַציע פון דעם אויסטראַלישן קאָנטינענט מיט דער פרעמדער נאַטור און סצענערע, האָט פאַרכאַפּט זיין פאַנטאַזיע. דורך זיינע שילדערונגען שפּירסטו שטאַרקער די היימישע זאַכן, דעם גייסט פון די ערטער. עס איז גענוג צו זען בלויז זיין באַשרייבונג פון אַזאַ אויסטראַלישן פויגל, ווי דער קוקובערא, בכדי אָפּצושאַצן זיין טאַלאַנט.

דאָס ווערק האָט פיל לעבנס־אמתן, אָבער אויך האַלבע אמתן. עס איז אַ געמיש פון טיפער אַריינדרינגונג אינעם לאַנד, און אויך פון מיספאַרשטייענישן פון דעם, וואָס ער האָט געזען און געהערט בעת זיין קורצן באַזוך. דעריבער פאַרקערפּערט נישט דאָס בוך אַן אמת בילד וועגן אויסטראַליע. עס פאַרשפּיגלט אָבער יאָ אַן אָפּבילד „פון לאָורענץ אין אויסטראַליע"; פון זיינע באַטראַכטונגען, די אינדיווידואַליטעט פון זיין עקספּרעסיע, זיין קינסטלערישער חוש פאַרן וואָרט־בילד און זיין ליידנשאַפטלעכע אויפריכטיקייט ארויסצוברענגען זיין קריטישן צוגאַנג צום לאַנד, צום בוש, וואָס האָט אים פאַרכאַפּט און געשראַקן.

דער הויפּט־כאַראַקטער סאָמערס, וועלכער איז טיפּיש פאַרן מחבר, ווי זיין אָפּבילד, זאָגט אַזוי וועגן אויסטראַליע: „דאָס גרויסע אומבאַפעלקערטע לאַנד... אַזוי גראָ, אַזוי אומצוטריטלעך... עפּעס אַן אויסדוכטעניש ווי אַ בייזער גייסט. די הויכע בלאַסעביימער און די פיל טויטע ביימער, ווי מתים, טיילוויז אָפּגעסמאַליעט דורך בושפייערן; ערשט די טונקעלע בלעטערשאַפט, ווי גרין־גראָע אייזן... און דאַן איז אַלץ אַזוי שטיל. אפילו די עטלעכע פייגל זעען אויס פאַרזונקען אין שווייגן, וואַרטנדיק, וואַרטנדיק. דער בוש זעט אויך אויס גרוי־וואַרטנדיק. ווי ער וואָלט נישט געקענט דורכדרינגען זיין סוד

און ער קען נישט צוקומען צו אים. קיינער קען נישט. אויף וואָס וואַרט ער?"

לאָורענץ האָט באַזוכט אויסטראַליע אין אָנהייב פון די 1920־ער יאָרן. געווען איז ער סך־הכל בערך אַ יאָר און די גאַנצע צייט געווען פאַרנומען מיט שרייבן דעם בוך, וועלכן ער האָט פאַרענדיקט נאָכן פאַרלאָזן דאָס לאַנד. פאַרשטענדלעך, אַז אַ בוך, וואָס איז געשריבן געוואָרן פון אַ שרייבער מיט אַן אינטערנאַציאָנאַלער רעפּוטאַציע, האָט גלייך באַקומען אַן אָפּקלאַנג איבער דער וועלט. עס האָט פאַראינטריגירט דעם אויסלענדישן לייענער, וועלכער האָט זיך סומך געווען אויף דער רעפּוטאַציע פונעם מחבר און אויפן סמך, וואָס אַ גאַסט אויף אַ ווייל...

אָבער גראַד אין אויסטראַליע האָט לאָורענצעס בוך ארויסגערופן אַ שאַרפע קריטיק, מיט רעכט האָבן אויסטראַלישע קריטיקער אָנגעוויזן אויף די פעלערן פון „קאַנגאַרו" און צווישן אַנדערן באַטאָנט, ווי ווייט אויסטראַליע האָט זיך פאַקטיש געענדערט אין דעם לעצטן האַלבן יאָרהונדערט, נישט נאָר גייסטיק־קולטורעל, נאָר אויך אין אינדוסטריעלן און ציוויליזירטן זין פון וואָרט. לאָורענץ אליין וואָלט דאָס לאַנד היינט נישט דערקענט. אַזאַ קאָלאָסאַלער אונטערשייד איז פון די 1920־ער ביז די 70־קער יאָרן, בפרט היינט, אויפן שוועל פון דעם לעצטן פערטל פון דעם יאָרהונדערט.

אָבער די קריטישע באַמערקונגען וועגן לאָורענצן זענען נישט שייך וועגן היינטיקן בילד פון אויסטראַליע, נאָר פון יענער צייט, ווען ער איז געווען אין דעם לאַנד און געהאַט אַ מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט די מענטשן, מיט זייער לעבן און שאַפן. אָבער ער האָט דאָס נישט געטאָן. דאָס וואָס ער האָט באַשריבן וועגן די אויסטראַלישע מענטשן איז אויבערפלעכלעך און טייל מאָל מאַכט עס דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט געשריבן אַ פּאַראָדיע און נישט קיין ערנסט ווערק, ווי מען האָט געקענט דערוואַרטן פון אַזאַ שרייבער.

בעת מיר וועלן אין די ווייטערדיקע שורות רעדן וועגן זיין הויפּט־העלד ריטשאַרד לאָוואַט סאָמערס, איז עס די ליטעראַרישע מאַסקע פון לאָורענצן גופא. עס איז סאָמער/לאָורענץ, וועלכער דערציילט פון אויסטראַלישן לעבן און דריקט אויס זיינע מיינונגען (און אָנגריפן) אויף דער אויסטראַלישער געזעלשאַפט, אויף אירע אידייען און באַוועגונגען, ביז ער איז געקומען צום אויספיר, אַז „זיי (די אויסטראַליער) גייט לגמרי גאָר נישט אָן. עפּעס איז דאָ ביי זיי אַ מין צולהכעיסדיקייט און טראַציקייט קעגן יעדער סאָרט זאָרג, מענטשלעכע אָדער אוממענטשלעכע, גוט אָדער שלעכט".

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז אַ פאַלש בילד! די אויסטראַליער, פּונקט ווי מענטשן פון אַנדערע לענדער לעבן נישט גלייכגילטיק,

און זאָרגן זיך פונקט אַזוי, ווי מענטשן פון אַנדערע פעלקער איבער זייערע אינדיווידועלע און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. זיי זענען נישט, אפשר, אַזוי פּאָליטיש פּאַרקאַכט, ווי מען זעט אין די פּאָליטישע באַוועגונגען פון פיל אייראָפּעישע לענדער, אָבער זיי זענען ווייט פון גלייכגילטיקייט, ווי עס באַשרייבט זיי סאָמערס/לאָורענץ.

בכלל האָט דער מחבר אָפּגעגעבן אין זיין בוך אַ צו גרויסן פּלאַץ די טעאָריעס און די כוחות פון קאָמוניזם און פאַשיזם אין אויסטראַ־ליע. דאָס שטימט אויך נישט לגמרי מיט דער ווירקלעכער לאַגע פון יענער צייט, אין קיין שום פּראָפּאָרציע צו זייער פּאַקטישער אומבאַ־דייטנדיקער השפעה. באַזונדערס קלינגען די ווערטער מאָדנע היינט, פאַר אַ דור, וואָס האָט זיך צוגעזען צו וואָס עס האָט דערפירט די עפּאָכע פון מוסאָליני, היטלער, סטאַלין...

ריטשאַרד לאָוואַט סאָמערס, שיינט צו זיין אַ פּאָליטישער אַנאַל־פאַבעט. און ווען ער גייט אַוועקלייגן אַ גאַנצע געזעצגעבונג וועגן פּאָליטיק און געזעלשאַפט, מאַכט עס אַ מאָדנעם איינדרוק. מעגלעך, דערפאַר, וואָס ער האָט זיך צוגעזען אין איטאַליע, אָנהייב די צוואַנ־קער יאָרן, וואָס עס האָבן געטאָן די „שוואַרצע העמדלעך", האָט ער דאָס בילד אַריבערגעטראָגן קיין אויסטראַליע מיט געמישטע געפילן: ער האָט אָפּגעשאַצט די זאָרגלאָזע פרייהייט פון אויסטראַלישן מענטש, געהאַלטן, אַז זי (די פרייהייט) איז צו לייכט און אָן פאַראַנטוואָרט־לעכקייט און דעריבער זיך געשראָקן פאַר די קאָנסעקווענצן... „מיר ווילן נישט האָבן קיינעם איבער זיך, האָט געזאָגט קאַנגאַרו. מיר ווילן אַפילו נישט אַרויפגיין אויבן, ווייל דעמאָלט וועלן מיר דאָך זיין אַ שטאָק העכער פון די ערשטע נידעריקע שטאָקן".

סאָמערס לאָורענצעס געפילן צו די איינוווינער אין לאַנד זענען געווען געמישטע און סתירותדיקע, באַגלייט מיט דער זעלבער שרעק, ווי פאַר דער אויסטראַלישער לאַנדשאַפט. אין זיינע שילדערונגען פון אָט דער לאַנדשאַפט, ווען ער פלעגט אין אַ לבנהדיקער נאַכט ארומ־גיין צווישן ריזיקע ביימער־שטאַמען און נישט זען קיין סימן פון לעבן אינעם בוש. אַפילו ווען די שרעק פון בוש איז אַוועק פון אים און ער האָט געקוקט אויף די משונהדיקע ביימער, „האָבן די האָר אויפן קאָפּ זיך באַדעקט מיט אַן אייז־קאַלטן שוידער". וואָס איז עס? האָט ער זיך אַליין געפרעגט און גוט געוווּסט, אַז ס'איז גאָרנישט.

אַ זשעני־ראָמאַניסט קען אין אַ קורצער צייט דערזען זאַכן און אויפכאַפּן אומבאַקאַנטע אַספּעקטן, וואָס נעמען אַ געוויינטלעכן מענטשן יאָרן לאַנג צו דערזען. דאָס קענטיקט זיך ביי לאָורענצן אין די שיל־דערונגען פון אויסטראַלישן בושלאַנד און אין די באַשרייבונגען פון

די אומבאַפּעלקערטע לאַנדשאַפטן, וועלכע האָבן סאָמערס/לאָורענץ אַזוי פאַראינטריגירט און גלייכצייטיק געשראָקן.

אָבער אויך דערביי מאַכט ער טעותים און מיספאַרשטייענישן לגבי די אויסטראַליער; צי זיי באַהאַנדלען דאָס לאַנד ווי אַ כלה־לאַנד, וועלכע מען וויל ליב האָבן? פאַר אַן אויסטראַליער קלינגען משונה־דיק היינט לאָורענצעס פאָלגנדיקע ווערטער: „אויב דו קענסט דאָס לאַנד אָנרופן אַ כלה, געהערט זי צו אַזאַ סאָרט כלות, וואָס א סך פון אונדז וואָלטן נישט געוואָלט האָבן קיין מגא ומשא מיט זיי. זי (די כלה) טרינקט דיין שווייס און בלוט, און דאַן לאָזט זי דיך ליגן איינגע־לייגט. זי טוט עס... (די אויסטראַליער) באַהאַנדלען דאָס לאַנד נישט — ווי אַ כלה, נאָר גיכער ווי אַ גאַסן־פּרוי, אַזוי מיין איך".

מיט אַזעלכע שאַרפע קאָמענטאַרן וועגן אויסטראַליע און אויי־סטראַליער, ווי אַזוי זיי שפּירן זיך אין לאַנד — דאָס זענען פּשוטע מיספאַרשטייענישן, און עס וווּנדערט זיך, ווי אַזוי דער מחבר איז פאַרפּירט געוואָרן אין זיינע טעותדיקע איינדרוקן, וועלכער זענען, נאַטירלעך, שטאַרק נישט געפעלן געוואָרן אין אויסטראַליע.

פאַר זייער קומען קיין אויסטראַליע איז לאָורענץ מיט זיין פרוי פרידאַ, אַ סך אַרומגעפאָרן איבער אייראָפּע. געקומען זענען זיי קיין אויסטראַליע צו זוכן אָנטשפּאַנונג פון אייראָפּע. אפנים, אַז די אָנט־שפּאַנונג איז נישט געקומען, און די ערשטע איינדרוקן זענען גלייך געווען אומסימפּאַטישע. די אויסטראַלישע געזעלשאַפט האָט אים אויסגעזען צו זיין מגושמדיק, גראָב, אומקולטורעל, און דאָס פאָלק אַזוי פּוסט און הויל. „קוק זיך צו צו די אויסטראַליער, זאָגט סאָמערס אין זיין ערשטן אינטערוויו מיט קאַנגאַרו. זיי זענען זייער פיין, אָבער האָבן אין זיך גאָרנישט. זיי זענען פּוסט. ווי אַזוי קענסטו עפּעס אויפ־בויען אויף אַזאַ פּוסטקייט?".

אויף וואָס פאַר אַ גרונט האָט ער אַרויסגעטראָגן אַזאַ שאַרפן אורטייל? די ערשטע צוויי מאָנאַטן איז ער געווען אין פּערט און דאָרט זיך נישט געטראָפן מיט דער אויסטראַלישער געזעלשאַפט. ער האָט מסתמא נאָר געזען געוויסע טיילן פון בושלאַנד, אָבער נישט די מענטשן. דאָס מערקווירדיקסטע פאַר אַ שרייבער פון אַזאַ קאַליבער, ווי לאָורענץ, וועלכער האָט זיך פאַרנומען צו שאַפן אַ ווערק וועגן אַ לאַנד און אירע מענטשן מיט וועלכע ער האָט נישט געלעבט, כמעט נישט געקענט, און זיך נישט געגעבן די מינדסטע מי זיי אויסצוגעפינען.

מעגלעך, ער האָט געטראָפן אַ פּאָר אויסטראַליער אויף די עטלעכע שיפן, וואָס האָבן אים געפירט פון נעאַפּאָלס קיין אויסטראַ־ליע. אָבער פאָרנדיק צווייטן קלאַס, האָט ער אין יענע צייטן, פון

אויסטראַלישן לעבנס־סטאַנדאַרד, ווייניק שאַנסן געהאַט צו טרעפֿן זיך מיט פיל אויסטראַליער דערצו נאָך אין צווייטן קלאַס...

אין פערט האָט ער זיך כמעט נישט געטראָפֿן מער, ווי מיט די דזשענקינס און זייערע פּאָר פריינד, אָבער זיך נישט באַגעגנט מיט דער שרייבערין קעטערין סוזאַנאַ פּריטשהאַרד, וואָס וואָלט אים יאָ געקענט עפּעס דערציילן וועגן אויסטראַליער לעבן. אַלע אירע באַמיונגען אים צו טרעפֿן האָבן זיך נישט איינגעגעבן און נישט צו־ליב איר שולד...

ער איז פון פערט אַוועק קיין סידנעי, ווו ס'איז שוין דאַן געווען אַ גאַנץ פיינע ליטעראַרישע און אינטעלעקטועלע סביבה. עס האָט געזשומעט מיט אַ קולטור־לעבן — קינסטלערס, שרייבערס, קאָמ־פּאָזיטאָרן, אינטעלעקטואַלן. זיי וואָלטן אים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס, ווען ער וואָלט נאָר געוואָלט זיך טרעפֿן מיט דער געזעל־שאַפט. האָט ער נישט געמאַכט קיין שום פאַרבינדונג מיט דער קול־טור־וועלט אין סידנעי, און אויך די מענטשן „פון אַ גאַנץ יאָר” האָט ער ווי אויסגעמיטן.

מען קען זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ מיינונג ער האָט געהאַט וועגן סידנעי (וועגן אויסטראַליע בכלל), אַז ס'איז געווען פאַר אים אַ סורפּריז, ווען ער האָט אין די באַזוכטע ביבליאָטעקן און בוכ־האַנדלונגען געזען ליגן זיינע ביכער. דערביי זיך נישט באַמיט צו דערוויסן זיך צי אויסטראַליע גופא פאַרמאָגט אייגענע שרייבערס, מאָלערס, סקולפּטאָרן. פּונקט אַזוי איז אים נישט אָנגעגאַנגען אויס־צוגעפינען וואָס און ווי אַזוי עס גייט אָן אין געזעלשאַפטלעכן און אין פּאָליטישן לעבן פון לאַנד.

ווען מען לייענט זיין „קאַנגאַרו” און מען זעט, ווי פון איין זייט גרייפט ער אָן די אויסטראַלישע געזעלשאַפט און פּלוצעם נעמט ער לויבן מיט ענטוזיאַזם דאָס לעבן אויפן לאַנד, דאַרף מען נישט קיין טעות מאַכן. אָט די ענדערונגען פון זיינע שטימונגען זענען נישט קיין פּועל יוצא, וואָס ער האָט שפּעטער באַוויזן טיפער אריינצודרינ־גען אין די פּראָצעסן און פּראָבלעמען פון לאַנד, נאָר פּשוט, וואָס זייענדיק אַ מענטש מיט שטימונגען, וואָס ענדערן זיך ביי אים, און דער עיקר, וואָס ער האָט דעם בוך, כמעט, געשריבן „אויף איין פוס”, אַלץ פאַרצייכנט בחפּזונדיק, זייענדיק אונטער אַ געוויסער שטימונג און געמיט־צושטאַנד.

פאַרן פאַרלאָזן אויסטראַליע האָט ער, באשר, באַמערקט, אַז ער וועט זיין מאַנוסקריפּט איבערמאַכן פאַרן אריינגעבן צום דרוק, אָבער ער האָט דאָס נישט געטאָן. כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס אין אַ ווייַ־טערדיקן טייל פונעם בוך באַמיט זיך סאָמערס/לאָורענץ צו געבן

פסעוודאָ־וויסנשאַפטלעכע טעאָריעס וועגן אויסטראַלישן מענטש. איין טעאָריע זיינע איז: אין דעם וואַרעמען קלימאַט אין וועלכן עס קומט אים אויס צו לעבן ווערט דאָס בלוט דינער און עס טריקנט אויס די נשמה פון מענטש... די צווייטע טעאָריע: דער פרימיטיווער קאָנטינענט גופא האָט דאָמינירט, רעדוצירנדיק דעם מענטש צו אַ גע־וויסער צוריקגעשטאַנענקייט.

אַזעלכע אויסטערלישע טעאָריעס וואַרפן אַ פּראָזשעקטאָריש ליכט אויף די טענדענצן פון מחבר און זיין העלד סאָמערס, צו זען אַזוי, ווי זיי האָבן געוואָלט זען דעם אויסטראַליער. אוודאי איז ער, דער אויסטראַליער, שטאַרק פאַראינטערעסירט אין ספּאָרט, אין פוטבאָל. נו, אין ענגלאַנד איז עס דען אַנדערש? אָבער אַז מען זוכט צו מאַכן אַ פּאַראָדיע איבער די איינוווינער פון אַ געוויסן לאַנד, וועט מען זיי צושרייבן די אַבסורדאַלסטע זאַכן. אָט למשל אָבסערווירט סאָמערס אויף די גאַסן אין סידנעי, ווו עס גייען פרויען און ער שרייבט וועגן זיי בזה הלשון: „כמעט יעדע איינע פון די יונגע פרויען, וואָס גייט דורך די גאַס שפּירט, אַז זי ווערט סעקסועל נאָכגעפאָלגט. יעדער מאַן אין גאַס קוקט זי נאָך", דאָס איז פאַרשטענדלעך אַ גרויסער אַב־סורד, אויף וועלכן עס איז נישט כדאי זיך לענגער אָפּשטעלן.

די איראָניע און סאַטירע אויפן חשבון פון אויסטראַליע קען מען נאָך פאַרשטיין, ווען מען נעמט אין אַכט, אַז מיט אַ האַלב יאָרהונ־דערט צוריק איז אויסטראַליע נישט געווען נאָך דאָס וואָס זי איז היינט (און אַמעריקע איז עס יאָ געווען? — י. ק.) די אויסטראַלישע ציוויליזאַציע איז דעמאָלט נאָך זיכער געשטאַנען פיל נידעריקער ווי אין ענגלאַנד, און דאָס האָבן באַטאָנט אין זייערע ווערק אויך די אויסטראַלישע שרייבערס. אָבער די לעצטע האָבן געוווּסט וועגן וואָס זיי רעדן, ווייל זיי האָבן געלעבט אין פאָלק און מיטן פאָלק. זיי האָבן נישט צוגעטראַכט זאַכן ווי עס טוט סאָמערס/לאָורענץ.

טייל מאָל שאַפט זיך דער איינדרוק, אַז ריטשאַרד לאַוויאַט סאָ־מערס, דאָס מיינט לאָורענץ גופא, מאַטערט זיך מיט זיינע אייגענע פּראָבלעמען און ער רופט עס: אויסטראַליע. נאָר אין געציילטע מאָ־מענטן קומט לאָורענץ צום אויסדרוק אונטער זיין אייגענעם נאָמען, אָבער ער זאָגט נישט אַרויס קיין אַנדערע מיינונגען, ווי ער טוט דאָס דורך זיין העלד. ביידע שפּירן אין אויסטראַליע „אַ ביטערע ברענענ־דיקע נאָסטאַלגיע נאָך אייראָפּע, סיציליע, נאָך דער אַלטער ציוויליזאַציע".

פאַראַן אַ קאַפּיטל „דער קאָשמאַר", וואָס פאַרצייכנט די דער־פאַרונגען פון מחבר בעת דעם ערשטן וועלט־קריג אין ענגלאַנד. דאָס איז אַן אימפּרעסיווער קאַפּיטל, וואָס לאָזט איבער אַן איינדרוק און

מאַכט קלאָר פאַרוואָס סאָמערס קען נישט לעבן אין זיין אייגן לאַנד. אויסטראַליע האָט אים פאַסצינירט און צוגעצויגן צו זיך אַ דאַנק דעם מאַנגל פון אַ געזעלשאַפטלעכן דרוק, און ווי ער באַצייכנט: „די גלייכ־גילטיקייט״ צו אַ מענטשנס לעבן. דער מחבר, און זיין פּראָטאָטיפּ, האָט דורך דעם געזוכט אויך צו לייזן אַ פּערזענלעכן פּראָבלעם. ער האָט געוואָלט זיין אין אַ לאַנד, לעבן אויף אַ פּלאַץ, ווו ער קען זיין איינזאַם, אָבער האָבן אַרום דער איינזאַמקייט אַ געוויסן סאָרט מענטשן, וואָס דאָס לאַנד האָט נישט פּראָדוצירט.

אַ צווייטער מאָמענט, וואָס איך האָב שוין אָנגעמערקט, איז די מורא, אַז די אויסטראַלישע געזעלשאַפט גייט נאָכפאָלגן דעם מוסטער פון איטאַליענישן פאַשיזם (אַן אומבאַגרינדעטע מורא). זיין קרעפטיקע שילדערונג פון אַ סאָציאַליסטישן מיטינג, וואָס ווערט אויפגעריסן דורך די מיטגלידער פון „דיגערס קלוב״ האָט זיך ביי אים אַסאָציאירט מיט די בילדער, וואָס ער האָט געזען אין איטאַליע. אָבער זיינע איינ־דרוקן וועגן פאַשיזם און קאָמוניזם אין אויסטראַליע זענען ממש געווען פאַלשע. און בכלל ווייזט ער אויך אַרויס איגנאָראַנץ (אגב, אויך אַ קאַפּעטשקע פאַראַכטונג) צו דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג.

ער האָט געזען, ווי אַזוי עס אַרבעט דער דעמאָקראַטישער סיס־טעם אין אויסטראַליע און האָט אים ווולגאַריזירט און דערנידעריקט, שרייבנדיק אַזעלכע אַרויסזאָגונגען דורך זיין סאָמערסן: „דאָס איז דער אַממיינסטן דעמאָקראַטישער אַרט לעבן און אָרט אין וועלכן כ׳בין געווען. איך זע פון דער דעמאָקראַטיע אַלץ, און עס געפעלט מיר נישט״. און איצט הערט פאַר וואָס: „עס ברענגט אַלץ אַראָפּ צו דעם ווולגאַרישן ניוואָ פון שכירות און פרייזן... זיי באַקומען גוטע שכי־רות, טראָגן גוטע שיך און אַלע מיידלעך טראָגן זיידענע זאָקן... אָבער דאָס אַלץ זעט אויס פּוסט, אַזוי נישטיק, עס מאַכט דיך פּשוט קראַנק״.

דאָס פאַרוואַנדלען דעם פּאָליטישן און סאָציאַלן זין פון דער דעמאָקראַטיע אין אויסטראַליע אין אַזעלכע טערמינען און בילדער, קען נישט באַצייכנט ווערן אַנדערש, ווי פּשוטע ווולגאַריזאַציע, וואָס פּאַסט נישט פאַר אַזאַ קינסטלער.

נישט קיין וווּנדער, וואָס דער אויסטראַלישער לייענער האָט ביים לייענען דאָס בוך געהויבן מיט די אַקסלען, זעענדיק זיך אין שפּיגל פון „קאַנגאַרו״, ווו דער מחבר ווייזט אַרויס אַזוי בולט זיין צווייפל־האַפטן וויסן וועגן דעם סאָציאַל־פּאָליטישן לעבן פון דעם לאַנד, און וועגן זיינע צוגעטראַכטע פאַנטאַזיעס, וועלכע ער באַשרייבט אין זיין בוך (און אין זיינע בריוו — זע צווייטער באַנד, ז׳ 707), ווי פּאַק־טועלע דערשיינונגען.

די איינגעפונדעוועטע דעמאָקראַטישע טראַדיציעס אין אויסטראַ־ליע, ווערן דורכן מחבר באַצייכנט, ווי אַ פרייהייט אָן אַ קאָנטראָל, וואָס מוז זיך צעפאַלן אין כאַאָס און פאָרמלאָזיקייט. זיין סאָמערס רופט אויס פּאַטעטיש: „אָ, ווי איך פאַראַכטע אָט די סאַכאַרין־דע־מאָקראַטישע אויסטראַליע".

די מעשה, אַז קאַנגאַרו, דער פירער פון אַ פאַשיסטישער אָרגאַ־ניזאַציע אין אויסטראַליע, און דער קאַפּיטאַן דזשעק פון אַן אַנדער גרופּע, זענען געקומען צו אים זוכן שטיצע, און בפרט נאָך ביי אַזאַ אַנגעזעענעם גאַסט פון ענגלאַנד, וועלכן זיי באַוווּנדערן, עפּעס אַ קליי־ניקייט — סאָמערס/לאָורענץ? דאָס נעמען אַזעלכע צוויי אויסטראַ־ליער, ווי קאַנגאַרו און דזשעק און מאַכן זיי פאַר פירערס פון אָרגאַ־ניזאַציעס, וואָס פאַרמעסטן זיך מיט דער אויסטראַלישער דעמאָ־קראַטיע און זייער אַרומכאַפּן זיך מיט אַזאַ ענגלישן געוווּנטשענעם גאַסט, איז אַזוי אויפגעשרויפט און פאַנטאַסטיש באַשריבן, אַז עס קען נאָר אַרויסרופן שטוינונג אויפן מחבר... איך וועל נישט באַנוצן דאָס וואָרט חוזקדיק, ווי אַן אויסטראַלישער קריטיקער, האָט באַ־צייכנט די גאַנצע מעשה מיט קאַנגאַרו און דזשעק. אָבער עס איז זיכער מער ווי חידושדיק אויף לאָורענץ.

ווען איך האָב געלייענט „קאַנגאַרו" האָט זיך נישט איין מאָל ביי מיר אויפגעוועקט די פראַגע: ווי וואָלט אויסגעזען ווען אַן אוי־סטראַלישער גרויסער שרייבער פאָרט אַוועק אויף געציילטע חדשים קיין ענגלאַנד. ער וואָלט פאַרבראַכט דאָ און דאָרט אַ פּאָר חדשים און נישט געזען זיך מיט קיין מענטשן פון לאַנד, נישט געלייענט די פּרעסע און נישט געזוכט צו באַקענען זיך מיט דער ענגלישער קולטור, מיט אירע שעפער, נאָר די גאַנצע צייט וואָלט ער זיך רואיק דאָרט געזעסן אָנצושרייבן אַ בוך וועגן ענגלאַנד, וועגן איר קולטור און ציוויליזאַציע, וועגן איר פּאָליטיק און געזעלשאַפטלעכן לעבן און אַרויסברענגען מיט אַזאַ זעלבסטזיכערקייט פאַר דער וועלט וועגן זיינע גרויסע „אַנטדעקונגען" און נביאישן אַריינדרינג אין אַלע שריי־פעלעך און ספּרונשינעס פון דעם באַשריבענעם לאַנד. ווי אַזוי וואָלט דער ענגלענדער אויפגענומען אַזאַ מין בוך?....

לאָורענץ אַליין, האָט פאַרן פאַרלאָזן אויסטראַליע אַזוי געשריבן: „מיר האָבן דאָ נישט געקענט קיין איינציקן לעבעדיקן נפש און דאָס איז אַ פאַרלייכטערונג". דער גרעסטער טייל פון זיין בוך איז טאַקע לגמרי נישט געשטיצט אויף אָבסערוואַציע, נאָר אויף פרייער פאַנ־טאַזיע. און די פאַנטאַזיע איז נישט געווען קיין שעפערישע. אַפילו דער אויסטראַלישער אידיאָם, וועלכן ער פּרוווט אימיטירן אין דעם בוך, קומט נישט אַרויס אויטענטיש. ער מאַכט א סך טעותים — איז

דען אַ וווּנדער? האָט ער דען געזוכט צו וויסן פון אויטענטישע קוועלן? בלייבט מען טאַקע שטיין פאַר דעם גרויסן חידוש, ווי אַזאַ שרייבער, ווי לאָורענץ, האָט זיך אונטערגענומען צו שרייבן אַ בוך וועגן אַ לאַנד, וואָס איז געווען און פאַרבליבן פאַר אים פרעמד, דערביי גייט ער אויפבויען די אַטמאָספער פון דעם עקזאָטיש־פרעמדן עלעמענט, וואָס איז נישט פאַמיליאַר פאַר זיינע אויסלענדישע לייע־נער. פון אים האָט מען געקענט דערוואַרטן מער אחריות, ווי ער האָט אַרויסגעוויזן אין זיין בוך.



די צוויי הויפט־כאַראַקטערן, לאָורענץ און פרידאַ, מיט אַלץ וואָס איז געשען ביי זיי — פאַקטיש אָדער אויספאַנטאַזירט — איז דער תוכן פון בוך. אין דעם פערזאָן פון סאָמערס, לייכט ער זיך אַליין דורך פון אינעווייניק. לאָורענצעס בריוו ווייזן, ווי אַזוי ער האָט אין זיין פראַקטאַטיפ דראַמאַטיזירט די אידייען מיט וועלכע ער האָט זיך צו יענער צייט געראַנגלט. די פערזענלעכע פראָבלעמען מיט וועלכע ער האָט זיך פאַרנומען דעמאָלט, אין וועלכע עס זענען אַריינגעגאַנגען אי דער פראָבלעם צו געפינען אַ שייכות צווישן דער מאָדערנער געזעלשאַפט מיט זיין איך. דאָס מיינט: געפינען אַ געזעלשאַפט אין וועלכער ער זאָל קענען לעבן אָן קאָנפליקטן און רייבונגען. דאָס איז געווען איינער פון זיינע פראָבלעמען.

דער צווייטער איז געווען: ווי אַזוי צו ברענגען פאַר דער מענטשהייט דאָס נייע פראָפעטיש וואָרט, וועלכע די השגחה האָט אים אָנפאַרטרויט? ער האָט געגלויבט, אַז ער האָט אַ מין שליחות צו ווערן אַ משיח, מיט דעם וואָרט, וואָס ער טראָגט אויף זיינע ליפּן...

דער דריטער פראָבלעם איז געווען שוין אַ מער אינדיווידועל־פּראָזאַישער: ווי אַזוי צו קענען לעבן מיט זיין ווייב? און די אַלע דריי זאַכן האָט לאָורענץ אויסגעשפּילט דורך סאָמערסן, וועלכער איז פאַר אים געווען אַן אָפּגעטיילטער זעלבסט־פּאָרטרעט, אַנדערש פון די אַלע אַנדערע אין זיין שאַפן.

עס האָט ווער באַמערקט, אַז ער האָט סאָמערסן באַהאַנדלט מיט אַ היפּשער דאָזע פון פיינטלעכער סאַטירע, ווי ער וואָלט כאָטש אײן מאָל געוואָלט זיך אַליין זען אין שפּיגל, ווי ווייט מעגלעך אָביעקטיוו און ער זאָל קענען ווי אויף אַ „קאַסעט" צוריקשפּילן און זען זיך ווי ער קוקט אויס פון אויסנווייניק.

לאָורענצעס בריוו ווייזן אויך אָן, ווי אַזוי ער האָט אין סאָמערסן דראַמאַטיזירט זיין אייגענעם פאַנטאַזיע־לעבן. ער איז געווען כסדר

אין קידער־ווידער מיט זיין פרוי און באַוויזן צו „רעקאָרדירן״ זיינע אייגענע באַציונגען מיט פרידען און מיט זיין טעאָריע פון דעם מאַנס דאָמינירן איבער דער פרוי...

אין „קאַנגאַרו״ איז דאָ אַ גאַנצער קאַפּיטל וועגן לאָורענצעס אויפפאַסונג פון דעם ריכטיקן יסוד פון הייראַט מיט אַן אַבסורדאַלער אַלעגאָריע וועגן אַן הייראַט־שיף... אָבער די אַלע טעאָריעס פאַלן איין, ווי קאַרטן־הייזלעך, מיטן גאַנצן קנאַק! סאָמערסן געלונגט נישט, זיין ווייב זאָל זיך שטעלן פאַר אים אויף די קני... און ער איז פאַר־בליבן קידער־ווידער מיט דער וועלט און מיט זיך...

אָבער מען דאַרף נישט אין גאַנצן אַוועקמאַכן דאָס בוך מיט דער האַנט צוליב די אַרויסגעהויבענע חסרונות. ביי אַלע בלויזן איז אין דעם ווערק פאַראַן אַ סך ברילִיאַנטישקייט און אימפּרעסיוקייט אין די אויסטראַלישע פּייזאַזש־בילדער. אין בוך און אין זיינע בריוו באַלעבט ער די פרעמדע פאַר אים אויסטראַלישע נאַטור, די חיות, פלאַנצן, ים־ברעג און בוש. זיין באַלעבונג פון דער פרעמדער סצענע געהערט צו דעם ברילִיאַנטישסטן טייל פון זיין בוך. פאַראַן אויך אַ גע־וויסער אויפשיין פון אַ וויזיע, פון אַ נייער וועלט, באַפרייט דורך אַ שעפערישער פאַנטאַזיע.

כאָטש דאָס בוך געהערט נישט צו די בעסטע, וואָס איז אַרויס פון זיין פען, איז עס אָבער אויך נישט פון די ערגסטע. פונקט ווי זיינע אַנדערע ווערק, פאַרמאָגט אויך דאָס בוך סטימולירנדיקע אַרויס־זאָגונגען, טיילמאָל אַפילו פּראָוואָצירנדיקע, וואָס פאַרמאָגן אַ באַזונ־דערן חן. אַפילו פאַרן אויסטראַלישן לייענער, וועלכער קען געפינען ביי אים אַזוי פיל טעותים און פאַלשע איינדרוקן, אויף וועלכע מיר האָבן זיך פריער אָפּגעשטעלט באריכות, געפינט ער אָבער אויך אויס געוויסע זאַכן, וואָס זענען דורך אַנדערע שרייבערס געוואָרן איגנאָ־רירט, אָדער שוין געוואָרן פאַרגעסן. געוויסע אַספּעקטן פון אויסטראַ־לישן פאָרשטעטל ווערן אילומינירט און זיי סטימולירן דעם לייענער נאָך אַמאָל איבערצוטראַכטן. דאָס בוך מאַכט דעם איינדרוק פון אַ טשעק, וואָס האָט נישט קיין פולע דעקונג. אָבער די טיילוויַיזע, איז אויך גענוג צו פאַראינטריגירן דעם לייענער, ער זאָל זיך געבן די מי אויסצוטיילן די קערנער פון די ליידיקע זאַנגען און דעם שאָלעכץ אַוועקוואַרפן...

# ראַנדאָלף סטאָו

## (פון דער יונגער גענעראַציע)

צו דער גרופּע פון דער יונגערער גענעראַציע אויסטראַלישע שרייבערס, געהערט דזשוליאַן ראַנדאָלף סטאָו. ער שרייבט פּאָעזיע און פּראָזע. זיין פּאָעזיע איז אַ פּאַסטאָראַלע, נאָענט צו דער נאַטור־סצענע מיט אירע סעזאָן־שטימונגען און שיינקייטן דורך אַלע זייערע פאַרשידענע מאַניפעסטאַציעס. דורך זיין פּאָעזיע קענטיקט זיך זיין פאַרליבטקייט אין לעבן. ער האָט צוזאַמען מיט אַנדערע יונגע פּאָעטן באַוויזן, אַז די אויסטראַלישע פּאָעזיע איז נישט סטאַטיש, זי שניידט זיך דורך אַ וועג צו אַ נייער וויזיע, וואָס זאָל זיין קאָנקרעט און ליריש דורך בילדער און אימאַזשן פון אינזיך צו דער וועלט.

ראַנדאָלף סטאָו האָט זיך פאַרשאַפט אַ נאָמען אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור נישט מיט זיין דיכטונג, נאָר מיט זיינע ראָמאַנען. למען האמת דאַרף מען צוגעבן, אַז ער האָט פון קריטיקער אויך באַקומען נעגאַטיווע אָפּרופן לגבי זיין אַרט שרייבן אין וועלכן ער מישט צוזאַמען דעם רעאַליסטישן זשאַנער מיטן אַנטי־רעאַליס־טישן. וועט דאָ זיין אויפן אָרט איך זאָל זיך אָפּשטעלן אויף די דעפי־ניציעס פון אָט דיביידע קעגנזעצלעכע זשאַנערן וועלכע מיר טרעפן אין די ווערק פון אַ ריי באַוווסטע שרייבערס.

אין ענגליש ווערט באַנוצט דער טערמין „נאָוועל״ פאַר אַ בעלעט־ריסטישן גרעסערן ווערק, אַ ראָמאַן מיט אַ פאַרנעם, וואָס שטייגט ווייט אַריבער דעם גדר פון אַ דערציילונג. דאַרף מען אונטערשטרייכן, אַז די רעאַליסטישע אָדער נאַטוראַליסטישע פּראָזע־קונסט, וואָס איז געווען דער דאָמינירנדיקער זשאַנער — צו ערשט אין ענגלאַנד און נאָכער איבער גאַנץ אייראָפּע — זינט אָנהייב דעם 18טן יאָרהונדערט, האָט אַדאָפּטירט דעם אַלטן איטאַליענישן טערמין „נאָוועל״ פאַר איר ליטעראַרישן פאָרם.

וואָס זענען געווען די ריכטליניעס פאַר דעם רעאַליסטישן אָדער נאַטוראַליסטישן זשאַנער? קודם כל, די פּינקטלעכע אָבסערוואַציע

פון מענטש און געזעלשאַפט, געוויינטלעך, פון אַ באַשטימטער צייט, צו אילומינירן דאָס לעבן פון מענטש דורך וויזן דעם אמת וועגן אים.

אמת, די בעלעטריסטישע שילדערונג האָט געדאַרפט אויך באַ־פרידיקן עסטעטיש — דאָס איז דאָך איר קינסטלערישע פונקציע, אָבער דער הויפט־געוויכט איז געשטעלט געוואָרן אויף די אָבסער־ווירטע פאַקטן פון מענטשלעכער אויפפירונג, פסיכאָלאָגישער און סאָציאַלער. די געשילדערטע העלדן, בכדי צו קענען זיין באַגלייבט, האָבן געדאַרפט זיין פון די, וואָס מיר קענען זען אַרום אונדז, אָדער אין זיך גופא. די האַנדלונגען האָבן געדאַרפט אַרויסוואַקסן פון די כאַראַקטערן, פון זייערע קאָמפּלעקסן און אויפפיר, באַגלייט פון די טערמינען, אין הינזיכט פון מאָראַל און „קאָנווענשנס", פון דער געגע־בענער געזעלשאַפט אין וועלכער זיי האָבן געלעבט.

די הויפט־קריטעריע איז געווען: וואַרשיינלעכקייט. עס האָט באַ־דייט: אויסשליסן דאָס איבערנאַטירלעכע און נישט אַריינגעמען אַלע־גאָריע און סימבאָליזם; בכלל זיך נישט אַריינלאָזן אין די הויכע ספערעס פון דעם אַספּעקט אייביקייט מיט וועלכער עס פאַרנעמט זיך, נאַטירלעך, די פּאָעזיע. די געשילדערטע העלדן און די אַקציע זענען געווען אין אַ נאַטוראַליסטישער ראַם, אַרום וועלכער זיי האָבן זיך געקענט באַוועגן, האַנדלען, רעאַגירן, לעבן און שטאַרבן.

אָט דער בעלעטריסטישער זשאַנער, אין זיין נאַטוראַליסטישער פאָרם, האָט דאָמינירט אין 19טן יאָרהונדערט און געהאַט גרויס דער־פאָלג, ווי אַ ליטעראַרישער אויסדרוק־פאָרם. עס זענען געשאַפן געוואָרן גרויסע קינסטלערישע ווערק, וועלכע האָבן מרעיש עולם געווען מיט זייערע באַהאַנדלטע מענטשלעכע אויפפירונגען אין הומאַנישע טערמינען.

מען דאַרף אָבער אויך צוגעבן, אַז די גרענעץ־ליניעס צווישן רעאַליזם און ראָמאַנטיזם זענען נישט אומעטום דאַן געווען אַזוי שאַרף צעטיילט. אין פיל ווערק האָבן זיי זיך געגעבן די הענט, אָבער בדרך כלל, זענען זיי זיך געגאַנגען אויף באַזונדערע וועגן. דאָס רעאַליס־טישע און נאַטוראַליסטישע האָט אַזוי שטאַרק דאָמינירט אין דער אייראָפּעישער ליטעראַטור ביזן סוף פון לעצטן יאָרהונדערט, ווען די איינגעשטעלטע כללים (אין דער סעריע פון ראָמאַן") האָבן אָנגע־הויבן אַרויסרופן אַ רעוויזיע.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעבעליע קעגן דעם רעאַליזם, וועל־כער איז באַטראַכט געוואָרן פאַר סטעריל. איינציקוויז האָט מען אָנ־געהויבן ברעכן די איינגעשטעלטע פאָרמען, פון רעאַליזם איז מען אַוועק צו סוררעאַליזם, מיט לאָזן פריי פליסן „דעם שטראָם פון באַ־

ווּוסטזיין". ווידער די פּסיכאָאַנאַליטישע טעאָריעס האָבן אַריינגעבראַכט דעם אונטערבאַוווּסטזיין אין די דערציילונגען. עס האָבן זיך אויך אַרויסגערוקט ווערק, וואָס האָבן סימבאָליזירט פּאָליטישע טעאָריעס, אין וועלכע די העלדן זענען נישט רעפּרעזענטירט געוואָרן, ווי יחידים, נאָר ווי סאָציאַלע גרופּעס, באַזירט אויף דער שיטה פון סאָציאַלן רעאַליזם.

דער רעזולטאַט פון ברעכן די אַלטע לוחות, האָט דערפירט צו דיסקרעדיטירן בכלל די טערמינען „רעאַל" און „רעאַליזם". די טראַ־דיציאָנעלע פאָרמען פון „נאָוועל" זענען פאַרטראָטן געוואָרן דורך אַנדערע פאָרמען פון פּראָזע: סוררעאַליזם, אַלעגאָריע, סימבאָליזם און פאַנטאַזיע. עס זענען אויפגעריסן געוואָרן די ענגע צוימען און ראָמען פון דער „פיקשן" ליטעראַטור. און מיר טרעפן שוין אויך אין אַ ראָמאַן רעאַליזם און אַנטי־רעאַליזם —ביידע קאָמבינירט אין איין בוך, וואָס שטייט אויף די אייגענע פיס.

דערמאָנען מיר זיך, אַז אין אָנהייב פון דעם יאָרהונדערט האָט פראַנץ קאַפקאַ אָנגעהויבן זיין „משפּט", ווי אַ נאַטוראַליסטיש ווערק און באַלד ווערט עס טראַנספאָרמירט אין אַן אומאויפהערלעכן קאָש־מאַר. אַזוי זעען מיר אויך די ענדערונג ביי אַנדערע.



ראַנדאָלף סטאָו האָט אין זיינע ראָמאַנען — נישט אין אַלע — פאַרבונדן די נאַטוראַליסטישע פאָרם מיט דער אַנטי־נאַטוראַליסטי־שער. אָט שילדערט ער מענטשן, געשעענישן און האַנדלונגען באַזירט אויף אַן אויטענטישן הינטערגרונט. די אָבסערוואַציע פון זאַכן זענען גענומען פון אַ רעאַלער וועלט אַרום אונדז; גלייכצייטיק, האָט ער אַריינגעפירט דעם אַנטי־נאַטוראַליסטישן עלעמענט פון אַן אייגן־גע־שאַפענער וועלט, וואָס איז הימל־ווייט פון אונדזער פאַקטישער וועלט. די סצענאַריאָ און די עלעמענטן זענען לגמרי נישט אויטענטיש, און פילן זיך נישט געבונדן צו קיין שום פּרינציפּ פון דער רעאַלער וועלט, וועלכער מיר קענען.

ער נוצט כאַראַקטערן און געשעענישן צו סימבאָליזירן און אָנ־דייטן אידייען און טעאָריעס פון סאָציאַלע באַציונגען און פּסיכאָלאָ־גישע געזעצן, וואָס זענען געוויינטלעך נישט פאַראַן אין אונדזער טעגלעכן לעבן.

ווי דערמאָנט, האָט ער נישט אין אַלע ראָמאַנען צונויפגעפלאָכטן די צוויי פאַרשיידענע זשאַנערן, אָבער זיי דאָמינירן אין זיין שאַפן

און דערפאַר אַרויסגערופן קעגן זיך אַ שאַרפע רעאַקציע מצד איניקע קריטיקערס..

פון זיין האַלב טוץ פאַרעפנטלעכטע ביכער, האָט דאָס ווערק „צו די אינדזלען" געמאַכט אים אַ רעפּוטאַציע אין לאַנד און אין אויס־לאַנד. פון איין זייט איז עס אַ רעאַליסטישע שילדערונג אויפן הינ־טערגרונט פון דער מערב־שטאַט אין אויסטראַליע. ער שילדערט אַ שטאַט אין רעאַלע פאַרמען, וואָס געפינט זיך נישט ווייט פון גאָלד־גרובן. מיר טרעפן זיך מיט אַן אַלטן מיסיאָנער, העריאָט, וואָס האָט פאַרלוירן זיין אמונה און ווי אַ סימבאָל פון זיין צעבראָכענעם גלויבן צעשמעטערט אַ קרוציפיקס . . .

העריאָט זוכט אָפּצודעקן דאָס געמיינע און דאָס נישטיקע, וואָס געפינט זיך אונטער אַ פאַרפוצטן אידעלן אויבערפלאַך, און העריאָט איז אין פיל אופנים אַ מיסטעריעזע פיגור. אָבער דער מחבר פירט אונדז אריין אין זיין וועלט, צו זען מיט זיינע אויגן די נאַטוראַליס־טישע וועלט פון דער מיסיאָנערישער סטאַנציע, די קאָנפליקטן מיט די אַלע אַרומיקע פּערסאָנאַזשן, וואָס זענען גאַנץ טאַלאַנטפול באַ־שריבן. דאָס איז די רעאַליסטישע פאַרב פונעם ווערק.

עס איז אָבער אויך דאָ אַן אַפּאָקאַליפּטישע פאַרב פון אַלעגאָריע און מיטאָס, וואָס זוכט צו באַהעפטן דאָס רעאַליסטישע מיט אַ פּאָעטישן סימבאָליזם. ראַנדאָלף סטאָו גלויבט אין כוח פון דערקענונג. פאַר אים באַטייט דערקענען: רעטונג! דעריבער פּרוווט ער אַראָפּנעמען די איבלען און גראָבקייטן פון זייער אומשולד־מאַסקע. דער מחבר פאַר־מאָגט דעם כוח צו מאָלן דורך אַן אימפּרעסיאָניסטישער פּראָזע די טעקסטור פון רעאַליסטישן אויבערפלאַך. עס איז פונקט ווי דורך אַן עקס־ריי, וואָס לייכט דורך פאַרן לייענער די צעפייניקטע איינוווינער אויפן פאָן פון די סימבאָלישע לאַנדשאַפטן.

דאָס ווערק פאַרמאָגט אָבער דעם פעלער, וואָס דער מחבר האָט זיך צופיל אָפּגעשטעלט אויף דער אידעאָלאָגישער זייט פונעם גע־שילדערטן כאַראַקטער און ווייניק אַכט געלייגט אַרויסצוברענגען זיין אינדיווידואַליטעט.

אַ צווייטער פעלער: אין זיינע שילדערונגען פאַרלירט זיך די פאַרבינדונג צווישן דער אויפפירונג פונעם העלד און די מאָטיוון, וואָס האָבן באַווירקט זיינע האַנדלונגען. נאָך אַ פעלער: צייטנווייז זענען די העלדן נישט אויס צו זיין קיין לעבעדיקע מענטשן, נאָר סקעלעטן באַקליידטע מיט מחשבות. די געצייכנטע אימאַזשן פון מחבר פאַרמאָגן נישט תמיד אַ זין, גיבן זיי דאָך במילא נישט צו קיין באַדייטונג.

בכלל איז דאָ דער זיווג צווישן רעאַליסטישן און אַנטי־רעאַליסטישן נישט קיין גערעאַטענער און דאָס קומט גאָר בולט צום אויסדרוק, ווען דער מחבר ברענגט אַרויס זיינע כאַראַקטערן אויף אַן אַנטי־רעאַליסטישן אופן. זיינע באַמיונגען צו באַנוצן זיך מיט פערזאָנען, פּאַסירונגען פון דער פאַקטישער וועלט, אָבער נישט זיין דערביי צוגענאָגלט צום פּרינציפּ פון אויטענטישקייט, האָט געשאַפן אומקלאָרקייט.

דער לייענער באַקומט דעם איינדרוק, אַז מען קען נישט פאַרבינדן און באַהעפטן אַזעלכע צוויי באַזונדערע זשאַנערן: פון איין זייט פירט אונדז סטאַו אַריין אין אַ רעאַלער נאַטוראַליסטישער וועלט, ווו די אַקציע, געשעענישן און כאַראַקטערן זענען באַזירט אויף אַ רעאַליסטישער אָבסערוואַציע און אויף אַן הינטערגרונט פון דער פאַקטועלער וועלט אַרום אונדז. מיר קענען די כאַראַקטערן זען, און זיי אידענטיפיצירן דורך אַ ווייטערדיקער אָבסערוואַציע אין דער וועלט אַרום אונדז; פון דער צווייטער זייט, ביים באַנוצן די · אַלע עלעמענטן פון דער פאַקטישער וועלט און געבן זיי אַן אַנטי־נאַטוראַליסטישן איינשטעל, קאָנסטרואירט דורך דעם מחברס פאַנטאַזיע, ברענגט אַריין אַ צעמישונג אין די יוצרות, אָבער ביי די אַלע אויסגערעכנטע פעלערן, איז ראַנדאָלף סטאַו אַ טאַלאַנטירטער שרייבער מיט אַ שטאַרקער סענסיביליטעט (ספּעציעל אין סענסועלע דעטאַלן), און ער פאַרמאָגט אַ שאַרף אויג פאַר אָבסערוואַציע פון מענטשלעכע לעבנס און זייער שייכות צו דער געזעלשאַפט.

ריכטיק האָט באַמערקט אַן אויסטראַלישער קריטיקער, ווען ער האָט דערמאָנט, אַז דר. דזשאָנסאָן האָט אַמאָל שטאַרק אַראָפּגעריסן דעם יונגן מילטאָנס אַ פּאָעמע („לייצידעס”). ער האָט אָנגעוויזן אויף אַ סך פעלערן, און דאָך, ביי די אַלע בלויזן, וואָס פאַר אַ הערלעכע פּאָעמע עס איז מילטאָנס יוגנט־שאַפונג! דאָס זעלבע קען מען זאָגן לגבי די ווערק פון ראַנדאָלף סטאַו, וואָס האָבן אויך פיל מעלות.

אין סטאַוס ראָמאַנען מערקט זיך, ווי דער מחבר זוכט צום זעלבן פּראָבלעם אַן אַנדער לייזונג. אין יעדן בוך באַוועגט זיך די אַקציע אַרום אַ הויפּט־כאַראַקטער, וועלכער טיילט זיך אויס מיט זיין אויסערגעוויינטלעכער פּערזענלעכקייט, וואָס פאַרמאָגט אַ מאַגנעטישע קראַפט.

דער מאַגנעטיזם ציט צו און פאַרבינדט צו אים די אַנדערע כאַראַקטערן, וואָס זענען אַ געוואַלדיקער קאָנטראַסט צו אים. געוויינטלעך איז דאָס אַ מאַן, וועלכער איז באַהערשט פון אַן אומבאַפרידיקטער ליבע, אַזאַ וואָס האָט צעשטערט זיין לעבן און געבראַכט שאָדן די איבעריקע איבער וועלכע ער האָט דאָמינירט מיט זיין אַטראַקציע

און ענערגיע. אין די ריכטונגען גייט די אַקציע אַוועק, באַגלייט מיט אַ קייט פון געשעענישן.

דער כוח פון דעם צענטראַלן כאַראַקטער און זיין שטאַרקער דראַנג צו דאָמינירן איבער די לעבנס פון די אַרומיקע, ברעכט זייער אָפּט אין די געוויינטלעכע פאָרמען פון פאַמיליע און ציבור־לעבן. זיין מאַגנעטישער כוח באַצווינגט די מענטשן,וועלכע ווערן אַוועק־געשטעלט פנים אל פנים פאַר מאָראַלישע און מעטאַפּיזישע פּראָבלע־מען, פון וועלכע זיי וואָלטן געקענט זיך באַשיצן לויט די געזעצן פון אינערציע און טראַדיציע. אָבער צוליבן שטאַרקן דרוק אויף זיי — אַ צעשטערערישער דרוק — בלייבן זיי שוצלאָז נישט זעענדיק פאַר זיך קיין אַנטריניקונג.

דאָס באַציט זיך אי צו אַ מיסאַנערישער סטאַנציע, אָדער צו אַן איזאָלירטער פאַמיליע; צו אַ שטעטל וואָס איז אָפּגעשניטן פון דער רעשט וועלט, אָדער צו אַ קליינער, ענגער גרופּע, וואָס פאַלט אַריין אין אַ בלינד געסל פון וועלכן ס'איז נישטאָ קיין אַרויסגאַנג און קיין צוריקוועגס צוליבן דרוק.

אויך זיין ווערק „טורמאַלין" איז נישט קיין רעאַלע וועלט און עס פּרעטענדירט נישט צו זיין אַ ראַציאָנעלע וועלט. דער גאַנצער ישוב באַשטייט פון אַ 30 מענטשן, וואָס האָבן פאַרלוירן די פאַרבינ־דונג מיט דער אַרומיקער וועלט. דער מחבר איז מרמז, אַז ס'איז פאָרגעקומען אַ גרויסע קאַטאַסטראָפע אויף דער וועלט און אַלץ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין באַרבאַריזם. דער פּאָליציאַנט פון טורמאַלין שיקט אַוועק אַ טעגלעכן ראַדיאָ־באַריכט, אָבער עס איז קול קורא במדבר . . . ער באַקומט נישט פון ערגעץ קיין ענטפער. איבערן גאַנצן ווערק שוועבט אַ שווערער קאָשמאַר. עס דוכט זיך, אַז ס'איז פון אַ וועלט, וואָס איז אונדז קענטיק (פון דעם נאַטוראַליסטישן אויבער־פלאַך) אָבער דאָס איז נאָר אַן אילוזאָרישער אָפּשיין, מחמת עס ווערט קאָנטראָלירט דורך אומבאַקאַנטע איראַציאָנעלע כוחות. די טעכניק פון דעם בוך דערמאָנט כסדר אין קאַפקאַס „משפט".

סטאָו האָט געזוכט אין דעם ווערק אַ נייעם צוגאַנג, צו שטעלן זיך מיטן פנים צו דער צוקונפט פון דער וועלט, נאָך אַ וואָרשיינלעכער, קאַטאַסטראָפע פון דער ציוויליזאַציע, די וועלכע מיר קענען. די איינ־וויינער לעבן נאָך מיטן עבר, נישט קענענדיק זיך אָפּגעבן אַ חשבון, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער וועלט. דער מחבר באַנוצט זיך דערביי מיט סימבאָלישע פאָרמען אַרום פּראָבלעמען און פאָדערונגען פון רעאַלן לעבן. דאָס רופט אַרויס מטושטשדיקע בילדער און שילדע־רונגען, וועלכע גיבן נישט דעם לייענער קיין קלאָרע וויזיע, וואָס ער האָט געוואָלט אַרויסברענגען אין בוך.

אין „טורמאַלין״ איז דאָ אַ היפּש ביסל רעליגיעזע אַלעגאָריע, אָבער דאָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיטן קריסטנטום, אָדער מיט וועלכער עס איז אַנדער רעליגיע, וואָס פאַרלאַנגט הכנעה און אַבדיקאַציע פון דער יחידישער נשמה. עס איז נישט קריסטלעך, מחמת דער סיסטעם פון ליבע איז כמעט אין אַלע זיינע ווערק אַ פאַרניכטנדיקער כוח. ער זעט גרויזאַמקייט, קריג און מאָרד; דעגענערירונג און ליידן, קעגן וועלכע דער יחיד איז ביי זיין בעסטן ווילן מאַכטלאָז.

איז אָבער ווידער דאָ דער חסרון ביים מחבר, וואָס די וואָרצלען פון די אַלע איבלען קומען אַרויס פאַרנעפּלט. דאָס בולטע איז נאָר דער רוף זיינער: „האַלט ערלעך די יחידישע נשמה״. ער זאָגט דאָס דורך זיינע פאַרשידענע העלדן, דורך פּרוי און מאַן, יעדער פון זיי טראָגט אַן אינדיווידועלע אַחריות פאַר זיין מיטמענטש. דער קריסט־לעכער חטא הראשון טראָגט ביי אים אַן אַנדער אָנווענד. די ערשטע זינד האָט זיך אָנגעהויבן, ווען א מענטש, דער ערשטער מענטש האָט געשריגן צום צווייטן: — — היט מיין לעבן, איך האַלט פאַר אַ צוזאַמענברוך.

און וואָס שייך זינד, — איז „נישטאָ קיין זינד, נאָר גרויזאַמ־קייט און פּיין״. דאָס איז דער מאָראַלישער פּרינציפּ אויף וועלכן עס באַזירן זיך סטאָוס ווערק. אין יעדן ראָמאַן איז דאָ ביי אים דער עלעמענט פון טראַגעדיע, אָבער דער ציל פון מחבר איז צו זאָגן, אַז די וועלט ענדיקט זיך מיט אַ זעץ אין איר . . .

ווי אַ צוגאָב צו זיין בוך „טורמאַלין״ האָט סטאָו פאַרעפנטלעכט אַ סעריע פּאָעמעס „וואַריאַציעס פון טעמעס וועגן טאָאָ טעה טשינג״. דאָס דערמאָנט אין פּאַסטערנאַקס טעכניק ביים צוגעבן אַ סעריע פּאָ־עמעס צו זיין ראָמאַן „דר. זשיוואַגאָ״. אָבער ביי פּאַסטערנאַקן זענען זיי אַן אינטעגראַלער טייל פון יורי זשיוואַגאָ. דער לייענער איז באַ־קאַנט מיט זייערע עלעמענטן, מיט זייער הינטערגרונט, מאָראַל און מעטאַפיזיקס.

אָבער אַנדערש איז עס מיט סטאָוס בוך אויף אַ הינטערגרונט פון מערב־אויסטראַלישן שטאַט. אַריינפלעכטן אין אַזאַ בוך טאָאָיזם, הגם זי איז אַ גרויסע וועלט־רעליגיע מיט פילאָזאָפישע סיסטעמען, אָבער זי איז דאָך אומבאַקאַנט דעם לייענער, וואָס געהערט נישט צום אָריענט, נאָר צו דער מערב־וועלט. שאַפט עס ווידער אַ רעטעניש און מטושטשדיקייט.

די זעלבע שטריכן קענטיקן זיך אין זיינע אַנדערע ווערק, אויף וועלכע איך גיי זיך דאָ נישט אָפּשטעלן. בכלל גענומען, איז ראַנדאָלף סטאָו אַ שרייבער מיט פיל קאָנטראַסטן, אין איין בוך געלונגט אים

צו געבן אַ קרעפּטיק־שײַנעם, אינדיווידואַליזירטן דיאַלאָג, אָבער ער בלײַבט הינטערשטעליק מיט אַנדערע עלעמענטן. און אין אַ צווייט בוך שאַפט ער אַ ברילײאַנטישן הינטערגרונט, אָבער די פּאַבולע מיט אירע קאָנפליקטן און אויסגאַנג זעען אויס מאָדנע פּאַרטונקלט. נאָך אַ מערק־ווירדיקער שטריך זעט זיך בײַ אים: אין אַלע זײַנע ווערק איז דאָ אַ כאַראַקטער־טיפּ, וואָס שטייט מן הצד. ער איז אַ זײַטיקער אין דער אַקציע. ער אָבסערווירט זי, אָבער פאַרשטייט נישט די אינערלעכע באַדײַטונג. טייל מאָל שרײַט אויס אַ העלד עטלעכע ווערטער און זיי דאַרפן אילוסטרירן דעם זין פון דער אַקציע.

סטאָו איז, פּאַרהעלטנישמעסיק, נאָך אַ יונגער שרײַבער (געב. 1935) און באַשאָנקען מיט טאַלאַנט. אָבער ער דאַרף זיך אַליין נאָך געפינען. דערווײַל פּאַרקערעוועט ער זײַן טאַלאַנט אויף פּאַרשידענע וועגן און אומוועגן, פּאַרבלאָנדזשעט אָפט אויף זײַטיקע סטעזשקעס. אָבער ער זוכט זײַן וועג, וואָס זאָל אים אַרויספירן פון די פּאַר־בלאָנדזשעטע שליאַכן און אים פירן פון אינזיך — צו דער וועלט.

# טאָמאַס קינילי

## — איינער פון די צוזאָגנדיקסטע אויסטראַלישע נאָוועליסטן

אין די לעצטע 20 יאָר האָבן זיך אַרויסגערוקט אויבן־אָן, אויף דער היגער ליטעראַרישער סצענע, יונגע טאַלאַנטירטע ראָמאַניסטן מיט באַדייטנדיקע קינסטלערישע דערגרייכונגען. איינער פון אָט דער יונגער גענעראַציע אויסטראַלישע ראָמאַניסטן, וועלכער האָט זיך שוין פאַרשאַפט אַ גוטן נאָמען אויך מחוץ די גרענעצן פון דעם לאַנד, איז טאָמאַס קינילי.

במשך פון דעם לעצטן צענדליק יאָר האָט ער שוין אַרויסגעגעבן קרוב אַ צענדליק ביכער, אין וועלכע עס קענטיקט זיך אַן ערנסטער טיפער שרייבער מיט אַ קאַטוילישן הינטערגרונט און דערציונג, און דאָס פאַרנעמט אַ באַדייטנדיקן אָרט אין זיין טעמאַטיק.

זיין פאַרנעם איז אויף גרויסע טעמעס דורך וועלכע ער זוכט קינסטלעריש צו פורעמען זיין קינדהייט, זיינע יוגנט־דערפאַרונגען און אָבסערוואַציעס פון קאַטאָליציזם, קאָמוניזם — און דעם טרעף־פונקט צווישן דיביידע אידעאָלאָגיעס אויפן קאַמף־פעלד פון אי־דייען, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געוויסער דיאַלאָג צווישן זיי.

טאָמאַס קינילי האָט זיך באַוויזן אויפן ליטעראַרישן האָריזאָנט מיט זיין אומרייפן ערשטלינג — דאָס אָרט ביי וויטאַן (1964). ווען מען הייבט אָן לייענען דאָס בוך שאַפט זיך קודם דער איינדרוק, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ דעטעקטיוו־געשיכטע, אָדער עפּעס ענלעכס פון אָט דעם באַקאַנטן זשאַנער

דער סוזשעט איז אַרום אַ געפונענעם טויטן קערפּער פון אַ פאַרם־אַרבעטער ערגעץ אין אַן איזאָלירטן סעמינאַר פון ניו סאַוט וויילס. די עלעמענטן פון טויט, גוואַלדטאַטן, וועלכע מיר וועלן באַגעגענען שוין שפּעטער זייער אָפט אין זיינע רייפערע ווערק, זענען שוין ווי קערנער פאַרזייט אין דעם אומגעראָטענעם ערשטלינג. טויט איז נישט דער פינאַל פון לעצטן אַקט, עס איז אויך אַ פּראָצעס ביזן שטאַרבן און טאַקע אָט דער צושטאַנד פון קערפּער איז געשילדערט ביים

געפינען אים. מיר זעען מאַקאַברישע בילדער מיט וועלכע דער לייע־נער וועט זיך טרעפן אין די ווייטערדיקע ווערק פון דעם מחבר. דאָס זעלבע איז אויך מיט דעם גלחישן סעמינאַר, מיט זיין געשלאָסנקייט אין אַן אָפּגעזונדערטער וועלט, אין „אַן אָרט וווּ מענטשן גיבן אָפּ זייערע יאָרן, זייער בלוט און ענערגיע פֿאַר אַ מטושטשדיקן גאָט".

די אויספאָרשונג וואָס ווערט געפירט וועגן דעם דערמאָרדעטן, איז באַגלייט מיט דעם כאַראַקטער פון דעם סעמינאַר און זיינע תלמי־דים, וואָס שניידן זיך צו ווערן גלחים און בלייבן נישט פאַרהייראַטע. שוין אין אָנהייב ווערק זאָגט דער פרעזידענט פון סעמינאַר וועגן זייער אַנדערשקייט „אויב מחוץ פון די ווענט איז טויט אַ פשוטע נאַטירלעכע זאַך, ווערט אָבער דאָ טויט אָנגערופן מאָרד, וואַמפּירישקייט אָדער כישוף, סיידן מען רופט גלייך אַ דאָקטער". הגם דער מחבר באַהאַנדלט די געשלאָסענע סעמינאַר געזעלשאַפט מיט אַ געוויסער סימפּאַטיע (וואָס איז געמישט מיט אַ דאָזע חוזקדיקער גלייכגילטיקייט), זענען די ווערטער וועגן כישוף אַן איראָנישער אָנדייט, וואָס פֿאַר אַן אָרט דער עלעמענט כישוף פאַרנעמט נאָך אַלץ אין אָט דער געזעלשאַפט.

ליידן — פיזישע, פסיכישע און סאָציאַלע — זענען ווי אַ קייט־רעאַקציע, אַ מין אינפעקציע, וואָס שטעקט אָן: ליידן ווי א קינד פון ליידן, אַ פּראָצעס וואָס גייט אָן ביזן לעצטן פּונקט, וועלכער איז אומ־פאַרמיידלעך און איז נישט מעגלעך צו קאָנטראָלירן, עס איז ווי אַ היפּ־נאָטישער זינגלאָזער פּראָצעס, וואָס קענטיקט זיך אין דער אויסטראַ־לישער ליטעראַטור ביי פיל שרייבערס.

אין „די מורא" (1965) איז דאָ דער הינטערגרונט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — מיט דער געפאַר פון אַ יאַפּאַנישער אינוואַזיע אויף אויסטראַליע, און פון צוגן מיט מיליטער וואָס פאָרן אָפּ צום צפון. דער סוזשעט גופא פאַרנעמט זיך אָבער מיט אַנדערע פּראָב־לעמען, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דעם מחברס יוגנט־יאָרן. דאָס ווערק איז דעריבער שטאַרק אויטאָביאָגראַפיש אין זיין תוך. עס באַ־שטייט פון צוויי העלפטן, וואָס האָבן געקענט זיין באַזונדערע ביכער און יעדער פון זיי וואָלט דאַן געהאַט מער גאַנצקייט, ווי אין זייער צוזאַמענגעשלאָסנקייט אין איין בוך.

די ערשטע העלפט באַהאַנדלט דאָס יוגנטלעכע לעבן פון דאַניעל (דעני) דזשאָרדאַן. ער איז אַ קאַטאָליק. דער שכן — די פאַמיליע מאַנטל, איז קאָמוניסטיש. קומען אַרויס די קאָנפליקטן צווישן די צוויי אידעאָלאָגיעס. דעני איז דאַן אַלט ביי אַכט יאָר, און ער איז אי דער פּראָטאַגאָניסט און אי דער נאַראַטאָר — טיילוויז — פון דער פאַבולע. מיר זעען דעם מר. מאַנטל, וואָס טיטולירט זיך אַליין אַלס „חבר

לענין". זיין פרוי, הילדאַ, איז אַ לײדנדיקע, און אַזוי איז אויך איינער פון אירע צוויי ייִנגלעך, דער קריפּל דזשאָזעף. דאָס צווייטע ייִנגל — ליני — איז אַ קאָמוניסט. ער טראָגט זיין קאָמוניסטישן גלויבן מיט אַ משיחיש־רעליגיעזן פיבער. און ער איז אין דעם בוך דער אומבאַלאַנסירטער טיפּ. ער פאַרוואונדעט זיך אַליין, פאַרגיסט סימבאָליש זיין בלוט צו ווייזן, אַז ער איז אַ מאַרטירער פאַר דער זאַך.

עס וואָלט געווען נישט ריכטיק צו באַמערקן, אַז דאָס ייִנגל, דזשאָזעף, איז אַריינגעצויגן אין די קאַמפן צווישן קאַטאָליציזם און קאָמוניזם. מען זעט בכלל נישט אָן אין דעם בוך אָט דעם שטרייט. עס זענען נאָר פאַרצייכנט אינצידענטן אין דער אַקציע, וואָס ציט זיך, אגב, זייער פּאַמעלעך און אָפּט איז דאָ דער איינדרוק, אַז דער סוזשעט איז אַראָפּ פון די רעלסן... דער מחבר איז זיך אַליין מודה (אין אַן אינטערוויו), אַז ער האָט פאַרלוירן דעם וועג פון דער טעמע, אַריינגעגעבען אין איר זאַכן וואָס האָבן נישט געדאַרפט זיין. און געטאָן האָט ער עס צוליב דעם פאַלשן באַגריף, אַז „אַזוי אַרום וועל איך אָנהאַלטן דעם אינטערעס פון לייענער".

ביידע פון זיינע ערשטע ווערק געהערן דעריבער צו זיינע לער־יאָרן און דאָס בעלעטריסטישע בלוט אין זיי איז גאָר שטאַרק אָנע־מיש... עס איז נאָר ווי זכרונות פון זיין קינדהייט און יוגנט. דער מחבר שטייט צו נאָענט צו דעם שטאָף ער זאָל אים קענען פּרעזענ־טירן פאַרן לייענער אין אַ קלאָרער פּערספּעקטיוו. ער מערקט שוין אָבער אָן, אַז ער האָט טעמעס, וועלכע וועלן קענען שפּעטער ווערן אויסגעצייטיקט.

דעניס מורא, איז נישט איינע, נאָר אַ קייט פון מוראס. צוערשט זענען זיי די פּחדים פאַר מענטשן, פאַר דעם איינפלוס פון זיין חבר, און פאַר די באַמבעס וואָס קענען פאַלן אויפן לאַנד (דאַרווין איז טאַקע געוואָרן באָמבאַרדירט — י. ק.). אין צווייטן טייל קומט שוין אַריין אויך די מורא פאַר נאַטור־אויסברוכן: „עס איז געווען אַ ווולקאַן־אויסברוך, יעדער איינער האָט געוווסט, אַז (סיאיז געשען) אויף אַ יאַ־פּאַניש־אָקופּירטן אינדזל אין צפון... דעריבער איז דער זון־אונטער גאַנג געווען דער קאָליר פון זשאַווער און דאָס בייטאָג־ליכט ווי בראַנדז. דער בראַנדז איז געלעגן אויפן גראָז לעבן פּאַרק" (ז' 23).

אַ חוץ די באַשרייבונגען פון דעם טויט פון די הויפּט־פּערסאָ־נאַזשן, איז אויך ביים סוף פון בוך, דאָ די שילדערונג פון דער שחיטה איבער די יאַפּאַנישע קריגס־געפאַנגענע. און מיר וועלן באַלד אין זיין דריטן ווערק זיך ווידער טרעפן מיט דורכגעפירטע מאָרדן איבער די פאַרשיקטע קאַטאָרזשניקעס, טאַקע גלייך אין דעם באַ־

גינען פון דער אויסטראַלישער ווייסער קאָלאָניזאַציע, ווען די אַרעס־טאַנטן פּרווון צו אַנטלויפן און באַפרייען זיך פון דער שרעקלעכער ברוטאַליטעט פון זייערע אויפזעערס.

## „ברענג טרילערלעך און העלדן"

אין 1967 איז דערשינען טאָמאַס קינילים ערשטער קינסטלעריש־רייף־וועזיק, וואָס האָט באַוויזן, אַז דער מחבר האָט פאַרענדיקט זיינע שרייבערישע לעריאָרן און מען קען שוין פון אים דערוואַרטן גוטע ווערק. אין דעם בוך זענען בולט אַרויסגעהויבן געוואָרן אוניווער־סאַלע מאָראַלישע פּראָבלעמען. עס קענטיקט זיך, אַז טאָמאַס קינילי איז אין דעם ווערק באַווירקט געוואָרן פון פּעטריק ווהייט, — דורך אַלעגאָריע — צו זוכן פאַר זיך אַ געהעריקן אידיאָם.

די טעמע איז פאַרבונדן מיט דעם סאַמע בראשית פון ווייסן מענטש אין אויסטראַליע, און דער פרעמדער כאַראַקטער פון דעם קאָנטינענט איז גלייך דאָ אין ערשטן אָפּזאַץ פון בוך: „ביי דעם ערגסטן עק פון דער וועלט, אין אַ זונטיק בייטאָג, אין פעברואַר. . . "

דער מחבר רופט נישט אָן דאָס אָרט ביים נאָמען. ער זאָגט נאָר, אַז דאָס אָרט איז אַ שטראָף־קאָלאָניע אין דרום־פּאַסיפיק. די דאַטע: סוף 18־טער יאָרהונדערט. פון דער דעסקריפּציע און פון די באַשריי־בענע פאַקטן, ווי פון דער שילדערונג פון דער לאַנדשאַפט איז קלאָר, אַז די ברוטאַלע שטראָף־קאָלאָניע איז אין פּאָרט דזשעקסאָן און די צייט איז אַרום 1790, בעת אין וויטן פראַנקרייך קומט פאָר די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע.

דער פּאַראַלעל ליגט ממש אויף דער האַנט צווישן די צוויי וויטע פּאָליוסן. בעת אין אייראָפּע, אין פראַנקרייך קערן זיך איבער וועלטן, איז אין דער שטראָף־קאָלאָניע אָנגעקומען אַ פאַרפינצטערניש און אַ חיהשקייט פון מענטש צו מענטש, וואָס שאַפט אָפּ די מחיצה צווישן פרייען מענטש און פאַרברעכער. אַלע זענען אַריינגעכאַפּט אין דער נעץ פון ברוטאַליטעט, רציחה, טעראָר; פון מאַקאַברישע סיטואַציעס באַגלייט מיט מאָרד.

אויף דעם הינטערגרונט צייכנט קינילי זיינע פּערסאָנאַזשן מיט דעם הויפּט־העלד, דער קאַפּראַל פּעלים האַלאָראַן... דער מחבר שילדערט אים באַלד אויפן ערשטן זייטל, ווען אָט דער זעלנער שפּרייזט מיט גרויסע טריט אין דער שבתדיקער היץ און מיטן ערשטן מאָמענט ווען ער באַווייזט זיך נאָר אויף דער סצענע קענ־טיקט זיך, אַז ער איז ארומגענומען מיט אומזיכערקייט.

לויט דעם ווי ער איז געצייכנט דורכן מחבר, איז ער מער אַ פּאַבל־פיגור, מיט אַלעגאָרישע אָנדייטונגען פון זיין אינטעלעקטועלער אָפּאָזיציע, צוליב אַ שווערער דילעמע אין וועלכער ער איז אַריינגעכאַפּט געוואָרן, זינט ער איז אָנגעקומען אין דער פאַרשיקונגס־קאָלאָניע. דעם שווערן אויסוואַל וואָס ער דאַרף מאַכן, איז צווישן דעם „סאָציאַלן קאָנטראַקט״, וואָס ער האָט מיט דער מאַכט צוליב אַן אויפגעצוווּנגענער שבועה צו דינען איר מיט אַלע זיינע כוחות — און זיין אייגענעם געוויסן, וואָס לייגט אַרויף אויף אים אינדיווידועלע אחריות פאַר זיינע מעשים.

אומוויליק ווערט ער אַריינגעצויגן, ווי אַן אַנטיילנעמער און עדות, אין אַ סעריע אינצידענטן, וואָס אַנטפּלעקן פאַר אים די ברוטאַליטעט און קאָרומפּירטקייט פון דעם שוידערלעכן אַרעסטאַנטן־סיסטעם. און ווי אַ מענטש מיט אַן אומאָפּהענגיקן צוגאַנג און געוויסן, ווערט ער אינערלעך צעריסן פון ספקות, וואָס שטעלן אונטער אַ פראַגע־צייכן די ווערטן אויף וועלכע עס שטיצט זיך דער גאַנצער סיסטעם.

פעלים האַלאָראַן איז נישט קיין געוויינטלעכער קאַפּראַל. ער איז אַ פּאָעט און אַ געלערנטער. ער זעט אויף טריט און שריט די אומגערעכטיקייטן, וואָס ווערן באַגאַנגען לגבי די פאַרשיקטע, דורך די היטער פון געזעץ, אין אָט דער שטראָף־קאָלאָניע. אַלע זיינע באַמיאונגען צו באַקומען גערעכטיקייט פאַר די פאַרשיקטע זענען דורכגעפאַלן. זיינע לאַנדסלייט, די אירלענדישע קאַטאָרזשניקעס ווערן גרויזאַם באַהאַנדלט דורך די אָפיצירן. זיי ווערן געשמיסן. עס קומען פאָר עקזעקוציעס און ער, האַלאָראַן, איז געצוווּנגען צו זיין אַ מיט־באַטייליקטער צוליב דער זעלנערישער שבועה, וואָס ער האָט געגעבן צו דינען געטריי דעם קעניג און זיינע מאַכט־אָרגאַנען. ער ראַנגלט זיך דעריבער שטאַרק מיט זיין מענטשלעכן געוויסן ביים דינען דעם גרויזאַמען סיסטעם, אין וועלכן ער זעט די טיראַניע פון דער אָרגאַניזירטער אינסטיטוציאָנעלער געזעלשאַפט. דאָס איז אייגנטלעך די צענטראַלע טעמע, וואָס רופט זיך איבער — אין דעם מאָראַלישן זין — מיט טאָלסטאָין.

די אומהומאַנישע האַנדלונג פון מענטש צו מענטש, וואָס ווערט סאַנקציאָנירט דורך דער אויטאָריטעט פון דער מאַכט, האָט נאָך אָבער אויך אין קיניליס ראָמאַנען אַ רעליגיעזן הינטערשלאַק. פעלים האַלאָראַן איז אַן אירלענדישער קאַטאָליק און ער איז אין דינסט פון די פּראָטעסטאַנטישע ענגלענדער, וועלכע האָבן אים געבראַכט אין דער שטראָף־קאָלאָניע אָפּצוהיטן אָרדענונג פון אַ סיסטעם, וועלכן זיי האָבן איינגעפירט און זי אים אָנגעוואָרפן צו דינען געטריי (דורך אַן אויפגעצוווּנגענער שבועה), בעת ער וויל זיך פירן זיין פּריוואַטן

לעבן אין הסכם מיט זיין פּערזענלעכן געוויסן. אָט די שבועה, וואָס איך האָב דאָ עטלעכע מאָל דערמאָנט, און דער קאַטוילישער עלעמענט בפרט, שפּילן אַ באַדייטנדיקע ראָל נישט נאָר אין דעם ווערק, נאָר אויך אין אַנדערע פון קיניליס ראָמאַנען, ווי מיר וועלן עס זען שפּעטער. און דאָס איז נישט קיין צופעליקייט, מחמת טאָמאָס קינילי האָט במשך פון לאַנגע יאָרן זיך געלערנט אין אַ סעמינאַר פון אַ קאַטוילישער פּריסטערשאַפט, ער האָט פאַרן נעמען די „שבועה" („באַפעלן") פאַרלאָזט דעם גלחים־סעמינאַר.

זיינע העלדן ראַנגלען זיך מיט זייער קאַטויליש־רעליגיעזער דילעמע, ווי מיט דעם טייל פון דער נשמה וואָס הייסט: געוויסן. אין אַן אינטערוויו, האָט דער מחבר געזאָגט וועגן זיך, אַז זיין ווערק „איז פאַרסמט דורך דער אַלטער גוטער אירלענדישער טעאָלאָגיע". אָט דעם סם האָט ער טאַקע אַריינגעגעבן אין די פּערסאָנאַזשן מיט אַ קאַטוילישן הינטערגרונט, ווי האַלאַראַן און אַנדערע העלדן זיינע. דער מחבר דראַמאַטיזירט זייער בולט די שפּאַנונגען, קאָנפליקטן און לאָיאַליטעטן; די מאָביליזירטע אירלענדישע זעלנער אַטאַקירן איר־לענדישע קאַטאָרזשניקעס. ער שילדערט סיטואַציעס פון ברודער־האָס און פון דער ביטערקייט, וואָס דער סיסטעם רופט אַרויס אין די קאַמפן פון אירלענדער קעגן אירלענדער. דאָס איז דאָך נישט נאָר געשיכטע פון פאַרגאַנגענע צייטן, נאָר אויך די היינטצייטיקע געשיכטע, וואָס שפּילט זיך אָפּ מיט אַזוי פיל קרבנות פאַר אונדזערע אויגן אין צפון אירלאַנד.

ווידער דאָס — „אויספירן באַפעלן" געהערט דאָך אויך צו אונ־דזער שווידערלעכער נאַצישער תקופה מיט די אַלע באַגאַנגענע גרויי־זאַמקייטן, וואָס האָבן נישט קיין גלייכן אין דער מענטשלעכער גע־שיכטע. חנה אַרענדט האָט אין איר טיפער אַנאַליטישער אַרבעט „איכמאַן אין ירושלים" אַזוי ווי דאָקומענטאַריש דורכגעלויכטן, פון אינעווייניק, די מאַשין־ביוראָקראַטיע פון היטלער־רעזשים, מיט די אַלע מאַקאַברישע באַגלייט־דערשיינונגען פון אונדזער בלוט־אויסגעוויטיקטער עפּאָכע.

ווייזט אונדז טאָמאָס קינילי אָט דעם סיסטעם פון אינעווייניק, מיט זיינע אַכזריותדיקע אַקטן — ווי געשיכטלעכע אילוסטראַציעס — פון אָט דעם אינסטיטוציאָנאַליזם. דער אַרעסטאַנט מילעי ווערט געשמיסן: פאַר וואָס? פאַר זינד וואָס ער איז נישט באַגאַנגען. ווידער, איוועריס, גייט אויף דער תליה באַשולדיקט אין אַ פאַרגוואַלדיקונג, וואָס ער איז נישט באַגאַנגען — און איך ברענג נאָר אַ פּאָרביישפּילן פון די פּילצאָליקע אומיושרדיקע אַקטן, וואָס זענען אויסגעוויקט אין בלוט פון דער געשיכטע.

אין דעם נאַראַטיוו גיט דער מחבר כסדרדיקע קאָמענטאַרן. מען שפּירט זיין אַנוועזנהייט, ווי אַ קאָמענטאַטאָר, בעת האַלאָראַנס צוקוקן זיך צו דער האַרצלאָזיקייט פון שטראָף־סיסטעם. ער, האַלאָראַן, שאַצט איבער זיין פּאָזיציע, ווי אַ יחיד, אין דעם סיסטעם און זיין שטעלונג וואָס ער האָט אָנגענומען מיט אַ־זיך־באַרעכטיקן ראַציאָנעל. אָבער זיין האַלב־פאַרנעפּלטער ראַציאָנאַליזם, באַקומט אַן אומזיכערקייט, ווען עס באַווייזט זיך ראָבערטס העירן, וואָס פּלאָגט האַלאָראַנס געוויסן, און זיין דילעמע באַקומט דאָ אַ קאָנקרעטע פאָרם צוליב אַ ביזאַרן פּלאַן.

האַלאָראַן ווערט געשטעלט פאַרן גרויסן נסיון צו העלפן ווירקזאַם אַ פאַרמשפּטן לאַנדסמאַן. ער דאַרף העלפן העירענען צו אַנטלויפן פון דער שטראָף־קאָלאָניע און זיך ראַטעווען אין רעוואָלוציאָנערן פראַנקרייך (די אַקציע קומט דאָך פאָר אין דער צייט פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע), אָבער דאָס איז פאַרבונדן נישט נאָר מיט אַ בונט קעגן דער מאַכט, נאָר אויך מיט גנבה, פון צונעמען שפּייז פון די קלייטן, וואָס דאָס איז שוין בכלל קעגן די אינטערעסן פונעם הונגעריקן ישוב.

הילף פאַר אַ יחיד (אין דעם פאַל) אויפן חשבון פון דער געזעלשאַפט, איז דאָך שוין אַנטי־סאָציאַל! דאָ איז שוין במילא אַוועקגעשטעלט אין צענטער גאָר אַן אַנדער דילעמע, וואָס איז אין די באַדינגונגען פון דער שטראָף־קאָלאָניע אין יענער צייט פאַרבונדן מיט אָפּוואַרפן יעטוועדע אחריות פאַר דער געזעלשאַפט.

קומען מיר ווידער צו אַ טראַגיש־שווערער דילעמע — אַ פּראָבלעם פאַר וועלכן עס זענען געשטאַנען אין אונדזער צייט די ייִדן אין די געטאָס פון אָקופּירטן אייראָפּע, ווען פאַר יעדער רעבעליע קעגן נאַציזם איז געקומען אַ טעראָר־כוואַליע מיט שווערע קרבנות... מיר דערמאָנען זיך דעם גרויסן וויכוח, וואָס איז אָנגעגאַנגען בעת די „סעלעקציעס״ צווישן די מנהיגים אין וואַרשעווער געטאָ וועגן נעמען אויף זיך אחריות — דורך אַן אויפשטאַנד, וואָס קען גורם זיין דעם אומקום פון דעם גאַנצן ישוב. (ביים לייענען דאָס בוך איז מיר דאָס געקומען אויפן געדאַנק). טאָמאָס קינילי באַהאַנדלט נישט אין דעם ווערק די טראַגישע פּראָבלעמאַטיק פון אונדזער צייט, נאָר די דילעמע פון אַ געוויסנהאַפטיקן יחיד מיטן נאָמען האַלאָראַן, וועלכער זוכט צו געפינען זיין אָרט אין דער מיט פון דער געזעלשאַפט. ווען ער קען עס נישט דערגרייכן, זוכט ער — ביחידות — זיך אָפּצוזונדערן פון איר — צוזאַמען מיט זיין יאָ־אָדער־נישט־חתונה־געהאַטער פרוי, די אַרעסטאַנטקע ען (וועלכע איז אַ הויז־דינערין ביי דער מרס. בלייטה).

דער קאַפּיטל פון זייערע באַציונגען קען געזען ווערן, ווי אַ פּרוּוו־שטיין פון סעקס־מאָראַל און פון רעליגיעזע געזעצן. די סעקסועלע אונטערטענער, זענען דאָ אויך אַ טייל פון דער רעבעליע קעגן סיסטעם (עס ווערט טאַקע שפּעטער באַטראַכט פון רעבעליע־שטאַנדפּונקט מצד די מאַכט־אָרגאַנען). אָבער די סצענעס און קאָנפליקטן ווערן, אגב, אין דעם ראָמאַן בלויז אַרויסגעבראַכט אין רעליגיעזע טערמינען.

העירן דערפירט האַלאָראַנען צו קוועסטיאָנירן די אַלע מאָראַ־לישע ווערטן פון דעם איינגעשטעלטן סיסטעם: געהאָרכזאַמקייט, אויטאָריטעט, געטלעכע רעכט. עס איז דאָך געווען דאַן די תקופה פון דער אויפקלערונגס־עפּאָכע, פון ראַציאָנאַליזם. האַלאָריאַן האָט צוזאַמען מיט די אַנדערע העלדן דורכגעטראַכט טעאָלאָגיע פון אַלע זייטן — אַלע הערשאַפטן אונטערן הימל זענען אַריינגעפאַלן אין שלעכטע הענט! ווי נאָר זיי האָבן עס באַקומען, האָבן זיי דיך אַריינ־געכאַפּט צו שווערן געהאָרכזאַמקייט: „האַלאָראַן האָט געטראַכט פון דעם ברענענדיקן דאָרן אין מדבר און פון דעם ביבלישן גאָט... איז דאָס געווען דער גאָט פאַר וועלכן זיי האָבן געוואָלט כיזאַל שווערן? ווייס איך אָבער נישט, צי עס איז ריכטיק צו טראַכטן, אַז דער גאָט פון די ביבלישע אָבות קומט אַראָפּ אַזוי נידעריק צו הערן דיין שבועה, מיין שבועה, יעדן איינעמס שבועה?... ער האָט געטראַכט אין וואָס פאַר אַ גראַד דער אמתער גאָט, דער טראַנסצענדענטאַלער גאָט —— איז אריינגעצויגן אין דיינע ענינים"... דערביי מעדיטירט ער, אַז יעדע געזעלשאַפט, ווי צעפּוילט זי זאָל נישט זיין, פאַרמאָגט מענטשן, וואָס באַטראַכטן זיך פאַר פון גאָט־באַשטימטע ריכטער, צו זיין די פּאַנ־טרעגערס פון מאָראַל...

דער מחבר איז אָבער מער פאַראינטערעסירט אויסצוגעפינען, ווי אַזוי וועלן די מענטשן זיך אויפפירן אין אַ געוויסער סאָציאַלער סיטואַציע, ווי אין דעם אַנאַליז פון די מענטשן גופא. דעריבער פעלט אין דעם ווערק אַ געוויסע פאַרטיפטקייט פון כאַראַקטעריזאַציע, עס פעלט אַ טיפערע באַלייכטונג פון די אַקצעפּטירטע ענדערונגען און פון די אינערלעכע אימפּולסן, וואָס פירן צו באַרבאַרישקייט, און אָט די עלעמענטן נורטעווען דאָך אונטערן אויבערפלאַך.

אָבער ביי די אַלע פעלערן פון כאַראַקטעריזאַציע פאַרמאָגט דאָס ווערק דעם שטאַרקן כוח צו מאַכן די אינצידענטן פון דעם עבר רעלע־וועגט אויך פאַר אונדזער צייט, גאָר באַזונדערס אין דער קריטיק פון דעם פּרימיטיוויסטן אירלענדישן קאַטוליציזם. אַ כאַראַקטעריסטישער פּרט: אין דער שטראָף־קאָלאָניע איז דאַן נאָך נישט געווען קיין קאַ־טוילישער גלח און די אירלענדישע אַרעסטאַנטן, פּונקט ווי זייערע

אויפֿזעער די אירלענדיש־קאַטוילישע אָפּיצירן, האָבן געהאַט די דילע־מע פֿון ווענדן זיך צום פּראָטעסטאַנטישן גלח, אָדער בלייבן נישט פֿאַרהייראַט.

האַלאָראַן, וואָס האָט זיך אין דער אַלטער היים געלערנט פֿאַר אַ פּריסטער האָט אַליין אויך געקענט דורכפֿירן די חתונה־צערעמאָ־ניאַל, אָבער דאָס וואָלט סיי ווי געזעצלעך נישט אָנערקענט געוואָרן. ווידער אַן אירלענדישער קאַטאָליק זאָל חתונה האָבן מיט די ברכות פֿון אַ פּראָטעסטאַנטישן גלח ? . . .

האַלאָראַן מיט זיין כלה ען געהערן צו די סימפּאַטישסטע גע־שטאַלטן פֿון דעם ראָמאַן. דער מחבר איז קענטיק מיטן גאַנצן האַרצן אויף זייער זייט. ער זעט זייער גערעכטיקייט, וועלכע ער זוכט נישט צו סענטימענטאַליזירן. און האַלאָראַן איז אין סוזשעט רעפּרעזענטירט אין פֿאַרשידענע ראָלן און אויך אין שאַרפֿע דראַמאַטישע סיטואַציעס.

פֿון דער נאַטור אַ טרוימער און פּאָעט, אַ נישט־דערגאַנגענער גלח און אַ נישט־דערפֿאָלגרייכער ראַציאָנאַליסט, האַלט ער זיך אַנדערש אין אַ קאָנפֿראָנטאַציע מיט דער מרס. בלייטה, ווען ער איז דאָ אין איר הויז צו זען זיך מיט ען (און מיט איר צוזאַמען זיך איזאָלירן פֿון דער געזעלשאַפֿט). און אַנדערש ווען ער איז ביים ים־ברעג. דער ראָמאַנטישער טרוים צו אַנטלויפֿן פֿון אחריות געלונגט אים נישט. ווידער זיין „געהיימע חתונה" מיט ען רופֿט אַרויס דעם קאָנפֿליקט צווישן דעם יחידישן געוויסן מיט דער קאָנווענציאָנעלער סאָציאַלער מאָראַל, וואָס ווערט רעפּרעזענטירט דורך מרס. בליטה. זי האָט זיך גענומען די ראָל צו זיין דער משגיח איבער דער מאָראַל פֿון איר הויז־דינערין ען, און זי צווינגט איר טאַקע צוזאַמען מיט האַלאָראַ־נען צו געבן אַ שבועה (באַמערקט די ראָל פֿון דעם „שבועה"־טערמין אינעם ווערק), אַז זיי וועלן נישט לעבן אָן אַ חתונה כדת — דער גע־זעלשאַפֿטלעכער מאָראַל. נוצט זי שוין אויס, אגב אורחא, אויך איר מאַכט און רעליגיע־מאָראַל־השגחה, ווי אַ ווענטילאַציע פֿאַר איר פֿער־זענלעכער סעקסועלער פֿרוסטראַציע. זי איז אַ זייל פֿון דעם „סיסטעם". מיט זיין היפּאָקריזיע, בעסטיאַלישקייט, וואָס גייט געאַרעמט מיט זיין קאָרומפּירטקייט.

האַלאָריאַן קען זיך נישט איזאָלירן פֿון דעם אָרום אין אַ מין „נאָן־אינטערווענץ"־פֿילאָזאָפֿיע. ער מוז זיך דעצידירן צו זיין אַנגאַ־זשירט אין די געשעענישן אָרום אים, וועלכע ער קען שוין מער נישט איגנאָרירן. זיין טרוים פֿון אַ רויק פֿאַמיליע־לעבן צוזאַמען מיט ען, — אָן אָפּגעזונדערטן פֿון דעם גאַנצן עטאַבלירטן סיסטעם, ווייזט זיך אַרויס צו זיין נישט נאָר אומפּראַקטיש און האָפֿענונגסלאָז, נאָר אויך לחלוטין אוממאָראַליש.

די שחיטה וואָס ווערט דורכגעפירט דורך דער אַדמיניסטראַציע איבער די אירלענדישע רעבעלן, צווינגט אים צו אַנגאַזשירן זיך און מיטטראָגן אחריות פאַר זיין אַנטייל אין דער קאָנספּיראַציע, וואָס פירט שוין, ווי אַן אומפאַרמיידלעכקייט, צו דער שוידערלעכער טראַגעדיע מיט די עקזעקוציעס, און מיט די אַלע נאָכפאָלגן . . . טויט איז געבליבן פאַר אים דער איינציקער וועג צו באַקומען זיין פרייהייט און ערלעכקייט.

זיין צוגאַנג צו דעם זין פון זיין לעבן איז אָבער נישט פון קיין העלד, נאָר פון אַ יחיד „וועמענס האַלדז איז געווען פול מיט טרערן פאַר דעם קנאָספּ פון קינד, פאַר דעם קנאָספּ פון מענטש”. פּחד איז פאַר אים געווען נאַטירלעך, און געוווּסט האָט ער פון די צוויי זאַכן (כאָטש נישט אויסגעדריקט אין פיל ווערטער): — ס׳איז אַ ליגן צו פאַרגלייכן דאָס לעבן פון אַ מענטש צו אַ טאָג; און אַז דעם טויט פון אַ מענטש קען מען נישט פאַרגלייכן צו אַ זון־אונטערגאַנג . . . דער מענטשלעכער טויט האָט נישט קיין חשיבות . . . דעריבער איז עס אַ פּאַטעטישער ליגן וועגן זון־פאַרגאַנג פון לעבן . . . אָדער: „דאָ ליגט אין פרידן” . . . דאָס איז אַלץ בכדי דער מענטש זאָל צוליב זיין אומפאַרמיידלעכער שטערבלעכקייט נישט אַראָפּגיין פון זינען . . .



טאָמאַס קינילי האָט אין דעם ווערק אַרויסגעוויזן זיין קרעפטיקע שעפערישע פאַנטאַזיע, מאָראַל־פילאָזאָפיע און אויך זיין שטעלונג צום אירלענדישן קאַטאָליציזם. דער מחבר האָט פאַרשפּיגלט זיין הויפּט־העלד, האַלאָראַן, אויף דעם צעשיידוועג צווישן אומשולד און דער־פאַרונג, די אימאַזשן פון קאָרופּציע, ברוטאַליטעט, טויט, קבורה לאָזן איבער אַ שטאַרקן איינדרוק. דער מחבר האָט דורך דעם ווערק זיך גלייך באַזעצט ביי דער מזרח־וואַנט פון די אויסטראַלישע ראָמאַניסטן, און מיט יעדן איינעם פון זיינע ווייטערדיקע ווערק, זיך אַרויסגע־רוקט מער אויבן־אָן.

אוודאי קען מען אין דעם ווערק נאָך געפינען פיל לעכער אין דער קאָנסטרוקציע און אין דער כאַראַקטעריזאַציע. אָבער פיל באַ־זונדערע סצענקעס פאַרמאָגן גרויסקייט, אָריגינאַליטעט און פּראַכט. די דיאַלאָגן אַרום די אוניווערסאַלע מאָראַלישע ווערטן און די מענטש־לעכע אינדיווידואַליטעט פון צענטראַלן כאַראַקטער, ווי אויך די אינ־טעלעקטועלע אַרגומענטן און דער אָנגעמערקטער סימבאָליזם — זאָגן עדות וועגן דעם מחברס טאַלאַנט און פאַרשטענדעניש צו דראַ־

מאַטיזירן אַ פּאַרצייטישע געשיכטע, וואָס קען אַריינציען דעם לייענער און פאַרכאַפּן אים מיט איר באַהאַנדלונג.

## „דאָס געזאַנג פון דזשימי בלעקסמיט"

פונקט ווי האַלאַראַן ווערט צוליב דעם ברוטאַלן און קאָרומפּירטן אַרעסטאַנטן־סיסטעם אין דער שטראָף־קאָלאָניע אַריינגעצויגן אין אַן אומוויליקער אַקציע (פון וועלכער ער פאַלט אויך אַ קרבן), אַזוי איז אויך דזשימי בלעקסמיט אַ קרבן פון די אומשטענדן און באַציונגען צווישן די אַבאָרידזשיניס, די מולאַטן און די ווייסע. ער איז אַנגאַזשירט אין דעם קאַמף פאַר זיין מענטשלעכער ווירדע, ווי אַ העלד, אַן אַקטיווער אין זיין פּערזענלעכער בלוט־נקמה, וואָס האַלאַראַן האָט נישט געקענט דערגרייכן.

דער מחבר גיט אין דעם ווערק („דאָס געזאַנג פון דזשימי בלעקסמיט") צוריקבליצן, צו אַ ריי פריערדיקע געשעענישן, מיט אַן אוממיטלבאַרער פּשטות פון דעם נאַראַטיוו, וואָס גיט צו שטאַרקייט דעם ווערק און באַשטעטיקט זיינע דימענסיעס.

דזשימי איז אַ מולאַט און ער וויל זיך אינטעגרירן אין דער ווייסער געזעלשאַפט. לאָמיר געדענקען די צייט: עס איז אויף דער שוועל פון דעם יאָרהונדערט, ווען פון די קאָלאָניעס אין אויסטראַליע ווערט אַ קאָמאָנוועלטה־פעדעראַציע און די אידעאַלן פון דער אויסטראַלישער מלוכהשאַפט קאָנפראָנטירן זיך מיט דער באַציונג און באַהאַנדלונג, אי צו די אַבאָרידזשינישע פול־בלוטיקע און צו די מולאַטן.

דער ערשטער קאַפּיטל פונעם ווערק פאַרשפּיגלט די פּרימערע אַנטיטעזע: דזשימי בלעקסמיט מאַכט דורך זיין צערעמאָניאַל דורך זיין אַריינטריט אינעם שבטישן מענערטום און דער רעווערענד מר. נעוויל גרייט זיך צו די „איסטער הימנס". אַז די ביידע זאַכן גייען פּאַראַלעל, זאָגט עדות דער צווייטער קאַפּיטל. מיר זעען ווי מרס. נעוויל זוכט איינצופלאַנצן אין דעם מולאַט דזשימי די סימבאָלישע זיכערע אמתן, פון „היים, האַרץ, ווייב, לאַנד". דזשימי זוכט אויפצוגעבן זיין שוואַרצן יאָדער בכדי אַריינגענומען צו ווערן אונטער די פליגל פון די ווייסע, אויפנעמען זייערע ווערטן און לחלוטין אַוועקגיין פון זיין שבט־לעבן.

דערמוטיקט דורך דעם גוט־מיינענדיקן רעווערענד, ה. י. נעוויל, וועלכער איז דער אויפזעער פון דער מיסיאָנערישער סטאַנציע, באַמיט זיך דזשימי אָפּצוטרייסלען פון זיין שוואַרצער ירושה, חתונה

האָבן מיט אַ ווייס מיידל, טאַקע אַרבעטן שווער און דורך דעם צו ווערן אַקצעפּטירט אין דער ווייסער געזעלשאַפט.

עס געלונגט אים אָט דער וועג פון אַנהייב. ער ווערט אַ גוטער אַרבעטער (און באַמערקט נישט ווי ער ווערט באַשווינדלט פון זיינע ווייסע באַלעבאַטים). ער האָט חתונה מיט דער פּאַטעטישער ווייסער מיידל, גילדאַ (מיינענדיק, אַז זי איז שוואַנגער פון אים). זי פּרעזענ־טירט אים טאַקע מיט א ווייס קינד, וואָס איז נישט זיינס... אָבער דער דרוק וואָס ווערט אויסגעאיבט אויף גילדאַן, צעברעכט איר היי־ראַט מיט דזשימין, וועלכער ווערט נישט אַריינגעלאָזט אין דער וועלט פון ווייסן מענטש. זיינע פּרוסטראַציעס פון דער אומגערעכטיקייט, וואָס די ווייסע וועלט באַגייט לגבי אים, פאַרוואַנדלען זיך אין אַ מין קריגס־דערקלערונג לגבי די ווייסע. עס פירט אים צו זיין מאַסן־מערדערישער קאַריערע איבער ניוביוס הויזגעזינד. (מחמת די מיט־גלידער פון ניוביוס הויזגעזינד האָבן געמאַכט דעם דרוק אויף גילדאַן).

דורך דער גאַנצער געשיכטע איז דאָ די אָנונג, אַז די ווייסע דערוואַרטן טאַקע די שוואַרצע זאָלן אָפּטאָן דאָס ערגסטע... און ווען דאָס געשעט זענען זיי צופרידן, וואָס זייערע דערוואַרטונגען זענען מקויים געוואָרן... דזשימי, אַ פאַרביטערטער, אַן אַנטוישטער אין זיין לעבן, ווערן זיינע אומבאַפרידיקטע אַמביציעס איבערגעזעצט אויף תאווה צו אַ ווייסער פרוי מיט דעם פּאָקוס (בעיקר) אויף דער סנאָ־בישער שול־לערערין, פּעטראַ גראַף. עס איז טאַקע אָט די תאווה, וואָס דערפירט אים צו בלוט־פאַרגיסונג, ווי אַן אויסדרוק פון זיין נקמה־אַקט איבער די ווייסע.

דער מחבר באַמערקט, אגב, אַז תאווה און (גלייכצייטיק) די פאַראַכטונג פון ווייסן פאַר דער שוואַרצער פרוי, איז זייער אַן אָפטע דערשיינונג. דזשימיס בלוט־אַקטן זענען פאַרשטענדלעך, רעטראָספּעק־טיוו, ווען דער מחבר שילדערט די עוולות, וואָס דזשימי איז אַלץ אויסגעשטאַנען פון זיינע ווייסע „באָסעס". עס איז אַ נאַטוראַליסטישע באַהאַנדלונג און געפיל פאַר דער אויסטראַלישער געשיכטע מיט די געהעריקע קאָמענטאַרן פון ווייסן מאַנס „פאַרגוואַלדיקונג פון די פּרי־מיטיווע" (ז' 177).

די געזעלשאַפט פאַרפאַלגט אָט די דזשימיס און זי באַשטראָפט אים שפּעטער פאַר די פאַרברעכנס, וואָס ער איז באַגאַנגען אונטער דעם דרוק פון די אומשטענדן, אין וועלכע דער ווייסער מענטש האָט אים פריער אַריינגעשטופּט און דערמוטיקט.

וואָס עס פעלט אין דעם בוך איז אַ גרינטלעכערע כאַראַקטער־שטודיע פון דעם מולאַט. דזשימיס כאַראַקטער און געשיכטע זענען

טאַקע פאַרשפּיגלט אויף אַ רעפּרעזענטאַנטיוון אופן, אָבער נישט גענוג טיף אַנאַליזירט. משמעות, דער מחבר האָט געהאַלטן, אַז פאַר דעם צוועק, וואָס ער האָט זיך געשטעלט, איז דאָס נישט נויטיק.

עס איז אָבער יאָ געווען נויטיק, בכדי טיפער אַריינצודרינגען אין דער גאַנצער פּראָבלעמאַטיק פון אַבאָרידזשינישן און מולאַטישן מצב אין אויסטראַליע. דער גורל פון אָט די קינדער, ווי דזשימי, וואָס ווערן געבוירן פון אַן אומבאַקאַנטן ווייסן פאָטער, וועלכער פאַר־שווינדט שפּעטער פון זייער האָריזאָנט און זיי בלייבן הענגען אין דער לופטן צווישן צוויי וועלטן. אויך די היפּאָקריזיע פון דער ווייסער געזעלשאַפט לגבי די ציבורדיקע ווערטן פון די אַבאָרידזשינישע שבטים, ווי די שילדערונג פון זייער מענטשלעכער דעגראַדאַציע דורך ברוטאַליטעט, פאַרגוואַלדיקונג און גרויסקייט־מאַניע. גוואַלדטאַט און סעקסואַליזם זענען דאָ סימבאַליש באַהאַפטן. דורך דעם ווערט פאַר־שפּיגלט די פאַרגרעסערונג פון דער צאָל מולאַטן, אין די טערמינען פון זייער דראַמאַטישן קאָנפליקט און גרעאַנגל אַקצעפּטירט צו ווערן אין דער ווייסער געזעלשאַפט.

די קאָנסטרוקציע פון דעם ווערק איז צו געבן נאָר קורצע קאָנ־דענסירטע סצענקעס פון די פּערסאָנאַזשן. און יעדער כאַראַקטער וואָס איז רעפּרעזענטירט אין דעם בוך פאַרקערפּערט דעם צוגאַנג און די מאָטיווירונג פון די הערשנדיקע באַציאונגען, וואָס ווייזן דעם דורכפאַל פון דעם אויסטראַלישן חלום, צו שאַפן אַן אידעאַלע געזעלשאַפט, אָן ראַסן־פאָראורטיילן און קלאַסן־פאַנאַנדערטיילונג.

מיר זעען די סתירה צווישן אידעאַל און די אַקטועלע ווערטן פון אַ ניי פאָלק אין זיין געזעלשאַפטלעכער קאָמפּאָזיציע. יעדער איינער פון די פּערסאָנאַזשן רעפּרעזענטירט אַ סאָציאַלן טיפּ, וואָס איז דראַ־מאַטיש גענוגנדיק צו ברענגען דזשימין צום באַוווּסטזיין, אַז דער ווייסער וויל טאַקע דער מולאַט זאָל דורכפאַלן, בכדי צו באַווייזן זיין אייגענע סופּעריאָריטעט נישט נאָר איבער די שוואַרצע, נאָר אויך איבער די געמישטע בלוטן.

דער מחבר צייכנט מיט אַ שאַרפער סאַטירישער פאַרב דעם פּאָ־ליציאַנט, פאַרעל, זיין ברוטאַלקייט און פּערווערזיע, וואָס ווערט סאַנק־ציאָנירט דורך דער מאַכט אין איר איינשטעלונג לגבי דעם אַבאָרי־דזשינישן ישוב. עס איז דאָ דער שול־לערער, מעקרידי, דער איינ־ציקער ווייסער אין דעם ישוב, וואָס פּרוּווט צו פאַרשטיין די אַבאָ־רידזשיניס. און מיר זעען הילין, דעם אַנאַלפאַבעט, וואָס קען באַשיצן זיין אינפעריאָריטי־קאָמפּלעקס דורך באַשווינדלען דזשימין. אויך דער שאָטלענדער, לואיס, וועלכער קען נישט באַגרייפן, ווי אַזוי עס קען

זיך צונויפפּאָרן אַרבעט מיט פרייד. און ער איז נשתומם ביים הערן לאָכן דזשימיס האַלב־אַבאָרידזשינישן ברודער, מאָרט.

זייער כאַראַקטעריסטיש איז דער פּרווו פון לערער מעקרידין צו איבערצייגן דזשימין — און מיט דערפאָלג — אַז ער דאַרף זיך אָפּזונדערן פון זיין פול־בלוטיקן האַלב־ברודער... בכלל איז עס אַ ווערק אויף אַ פאַרהעלטנישמעסיק קליינעם שטח, אָבער רייך אין איראָניעס און אַגאָניעס. דער עפּנטלעכער תלין, מר. הייבערי, ווערט רעקאָמענדירט פון דעם גובערנאַטאָר צו באַקומען אַ טיטל פון מ.ב.אי; היות אָבער, עס איז געווען גלייך נאָך דער תליה פון דזשימין און פון זיין פעטער, קען די רעקאָמענדאַציע נישט ווערן דערוויייל אויס־גענוצט, מחמת דאָס אָפּגעבן אים איצט אָט דעם צוגעטיילטן כבוד וועט אויסזען עפּעס נישט אָרנטלעך...

דער מחבר אָקצענטירט דאָס יאָר 1900, וואָס איז אויסגעפאַלן אין דער צייט פון דער באָערישער מלחמה אין דרום־אַפריקע און גלייכצייטיק בעת דער אויסטראַלישער עטאַבלירונג פון דער קאָמאָנ־וועלטה. עס זינגען די קינדער אין מעקרידיס שול דאָס לידל: „אויסט־ראַליע איז דער קלענסטער קאָנטינענט, / דער גרעסטער אינדזל, / און דאָס טייערסטע לאַנד...״ (ז׳ 133). דער זעלבער לערער, מעקרידי, אגב אַן אַסטמאַטיקער, ווערט דורך דזשימין אויף אַ נאַרישן אופן גענומען פאַר אַ משכון, איז דאָס בלויז אַן אילוסטראַציע פון דזשימיס פאַרלאַנג געכאַפּט צו ווערן דורך די ווייסע, אָט די וואָס האָבן אים דערפירט צו דעם, וואָס ער איז דערגאַנגען אין זיין מענטשלעכער דעגראַדאַציע און צום שפּאָט דורך די אַרומיקע ווייסע.

דער מחבר האָט סובלימירט די פאַרלאַנגען און דעם פּחד פון דעם מולאַט, וואָס איז נאָך נישט אַריינגעדרינגען אין דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין פון אויסטראַלישן פאָלק. די קאָנפליקטן זענען פון דזשימין מיט דעם ווייסן אַרום, און אין אים גופא, ווען ער וויל וויסן: ווו געהערט ער?... צו וועלכער געזעלשאַפט איז זיין „בעלאָנגינג״? פון וואַנען ער שטאַמט? אָדער דאָרט ווו מען האָט פאַרהאַקט פאַר אים די טיר? — — —

## „דריי אַפּלאָדיסמענטן...״

אין 1968 האָט טאָמאַס קינילי פאַרעפנטלעכט זיין ווערק „דריי אַפּלאָדיסמענטן פאַר דער גייסטלעכער פּרעלאַטור״. דער מחבר באַ־האַנדלט אין דעם בוך פּראָבלעמען און כאַראַקטערן פון אַ קאַטוילישן „שטודיר־הויז״, וואָס פּראָזשעקטירט דעם ראַדיקאַלן עלעמענט פון

קאַטוילִיציזם (פאַרקערפּערט אין ד״ר מעיטלענד) אין זיין גערעַנגל מיט דער קאָנסערוואַטיווער היעראַרכיע.

שוין אין אָנהייב בוך דערוויסן מיר זיך, אַז ד״ר מעיטלענד האָט, אָן דער קירכלעכער הסכמה, אונטער אַ פּסעוודאָנים, אַרויס־געגעבן דאָס בוך „דער זין פון גאָט״. די קאָנסעקווענצן פון דעם שפּירן מיר ביים לייענען ביזן לעצטן זייטל — בפרט בעת דער אויס־פאָרשונג איבער דער אָרדן־שוועסטער, מאַרטאַ — מחמת דאָס גע־היימע דרוקן פון אָט דעם בוך, ווערט שוין באַטראַכט פון דער קירכ־לעכער פּרעלאַטור, ווי אַן אַקט פון הערעזיע.

ד״ר מעיטלענד, דער הויך־געבילדעטער אָרדן־ברודער, איז אַ זוכער פון אמת. ער איז קריטיש צו די קירכלעכע דאָגמעס, וואָס זענען פאַרעלטערט און אָפּגעטראָגן. זיי דאַרפן, לויט זיין בליק, אַרויס־געוואָרפן ווערן פון דער אמונה, ווי עס ווערן אַרויסגעוואָרפן פאַר־עלטערטע כעמישע פאָרמולעס. ער האָט אויך אַ קריטישע באַציאונג צו די גייסטלעכע, וואָס רעדן מיט אַזעלכע פאַרגלאָצטע אויגן וועגן גאָט, און דאָס איז צוליב דעם „מחמת זיי האָבן קיינעם נישט ליב, פאַנטאַזירן זיי, אַז זיי האָבן ליב גאָט״.

ד״ר מעיטלענד, ווי האַלאַראַן, זענען רעבעלן קעגן אויטאָקראַ־טישן רעזשים. דער ערשטער — אין סעמינאַר פאַר גייסטלעכע, און דער לעצטער — קעגן די אויטאָקראַטן פון דער שטראָף־קאָלאָניע. היות דער מחבר גופא איז זיבן יאָר געווען אין אַ גלחים־סעמינאַר, האָב איך דעם איינדרוק, אַז ביים שרייבן דעם בוך, האָט ער געוואָלט אָפּשליסן אַלטע חשבונות זיינע מיט דער קאַטוילישער קירכע, און אָנהייבן נייע.

אויך זיין פּראָטאָטיפּ, ד״ר מעיטלענד, זוכט דאָך שלום צו מאַכן מיט זיך, מיט זיין פּאָזיציע אין דער קאַטוילישער קירכע, דורך שרייבן אַ ראָמאַן. און דאָס איז דאָך אייגנטלעך אויך דער וועג פון טאָמאַס קינילי, וועלכער איז געוואָרן אַ ראָמאַניסט — און אַ גוטער ערנסטער שרייבער — אָנשטאָט צו ווערן אַ גלח...

אָבער די קאַטוילישע טעמאַטיק — און פּראָבלעמאַטיק — וועלכע קינילי קען פון אינעווייניק — פאַרנעמט אַ וויכטיקן אָרט אין זיין שאַפן. מיר זעען דעם מחברס סימפּאַטיע פאַרן ליבעראַל־רעפאָרמירטן קאַטוילישן לאַגער און זיין שאַרפע קריטיק קעגן קאַ־טוילישן קאָנסערוואַטיוון „עסטאַבלישמענט״ מיט זיין שמאָלקייט און אומטאָלעראַנץ צו יעדער נייקייט פון סאָציאַלן רעפאָרם און מאָדערנעם רעליגיעזן געדאַנקענגאַנג.

ד״ר קאָסטעלאָ, אַן אָרדן־חבר פון ד״ר מעיטלענד, געהערט צו די „שומרי החומות״, צו די פאַנאַטיש־שטרענגע אָפּהיטערס פון דער

קאָנסערוואַטיווער ריכטונג, נישט צו דערלאָזן די מינדסטע שפּאַרונקע אין די קאַטויליש־טעאָלאָגישע איינשטעלונגען. זיין לאָזונג איז: — שטיי אויף דער וואַך!

ער טראָגט זיך אַרום מיט אַ טיפן חשד אויף ד״ר מעיטלענד, און זאָגט: — אין דער קירכע אונדזערער גייט אַן אַן אַנגריף אויף טראַדיציע. צום ערשטן מאָל ווערן די אַנגרייפערס טאָלערירט, אין געוויסע קרייזן ווערן זיי באַהאַנדלט מיט איינזען, אַפילו גינציק.

„אונדזער טראַדיציאָנעלע טעאָלאָגיע איז געוואָרן אַן אָביעקט פון סקעפּטיק און אונדזער טראַדיציאָנעלע מאָראַל — אַ ציל־ברעטל פאַר ציניקער. אַפילו דער גלויבן אין אַ פּערזענלעכן גאָט איז אונטער אַנגריף״ (ז׳ 148).

די שורות צילט ער קעגן ד״ר מעיטלענדס בוך „דער זין פון גאָט״, ווו ער אַנאַליזירט די גאָט־אידיי זינט דעם 18טן יאָרהונדערט און רופט זיך איבער מיט דעם באַרימטן טעאָלאָג טיליך., וועלכער רעדט וועגן „אַ גאָט הינטער אַ גאָט״. דאָס מיינט: אַ גאָט פון אינסטי־טוציעס, בימהס, פּאָליטישע פּאַרטייען, און אַן אומבאַקאַנטער גאָט.

ד״ר מעיטלענד קריטיקירט דער קירכע פאַר איר פאַרנאַכלעסיקן צו באַזייטיקן סאָציאַלע איבלען: „מיר טוען פאַראורטיילן, צייטנווייז, פאַלן פון קאָרופּציע, אָבער מיר ווערן נישט אַקטיוו אויפגעשווידערט אויף קאָרופּציע פון אַן אינטערנאַציאָנאַלן פאַרנעם״ (ז׳ 119).

דער פּרעזידענט פון דעם גלחים־סעמינאַר, ד״ר נאָלאַן, וויל דורכאויס נישט דערלאָזן די מינדסטע קריטיק קעגן דער קירכע און דאָס ברענגט צו שאַרפע קאָנפליקטן מיט ד״ר מעיטלענד אין דעם מאָנאַסטיר.

ביים לייענען דאָס בוך האָב איך געהאַט דעם איינדרוק, אַז די אַלע עוולות, וואָס דער יונגער טאָמאַס קינילי האָט געהאַט געליטן, אָדער געהערט, בעת זיינע יאָרן אין דעם סעמינאַר־אָרדן, האָט ער אַרויסגעבראַכט אין דעם ווערק. ער האָט אָבער געלאָזן ווייניק פּלאַץ אויף צו אַנטוויקלען די כאַראַקטערן. עס פעלט טיפער אַנאַליז פון די הויפּט־העלדן, פון זייערע האַנדלונגען און ראַנגלענישן.

דער פּראָטאַגאָניסט פון מחבר, ד״ר מעיטלענד, ווערט פאַר־שפּיגלט אין אַ ריי אינצידענטן אין וועלכע ער ווערט אַריינגעפלאָנ־טערט צוליב זיין גוטסקייט און רחמנות, און מיט דעם רופט ער זיך טאַקע אויך איבער מיט האַלאָראַן.

מעיטלענדס פּרווון צו העלפן זיין חבר און ברודער־גלח, איגען, וועלכער האָט זיך פאַרפּלאָנטערט מיט אַ פרוי (נאָראַ) און מיט איר דראַגאָן־שוועסטער (ציליאַ), און ער וויל זיך דעריבער טאַקע באַ־פרייען פון זיין צעליבאַט־שבועה... דר. מעיטלענד זוכט צו העלפן

אויך דעם סעמינאַר־סטודענט, הוירסט, וועמענס שרעקלעכע אימפּולסן האָבן פאַרניכטעט זיין שכל הישר...

דער דראַמאַטיש געשילדערטער עפּיזאָד מיט זיין קלימאַקס, פאַר־שפּיגלט די פּסיכישע דיסאינטעגראַציע פון הוירסטן, וועלכער איז דערפירט געוואָרן צו זיין צושטאַנד דורך דעם פאַנאַטיזם פון דר. קאַסטעלאָ מיט זיין „קאַטוילישן געוויסן"...

דר. מעיטלענד איז אַ בונטאַר. ער וויסט, אַז דער קירכלעכער „עסטאַבלישמענט" איז אומגערעכט. אָבער ער אַליין איז אַ טייל פון דעם און ווייסט נישט ווי אַזוי ער קען אים אויסבעסערן. זיין בונטאַ־רישקייט קעגן דער אויטאָריטעט פון זיינע עלצטע דראָט אים צו ווערן פאַרניכטעט, ווי אַ פּריסטער און מענטש. ער זעט זיין געפאַר, אָבער זיין מענטשלעכער געוויסן דערלאָזט נישט ער זאָל אויפגעבן זיין קאַמף קעגן די אומגערעכטיקייטן, וואָס ער זעט צווישן די קירכלעכע ווענט פון סעמינאַר און מחוץ.

זיין געשפּרעך מיטן אַדוואָקאַט וועגן די לאַנד־שפּעקולאַציעס און מאַכינאַציעס פון די קאָמפּאַניעס אין וועלכע די קירכע האָט אינ־וועסטיציעס, איז זייער אַקטועל... אַזוי אויך די סאַטירישע באַמער־קונגען וועגן די רעקלאַמעס און פאַרפירענישן ביים פאַרקויפן לאַנד אָדער אַנדערע אַרטיקלען („יעדע פּראָפּעסיע האָט זיך אירע סטאַנ־דאַרטן: איינער אַנאָנסירט, אַז דורך זיין זייף פאַר טואַלעט־צימערן, קען יעדער מיידל, וואָס וועט עס נוצן אַרויסרופן צו זיך די אויפ־מערקזאַמקייט פון מענער... (ז' 117).

דר. מעיטלענד, דער זוכער פון אמת, רופט נאַטירלעך אַרויס מיט זיינע האַנדלונגען דעם צאָרן פון עפּיסקאָפּאַט. אין רעזולטאַט פון דעם, וועט ער נישט קענען שטייגן, ווי דר. קאַסטעלאָ אין דער קירכ־לעכער היעראַרכיע און ער וועט שוין פאַרבלייבן אויף אייביק מיט איר אין קאָנפליקט, אָבער ער וועט ווייטער פאַרבלייבן אין די ראַמען פון דער קירכע, ווו ער וועט קעמפן פאַר זיין אמת.

ער וועט זיך איינשטעלן פאַר דער מאַנאַכין, מאַרטין, וועלכע ווערט אַרויסגערופן אויף אַן אויספאָרשונג, זייענדיק אונטערן חשד פון הערעזיע, מחמת דר. נאָלאַן וויל נישט זען אין דעם פּריסטער, דעם יחיד. נאָר פאַר אים איז ער אַ קאָרפּאָראַציע „מיט פליכטן פאַר אונדז אַלע".

דר. מעיטלענד קען זיך בשום אופן נישט אידענטיפיצירן מיט אָט דער קירכלעכער קאָרפּאָראַציע. ער געהערט צו א נייער גענע־ראַציע, וואָס באַהאַנדלט קריטיש דעם רעליגיעזן אמת פון „עסטאַב־לישמענט". ער זאָגט צו די קירכע־פּאַטערס, אַז ער קען עס נישט באַטראַכטן ווי אַ סטאַטישע זאַך, וואָס ענדערט זיך נישט.

די מענטשלעכע באַנעמונג פון אמת מוז וואַקסן און ענדערן זיך. אַנדערש ווערט ער אַ ציפּער... די קירכע איז געווען זיכער, אַז זי האָט אין אַ נעץ פון טעאָלאָגישע פאָרמולעס פעסט געהאַלטן פאַר אַלע צייטן דעם גרויסן פיש דעם אמת, און אַז נישט די נעץ און נישט דער פיש וועט זיך ווען עס איז ענדערן און וואַקסן... די (טעאָלאָגישע) נעץ איז טאַקע געווען דער זיכערסטער מיטל צו האַלטן דעם פיש, וואָס איז געווען לסוף גאָט... אָבער דער קירכלעכער אופן פון דענקען איז געוואָרן פאַרקאַלכט..." (ז' 71).

טאָמאַס קינילי האָט אין דעם בוך פאַרשפּיגלט די קריטיק פון די ליבעראַלע קאַטאָליקן קעגן דער אינסטיטוציאָנאַליזירטער קירכע. דר. מעיטלענד פאַרקערפּערט די קאַטוילישע „נאָן־קאָנפאָרמיסטן" און רעבעלן, וואָס קעמפן פאַר אַ קירכע מיט אַ הומאַנישן פּנים, מיט וואַרעמקייט פאַרן מענטש, אַזוי ווי עס איז דער פאַרשפּיגלטער הויפּט־העלד גופא. ער שטעלט איין זיין אייגענע קאַריערע אין קאָן און ער האָט נישט מורא געשטעמפּלט צו ווערן פאַר זיין אָפענער הערעזיע אין די קירכלעכע דרכים. צוליב זיין בונטאַרישקייט וועט ער שוין פאַרבלייבן דער פאַרלוירענער העלד פון אונדזער צייט. קלאָר, אַז ווען זיין אָרדן־ברודער דער קאָנפאָרמיסט דר. קאָסטעלאָ וועט כסדר שטייגן צו די הויכע שטאַפּלען פון דער קירכלעכער היעראַרכיע, בעת דר. מעיטלענד איז שוין פאַרמשפּט אויף אומחן.

דער רעליגיעזער געדאַנק פון דער קריסטלעכער טעאָלאָגישער ליטעראַטור האָט באַקומען אַ בעלעטריסטישע פאַרקערפּערונג אין פיל ווערק. אַזוי אויך דער קריזיס פון דער קירכע, ווי מיר זעען אים אין טאָמאַס קיניליס שאַפן, ווי אויך ביי אַנדערע שרייבער, ס'רוב פון אַ קאַטוילישן הינטערגרונט. ביים לייענען דאָס בוך האָב איך געמאַכט אַנאַלאָגיעס (אין געדאַנק) בנוגע דער ידישער רעליגיע און די ידישע רעליגיעזע דענקער פון אונדזער צייט.

עס האָבן מיך פאַראינטערעסירט אַ ריי דיאַלאָגן — טאָמאַס קינילי איז אַ מייסטער פון דיאַלאָג — וועגן גאָט־באַגריף, וועגן רעליגיעזע רעפאָרמען און בכלל די שטרייטן צווישן די אָרטאָדאָקסאַלע און ליבעראַלע קאַטאָליקן, מחמת זיי גיבן אויך דעם ידישן לייענער אַ סך נאָכצוטראַכטן...

דער מחבר האָט באַוויזן צו באַהעפטן כאַראַקטערן און אידייען פון רעליגיעזן לאַגער. אין געוויסע מאָמענטן האָט ער מיר דער־מאָנט אין חיים גראַדען, הגם זיי געהערן און באַהאַנדלען אַזעלכע צווויי פאַרשידענע וועלטן. דאָך זענען פאַראַן געוויסע טרעף־פּונקטן אויף אַ בשותפותדיקער טעריטאָריע פון כאַראַקטעריזאַציע און פּראָבלעמאַטיק.

פאַראַן אין טאָמאַס קינילים ווערק געוויסע פעלערן פון פאָרם און קאָנטראָל. טייל מאָל פעלט טיפקייט אין זיין פאַנטאַזיע. אָבער ביי אַלע בלויזן, דאַרף מען אָנערקענען זיין כוח אַריינצוציען דעם לייענער, פאַרכאַפּן אים מיט אַ געוויסער סיטואַציע פון נאַראַטיוו, וואָס פאַרמאָגט שאַרפזין, קאָנפליקט און רעבעליע קעגן אַן „עסטאַבליש־מענט״, וואָס לאָזט זיך נישט ענדערן. עס איז דאָ אַ גוטער צוזאַמענ־שפּיל פון כאַראַקטערן, פּראָבלעמען און אידייען; דילעמעס פון רעפאָרמיסטן און קאָנפאָרמיסטן — די לעצטע, וועלכע גלויבן און פילן, אַז דאָס נייע וועט ברענגען כאַאָס. און אַז דער כאַאָס קומט נישט פון דרויסן, נאָר פון אינעווייניק.

מיר אָטעמען אין די אַטמאָספער פון גלחים־סעמינאַר מיט זיין אויסערלעכער שטילקייט און זיינע אינערלעכע געוויטערס. אין געוויסע מאָמענטן ברעכן אויס דונערן און בליצן. אָבער זיי רייסן נישט אויף דעם בנין. ווי זאָגט דר. מעיטלענד צום סטודענט עדמאָנד״ „איך בין אַן אינסטיטוציאָנאַליזירט ווען. איך בין עס פון מיין קינדהייט. מיין איינציקע האָפענונג איז צו וואַרטן מיין אינסטיטוציע זאָל צוריק אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיטן לעבעדיקן אמת...

„געוויסע מיסטיקער, נביאים, צדיקים, ווי יחידים, וואַקסן אַרי־בער אינסטיטוציעס. אָבער איך וועל עס קיין מאָל נישט. סיידן כיזאָל ווערן אַ מיסטיקער, נביא אָדער צדיק. נישטאָ אָבער קיין שום אָנוויז אויף דעם״ (ז׳ 222).

דאָס איז דער אני מאמין פון דעם מחבר, וועלכער איז, אגב, איינער פון די פּראָוואָצירנדיקסטע ראָמאַניסטן פון דעם יונגן דור. דאָס בוך וואָס מיר באַהאַנדלען דאָ, אויב מען קען נישט זאָגן, אַז עס איז אַ גרויס ווערק איז עס אָבער אַ גוט בוך, אַ פּראָוואָצירנדיקס, וואָס צווינגט דעם לייענער צו פאַרטראַכטן זיך. דער מחבר האָט די מעלה אויך אין זיינע ווייטערדיקע שאַפונגען, ווי מיר וועלן עס באַלד קענען זען.

## „דער לעבן געבליבענער...“

דער סוזשעט פון „דער לעבן געבליבענער״ שילדערט אַן אַנט־אַרקטיק־עקספּעדיציע פון אַ האַלב יאָרהונדערט צוריק, ווו אַלע אָנטייל־נעמער קומען אום מיטן אויסנאַם פון אַלעק ראַמזיי. עס איז נאָר באַ־וווּסט, אַז די איבעריקע פון דער עקספּעדיציע מיט דעם פירער לימינג בראָש, זענען טראַגיש אומגעקומען אין די שניי־שטורעמס.

טאָמאָס קינילי האָט אין דעם ווערק — אפשר צום ערשטן מאָל — אויסגעפאָרשט זיינע כאַראַקטערן אין דער געהעריקער טיף. ראַמזיי טראָגט זיך אַרום מיט אַ שולדיקן געוויסן. ערשטנס, האָט ער זיך אַליין מודה געווען, אַז ער האָט פאַרלאָזט לימינגען, ווען ער האָט נאָך געלעבט. עס קורסירן אויך אַרום קלאַנגען וועגן קאַניבאַליזם אין דער עקספּעדיציע...

ראַמזיי גייט אַרום אויך אַ שווער שולד־באַלאַדענער, מחמת ער האָט אַמאָל געהאַט סעקס־באַציִונגען מיט לימינגס פרוי, בעלאַ, און שפּעטער האָט ער זיך נאָך פאַרפּלאָנטערט אין האָמאָסעקסואַליזם גלייך ביים ערשטן צוזאַמענטרעף מיט לימינגען. ער האָט באַלד גע־שמועסט מיט אים און ווי צו אַ געליבטן און איז זיכער געווען, אַז לימינג ווייסט נישט פון זיינע אינטימע באַציִונגען מיט זיין פרוי בעלאַ.

אָבער וואָס ווייזט זיך אַרויס? ביים איבערלאָזן לימינגען אין שניי, האָט ער צו זיין שרעק אויסגעפונען, אַז לימינג טראָגט מיט זיך אַרום אַ רשימה פון זיין ווייבס אַלע געליבטע צווישן וועלכע עס פיגו־רירט אויך דער נאָמען פון ראַמזיי...

דער מחבר גיט אַ פאַרטיפטן פסיכאָלאָגישן אַנאַליז פון לימינגען, דעם פירער פון דער עקספּעדיציע, וועלכער איז געווען אַ ראָמאַנ־טיקער אינעם זין פון אַנטדעקן אַ נייע אמונה. די אַנטאַרקטיק־עקספּע־דיציע האָט אים פאַרטראָטן „די טויטע רעליגיע פון עבר". ער זעט אין איר אַ מין רעליגיעזע מיסטעריע פון אַבסאָלוטן.

בכלל פּרוּווט דער מחבר צו געבן דעם סוזשעט אַ דימענסיע פון אַ רעליגיעזן מיטאָס. ראַמזיי גייט אַרום מיט אַ שולד־געפיל. ער איז אַ דירעקטאָר אין אַ דאָרפישער הויך־שול פאַר אויסגעברייטערטער שטודיום, אָבער ער טראָגט אין זיך די צייכנס פון זיין קאַלוויניס־טישער דערציִונג מיט אַ פאַרלאַנג אָפּצוקומען פאַר זיינע זינד.

זיין פסיכישער צושטאַנד פאַרערגערט זיך, באַזונדערס, ווען עס שטאַרבט זיין קינד און זיינע באַציִונגען מיט זיין פרוי האָבן זיך שטאַרק פאַרערגערט. זיין פרוי, עלאַ, האָט שוין לאַנג פאַרלוירן דאָס געדולד צום מאַן. זי באַשולדיקט אים אין לימינגס טויט און אין אַנדערע חטאים. אָבער פּונקט ווי מיט דר. מעיטלענד, וועלכער טראַכט אַלעמען פאַר־לאָזט נישט דעם סעמינאַר, מאַכנדיק אַ קאָמפּראָמיס מיט דעם קירכ־לעכן אָרדן, אַזוי פּרוּווט אויך ראַמזיי צו מאַכן אַ קאָמפּראָמיס מיט זיין פרוי און פאַרלאָזן זיין צעבראָכענעם פאַמיליע־לעבן.

טאָמאָס קינילי שאַפט אַ פיינעם פסיכאָלאָגישן געוועב פון סוזשעט און כאַראַקטעריזאַציע. — הגם ראַמזיין פעלט אינדיווידואַליטעט און דער מחבר פסיכאָלאָגירט אויך אַ ביסל צופיל איבער דעם העלד.

איז ער אָבער דער צענטער אינעם סוזשעט, און ער לערנט זיך אויס צו פאַרשטיין דעם אונטערשייד צווישן בוכשטעבלעכן און סימבאָלישן אמת, ביים זוכן אַ נייע הייליקייט.

## „אַ געהאָרכזאַמע טאָכטער"...

אַ פאַבל־ווערק וועגן עלטערן און קינדער, אויפן הינטערגרונט פון אַ פאָרם מיט זיין טאָג־טעגלעכן לעבן. דער נאַראַטיוו ווערט דער־ציילט דורך אַ צווייטן פּערזאָן, דורך דעם יונגן סטודענט דאַמיען גלאָווער, ווי ער וואָלט געוואָלט פאַר זיך אַליין דערקלערן די באַדיי־טונג און דעם גאַנג פון די געשעענישן, באשר אַנדערע וואָלטן נישט געוועזן אומשטאַנד עס צו טאָן.

דאָס בוך איז נישט געוויינטלעך אין אַ ריי אופנים. עס איז באַ־הויכט מיט אַ מין מאָנסטער־עלעמענט און די אַממיינסטן דראַמאַטישע מאָמענטן פון סוזשעט גיבן צו עפּעס אַן אומרואיקן כאַראַקטער אין די נאַטירלעכע און אומנאַטירלעכע באַציִונגען ביי דער יונגער גענע־ראַציע. עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי דער מחבר טאָמאַס קינילי וואָלט געפרעגט: — וואָס איז נאַטירלעך און וואָס איז נישט נאַטירלעך אין די פאַרהעלטענישן?

דאַמיען גלאָווער זאָגט, אַז ס'זענען נישט פאַראַן אויף דעם קיין געזעצן. די נאַטור גופא איז אַן איינגעשאַפט פון אונדזערע מוחות, וואָס נעמען זי אויף. און דאָס וואָס מיר זעען, שפּירן און באַנעמען מיט אונדזערע חושים איז נישט צו פאַרטרויילעך פאַר אונדז, צו דער־קענען און אַקצעפּטירן אין דער פולער מאָס. נייע סיסטעמען און מחשבות פאַרנעמען דאָס אָרט פון די אַלטע, רעליגיע פאַרשווינדט, און עס זענען פאַראַן היינט יונגע מענטשן „וואָס טראַכטן אין גאַנצן נישט אין טערמינען פון הומאַניש אָדער אומהומאַניש, פון נאַטירלעך אָדער אומנאַטירלעך" (ז' 38).

בכלל פאַרנעמט דאַמיען גלאָווער אַ צווידייטיקע פּאָזיציע צוליב די באַאומרואיקנדיקע געשעענישן, וואָס זענען פאַרגעקומען אינעם לעבן פון דער גלאָווער פאַמיליע. זיין מיינונג איז גוט באַוווּסט, אי צו זיין פריינדין העלען און אויך צו זיין שוועסטער באַרבאַראַ.

די יונגע באַרבאַראַ האָט דורכגעמאַכט זייער אַ שווערע צייט בעת איר ערשטער מענסטרואַציע, ביי צוועלף יאָר, וואָס האָט אַריינ־געבראַכט אַן ענדערונג אין איר לעבן (זי באַשולדיקט די עלטערן, וואָס האָבן איר פריער וועגן דעם נישט געגעבן קיינע אָנווייזונגען).

אָט די ענדערונג האָט איר געגעבן אַ נייעם זין פון איר מאַכט איבער די עלטערן, וועלכע באַשולדיקן איר אין זייער פאַרערגערטן געזונט־צושטאַנד. באַרבאַראַ פירט אָן מיט דער באַלעבאַטישקייט פון פאַרם און דערפילט אַפילו די פונקציע פון אַ וועטערינאַר דאָקטער. איר אחריות און פליכטן ווערן דורך איר אַקצעפּטירט צוליב דעם שווערן צושטאַנד פון טאַטע־מאַמע, וועלכע ווייסן אַליין נישט ווי קראַנק זיי זענען, פיזיש און פּסיכיש.

עס איז אין סוזשעט דאָ דער טראַגיזם פון מענטשלעכן לעבן, וואָס דערגייט צו אַ צושטאַנד פון אַ חיה, און דער מענטש שפּירט אַפילו נישט, אַז ער האָט זיך אַזוי געענדערט און דאַרף שלום מאַכן דערמיט. אין די מושב־זקנים שפּיטעלער טרעפן מיר אָפט אָט די פאַלן, וואָס שוידערן אויף ביזן ביין, ווען מיר דערזעען דעם נעכטיקן געזונטן מענטש, צו וואָס ער איז דערגאַנגען... טאָמאַס קינילי האָט אין דעם בוך קהלתדיקע טענער, באַגלייט מיט אַ טראַגישן גראָטעסק־פּאַבל.

# היסטאָרישע ווערק און העלדן — היינטצייטיקע מאָטיוון

די לעצטע דערשינענע ווערק פון טאָמאַס קינילי, זענען ווייט פון דער אויסטראַלישער סצענע. „דזשאָן דיאַרק" איז די לעגענדאַרע העלדין פון פראַנקרייך, באַרימט פון די מלחמות וואָס זי האָט אָנגע־פירט אין 15טן יאָרהונדערט. עס איז דאָ אַ גאַנץ רייכע ליטעראַטור וועגן אָט דער אויסערגעוויינטלעך מיידל, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ אומגעהויערע העלדישקייט, שטעלנדיק זיך בראש פון דער אַרמיי צו פאַרטיידיקן דאָס לאַנד קעגן דער ענגלישער אינוואַזיע. די גע־שיכטע פון איר לעבן און טויט איז זייער גוט באַקאַנט און איז אויסגענוצט געוואָרן פאַר אַ קאַנווע דורך פיל שרייבערס און קינסטלערס.

טאָמאַס קינילי האָט אָבער אַריינגעגעבן אַן אַנדער דימענסיע אין זיין ווערק, די העלדין און איר צייט זאָלן קענען געזען און אָפּגע־שאַצט ווערן אין היינטיקע טערמינען. די כראָניקעס פון יענער צייט, וואָס באַשרייבן די גרויזאַמקייטן, דערמאָנען אונדז אין די געשעענישן פון וויעטנאַם אין די 1960־ער און די אָנהייב 1970־ער יאָרן. דער פייער פון וויעטנאַם, ווי דער פייער אין פראַנקרייך אין 15טן יאָר־הונדערט, האָט אויסגעטראָגן אין דער פולער מאָס די אַטאַקעס פון

שונא, בעת פאַר די פּריצים אין פראַנקרייך אין יענער צייט איז די ענגלישע אינוואַזיע געווען נאָר אַ מין ספּאָרט.

אין דער כאַראַקטעריזאַציע פון דער קאָנאַניזירטער העלדין, זעט קינילי די הויכע מיינונג, וואָס זי האָט געהאַט וועגן זיך, מחמת „זי האָט געהאַט סימפּטאָמען פון אַלץ; פון קלינישער היסטעריע ביז מיסטיציזם״...

טאָמאַס קינילי האָט מער פון אַלץ געשאַפן אַ פּאָליטיש ווערק אַרום איר פּערזאָן. עס איז אַ בוך וועגן מאַכט, געלט, עקספּלואַטאַציע, קאָרופּציע — מיט איין וואָרט: היינטצייטיקע מאָטיוון איינגעהילט אין אַ היסטאָרישן מאַנטל.

ער ווייזט די פּערזענלעכקייט פון דעם יונגן מיידל: „זי האָט פאַרמאָגט אַ פּאָליטישן חוש און איז געווען אַ גרויסע רעוואָלוציאָנערין״. די געשעענישן האָבן זי, ווי אַ גרויסע פּערזענלעכקייט, אויפגעהויבן צו אומגעהויערע הויכן, און דער איינציקער אופן די ענגלענדער און די בורגונדיאַנס זאָלן איר קענען עלימינירן פּאָליטיש איז געווען נאָר מיט אַנווענדן איין מיטל: צו דערקלערן איר פאַר אַ מכשפה! מיט דעם מאָמענט, ווען זיי האָבן עס באַוויזן צו דערגרייכן האָבן זיי איר פאַרענדיקט...

די טראַגישע מאָמענטן פון איר משפט און די שפּעטערדיקע עקזעקוציע, איז אַ גוט באַקאַנטער קאַפּיטל אויף וועלכן איך דאַרף זיך דאָ נישט אָפּשטעלן. דער מחבר שטעלט זיך יאָ אָבער אָפּ אויף דעם משפט, „וואָס איז געווען, לויט זיינע ווערטער, אַזוי טעכניש קאָמפּליצירט״.

די העלדין איז דורך קינילין נישט באַהאַנדלט ראָמאַנטיש, און אויך נישט ווי אַן הייליקע. גיכער דערמאָנט זי אין דער פּאָליטישער פיגור פון דע גאָל. מחמת פּונקט ווי ער, איז זי געווען איבערצייגט אין איר גורלדיקער ראָל באַשטימט פון דער השגחה („דעסטיני״). זי האָט דאָך שוין צו 13 יאָר געהערט „שטימען״, וואָס האָבן געמאַכט פון איר דאָס, וואָס זי איז געוואָרן אין איר לעבן: צו איר אויפשטייג צו אַ פירנדיקער פּערזענלעכקייט פון פאָלק, ביז איר משפט און אומקום...



בלייבט מיר נאָך איבער זיך אָפּצושטעלן אויף טאָמאַס קינילי'ס צוויי ווערק: אויף „בלוט רויטע, שוועסטער ראָזע״ און אויף זיין אקאָרשט דערשינענעם לעצטן בוך „פליאַטקעס פון וואַלד״. דער טיטל

פון ערשטן שטאַמט פון אַ באַמערקונג פון די „שטימען" וואָס דזשאָן האָט „געהערט" אין זיך. דער נאַראַטיוו פון דעם ווערק אינטריגירט דעם לייענער און איז פול מיט דיאַלאָגן אין אַ מאָדערנעם אידיאָם. די אַקצענטירונג איז אויך שאַרף וויזועל און די עפּיזאָדן זענען געשיל־דערט אַרום די קאַמפן און געשעענישן פון דעם 15טן יאָרהונדערט.

עס זענען אַריינגעפלאָכטן פאָלקלאָר, מיסטעריע, מאַגיק און קולטן, און דער לייטמאָטיוו איז דער, וואָס גייט דורך אין טאָמאָס קינילים גאַנצן שאַפן: געוויסן איז העכער ווי אויטאָריטעט און מאַכט. דער יחיד אַליין האָט דאָס רעכט און די פליכט צו באַשטימען דאָס וואָס איז פאַר אים מעגלעך אָדער אוממעגלעך אויסצופירן. ער אַליין דאַרף באַשטימען — די גרענעץ־ליניע.

„פליאָטקעס פון וואַלד" איז אַ ווערק אַרום דעם וואָפנשטילשטאַנד־אָפּמאַך אין 1918. די געשעענישן און הויפט־פיגורן זענען גוט באַ־קאַנטע, ווי מאַרשאַל פאָש מיט זיין מיסטישן גלויבן אין דעם כוח פון ווילן, און פון די דעראַינערונגען פון דער חרפּהדיקער מפּלה פון פראַנקרייך אין דער פּרייסיש־פראַנצויזישער מלחמה. עס איז אויך דאָ דער מעסיקער דייטשער פּאָליטיקער ערצבערגער — אַ גוט באַקאַנטער טיפּ פון קינילים פריערדיקע ווערק, אַן אומזיכערער אָבער סימפּאַטישער ליבעראַל, וועמענס אָרנטלעכקייט שטעלט אים אַוועק אין אַן אומבאַקוועמער לאַגע אין אַ וועלט און באַדינגונגען אין וועלכע דאָס פאַרשפּילטע דאָן דייטשלאַנד איז דעמאָלט איינגעקלאַמערט געוואָרן.

דער מחבר באַנוצט דעם מאַטעריאַל מיט גרויס עקאָנאָמיע און קאָנטראָל. ווי אַ מייסטער פון דיאַלאָג דורך וועלכן ער שילדערט ס'רוב פון דער אַקציע — צוזאַמען מיטן נאַראַטיוו — לייענט זיך דאָס בוך ווי אַ דאָקומענטאַרישע דראַמע.

די בערך 80 קורצע סצענקעס זענען אָנגעפילט מיט שפּאַנונ־דיקייט און בעיקר מיט אַ גוט קאָנסטרואירטער דראַמאַטישער שפּאַ־נונג צווישן די העלדן גופא, וואָס גייען באַשטימען דעם ווייטערדיקן גורל פון דער אייראָפּעישער געשיכטע.

די דעציזיעס וואָס ווערן געמאַכט אין דעם באַן־צוג, האָבן ברייטע אימפּליקאַציעס. מחוץ די באַן־וואַגאָנעס, איז דער וואַלד, וואָס שיינט צו זיין ווייט פון קריג — מעגלעך אַ סימבאָלישער רמז פון דער פּאַסטאָראַלער מנוחה, וואָס איז קאָנפראָנטירט מיט אַ קריגס־באַרבאַריזם.

עס איז דאָ אַ סצענקע ווען עס קומט אָן די דייטשע פּאַרטיע, וואָס גייט אַדורך די ליניעס פון די אויסגעמאַטערטע דייטשע און

פּראָנצויזישע זעלנער. דער לייענער זעט ממש וויזועל די געשעענישן וועלכע באַגלייטן זיי פון די אָקאָפּעס, פון די מאַטראַזישע אויפשטאַנדן און פון די אַרבעטער־ראַטן, אין די דייטשע שטעט און פאָרטן, באַ־גלייט מיט דער אַבדיקאַציע פון דייטשן קייזער.

דער מחבר האָט אויסגעמיטן מעלאָדראַמאַטישע מאָמענטן פון זיינע פריערדיקע ווערק און דער איינדרוק איז נישט נאָר פון אַן אימפּרעסיוון בוך גופא, נאָר אויך ווי אַ ווערטפולער צוגאָב צו טאָמאַס קיניליס פריערדיקע גרויסע דערגרייכונגען און קינסטלערישע צוזאָגן להבא.

# דייוויד מאַרטין

דייוויד מאַרטין פאַרנעמט היינט אַן אָרט אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. הגם ער האָט אַדאַפּטירט דאָס לאַנד, ווי אַן אימיגראַנט, וועמענס מוטערשפּראַך איז נישט געווען ענגליש, האָט ער אָבער באַהערשט די שפּראַך, וועלכע ער האָט זיך פאָרמעל געלערנט אין דער שול, און זי איז שפּעטער געוואָרן זיין רעד־שפּראַך אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע אין שפּאַנישן בירגער־קריג. ער איז געווען צוזאַמען מיט די אַמעריקאַנער פריוויליקע, וואָס זענען אַוועק קיין שפּאַניע צו העלפן די רעפּובליקאַנער. געקומען איז ער פון אַ ישראלדיקן קיבוץ צוזאַמען מיט נאָך זעקס חברים צו קעמפן קעגן די פאַשיסטן. פון די זיבן זענען נאָר צוויי געבליבן לעבן.

דייוויד מאַרטין (געבוירן אַלס לודוויג דעטסינאַ) שטאַמט פון אונגאַריש־יידישע עלטערן. פון זיין פאָטער, וועלכער איז צוערשט געווען אַ זשורנאַליסט (שפּעטער אַ טעקסטיל אינדוסטריעלער), האָט ער געירשנט זיין נטיה צו דער פען, און ווי ס׳רוב יונגע שרייבער, אָנגעהויבן מיט פערזן. זיין מוטערשפּראַך איז געווען דייטש און זיין קינדהייט האָט ער דורכגעמאַכט אין דייטשלאַנד.

נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט האָט ער עמיגרירט, און ווי אַ פּאָליטיש־אַנגאַזשירטער מענטש, געקעמפט אין שפּאַניע. פון דאָרט איז ער אַוועק קיין ענגלאַנד און אָנגעהויבן שרייבן אין ענגליש. ער האָט מיטגעאַרבעט אין דער ב.ב.ס. און אויך אין „דיילי עקספּרעס״, וועלכע האָט אים געשיקט אַלס איר קאָרעספּאָנדענט קיין אינדיע. פון אינ־דיע האָט ער עמיגרירט קיין אויסטראַליע (1949), וווּ ער איז שוין פאַרבליבן אַ תושב — אַן אויסטראַלישער שרייבער, וואָס שרייבט ס׳רוב וועגן אויסטראַליע און וועגן אויסטראַליער.

אין זיינע יונגע יאָרן איז ער געווען אַ רעוואָלוציאָנער און אַ ראָ־מאַנטיקער. אין זיינע ביכער וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט, ווי אין זיין זשורנאַליסטישער און ליטעראַריש־קריטישער טעטיקייט, זוכט ער די וואָר פון דעם געענדערטן אומרואיקן מענטש אין אונדזער צייט, אייגנטלעך, זוכט ער זיך אַליין, אָט דעם צעמישטן אַטעאיסט,

ווי ער באַצייכנט זיך, וועלכער גלויבט איצט אין דער געהיימער קראַפט, וואָס האַלט אין איביקן באַלאַנס דאָס גוטע מיטן שלעכטן. ער גלויבט שוין נישט מער אין דעם אַבסאָלוטן נצחון פון גוטס, סאָציאַלער ווי אינדיווידועלער, וואָס וועט באַזיגן און אויסוואָרצלען דאָס אַבסאָלוטע שלעכטס פון לעבן.

הגם עס זענען נאָך געבליבן אין אים די איינפלוסן פון די אייראָפּעישע קלאַסיקער אויף וועלכע ער האָט זיך דערצויגן, איז ער אָבער געוועזן אַן עדות פון דעם אַלעם וואָס איז געשען זינט דער היטלער־תקופה... אין זיינע ווערק, בפרט אין זיין בוך „דאָרט ווו אַ מענטש געהערט", קענטיקט זיך זיין חשבון הנפש, וואָס לאָזט איבער גאַנץ ווייניק פּלאַץ פאַר זיין אַמאָליקן רעוואָלוציאָנערן ראָמאַנטיזם...

כאַראַקטעריסטיש איז אויך די טראַנספאָרמאַציע וואָס ער האָט דורכגעמאַכט זינט ער איז פון אינדיע אַוועק קיין אויסטראַליע. אין אינדיע, ווו אַ מענטשנס מלבושים דערציילן אַ טויזנט געשיכטעס, און עפּישע טראַגעדיעס באַגעגענען דיך אויף טריט און שריט, צוזעענדיק דאָס אַלץ, וואָס ער האָט זיך אָנגעזען און אָנגעהערט אין אינדיע, האָט אויסטראַליע אים אויסגעזען ווי אַ ליידיקע בינע. עס האָט גענומען עטלעכע שיינע יאָר ביז ער האָט געקענט דערזען און אויסגעפינען, אַז זאַכן קענען זיין טיף אויסבאַהאַלטן אין דער ליידיקייט, ביז ער האָט דערזען די סובטעלקייט פון דער סביבה פון וועלכער די מענטשן זענען אַ טייל, און דער יחיד ווערט אויסגעטיילט פון המון — אָט דאָס וואָס עס מאַכט לייכטער פאַר איינעם צו געפינען אין דעם לאַנד דעם שטאָף פאַר זיינע ווערק.

זייענדיק אַליין אַן אימיגראַנט, האָט אים באַזונדערס צוגעצויגן דער גורל פון אימיגראַנטישן לעבן אין אויסטראַליע. שוין אין די ערשטע יאָרן פון זיין זיין אין דעם לאַנד האָט ער אָנגעהויבן שרייבן זיין ראָמאַן „דאָס יונגע ווייב", ווו די הויפּט־העלדין איז אַן עמי־גראַנטקע פון ציפּערן. דער ראָמאַן האָט געהאַט אַ גוטן אָפּרוף און איז אַדאַפּטירט געוואָרן שפּעטער פאַר דער בינע, ווו עס איז געשפּילט געוואָרן מיט דערפאָלג. אָבער דערפאָלג איז נישט תמיד דער סימן מובהק פון גוטער קוואַליטעט. האַלט איך טאַקע, אַז זיין בוך „דאָרט ווו איינער געהערט" האָט פאַרדינט צו האָבן אַ בעסערן אָפּקלאַנג. ווי עס האָט באַקומען אין דער קריטיק און ביים לייענער. מיר וועלן זיך אַ ביסל אָפּשטעלן אויף דעם אינהאַלט פון בוך.

דער אויטאָביאָגראַפישער עלעמענט קענטיקט זיך בולט: אַ דייטשישער ייד, מעקס, וועמענס גאַנצע משפּחה איז אומגעקומען אין אַרישע קרעמאַטאָריעס און ער אַליין איז אַ שרייבער אין מעל־

בורן, פאַרט צוזאַמען מיט זיינס אַן איינזאַמען אויסטראַלישן פריינד (וועלכער האָט נישט קיין דערפאַלג ביי פרויען) קיין דייטשלאַנד, צו געפינען פאַר אים אַ כלה. דער אויסטראַלישער פריינד, פּאָול, ווייס פון אַ דייטשיש מיידל, גודרון, מיט וועלכער ער וויל חתונה האָבן און מעקס איבערצייגט אים, אַז ער דאַרף עס נישט מאַכן אומגעזעענער־הייט, נאָר פריער זיך טרעפן מיט איר, און ער — מעקס, נעמט אויף זיך די ראָל צו זיין דער פילאָזאָפישער באַגלייטער... זיי וואַנדערן אַ סך איבער אייראָפּע, און פאַר די לייענער גייט דורך אַ קאַליי־דאָסקאָפּ פון לאַנדשאַפטן — וואָס איז די הויפּט־אימפּרעסיע פון דעם ווערק — אַ סעריע בילדער פון לאָנדאָן, פון צענטראַל־אייראָפּע, ווי פון מעלבורן.

נישט וויכטיק איז אין דער סיפור המעשה, אַז דער צוזאַמענ־טרעף מיט דער מיידל גודרון ענדיקט זיך מיט אַ פיאַסקאָ פאַר פּאָולן און דאָס אַ דאַנק די מאַכינאַציעס פון זיין בעל יועץ און באַגלייטער מעקס. אָבער נישט דאָס איז דער „טשוואַק" פון ווערק.

די נסיעה גופא איז אַ פיזישע און אַ ספּיריטועלע. עס איז אַ רייזע פון דער נייער וועלט צו דער אַלטער — צוריק צו דער קינדהייט דורך די לאַבירינטן פון זיך־אַנטפּלעקונג צו באַטרעטן דאָס ערד, ווו ס'איז געשטאַנען דיין וויגעלע און עס האָט דערפירט צום קבר פון אַלע דיינע נאָענטסטע, וואָס זענען דאָרט פאַרבליבן און האָבן זיך נישט באַוויזן צו ראַטעווען באַצייטנס.

ביים לייענען דייוויד מאַרטינס בוך, האָט זיך עס אין מיין מחשבה איבערגערופן מיט אַן ענלעכע נסיעה פון אַ צווייטן שרייבער, פון ישראל, יהודה אַמיכי, וועלכער האָט אין זיין בוך „נישט פון דער צייט, נישט פון דעם פּלאַץ" אויך געמאַכט אַזאַ נסיעה קיין דייטשלאַנד — צוריק צו זיין קינדהייט און געבוירן־שטאָט פון וואַנען די דייטשן האָבן אַוועקגעשיקט די יידן צו די אומקום־לאַגערן...

דייוויד מאַרטין צייכנט די טיפּן — זייער סקיצירט — ווי דעם זיגמונט גראַוערס, וועלכער האָט זיך ספּעציאַליזירט מיט פאַרפאָלגן די האַלבע יידן, וועלכע האָבן נאָך געמיינט, אַז זיי וועלן נאָך קענען אַנגיין מיט זייערע פריערדיקע קאַריערעס אין היטלער־דייטשלאַנד, דער עיקר אין דער טעאַטער־וועלט און קונסט. אָבער די גראַווערס האָבן שוין געזאָרגט אויסצוגראָבן זייערע יידישע נעמען און אָפּשטאַ־מונג. דערפאַר איז ער געשטיגן זייער הויך אין געבעלס קונסט־אָרגאַניזאַציע „קולטורקאַמער"... בעתן קריג האָט עס געהייסן, אַז דער פאַרשוין געפינט זיך אויפן רוסישן פראָנט, בעת פאַקטיש איז ער געווען אין פוילן, אין וואַרשע, לאָדזש, ווו ער האָט אָרגאַניזירט די באָרדעלן פאַר דער העכערער ראַנגע פון „קאָמאַנדאָ אָסט". נאָך

דעם קריג האָט ער אָנגענומען אַ פרעמדן נאָמען, אָבער ער איז דער־קענט געוואָרן. מען האָט אים אַרעסטירט און ער האָט באַוויזן זיך אויפצוהענגען פאַר זיין משפט.

אָט די סקיצירטע שטריכן זענען דאָך טיפּיש פאַר פיל דייטשן — אויך פאַר די גרויסע צאָלן, וואָס לעבן נאָך היינט אין בידע דייטשלאַנדס און פאַר די, וואָס לעבן אונטער מאַסקירטע נעמען אין די לאַטיין און דרום־אַמעריקאַנער לענדער. דער מחבר דערמאָנט די בעלי־תשובות, וואָס זוכן אַ פאַרגעבונג דורך אַרבעטן עטלעכע יאָר אין אַ ישראל־קיבוץ. נאָר איינער פון זיי זאָגט „ניין, דאָס וואָלט געווען אַ צו לייכטע לייזונג". עס קלינגט אויך אויטאָביאָגראַפיש, וואָס דער מחבר דערציילט וועגן דעם העלדס פאָטער, אַז ער האָט אין דער זעלבער וואָך אָנגעצונדן די חנוכה־ליכט און די ליכט אויף דעם קריסטמעס־בוים. אָבער דאָס האָט אים נישט געהאָלפן מען זאָל אים נאָך 25 יאָר זיין אַ מיטגליד, נישט אַרויסטרייבן פון דעם דייטשן פוטבאָל־קלוב און ער האָט ווי אַ קינד געוויינט, ווען ער האָט עס דערציילט זיין גרעטאַן...

זאָגט איינער פון די העלדן: „איך בין מתפּלל פאַר אַלע יידן, זיי זאָלן זיין גליקלעך, זייערע וווּנדן זאָלן זיך אויסהיילן. גאָט זאָל זיי געבן די גבורה צו קענען אונדז פאַרגעבן און ער זאָל אונדז פאַר־געבן. דער מחבר רעפלעקטירט וועגן די דייטשן, וואָס האָבן געהאָלפן יידן זיך ראַטעווען („געווען געוויסע") אָבער וויפל איז געווען זייער צאָל ?... און ער טוט אַ זאָג דורך מעקסן (אין זיין שמועס מיט מיס גודרון) וועגן זיין אומגעבראַכטער פאַמיליע, וואָס פאַר אַ טיוולאָנישן ווונטש עס האָט גענורטעוועט ביי אים אין האַרצן ביים דערמאָנען זיך די אומגעבראַכטע משפחה: „איך האָב זיך נישט איין מאָל גע־ווונטשן, אַז פון אַלע מיליאָנען דייטשן זאָל ווערן בלויז איינער, איך זאָל זיך אַוועקשטעלן קעגן אים, קעגן איבער אַ וואַנט און אַריינשיסן אַ קויל אין אים".

קומט אין מחשבה אַ פּעסימיסטישער אויסבליק לגבי דאָס שלעכטס, וואָס נורטעוועט בכלל אינעם מענטש און דער אויספיר: „ס'איז גאָר נישט פאַראַן, בוכשטעבלעך גאָרנישט, וואָס מענטשן זאָלן נישט זיין בכוח צו טאָן". עס איז אין די שמועסן אויך אַריינגע־פלאָכטן דעם מחברס באַציונג צו ישראל. ער איז דאָרט געווען אין אַ קיבוץ און איז אַוועק, מחמת ער האָט זיך נישט געקענט אַריינפּאַסן אין דעם אָרטיקן לעבן. ער לאָזט זיין יידישן העלד (מעקס) ענטפערן אויף דער פראַגע פאַר וואָס ער פאָרט נישט קיין ישראל ? אַז פאַר אים וועט עס זיין נאָר אַ מקום מקלט, מחמת „איך וועל זיך דאָרט נישט אַריינפּאַסן", זאָגט צו אים דאָס דייטשע מיידל: „ס'איז דאָך אייער

לאַנד, דאָס לאַנד פון אייער פאָלק" — ביסט עפּעס אַ מאָדנער סאָרט ייד? און ער ענטפערט איר, אַז ס'זענען פאַראַן פאַרשידענע מינים יידן... פרעגט זי ווייטער: „ביסטו איינער פון די וואָס האָבן נישט געוווּסט, אַז זיי זענען יידן ביז היטלער האָט זיי געלערנט?...

דאָס ווערק „דאָרט ווו אַ מענטש געהערט" פאַרמאָגט פיל אויטאָביאָגראַפישע עלעמענטן פונעם מחבר. אָבער אַ גוט בוך איז נישט תמיד דער, ווו דער מחבר קומט נאַקעט פאַר זייִנע לייענער. קונסט מיינט אויך דיסקרעטקייט, און ריכטיק באַמערקט דער מחבר אין איינער פון זייִנע אַרויסזאָגונגען, אַז מיר (די שרייבערס) זענען קיין מאָל נישט צו פיל מאָסקירט. דער שרייבער איז, ווי דער וואָס טרוימט אין זיין חלום און זעט זיך אין אַלע מענער און פרויען — „מיר זענען דאָ אין אַלע כאַראַקטערן". אָט דער זאַג פאַרלאַנגט אָבער אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג און מיר ווילן איבערגיין צו מאַרטינס אַנדערע ווערק, וועלכע האָבן נישט צו טאָן מיטן נאַציזם און מיטן פאַרלאַנג נאָך נקמה, מיט די אַלע קאָמפּלעקסן וואָס באַגלייטן דעם יידישן העלד פון דייטשיש־יידישן אָפּשטאַם.

אין זייִנע אַנדערע ווערק איז פאַראַן אומעטיקע איראָניע, אומשולד און טראַגיזם, לדוגמא, ווי אין דאָס יונגע ווייב. אין דעם בוך זעען מיר דורכדרינגענדיקע כאַראַקטער־שטודיעס פון פאַרשידענע טיפּן. אָט די נעוראָטישע פרוי פון פּראָפעסאָר באַרוויג, פּאַטריציע. אַזוי אויך פון געוויסנלאָזן אַלעקסיס, די קאָמפּלעקס־געשטאַלט פון יאַנניס מיט זיין איפּערזיכטיקייט. זיין בלינדע מוטער, וואָס שטאַרבט פון קענסער און זי לעבט מיט איין געדאַנק: צי וועט איינער פון אירע זין האָבן אַ קינד?...

די צענטראַלע אידיי פון דעם בוך זענען די אימיגראַנטן, וואָס זענען געקומען קיין אויסטראַליע; העראָישע אידעאַליסטן, וואָס זענען געקומען זוכן אין דעם לאַנד אַ נייע האָפענונג, אַ צוקונפט. זענען פאַראַן צווישן די העלדן אַזעלכע, ווי אַלעקסיס, וואָס קענען פון אַלץ פּראָפיטירן; אָבער אַנדערע, וואָס ראַנגלען זיך מיט זייער גורל אויף דער נייער ערד, די וואָס בלייבן הענגען צווישן צוויי וועלטן, ווי יאַנניס, וועלכער ווייס אַליין נישט ווו ער געהערט.

יאַנניס איז אַ קאָמפּלעקס־געשטאַלט, וואָס ווייסט אליין נישט ווער ער איז און פון וועלכעס ער דאַרף זיך דערוויטערן. ער האַלט נישט פון רעליגיע מיט אירע פּריסטערס, אַפילו פון זיין אָפּשטאַם־לאַנד איז ביי אים גאָר נישט פאַרבליבן ביי וואָס זיך אָנצוהאַלטן, און זיין פאַרהייראַט־לעבן איז איין קייט מיט מיספאַרשטענדענישן, כאָטש ער האָט באַקומען פאַר אַ פרוי אַזאַ אוצר ווי אַננאַ. מיר זעען די שפּאַנונגען צווישן די פאַרשידענע כאַראַקטערן, אַננאַס אָפּקומענישן, וואָס

איז די צענטראַלע געשיכטע אינעם בוך, אויך קריטאַנס טראַגעדיע, בעת ער האָט אַריינגענומען צו זיך אַנגאַן, ווען זי איז אַוועק פון פּראָ־פעסאָר באַרוויג („וועלכער קען נישט אַראָפּנעמען זיין האַנט פון יונגע מיידלעך" . . .)

דייוויד מאַרטין זוכט ביי זיינע העלדן צו אַנטדעקן זייער הומאַ־ניזם, זייער צופּאַסונגס־פעיקייט צו נייע באַדינגונגען פון נייעם היימ־לאַנד (ביי זיינע אימיגראַנטישע העלדן). ווען דער יונגער מעקס האַלט ביים עמיגרירן קיין אויסטראַליע באַמערקט ער, אַז ער וועט זיך קיין מאָל נישט אויסלערנען שפּילן „ברידזש". אָבער דער אַלטער תושב זאָגט אים: „וועסט זיך דאָס אויסלערנען אין אויסטראַליע". אין אויסלאַנד האָט מען גאָר נישט קיין באַגריף וועגן דעם לאַנד, „וווּ קירכעס האָבן נישט קיין גלעקער און די ים־ברעגעס האָבן נישט קיין שאָטן". וואָס וויסט מען וועגן די שטעט? וועגן די „פּאַבס" ? . . .

דער אימיגראַנטישער מחבר האָט זיך גוט איינגעוואָרצלט אין דעם לאַנד („איך פיל, אַז איך געהער דאָרט ווו איך בין"), כאָטש זיין טעמאַטיק נעמט אַרום פאַרשידענע לענדער, אָבער בעיקר שרייבט ער וועגן אויסטראַליע און אירע מענטשן, וועגן די אַלטע תושבים און אירע נייע אַדאַפּטירטע קינדער. כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם מחבר איז, וואָס מ'וויסט קיין מאָל נישט וואָס פאַר אַ נייע טעמע עס וועט אַרויסקומען פון זיין פען. פון אויסטראַלישע אָדער גריכישע טיפּן קען ער אַ שפּרונג טאָן צו לאַאָס און קאַמבאָדיע (ער רופט עס אין זיין בוך להאָדיא) און שילדערן דעם קעניג אַנאַבאַל מיט זיין פראַנצויזישער פרוי. אַ בוך וואָס „עפנט אַ פענצטער צום דרום פּאַ־ציפיק" און צו דער מזרח עקזאָטישער וועלט מיט אירע קאָנפליקטן אונטערן שאָטן צווישן די צוויי גרויס־מאַכטן. אין דער אַקציע איז טאַקע פאַרוועבט דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר, וואָס ליבט זיך מיט דער קעניגין. עס איז אַ ווערק מיט אַ סך אַקציע, אָבער מיט „סטאָק" העלדן.

# פרענק דאַלבי דייוויסאָן
# און משה סטאַווסקי

פרענק דאַלבי דייוויסאָן פאַרנעמט אַן אייגנאַרטיק אָרט אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. ער האָט געשריבן ראָמאַנען און דערציילונגען אין נוסח פון לאָוסאָן, פוירפי און וואַנס פּאַלמער. לויט זיין טאַלאַנט, האָט ער נישט געקענט פאַרנעמען אַן אָרט אויף דער מזרח־וואַנט. זיין סטיל איז צו פשוט, צייטנווייז, אַ ביסל נאַאיוו און ער היט זיך אויך נישט אויס פון באַנוצן קלישירטע אויסגעריבענע פראַזן. טיילמאָל נעמט ער אויך אַ מעלאָדראַמאַטישע נאַטקע אין זיינע באַשרייבונגען — אָט די אַלע עלעמענטן, וואָס פאַרמינערן די בעלעטריסטישע ווערטן פון אַ ראָמאַן און אַ דערציילונג.

ער האָט זיך אָבער אויסגעטיילט מיט צוויי טעמאַטישע ווערק — אויף אַ קינסטלערישן ניוואָ — וואָס האָבן אים פאַרשאַפט אַ נאָמען אין דער אויסטראַלישער פּראָזע־קונסט. די צוויי ביכער זענען: „דאַסטי" און „מענטש־שטעמעווודיקייט". און די ביידע זענען וועגן חיות און נאַטור־באַשרייבונגען.

דער יידישער לייענער דערמאָנט זיך אַ קלאַסישן ביישפּיל פון דער יידישער ליטעראַטור. עס גיט אַ קלינג אָפּ, ווי מיט אַ הילכער, דער נאָמען משה סטאַווסקי, וועלכער איז אַריינגעקומען אין דער יידישער פּראָזע מיט זיינע היימישע בעלי־חיים. מיר געדענקען גוט זיין „געלע הון" און דאָס פערדל „לבן הארמי" — רעאַליסטישע שילדערונגען מיט פּאָעטישער סימבאָליק. אויך „די מעשה מיט אַ חזיר" געשריבן הומאָריסטיש וועגן אַ „שונא פון דער יידישער גאַס". ער האָט אויך שטימונגספול געשילדערט די איבערלעבונג פון אַ פערד בעת אַ שטורעמווינט.

משה סטאַווסקי האָט נישט געשריבן וועגן וואַלד־חיות, נאָר וועגן שטוביקע באַשעפענישן; פערד, קי, הינער, זיי זענען געווען יידישע היימישע איינוווינער, ממש בני־בית אין אַ יידישער שטוב און עס דערמאָנט זיך זיין זאָג וועגן דעם צער פון אַ שטוביקער בעל־חי:

„קיין זאַך גיט אין האַרץ פון מענטש נישט אַריין אַזוי פיל יאוש, ווי אַ בהמה וואָס ליגט אויסגעצויגן אויפן מיטן וועג...״. ער האָט די שטוביקע חיות געשילדערט, ווי אייגענע לייב־ברידער און זיי זענען טאַקע לעבעדיקע העלדן פון זיינע דערציילונגען.

נישט קיין ווונדער, וואָס אַריבערפאָרנדיק קיין ישראל, איז ער דאָרט געוואָרן איינער פון די בעסטע בהמות־ציכטער. זיין דערציילונג „בנגב״ טיילט זיך אויס מיט די שילדערונגען וועגן אייזל, פערד, קו אויף די פעלדער פון נגב, און די גרויזאַמקייט פון דער נאַטור.

דערמאָן איך דאָס, נישט ווי אַ דיגרעסיע פון מיין טעמע, נאָר צו ווייזן די אַנדערשקייט פון דייוויסאָנס בעלי־חיים, וואָס זענען נישט די היימישע שטוביקע, וואָס לעבן אונטער איין דאַך מיט זייערע באַ־לעבאַטים. „דאַסטו״ איז אַ הונט־חיה פון געמישטע אָבות. אַן אָפּשטאַ־מיקער פון די אויסטראַלישע „דינגאָס״, וואָס פאַרצוקן די שאָף. עס פליסט אין זיינע אָדערן דאָס בלוט פון דינגאָ. זיין היינט איז פול מיט אימאַזשן, ריחות און שפּירונגען פון אַ נייער וועלט אין וועלכער זיינע אָבות האָבן נישט געטאָרט אַריינקומען, מחמת זיי זענען — צוליב זייער פאַרצוקערישער נאַטור — אַוועקגעשטעלט געוואָרן מחוץ למחנה.

די צענטראַלע טעמע פון דאַסטי איז דער אינערלעכער קאָנ־פליקט, וואָס ליגט פון איין זייט צווישן ציוויליזאַציע (און הומאַניזם) מיט דער שטים פון בלוט פון דער געיאָגטער חיה, וואָס אַנטלויפט פון מענטש שפּירנדיק אין אים זיין טויט־שונא. אַ הונטס מוח אַרבעט נישט, מסתמא, פונקט אַזוי, ווי דייוויסאָן שילדערט אים. אָבער דעם מחבר איז געלונגען צו איבערצייגן אונדז און אַקצעפּטירן זיינע קאָנ־צעפּציעס און אילוסטראַציעס פון דאַסטיס איבערלעבונגען. ער ווייזט אונדז דעם הונט ווי אַ קינד, וואָס איז געפאַנגען געוואָרן אין אַן אומבאַקאַנטער פאַר אים וועלט, און ער וואַקסט ביסלעכוויז אַריין אין דער נייער וועלט פון זיין געפאַנגענשאַפט, כאָטש פון צייט צו צייט, רופט זיך אָפּ אין זיין בלוט די שטים פון זיינע דינגאָ־אָבות און ער איז דעמאָלט גרייט להשמיד ולהרוג יעדעס שעפעלע אויף וועלכן ער לויערט אינסטינקטיוו.

דער מחבר פּרוווט נישט אַריבערצושפּרייזן די מענטאַלע באַגרע־נעצונגען פון זיין צענטראַלן העלד און זיינע חלומות פון דער ווילדער סטאַדע, וואָס יאָגט זיך אין פעלד נאָך די אומבאַשיצטע שאָף. ער פּרוווט דאָ און דאָרט, צו וויזיאָנירן די אינערלעכע קאָנפליקטן אין דעם הונטס פסיכיק מיט זיין אויפפיר, וואָס איז אַזוי אַקוראַט רעפּ־ראָדוצירט, אַזוי רעאַליסטיש אין דער אָבסערוואַציע, אַז מען גלייבט דעם מחבר אַלץ וואָס ער דערציילט.

דער לייענער פילט, אַז אין די געשילדערטע פּאַסירונגען (באַגלייט מיט פיל אַוואַנטורעס פון זיין חיהש בלוט) איז דאָ רעאַליטעט. די פאַנ־טאַזיע פון מחבר מיט זיינע פּסיכאָלאָגישע מעדיטאַציעס, וואָס האָבן אַנאַלאָגיעס אינעם מענטשלעכן לעבן, איבערצייגן, אַז ס'איז פאַראַן אַ סך וואָרהאַפטיקע אָבסערוואַציעס אין די באַשרייבונגען. דער לייע־נער ווערט אַריינגעצויגן אין דעם מחברס צוגאַנג צום לעבן, צו די קאָנסעקווענצן פון די פּסיכישע ריסן און קאָנפליקטן ביי דאַסטין (פונקט, ווי ביי מענטשן).

די טעמע — איז אַ געוואָגטער און אָריגינעלער עקספּערימענט, וואָס איז עפּיש און ליריש געשילדערט. פאַראַן אויך פעלערן אין דעם ווערק, ווען דער סטיל ווערט אין געוויסע ערטער אַ ביסל „פּיעכאָטנע״, אָבער דאָס זענען פעלערן, וואָס פאַרמינערן נישט די ווערטן פון דעם ווערק, ווי אַ גאַנצקייט. באַזונדערס, די געלונגענע נאַטור־באַ־שרייבונגען, די אַטראַקציע פון בוש פאַרטאָג און פאַרנאַכט, ווען עס ווערט אומהיימלעך, ווען חיהשער עלעמענט פון דינגאָ וואַכט אויף אין דאַסטין, און ס'איז פונקט, ווי ביי מענטשלעכע וועזנס, ווען די צוימען פון ציוויליזאַציע ווערן לויזער און די אינסטינקטן נעמען איבער די אויבערהאַנט... האָבן מיר דאָ אַן אָפּשפּיגלונג פון דעם קאָנפליקט צווישן אונטערבאַוווסטזיין מיט דעם גאַנצן אָנוווקס פון הומאַניזם דורך לאַנגע דורות

אויך אַנדערע אויסטראַלישע ראָמאַניסטן האָבן געמאַכט חיות פאַר זייערע הויפּט־כאַראַקטערן, געשילדערט זיי רעאַליסטיש און סימ־באָליש, אָבער עס איז זיי נישט אַזוי געלונגען ווי דייוויסאָנען. זיינע בעלי־חיים זענען נישט נאָר לעבעדיק און רעאַל באַשריבן, זיי זענען אויך אינדיווידואַליזירט. עס איז אַ פּרווו צו באַנעמען יעדע באַשע־פעניש אינדיווידועל, וואָס עס שפּילט זיך אָפּ אין זיין קאָפּ, אַזוי צו זאָגן, צו פאַרשטיין זיינע רעאַגירונגען און האַנדלונגען. דייוויסאָן האָט זיך פאַרמאָסטן צו פאַרשפּיגלען, פון אינעווייניק, דעם גייסט פון פרייהייט ביי די חיות, וואָס זוכן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד די, וואָס מאַכן אַן איינוואַזיע אויף זיי. דער קאַמף און דער ווידערשטאַנד איז געשילדערט זייער רעאַליסטיש: נישט נאָר, וואָס מיר זעען זייער קאַמף, מיר זענען צווישן זיי אין דעם געראַנגל...

דייוויסאָן האָט פיל יאָרן פון זיין לעבן פאַרבראַכט אויפן לאַנד און געהאַט אַן אינטימען קאָנטאַקט מיט שטומע באַשעפענישן, וועלכע ער שילדערט אין „דאַסטי״ און אין „מענטש־שטמעוודיקייט״. ווען ער שילדערט, למשל, די רויטע טעליצע, גיט ער אַזאַ בילד פון איר קינדהייט און אַנטוויקלונג: „... זאַכן, באַוועגונגען, דערשיינונגען, די אַלע אויסטערלישע פרעמדע זאַכן זענען לכתחילה געווען אַן באַדיי־

טונג פאַר איר. אַלאַרמירנדיק, אָבער אָן אַ סדר... זייערע קוואַלי־טעטן קומען צו איר, ווי אין דער ספּעטערע פון אַ קינדס באַנעמונג, ווען עס האָט נישט קיין שום הילף פון די עלטערע באַשעפענישן פון זיין מין; אָדער די הילף פון ווערטער צו באַנעמען די באַדייטונג און דעם זין... ערשט אין לויף פון צייט האָט עס אָנגעהויבן צו באַנעמען די שייכות צווישן איין זאַך און אַ צווייטער. דאָס איבערחזרן זיך פון דערשיינונגען, פון זאַכן, פון געשעענישן, האָבן אָנגעהויבן, שטופּנ־ווייז, צו פאַרמירן אַ חוש פאַר סדר. אַזוי האָט אויך, שטופּנווייז, דער חוש פון תיכּפדיקער סכּנה באַקומען אַ פאָרם און זיך אָנגעטאָן אין אַ לבוש פון נאַטירלעכער שעמעוודיקייט און רעזערווירטקייט".

אין דער כאַראַקטעריזאַציע קענטיקט זיך, ווי דער מחבר גייט נישט צו פון דער אויסערלעכער זייט אין זיין אָבסערוואַציע פון חיות. ער צייכנט זיי נישט פון אויסנווייניק, ווי זיי זעען אויס פאַרן אויג, נאָר פון אינעווייניק, אַריינגעבנדיק אין דער באַשעפעניש אַן אינדיווידואַליטעט, וואָס זאָל פאַרבלייבן פאַרקריצט אין זכּרון. ער ווענדט אָן צו חיות דעם זעלבן אַנאַליטישן מעטאָד, ווי צו מענטשן, און מאַכט עס אויף אַ סאָלידן אופן.

דאָס קענטיקט זיך אויך אין זיין בוך „די ברונעמער פון באר שבע", ווו ער ווייזט אונדז ווידער די חיה, דאָס פערדל אויף וועלכן עס רייט אין באר שבע דער אויסטראַלישער קאַוואַלעריסט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין דער אויסטראַלישער געשיכטע פאַרנעמט דער ענין „גאַליפּאָלי" מיט די צאָלרייכע קרבנות, וואָס די אויסטראַלישע זעל־נער האָבן דאָן אַוועקגעגעבן אופן טערקישן פראָנט — ממש אַ היס־טאָרישן ווענד־פּונקט. אָבער אין דייוויסאָנס ווערק איז דער הויפּט־כאַראַקטער נישט דער זעלנער, נאָר אַ טיפּ פון אַ פערד אויף וועלכן אַ זעלנער האָט געריטן. די פּראָזאַישע עפּיק טיילט זיך אויס — פונקט ווי אין „מענטש־שעמעוודיקייט" און אין „דאַסטי" — מיט אַ לירישער קוואַליטעט. אין דעם קריזיס פון דער געשיכטע ווערט דאָס עפּישע ליריש. עס ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ מין פּראָזע־פּאָעמע, ווי אין דעם אופן פון זיין באַשרייבן די פערד, זייער אָפּשטאַם און זייער האָדעווען זיך. עס איז אויך אויפסניי מרמז אויף קאָנפליקטן אויסערלעכע און אינערלעכע.

דער מחבר האָט אַ סך געניאָסן פון דעם, וואָס ער האָט געהאַט אַן אינטימען קאָנטאַקט מיט דעם אַלעם, וואָס ער האָט געשילדערט פון חיה און מענטש, און ער האָט געלייגט אַ סך מער אַכט אויף דער כאַראַקטעריזאַציע פון דער חיה ווי פון מענטש. אין אַ ריי דער־ציילונגען — די דערציילונגען זענען ביי אים ס'רוב אַרויסגעקומען קינסטלעריש רייפער ווי די ראָמאַנען — שרייבט ער אין ערשטן

פערזאָן, און דער נאַראַטאָר מאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך אַליין. אין זיין בוך „תמיד אין דער פרי״, ווי אין זיין זאַמלונג קורצע דערציילונגען, זוכט ער צו שפּינען, וואָס ער האָט אַנטדעקט און אַנטפּלעקט אין לעבן.

ער אַנטוויקלט נישט זיינע כאַראַקטערן אין זייער פּולזייטיקייט, מחמת אים אינטערעסירט מער דאָס ספּעציפישע פון אַ געגעבענער געשעעניש. דעריבער זענען זיינע מענער און פרויען־כאַראַקטערן נאָר סקיציש געצייכנט. זיי אינטערעסירן אים נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפל די, און די אַנדערע פּאַסירונגען זענען מיט זיי פאַרבונדן. ער שילדערט זיינע טיפּן מיט אַ הומאָריסטישער טאָלעראַנץ, ווי ער וואָלט געוואָלט זיי וויזן, אַז ער איז זיי מוחל די שוואַכקייטן זייערע.

אין אַ ריי ערטער רופט זיך זיין שרייבן איבער מיט וואַנס פּאַלמערס מעטאָד, מיט דעם אופן פון צוטראַכטן און טיילן זיך מיט געשפּרעכן, דורך שאַפן דעם איינדרוק, אַז זיי זענען ווירקלעך אַזוי פאָרגעקומען און זענען נישט אויסגעטראַכט פון דעם מחברס פאַנ־טאַזיע. אָבער דייוויסאָן האָט נישט באַוויזן צו דערגרייכן וואַנס פּאַל־מערס קינסטלערישע הויכקייט, כאָטש ער שרייבט צייטנווייז מער היימישער און מיט אַ מער דינאַמישן סטיל ווי פּאַלמער.

דייוויסאַנס שאַפן, זיין געשמאַק און טעכניק איז אַ פּשוטע, אַ נישט סאָפיסטיצירטע און געווענדעט צום לייענער, וואָס איז אינטערעסירט צו הערן, וואָס איז טאַקע געשען מיט די באַשריבענע מענטשן נאָך די פאָרפאַלן, וואָס זיי האָבן געהאָט.

אָבער ווען עס קומט צו דער וועלט פון חיות — דאָ אַנטפּלעקט זיך זיין אינדיווידועלער טאַלאַנט, זיין טיפע אָבסערוואַציע פון מישלינגען („דאַסטי״), פון פערד, בהמות. דאָ בויט ער זיינע ווערק פון אַ סאָלידן מאַטעריאַל.

# אַ דיאַלאָג צווישן אַ יידישן און אויסטראַלישן שרייבער

א: איך בין אַ יידישער שרייבער און כ׳בין אינטים פאַרבונדן מיט דער יידישער ליטעראַטור. איך האָב אויך שטודירט און קענען געלערנט די אויסטראַלישע ליטעראַטור און געפין אויס פיל בשותּ־פותדיקע שטריכן צווישן זיי. אַז איך האָב געלייענט הענרי לאָוסאָנען איז מיר אָפּט געקומען אויפן געדאַנק דער יידישער פּראָזע־קינסטלער י. מ. ווייסענבערג.

נישט נאָר אין זייער שאַפן רופן זיי זיך איבער, אפילו זייערע פּערזענלעכע לעבנס־דערפאַרונגען קומען זיך צונויף, ווי באַן־שינעס ביי געוויסע פּונקטן. אָבער דאָס גיב איך נאָר ווי אַ ביישפּיל. וואָס מיך אינטערעסירט איז אַן אַנדער זאַך: אין דער יידישער ליטע־ראַטור, איז זינט דער צווייטער וועלט־מלחמה מיט דער גרויסער פאַר־טיליקונג, וואָס דער היטלעריזם האָט געמאַכט איבער אַ דריטל פון יידישן פאָלק — פאַרנעמט איצט אַ באַדייטנדיקן אָרט דער נאָסטאַלגיע־מאָטיוו. דער נעכטן ווערט באַשריבן מיט אַ סך בענקשאַפט. מען קוקט צוריק צו דער קינדהייט און יוגנט פון דער אַמאָליקער היים, ווען אַ סך קינדער זענען געווען צוזאַמען, געגעסן, טיילמאָל פון דער זעל־בער שיסל. עס ווערט באַלעבט דאָס שטעטל, וווּ מען איז אויסגע־וואַקסן און קליינע זאַכן פון אַמאָל באַקומען גרויסקייט.

דער יידישער שרייבער איז ממש עולה רגל צו זיין אַמאָליקער נעסט און טוליעט זיך צו דער וואַרעמער, האַרציקער פאַמיליע־היים, די קלוגע רייד און אַרויסזאָגונגען אויף וועלכע ער האָט צו יענער צייט קיין אַכט נישט געלייגט, לעבן אויף אין זיין זכרון. עס קלינגען אָפּ, ווי דורך אַ גלעקל, אַזוי פיל פאַרגעסענע זאַכן פון דער אַמאָ־ליקער היים, וווּ ליבשאַפט האָט צוזאַמענגעבונדן דורות. איז דאָס אַלץ אַזוי פאַרשטענדלעך, ווען מיר נעמען אין אַכט דעם בלוטיקן שניט...

אָבער מיך וווּנדערט, וואָס אויך אין דער אויסטראַלישער ליטע־ראַטור טרעף איך אַן ווערק, וואָס זענען פול מיט נאָסטאַלגיע צום אַמאָליקן לעבן. דאָס אויסטראַלישע פאָלק האָט דאָך נישט געהאַט

קיין אוישוויץ און מיידאַנעק... די היים איז געבליבן אַ גאַנצע. אַזוי אויך די משפּחות אין וועלכע עס קייטלען זיך לעבעדיקע עטלעכע דורות. מיט וואָס דערקלערט זיך דער נאָסטאַלגיע־מאָטיוו אין דער אויסטראַלישער ליטעראַטור?

ב: איך בין שוין דער זעקסטער דור אויסטראַליער. מיינע אור־אָבות זענען געבוירן געוואָרן אין דעם לאַנד. מיר האָבן געהאַט דעם גוטן מזל אויסצומיידן דעם שרעקלעכן גורל פון אייער פאָלק בעת דעם לעצטן קריג. אָבער אַלטע דורות גייען ביאָלאָגיש אַוועק אין דער אייביקייט און מיר ווילן, אַז די נייע דורות זאָלן וויסן ווער עס זענען געווען זייערע זיידעס און באָבעס, ווי אַזוי האָבן זיי געלעבט, זיך געראַנגלט אויפצושטעלן אַ משפּחה, אַ היים.

זוכט דער שרייבער צו באַלעבן דעם נעכטן און דעם געשיכט־לעכן גאַנג פונעם אויסטראַלישן מענטש. מען דערמאָנט זיך פון דער אייגענער יוגנט און פון אַ דור פריער, וואָס איז געווען אַזוי ענלעך אין פיל זאַכן, אין די אופנים פון ליבע, פון טרינקען צוזאַמען; פון די רייד און ווערטלעך, וואָס מען פאַרגעדענקט פון די עלטערן און זיידעס. דער שרייבער זוכט אויסצוסאָרטירן די אַלע זאַכן, אַרויס־נעמען די קערנער און אַוועקוואַרפן די פּלעווע. עס טויכן אויף בילד־לעך, אַ פּייזאַזש ערגעץ אויף אַ באַרגיק געגנט, וווּ פון הייזקעס איז געגאַנגען אַ בלאָסער רויך. דער מענטש מיטן ווינט האָבן צוזאַמען געלעבט אין פעלד און אין בוש, דער ראָמאַנטישער שיין און דער לירישער סטיל מאַכן אויפלעבן פאַר אונדזערע אויגן אַן אַלטע, אָבער רעאַלע וועלט, אירע מענטשן מיט זייערע לעבעדיקע שטריכן, אינ־דיווידועלע, סאָציאַלע. דאָס ברענגט אריין וואַרעמקייט אין דער נשמה און עס שאַפט אַ לעבעדיקע בריק צווישן דורות, צווישן ווייטן ראָ־מאַנטישן נעכטן און קאָנקרעטן פּראַגמאַטישן היינט.

א: אין דער וועלט איז דאָ דער איינדרוק, אַז די אויסטראַלישע ליטעראַטור איז אַ פּראָווינציעלע, זייער אַ באַגרענעצטע. איך ווייס, אַז דאָס איז נישט ריכטיק. זינט איך האָב זיך פון דער נאָענט באַקענט מיט דער אויסטראַלישער ליטעראַטור, האָב איך אויסגעפונען אַ ריי גרויסע שרייבערס, וועלכע קענען פאַרנעמען אַן אָרט אויף דער מזרח־וואַנט ביי אַ ריי פעלקער. איך האָב אַנטדעקט אַ סטיל אין זייער שרייבן, וואָס מאַכט זיי אינדיווידועל און אויך אוניקאַל. און סטיל ביי אַ שרייבער איז זייער אַ וויכטיקע זאַך, מחמת סטיל דאַרף זיך נישט אַריינרייסן, אָפּציען די אויפמערקזאַמקייט, שאַפן אַ מחיצה צווישן שרייבער, בוך און לייענער.

איך ווייס זייער גוט דעם אונטערשייד פון דער ליטעראַ־

רישער טראַדיציע אין דעם קאָלאָניאַלן פּעריאָד (פון דער אויסטראַ־לישער געשיכטע) ביז דער היינטיקער טראַדיציע. פאַר די ענגלישע קאָלאָניאַלע שרייבערס, איז אויסטראַליע געווען אַ פרעמד, ווילד לאַנד. אַלץ האָט אויסגעזען אַזוי אויסטערליש פרעמד; דער פּייזאַזש, די נאַטור, די אַבאָרידזשיניס. די שרייבערס, וואָס האָבן געוואָלט כאַ־ראַקטעריזירן דאָס נייע, וואָס זיי האָבן דאָ געטראָפן, האָט געפעלט זיכערקייט אין די אייגענע כוחות, אַז זיי קענען דאָס טאָן פון אינע־ווייניק און נישט ווי אַן אויסערלעכער, אַ זייטיקער... און ווי האָבן זיי עס געקאָנט טאָן מיט דעם פולן האַרץ, אַז דאָס האַרץ האָט געלעבט מיט דער אַלטער וועלט, אַ צען טויזנט מייל ווייט פון דער נייער.

דאָס איז דאָך אויך פאַרגעקומען מיט די יידישע שרייבערס אין די נייע אימיגראַציע־לענדער, וואָס זענען אין דער נייער וועלט געבליבן זיצן אויף זייערע וואַליזעס, ווייל דאָס האַרץ איז געבליבן אין דער אַלטער היים, ווו מען האָט געלאָזן די נאָענטסטע, די געליבטסטע...

ב: דו זוכסט צו פאַרגלייכן די יידישע אימיגראַנטישע שריי־בערס אין די אַמעריקעס מיט די ענגלישע קאָלאָניאַלע שרייבערס אין אויסטראַליע אינעם נײַנצנטן יאָרהונדערט. אָבער ביים סוף, אין די 80ער און 90ער יאָרן, האָבן זיך אַרויסגערוקט נייע, יונגע שריי־בערס געבוירענע שוין אין אויסטראַליע. אין זייער שאַפן קען מען דאָס לאָקאַלע אָנרופן: פּראָווינציעלקייט, אָבער אין דעם איז אויך געווען אַזוי פיל הומאַנישקייט און אוניווערסאַלקייט, נישט ווייניקער, ווי ס'האָבן געהאַט פיל אייראָפּעישע שרייבערס. איך וועל דאָ נאָר אָנרופן אַ צוויי נעמען, ווי לאָסאָן און פוירפי, און פון אַ שפּעטער־דיקן דור — ריטשאַרדסאָן און דאַרק — אַ ביסל נאָך שפּעטער — הער־בערט, פּאַלמער, ווהייט — צו דערמאָנען נאָר געציילטע נעמען פון אַ גאַנצער פּלעיאַדע, וואָס האָבן די אויסטראַלישע ליטעראַטור אַרויס־געריסן פון איר פּראָווינציעלקייט און אַוועקגעלאָזט זי פאַרן אויף אוניווערסאַלע טראַקטן מיט אַן אויסטראַלישן הינטערגרונט.

צוליב אַ ריי סיבות, געשיכטלעכע, געאָגראַפישע, האָט דער ראָמאַנטישער גייסט געגעבן שליסל־טעמעס פאַר גרויסע שאַפונגען. עס איז פאַרבליבן אַן עקספּערימענטאַלער פאַרמעסט אין דער היגער ליטעראַטור, טיילמאָל חידושדיק און אומגעווײנטלעך אין דעם קינסט־לערישן אויסדרוק. אָבער דאָס איז נישט דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער אויסטראַלישער ליטעראַטור. דער טאַלאַנטירטער שריי־בער האָט אויך אין היסטאָריש־ראָמאַנטישן כאַראַקטער געזוכט אַרויסצוברענגען און אינטערפּרעטירן די סובטעלקייטן, דאָס תמצית־

דיקע און ווערטפולע פונעם מענטש אין אַלע זיינע גורלדיקע אומוואַנדלונגען.

האָסט דאָך געלייענט פוירפיס בוך „אַזוי איז דאָס לעבן״. דער־מאָנסט זיך אפשר, אַ מאָמענט, ווען דער מחבר גיט אַ ביישפיל מיט באָן־שינעס. ביי אַ געוויסן פונקט הייבן זיי זיך אָן פאָנדערצוגיין און צעשפרייטן זיך אין פאַרשידענע ריכטונגען. דאָס זעלבע געשעט דאָך אין לעבן פון מענטש, ווען ער שטייט פאַר אַ גורלדיקן אויסוואַל־מאָ־מענט אין זיין לעבן. נאָכן דעצידירן זיך, וווהין ער זאָל זיך פאַרקע־רעווען קען ער שוין נישט ענדערן דעם קורס און אויסמיידן די קאָנ־סעקווענצן פון זיין אויסוואַל. און ער האָט דאָך צו יענער צייט אַליין נישט געוווסט, אַז זיין דעציזיע איז אַזוי גורלדיק פאַר זיין וויטערדיקן לעבן. דאָס באַציט זיך אי צו אַ יחיד, ווי צו אַ פאָלק, וועלכער הייבט אָן צו גיין אויף זיין איגענעם וועג, וואָס באַשטימט זיין גורל. קענסט נעמען ביישפילן פון דיין איגענעם פאָלק, וואָס האָט געהאַט אין זיין געשיכטע פאַרשידענע אַלטערנאַטיוון.

אָבער לאָמיר צוריקגיין צו אונדזער טעמע. פוירפיס גרויס ווערק איז אוניקאַל אין אונדזער ליטעראַטור, כאָטש עס פאַרמאָגט אויך אַ היפשע צאָל חסרונות. זיין הויפּט־מעלה איז זיין באַלעבן אַ פעריאָד פון אונדזער געשיכטע.

א: איך וויס, אַז בכדי צו דערקענען דעם כאַראַקטער פון אַ פאָלק דאַרף מען זיך צוהערן צו דער שטים פון זיינע דיכטער. איך האָב זיך אָנגעטראָפן אויף שרייבערס אין אייער ליטעראַטור, וואָס כאַפּן זיך אָן אין מאָמענטן פון „עסקייפּיזם״. זייערע העלדן זוכן צו אַנט־לויפן פון זייער אומדערטרעגלעכער לעבנס־רעאַליטעט צו אַ לעבנס־אופן, ווו אַלץ שיינט צו זיין העלער און ליכטיקער, ווי אין דער ווירק־לעכקייט. אָבער זיי צאָלן דערפאַר אַ טייערן פרייז, ווען זיי מוזן זיך צוריק אָוועקשטעלן מיטן פנים צום רעאַלן לעבן פון וועלכן מען קען נישט דעזערטירן...

קינדער פון מיין פאָלק האָבן געפּרוּווט אין דייטשלאַנד און אין אַנדערע לענדער אָנצונעמען די מאַסקע פון מימיקרי. נישט זיין מער קיין יידן, ניי ערט זיך אויסמישן מיטן מערהייטס־פאָלק. עס איז געווען אַ יידיש־אַמעריקאַנער שרייבער אין אַמעריקע, זיין נאָמען איז לודוויק לואיסאָן. האָט ער געשילדערט אָט די פיר דורות יידן — פון געטאָ אין מזרח־אייראָפּע ביז ניו־יאָרק — וואָס האָבן געפּרוּווט זיך באַ־פרייען פון זייער פאָלקס־ירושה און זענען געבליבן אין אַ גייסטיקן וואַקיום, אויסגעוואָרצלטע און צעריסענע נשמות. ער ווייזט אויך די

פערטע גענעראַציע, וואָס דערשפּירט די טראַגעדיע פון נאַציאָנאַלן „עסקייפּיזם״.

מען פרעגט אָפטמאָל אויף אַ בעל־שכלדיקן מענטש, הלמאי ער נעמט אַ קליין שיפל און לאָזט זיך אַוועק אויף אַן אומראַציאָנעלער רייזע איבער די ימים? צי טראַכט ער נישט וועגן די סכנות? זיכער יאָ, אָבער ער ווערט געפירט דורך דער זעלבער טרייב־קראַפט, וואָס גיט אַריין אין אַ מענטש דעם ווילן צו קלעטערן אויף די העכסטע בערג, ווו דער מינדסטער שלעכטער גאַנג איז פאַרבונדן מיט סכנות־נפשות. אָבער פאַר אים איז דאָס אַ מין מיסטישע אַרויספאָדערונג: העלדיש צו געווינען אָדער צו פאַרשפּילן אַ מלחמה — און דאָס לעבן...

פאַראַן מאָמענטן אין לעבן, ווען מען דאַרף פשוט דורכגיין דורך ווענט, ווען עס זענען נישטאָ קיין טירן און פענצטער. דאָס איז דער יידישער וועג דורך זיין גאַנצער געשיכטע. אונדזער וועג איז נישט קיין לייכטער... מיר זענען נישט זיכער מיט אַ סך זאַכן, אָבער מיר גייען אין לעבן מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. טיילמאָל האָב איך דעם איינדרוק, אַז יידן לעבן צווישן די פעלקער, ווי אַ טראָפּן בוימאויל אין וואַסער. טיילמאָל איז דער טראָפּן פון אויבן, טיילמאָל אונטן, אָבער שטענדיק באַזונדער, ער מישט זיך נישט גוט אויס מיט די אַנדערע...

מען דאַרף לייענען און לערנען די ליטעראַטור פון לאַנד און זיין פאַרבונדן מיט דער אַרומיקער קולטור, פאַראייגענען זי, אָבער דערביי נישט אַוועקוואַרפן די אייגענע קולטור־טראַדיציעס. איך האָב קענען געלערנט, וואָס פאַר אַ זוכעניש עס גייט אָן אין דער היגער ליטע־ראַטור און קונסט צו ספּיריטואַליזירן געוויסע עלעמענטן פון דעם אויסטראַלישן עבר.

דער פּראָצעס קומט פאָר אויך אין אונדזער געשיכטע, וואָס טראָגט גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער, ווי אייערע. מיר האָבן נישט באַ־הערשט קיין קאָנטינענט, נאָר געוואַנדערט פון לאַנד צו לאַנד... יידישע אויגן קוקן אַנדערש. זיי האָבן אַן אַנדער אויסדרוק, ווי נישט־יידישע. איך ווייס נישט צי דו האָסט געזען ערגעץ אַ מאָלעריש בילד אין אַ מוזעאום, וואָס הייסט: „כל נדרי״. עס איז וועגן אַ יום־כיפּור תפילה. מען דאַרף אָבער זען די עקספּרעסיע פון די פּנימער, פון די מתפּללים, דער אויסדרוק פון זייערע קערפּערס, פון די הענט...

אָבער לאָמיר צוריקגיין צו אונדזער טעמע. איך האָב אַנומלט געזען לאָולעס דראַמע „די זיבנצנטע ליאַלקע״. זעסט, וואָס דער אויסטראַלישער דראַמאַטורג מאַכט דאָרט פון דעם אויסטראַלישן מענטש?

ב: ער רייסט אַראָפּ פון אים די ראָמאַנטישע מאַסקעס. האָסט געהערט די פראַגן, וואָס ער שטעלט אַוועק דורך זיינע העלדן: — ווער זענען עס די טרוימער פון אויסטראַליע? די וואָס גייען אין די שעג־קען („פּאַבס״) אָדער צו די פערדלעף־געיעגן („רייסעס״)? זענען עס די, וואָס ציען זיך אַרויס פון דער געזעלשאַפט, ווייל זיי ווילן נישט טראָגן קיין אחריות? דורך די טיפּן האָט לאָולעי געזוכט צו ווייזן, ווי געפערלעך עס איז פאַרן לאַנד די אויסטראַלישע אילוזיע וועגן די זון־אָפּגעברענטע בחורים, די גוט־מוסקולירטע יונגען, וואָס טראָגן זיך אַרום מיט זייער שטאָלצער סופּעריאָריטעט און קומען נאָר נעמען, געניסן, אָבער נישט געבן עפּעס דער געזעלשאַפט.

ווונדער זיך נישט, וואָס די דראַמע האָט אַזוי אָנגעריסן אין אויסטראַליע, פאַרשאַפט אַזאַ נאָמען דעם מחבר אויך מחוץ אויסטראַ־ליע. די סיבה איז אַ פשוטע: די פּיעסע פאַרשפּיגלט די אַנטוויקלונג פונעם לאַנד, די עקספּאַנסיע פון דער אינדוסטריע, ווערנדיק ווייני־קער אָפּהענגיק פון ענגלישן מאַרק און בריטישער מאַכט. דער מחבר האָט אַרויסגעבראַכט די פאַרמירונג פונעם נייעם נישט־ראָמאַנטישן נאַציאָנאַליזם אין אויסטראַליע, וועלכער וויל זיך שוין פאַרלאָזן אין גאַנצן אויף די אייגענע כוחות.

א: די אויסטראַלישע ליטעראַטור דערמאָנט מיר אין פיל אַס־פּעקטן פון דער יידישער ליטעראַטור, איך מיין אין דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז אַ העלפט יונגער ווי די אויסטראַלישע. אָבער נישט וועגן עלטער גייט דאָ, נאָר וועגן דער קוואַליטעט. דער יידישער שרייבער האָט נישט געהאַט פאַר זיך קיין קאָנטינענט, נאָר דאָס קליינע שטעטל אין וועלכער די ליטעראַטור האָט דורכגעמאַכט איר קינדהייט, יוגנט און רייפקייט. שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן די וואָנדערונג צו דער גרויסער שטאָט און צו די וועלט־מרחקים איבער די ימים. עס האָבן זיך געעפנט ברייטערע האָריזאָנטן פון דער נייער וועלט, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַרן יידישן שרייבער. אַ טייל האָט זיך באַגייסטערט, אַז מען פליט הויך, זעט אונטן אויס זייער קליין...

ערשט שפּעטער האָט מען איינגעזען וויפל גרויסקייט עס האָט געשטעקט אין דער קליינקייט. דאָס קליינע מלכות ישראל האָט אַמאָל אַרויסגעגעבן פון זיך אַן עמוס און אַנדערע גרויסע גייסטער, און דאָס קליינע גריכנלאַנד האָט אַרויסגעגעבן אַ סאָקראַטעס. וויפל גרויסע מענטשן האָט דאָס קליינע יידישע שטעטל אַרויסגעגעבן פון זיך! זיי האָבן גרויס געמאַכט די יידישע ליטעראַטור. נישט די קלאַסי־קערס און נישט די שפּעטערדיקע דורות גרויסע יידישע שרייבערס זענען אַרויסגעוואַקסן פון די גרויסע שטעט. דער אויסטראַלישער

שרייבער האָט געהאַט פּאָר זיינע אויגן דעם פינפטן קאָנטינענט, אָבער געווען איז עס דאָך נישט באַפּעלקערט, במילא האָט ער געזען נאָר אַ פּראָווינציעלן ישוב, וואָס האָט דורכגעמאַכט דעם פּעריאָד פון קאָנ־פליקטן (1789—1850); דעם שפּעטערדיקן פּעריאָד פון סטאַביליזאַ־ציע (1850—1890), און דאַן איז געקומען דער פּראָווינציעלער נאַציאָ־נאַליזם, וואָס מען האָט גערופן מיט דעם קלינגענדיקן נאָמען: אויסטראַליאַניזם. דאָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויך אין דער ליטע־טור, וואָס איז געווען אַ באַגרענעצטע אין איר טעמאַטיק און באַהאַנדלונג.

ב: זיכער איז די אויסטראַלישע ליטעראַטור געווען אַמאָל אַ בוש־און־גרענעץ ליטעראַטור. אָבער אין לויף פון יאָרן איז זי ווייט אַוועק פון איר אַמאָליקן פּראָווינציעלן אויבערפלעכלעכן אויסטראַל־יאַניזם. זי האָט זיך אַנטוויקלט צו אַן אינטעלעקטועלער און גייסטי־קער טיפקייט, ווי אין דער אייראָפּעישער טראַדיציע. אין דער טעמאַ־טיק, ווי אין די גרויסע געשאַפענע כאַראַקטערן איז פאַראַן סאָפיסטי־צירטקייט סיי אין פאָרם, ווי אין דעם אינהאַלט. אמת טאַקע, אז די פּערסאָנאַזשן זענען געקניפּט און געבונדן מיטן לאָקאַלן הינטערגרונט, מיט אַ נאַציאָנאַלן אידיאַם, וואָס איז אייגן די כאַראַקטערן און זייער לעבנס־שטייגער. דאָס איז די נאַציאָנאַלע ראַם. אָבער דאָס בילד אין דער ראַם ברענגט צום אויסדרוק די באַציונגען פון מענטש צו מענטש, די פּאַסירונגען און פּראָבלעמען, וואָס שאַפן זיך אונטערן דרוק פון געשיכטלעכע און געאָגראַפישע באַדינגונגען; פון עמאָציעס און אימ־פּליקאַציעס, וועלכע האָבן אין דעם טייל וועלט געפורעמט דעם טעמ־פּעראַמענט און די אַלע אייגנשאַפטן פון אַן אומאָפּהענגיקן אויסטראַ־לישן כאַראַקטער.

עס געהערט שוין צו אַ גאָר ווייטער פאַרגאַנגענהייט, ווען די ליטע־ראַטור פון דעם לאַנד האָט זיך אין גאַנצן אָפּגעגעבן דער קאָנפראָנ־טאַציע צווישן ווייסן מענטש און דער פרעמדער נאַטור פון דעם קאָנטינענט. היינט צו טאָג ווערט דער שווער־געוויכט געשטעלט אויף דעם אינערלעכן גערAַנגל פונעם מענטש מיט זיך אַליין. דו ווייסט שוין, מסתמא, אז דער אויסטראַלישער מענטש איז אַ פּראַגמאַטיקער. ער בויט נישט זיין לעבן אויף פּרינציפּן און אידייען. ער איז פּראַק־טיש און גלויבט אין דער צוקונפט פון זיין לאַנד.

ביי די פריערדיקע איינגעוואַנדערטע דורות האָט גענומען אַ לענ־גערע צייט דער פּראָצעס פון אַקלימאַטיזאַציע. אָבער ווען דאָס פרעמ־דע איז געוואָרן היימיש און מען האָט זיך אָנגעהויבן פילן „ביי זיך אין דער היים״, איז אַנטשטאַנען די באַדערפעניש בעסער און טיפער

צו דערקענען די ספּעציפישקייט פון דעם לאַנד, פון דער לאַנדשאַפט, וועלכער מען האָט צוגעשריבן אַ געוויסן מיסטיציזם. דאָס האָט געטאָן ד. ה. לאָורענץ. ער האָט אויפגעעפנט די אויגן פון די אויסטראַ־לישע שרייבער אויף דער ספּעציפישער אייגנשאַפט, וואָס ער האָט אַנטדעקט אין זיין בוך, אין וועלכן ער האָט באַשריבן אויסטראַליע.

א: איך האָב געלייענט זיין „קאַנגאַרו" און טאַקע באַמערקט דעם אופן, ווי ער שאַצט אָפּ און נעמט אויף די אויסטראַלישע נאַטור און אירע מענטשן. אגב האָב איך אויך געלייענט פון אַ צווייטן שריי־בער אַ בוך וועגן אויסטראַליע. זיין נאָמען איז האַרטלעי גרעטען. ער איז געקומען פון אַמעריקע און געלעבט דאָ אין לאַנד בערך אַ דריי יאָר. ער האָט געזוכט צו פאַרגלייכן אויסטראַליע מיט אַמעריקע און געגלויבט אין דער מעגלעכקייט צו בויען אויף דעם קאָנטינענט אַ ווערסיע פון אַן אייראָפּעיש־אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע, וואָס זאָל זיין אוניקאַל אין דער וועלט; דערגרייכן די מעלות, וואָס אַמעריקע וועט, לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, קיין מאָל נישט דערגרייכן. עס איז מיר געווען אינטערעסאַנט צו לייענען זיין בוך, הגם, ער, ווי לאָו־רענץ, מאַכט אַ ריי טעותים בנוגע דעם אויסטראַלישן כאַראַקטער.

ב: האַרטלעי גרעטען האָט געזוכט אַרויסצוברענגען דאָס בשותפותדיקע פון אַמעריקע און אויסטראַליע און אויך דאָס וואָס טיילט זיי פאַנאַנדער. ער האָט ריכטיק פאַרשטאַנען, אַז אויסטראַליע קען נישט ווערן קיין גרויסמאַכט, ווי אַמעריקע. ער האָט אָבער גע־גלויבט, אַז אויב דער גורל וועט באַווילִיקן, קענען די אויסטראַליער ווערן אַ גרויס פאָלק. אגב, איז זיין בוך דערשינען אַ 20 יאָר שפּע־טער ווי לאָורענצעס. עס איז געווען אין סאַמע ברען פון דער מלחמה אין וועלכער דאָס לאַנד איז געווען אַנגאַזשירט און פאַרבונדן מיט אַמעריקע. אָבער אַ חוץ קריגס־ענינים איז דער אַמעריקאַנער איינ־פלוס אין לאַנד, אין יענער צייט, געווען פיל קלענער ווי היינט, דערױ־בער איז פאַר אים אויסטראַליע נאָך אַלץ געווען א מין בריטישע טעמע מיט אויסטראַלישע וואַריאַציעס. ער האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט, אַז אין דעם לאַנד איז געווען אַ פונדאַמענטאַלע ליטעראַרישע טראַ־דיציע פון רעבעליע, און אין ליכט פון אָט־דער טראַדיציע האָט ער געזוכט צו פאַרשטיין דאָס לאַנד, די מענטשן. ער האָט שטאַרק גע־גלויבט אין דעם הומאַניזם פון אויסטראַלישן מענטש און אים קאָנ־פראָנטירט מיט דעם הומאַניזם פון אַמעריקאַנער. זיין בוך האָט אַ סך אמתן, אָבער אויך נישט ווייניק טעותים, אַזוי ווי לאָורענצעס.

א: לאָורענץ און גרעטען זענען געווען אין אויסטראַליע נאָר צו גאַסט, און אַ גאַסט אויף אַ ווייל... זע אָבער די אונטערשיידן

ביי בידע שרייבערס, וואָס זענען גאַנץ פאַרשטענדלעך און באַגרינדעט. צוויי פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן וועלן פאָטאָגראַפירן דעם זעלבן אָביעקט, וואָס וועט דורך בידע אַפּאַראַטן אַרויסקומען ענלעך אין אויסזען. אָבער די אימפּרעסיעס פון צוויי מענטשן קומען שוין אַרויס אַנדערש ביי יעדן איינעם פון זיי און די סיבה איז אַ פּשוטע: דער מענטשלעכער בליק איז נישט גלייך צום פאָטאָגראַפישן. דער מענטש־לעכער אויג ווערט באַאיינפלוסט דורך געפילן און אידייען. דער מוח און דאָס האַרץ פון מענטש באַאַרבעט דאָס, וואָס דער אויג און דער אויער זעט און הערט.

דאָס איז דאָך די אינדיווידואַליטעט, וואָס ווערט אַריינגעגעבן אין אַ טעמע אָדער קאָנצעפּציע. דער קינסטלער איז דאָך נישט סתם אַן אָבסערוואַטאָר און באַריכטער פון דעם, וואָס ער זעט און הערט. ער זוכט דאָך אויך דאָס, וואָס ליגט באַהאַלטן פון אויג אונטערן אויי־בערפלאַך. אַנטפּלעקן אויך דאָס, וואָס איז דערוויַיל דאָ נאָר אין פּאָ־טענץ. עס איז נאָך פאַרטונקלט, וואַרפט ער אויף דעם א שיין.

קונסט האָט אירע וואָרצלען אין לעבן, אין דער וועלט, אָבער עס איז נישט קיין שקלאַפישער רעפלעקס פון לעבן, נאָר זיין אַנט־פּלעקונג, אָדער טראַנספאָרמאַציע. ביי יעדן עכטן קינסטלער זענען פאַראַן צוויי הויפּט־זיילן: דאָס וואָס איז דאָ אין לעבן; און דאָס וואָס דער קינסטלער וויל עס זאָל זיין. בכדי אַריינצוברענגען אַ סדר אין כאַאָס, מוז דאָס ווערק פונעם קינסטלער האָבן אַ שטרענגע פאָרם, עס דאַרף זיין פּרעציז פּלאַנירט און אויסגעבויט, ווי אַ בנין מיט שטאָקן, אָדער ווי אַ בריק.

עס איז דאָ אַ בשותפותדיקער עלעמענט ביי קינסטלער פון פאַרשיידענע פעלקער און דורות, און דאָס איז די שטרעבונג צו אַנט־פּלעקן דעם אמת פונעם גאַנצן לעבן. יעדער קינסטלער קען זיין אַנ־דערש אין טעמפּעראַמענט, אין אָפּשטאַם און סביבה, אָבער די שטרע־בונג איז צו אַנטפּלעקן זיין וועלט, זיין פאָלק.

נעם אַ ביישפּיל פון דער יידישער ליטעראַטור און פון דער יידי־שער געשיכטע. בידע האָבן געקעמפט פאַרן יידישן קיום. עס איז אַ מלחמה פון גייסט קעגן טיוול און זיינע משרתים. געווען א יידישער דיכטער, זיין נאָמען איז אברהם רייזען. האָט ער אַמאָל אויסגעזונגען די געשיכטע פון זיין פאָלק אין אַכט קורצע שורהלעך. אָט זענען זיי:

צי פילסטו, מיין פריינד,
וואָס איז דאָס אַזוינס,
אַ פאָלק אַ קליינס
און גרויס איז דער פיינט?

אַן וואָפן, אָן מוט . . .
און האָט נישט קיין שוץ ;
און הפקר זיין גוטס
און הפקר זיין בלוט . . .

איך האָב פריער דערמאָנט די מלחמה פון גייסט אין דער יידישער געשיכטע. עס איז געווען אַ מאָמענט אין דער יידישער געשיכטע, בעת דער הערשאַפט פון רוימישן סאַטראַפּ, קעגן וועלכן די יידן האָבן געמאַכט אַן אויפשטאַנד אונטער דער אָנפירונג פון צוויי פירער : ר' עקיבא און בר כוכבא. די רוימישע לעגיאָנערן זענען געווען זיכער, אַז איצט איז דער סוף פון יידישן פאָלק. אָבער זיי האָבן געמאַכט אַ טעות. עס איז געבליבן איין קאַמפּס־פּאָזיציע — דער יידישער גייסט פאַרקערפּערט אין אַ שטעטעלע יבנה, און די פּאָזיציע האָט איבערגעלעבט די רשעות און דעם באַרבאַריזם פון יענער צייט און פון די שפּעטערדיקע צייטן.

איך האָב עס נאָר געוואָלט ברענגען פאַר אַ ביישפּיל אין אונדזער דיאַלאָג, בכדי צו זען וויפל האָפענונגען מיר יידן לייגן אויף די פאַרגייסטיקטע עלעמענטן פון אַ פאָלק.

ב : איך קען נישט אייער יידישע ליטעראַטור. געלייענט נאָר איייניקע איבערזעצונגען פון יידישע שרייבערס אין אַמעריקע, וואָס האָבן איבערגעלאָזט אַ טיפן איינדרוק. געהערט, אַז ס'איז דאָ אַ רייכע יידישע פּאָעזיע אין אַמעריקע, אויך גרויסע ראָמאַניסטן. אָבער זיי זענען מיר אומבאַקאַנט.

איך בין געווען אין אַמעריקע, זיך געטראָפן מיט מענטשן פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן, אויך יידן, און זיי האָבן מיר דערציילט וועגן אַ גרויסן קריזיס, וואָס עס מאַכט דורך דאָס היינטיקע לעבן. עס איז אַ קריזיס פון דיסאינטעגראַציע ; דאָס מאַטעריעלע איז געוואָרן דער אָפּגאָט צו וועלכן מען דינט. עס איז נישט בלויז אין אַמעריקע, אומעטום טרעפט מען זיך אָן אויף דער דערשיינונג. אויך אין אויסטראַליע איז מאַטעריעלער דערפאָלג געוואָרן דאָס איינציקע און וויכטיקע זאַך אין לעבן : האָבן אַ גרויסע קאַר, אַרבעטן שווער און מאַכן געלט. אויפבויען זיך אַ הויז — אַ פּאַלאַץ.

איך שרעק זיך, וואָס אונדזערע גייסטיקע ווערטן גייען צום אָפּגרונט און מענטשן לעבן אַזוי אומגליקלעך, מען לעבט אין אַזאַ שפּאַנונג, אַז ס'כאַפּט אָן אַ שרעק. איך קוק זיך צו צום יונגן דור. מיר דאַרפן אים געבן אַלץ, וואָס אַן עלטערער דור איז שולדיק יעדן יונגערן דור. ליבשאַפט און שוץ קומט זיי, אָבער אונדזערע נשמות געהערן צו אונדז. אַ סך פון אונדז האָבן קינדער, אָבער נישט קיין יורשים . . . אפשר

האָבן זיי צו פיל ווילטאָג היינט. און ווו עס איז דאָ צופיל — פעלט עפּעס . . .

דאָס זענען אונדזערע היינטיקע הויפּט־פּראָבלעמען אויף וועלכע מיר זוכן אַן ענטפער אין דער ליטעראַטור. מיר לעבן אין אַ שטורמישער צייט — אומעטום פילט מען עס. מען פרעגט מיך: פאַרוואָס זאָרגסטו וועגן אַפּאַרטהייד? און מיין ענטפער איז: ווייל איך זאָרג וועגן מיינע קינדער און אייניקלעך און וועגן דער וועלט. דער עמפּינדלעכער קינסטלער, באַווירקט דורך דער אַטמאָספער פון קאָנפליקטן און כאַאָס אין אַ שנעל־זיך־באַוועגנדיקער וועלט, זוכט דאָס אַלץ אויסצודריקן אין קונסט־טערמינען. די פראַגע איז: איז זיין טעכניק צוגעפּאַסט צו דעם אַלעם?

א: דאָס איז די זאָרג היינט אויך אין דער יידישער ליטעראַטור. די יידישע אַספּיראַציעס מוזן האַרמאָניזירן מיט דער צייט און מיט דער אַרומיקער סביבה. עס איז אַ פאַרמעסט קעגן די צעשטערערישע קאָמפּלעקסן, וועלכע נעמען צו די אינערלעכע זיכערקייט ביים מענטש און אַ באַרעכטיקטן צוטרוי צו זיין גייסטיקער ירושה. דער יידישער שרייבער פאָרשט, ער אונטערזוכט די יידישע וואָרצלען צי זיי זענען גענוג שטאַרק אויפצוהאַלטן דעם שטאַם. מען דאַרף געבן די יונגע דורות טיף־אַרומנעמענדיקע גייסטיקע האָריזאָנטן, וואָס זאָלן האָבן וואָרצלען און פליגל פאַר אַ געשיכטלעכער פּערספּעקטיוו פון קולטורעלע און גייסטיקע ווערטן.

מיר ווילן אין אונדזער גייסטיקער היים פלעגן אונדזער נאַציאָנאַלע קולטור, אָבער די ווענט פון אָט דער היים זענען נישט קיין באַריערע צווישן אונדז און דער וועלט. ווען מיר רעדן מיט זיך, רעדן מיר מיט אַלעמען אין דער וועלט. מיר זענען נישט קיין ראַסיסטן אין פראַגן פון בלוט־ריינקייט, ווייל מען קען האָבן אין זיך הונדערט פּראָצענט יידיש בלוט און זיך נישט פילן און טראַכטן ווי אַ ייד. דאָס גייסטיקע פון אַ פאָלק דאַרף אַריינוואַקסן אין מאַרך פון די ביינער, אַריינדרינגען אין אונטערבאַוווסטזיין — דאָס זענען די הויפּט־פּראָבלעמען פון יידישן לעבן אין אונדזער צייט.

מיר האָבן דאָך אַמאָל געלערנט אין שול וועגן די צעלן, וואָס דרינגען אַריין די ערשטע אין באָדן צוגרייטנדיק דעם וועג פאַרן וויטערדיקן וואָרצל. אָט די צעלן זענען דאָך די פּיאָנערן פון די פלאַנצן, און די ראָל דערפילן די יידישע שרייבער און די יידישע ליטעראַטור. דער קינסטלער פירט מיט זיך דעם צושויער צו די הויכע באַרג־שפּיצן, ווו די האָריזאָנטן ווערן ברייטער פון אַלע זייטן און אַלע זאַכן פון דעם אַרום ווערן מער פאַרשטענדלעכער.

נאָך דעם גרויסן חורבן איבער אונדזער פאָלק, בעת די שווי־דערלעכסטע היטלער־יאָרן, האָט זיך אַוועקגעשטעלט דער פּראָבלעם פון קיום האומה: וועט דער בוים פון יידישן פאָלק צוריק אָנהייבן בליען? וועט ער נאָך קענען געבן פרוכטן? וועלן אַרויסוואַקסן נייע צווייגן דאָרט, ווו זיי זענען געוואָרן אָפּגעהאַקט? דער יידישער שרייבער האָט געזוכט אַרויסצוברענגען האָפענונגען אויף אַ באַנייטן לעבן. דאָס האָט געטאָן די פּראָזע־קונסט און די דיכטונג. מיר האָבן פיל טאַלאַנטירטע יידישע דיכטער. זיי קענען מאַטעריעל נישט לעבן פון דיכטונג, אָבער זיי מוזן לעבן מיט דיכטונג. איך רעד וועגן עכטע קינסטלערס. ביי זיי וועסטן געפינען דאָס וואָרט, די שורה, וואָס קאָנקרעטיזירט די וויזיע און זיי אַנטדעקן פאַרן לייענער דאָס אויסערגעוויינטלעכע אין געוויינלעכן.

אַט צייכענען מיר היי־יאָר אָפּ די זעכציקסטע יאָרצייט פון אונדזער גרויסן שלום־עליכם. איך וואָלט דיר אַ סך געקענט דערציילן וועגן זיין שאַפונג, און עס איז נישט „פידלער אָן די רוף"... אָבער דאָס וועט אונדז אַוועקפירן פון אונדזער טעמע. איך וויל נאָר באַמערקן, אַז ער לעבט היינט אין די הערצער פון צענדליקער מיליאָנען מענטשן, וועלכע האָבן געלייענט אים אין פאַרשידענע לשונות — ער איז היינט מער לעבעדיק, ווי בעת ער האָט געלעבט. וויפל פון זיינע מיטצייטלערס, וועלכע האָבן געלעבט און געשאַפן אין זיין צייט, אַז זיי זענען געשטאָרבן זענען זיי אָפּגעשטאָרבן אין גאַנצן... מסתמא איז דאָס געשען אויך אין אייער אויסטראַלישער ליטעראַטור? עס וועט מיר זיין אינטערסאַנט צו הערן וועגן ענלעכע פאַלן.

ב: אין דער זעלבער צייט, ווען עס האָט געלעבט העגרי לאָרסאָן, האָט געשריבן אויך סטיל רוד (אַרטור האָיעי דייוויס — איז זיין אייגנטלעכער נאָמען). אָבער וואָס פאַר אַ פאַרגלייך איז צווישן די צוויי שרייבערס! ביידע האָבן געשילדערט דאָס זעלבע לעבן, וואָס שיינט צו זיין פון קליינע גרופן, איזאָלירטע, זיי זענען צווישן זיך פאַרבונדן, ווי גלידער פון אַ צעשפּרייטער משפחה. פאַר זיין דור איז דאָס בילד, וואָס סטיל רוד האָט געשאַפן געווען פריש. אָבער היינט זעט אויס זיין שרייבן, ווי דו וואָלסט געהאַלטן אין האַנט אַן אַלטע אָפּגעבליאַקעוועטע פאַמיליע־פאָטאָגראַפיע, וועלכע די אייניקלעך האָבן געפונען אין אַ פאַמיליע־אַלבום. וואָס זעען זיי אויף דער פאָטאָגראַפיע? עפּעס אַ גרופּע מענטשן אין משונהדיקע מלבושים ערגעץ אויף אַ פעלד, אָדער ביי אַ טייך, ווי זיי וואָלטן געזעסן אויף אַ „פּיקניק", אויף אַן אויספלוג ערגעץ ווו, מער זאָגט עס גאָרנישט. אָבער אין

לאַוסאַנס שאַפונגען, אין זײַנע בעסערע דערציילונגען, לעבן די מענטשן. זעסט זיי אין ליכט פון אַ לעבעדיקער אייביקייט.

איך האָב געזען אַמאָל וואַטיוס אַ בילד אין וועלכן ער האָט געמאָלן דעם ספּעציפישן „פּיקניק" פון אַ פראַנצויזישן אַדלמאַן ערגעץ אין אַ פּריצישן פּאַרק. און דאָס בילד האָט אין זיך אייביק לעבן, אַזוי ווי עס האָבן די געשילדערטע טיפּן ביי לאָוסאָנען. מיר ווייסן זייער גוט, אַז נאָר אַ קליינער טייל פון שעפער און ווערק זענען באַשאַנקען געוואָרן מיט די יסודותדיקע עלעמענטן, וואָס בלייבן אייביק. איך וועל דיר געבן אַ ביישפּיל פון צוויי אַנדערע שרייבער: אין „די גליקן פון ריטשאַרד מאַהאָני" האָט די מחברין, ה. ע. ריטשאַרדסאָן, אָנגעווענדט איר גאַנצע פאַנטאַזיע צו אַנטדעקן דעם זין פון איר פאָטערס לעבן — דאָס פּינטעלע אמת וועגן זיין לעבן — די אוממעגלעכקייט פון זיין גייסט צו קענען פילן זיך אין דער היים און קענען דורכמאַכן די קאָנפליקטן פון ווערטן צווישן דעם אויסטראַלישן און ענגלישן לעבנס-שטייגער. אָט דער קאָנפליקט איז דורך דער אויטאָרין קינסטלעריש פאַרשפּיגלט געוואָרן אין די באַציונגען צווישן ריטשאַרדן און מערין — די ביידע טיפּן רעפּרעזענטירן דעם ענגלישן און אויסטראַלישן טעמפּעראַמענט. אָט די יחידים וואָס קענען נישט געפינען קיין אָרט אין לעבן, פילן זיך אומבאַקוועם אין דער וועלט פון מענטשן אין וועלכער עס קומט זיי אויס צו לעבן. די מחברין לאָזט נישט אַרויס פון אויג די, וועלכע דערלאָזן נישט עס זאָל ווערן גייסטיק און מאָראַליש סקלעראָזירט דער מענטשלעכער געוויסן, דער יחידישער און דער דעת הקהל.

נעם אַ צווייטן שרייבער — מאַרטין בויד — איז ער שוין נישט געווען זיכער מיט זיינע דערפאַרונגען פון אויסטראַליע, ער זאָל זיין בכוח אַרומצונעמען זיין פאַמיליע-זאַגאַ מיט אַ סאָציאַלער ראַם. ער האָט אָבער געוואָרפן אַ געוויסע ליכט אויף דעם קאָלאָניאַלן פּראָבלעם און געשאַפן אַ באַדייטנדיק בילד פון אַן אַקטיוער, פּעיקער משפחה, וואָס באַוועגט זיך אומבאַקוועם אויפן אויבערפלאַך פון אויסטראַלישן לעבן, אויפן שוועל פון דעם יאָרהונדערט. פונקט ווי זיינע העלדן, האָט אויך זייער מחבר נישט געקענט אַקצעפּטירן אָט דאָס לעבן אין דער פולער מאָס, אָבער ער האָט זיך אַליין געזוכט צו פאַרשפּיגלען אין דעם משפחה-אַלבום, וועלנדיק אַרויסבאַקומען אַלע איינצלהייטן פון זיינע פריערדיקע דורות, ווי אַזוי האָבן זיי געלעבט? — דורך זיי האָט ער זיך אַליין געזוכט.

ריטשאַרדסאָן פאַרנעמט אַן אָרט אויף דער מזרח-וואַנט פון דער אויסטראַלישער ליטעראַטור, אָבער נישט מאַרטין בויד. הגם אין

זיין סטיל קען מען טרעפן שורות מיט אַ שעפערישן ליריציזם, אָבער אין זיין גאַנצקייט איז דאָ אויבערפלעכלעכקייט.

א: איך האָב וועגן אים אַ בעסערע מיינונג, ווי געוויסע אויס־טראַלישע קריטיקערס, אָבער עס וועט אונדז צו ווייט אַוועקפירן מיר זאָלן וועגן אים איצט דיסקוטירן. די אויסטראַלישע ליטעראַטור — ווי די געשיכטע פון דעם ווייסן מענטש אויף דעם קאָנטינענט — איז נאָך פאַרהעלטנישמעסיק זייער אַ יונגע. אין אַ צוועלף יאָר אַרום וועט ערשט ווערן צוויי הונדערט יאָר זינט דער ווייסער מענטש האָט באַטראָטן דעם קאָנטינענט. אַמעריקע פייערט היי־יאָר דעם צוויי הונדערט־יאָריקן יובל פון איר עקזיסטענץ. עס איז אינטערע־סאַנט צו פאַרגלייכן אָט די ביידע לענדער, וואָס האָבן דורכגעמאַכט זייער אַנטוויקלונג אויף אַזעלכע פאַרשיידענע וועגן. אָבער ביי געוויסע פונקטן טרעפן זיי זיך צונויף, האָבנדיק צווישן זיך אַ סך געמיינ־זאַמס און קודם כל: — דער געבורט פון אַ נייעם פאָלק, וואָס איז אַרויסגעקומען אָן פאַרשוואַנגערן... אָבער עס איז אַ באַזונדער טעמע און מיר וועלן עס איבערלאָזן אויף אַ צווייט מאָל.

## ביכער דערשינענע פון מחבר:

**„פונקען און פלאַמען"**
אויסטראַליע, מעלבורן, 1964
(אויספאַרקויפט)

**„אויפן צעשיידוועג"**
תל־אביב, ישראל, 1971
(אויספאַרקויפט)